באָריס פּאַסטערנאַק

# דאָקטאָר זשיוואַגאָ

ראָמאַן

ערשטער באַנד

איבערגעזעצט פון רוסישן כתב־יד:
משה גראָסמאַן און בינם העלער



פאַרלאַג „מנורה" תל־אביב
תשי"ט — 1959

## ביאָגראַפיע פון מחבר

## באָריס לעאָנידאָוויטש פּאַסטערנאַק

ער איז געבוירן אין מאָסקווע, יאָר 1890. זיין פאָטער אַן אַסימילירטער ייד, איז געווען דער באַוווּסטער מאָלער לעאָניד פּאַסטערנאַק, וועלכער האָט געמאָלן לעוו טאָלסטאָיען, חיים נחמן ביאַליק און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן. ער האָט אויך אילוסטרירט טאָלסטאָיס ראָמאַן „וואָסקרעסעניע״ בעת עס האָט זיך געדרוקט אין זשורנאַל „ניוואַ״.

די מוטער זיינע איז געווען אַ מוזיקערין.

צום קרייז פון זייערע באַקאַנטע האָבן געהערט די שרייבער, אַנדריי ביעלי, פּראָפ. מאַנדעלשטאַם, וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי און דער קאָמפּאָזיטאָר סקריאַבין, ביי וועלכן ער האָט געלערנט מוזיק.

באָריס פּאַסטערנאַק האָט שטודירט אין אוניווערזיטעט אין מאָסקווע און אין מארבורגער אוניווערזיטעט אין דייטשלאַנד. (ביים באַוווּסטן דייטש-יידישן רעליגיעזן פילאָזאָף הערמאַן כהן).

אין די יוגנט-יאָרן האָט ער געהערט צו די לינקע ליטעראַרישע קרייזן און גרופּן, ווי „צענטראָפוגאַ״, „ליריקאַ״, צו די סימבאָליסטן און פוטוריסטן.

ער האָט אָנגעהויבן דרוקן זיינע לידער אין 1913 און אין 1914 — איז דערשינען זיין ערשטע זאַמלונג: „בליזניעץ וו טוטשאַך״ אין 1917 — דאָס צווייטע לידער-בוך: „פּאָווייערך באַריעראָוו״, אין 1922 — דאָס דריטע: „סיעסטראַ מאָיאַ זשיזן״, אין 1925 — אַ בוך מיט מעשהלעך: „וואָזדושניע פּוטי״, אַ גרעסערע דערציילונג: „דיעטסטוואָ ליווערס״, אין די יאָרן 1926-1927 — די פּאָעמעס: „לייטענאַנט שמידט״, „דיעוויאַטסאָט פּיאַטי גאָד״, אין 1934 — די אויטאָביאָגראַפישע גרויסע דערציילונג: „אָכראַננאַיאַ גראַמאָטאַ״

און אַנדערע זאַמלונגען פון זיינע לידער און פּאָעזיעס. — ער איז געהאַלטן געוואָרן פאַר דעם ערשטן פון די ערשטע דיכטער אין רוסלאַנד.

אין די שפּעטערע דרייסיקער יאָרן האָט מען שוין אָנגעהויבן אין רוסלאַנד פאַרשווייגן פּאַסטערנאַקן, זעלטן אים געדרוקט.

אין יענע שווערע יאָרן פאַר די רוסישע שרייבער האָט באָריס פּאַסטערנאַק זיך פאַרנומען בלויז מיט איבערזעצן אויף רוסיש: פון דייטש און ענגליש. — „פאַוסט" פון געטע. „האַמלעט", „אָטעללאָ", „מאַקבעט", „ראָמעאָ און יוליאַ" „קעניג ליר" פון שעקספּירן, „מאַריאַ סטיואַרט" פון שילערן, דעם אונגאַרישן דיכטער פּעטעפי און די גרוזינישע פּאָעזיע.

אין די מלחמה־יאָרן זענען שוין ווידער דערשינען עטלעכע זיינע לידער־ביכער, אין יאָר 1956 זענען אין זשורנאַל „זוויעזדאַ" פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ פּאָר לידער, מיט דער צושריפט אַז זיי זענען אַ טייל פון ראָמאַן „ד אָ ק ט אָ ר ז ש י וו אַ ג אָ", וואָס האָט באַדאַרפט דאָרט געדרוקט ווערן.

אין 1957־1956 איז געווען געמאָלדן דורכן מאָסקווער ראַדיאָ, אַז „ד אָ ק ט אָ ר ז ש י וו אַ ג אָ" דאַרף אינגיכן דערשיינען אין מאָס־קווע. ב. פּ. האָט אים געהאַט אָוועקגעגעבן צום דרוקן אין זשורנאַל „נאָווי מיר".

ערשט נאָכן צוטיילן אים פאַר „ד אָ ק ט אָ ר ז ש י וו אַ ג אָ" (וועלכעס איז דערווייל דערשינען אין אויסלאַנד אין עטלעכע צענד־ליק שפּראַכן) די נאָבל־פּרעמיע, האָט די „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ" אין מאָסקווע פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, הלמאי „נאָווי מיר" האָט נישט געדרוקט „ד אָ ק ט אָ ר ז ש י וו אַ ג אָ".

* * *

באָריס פּאַסטערנאַק, וואָס ווערט באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן היינטצייטיקן רוסישן דיכטער שילדערט אין „ד אָ ק ט אָ ר ז ש י וו אַ ג אָ" מיט אַ גרויסער פּאָעטישער קראַפט די רוסישע גע־

זעלשאפט אין דעם לעבנס-וועג פון א רוסישן אינטעליגענט, בעת דער גורלדיק-שווערער תקופה פון דער סאוויעטישער אָרדנונג אין משך פון די לעצטע פערציק יאָר רוסישער געשיכטע.

א מוסטער-ווערק, וואָס ווערט דורך די אָנגעזעענסטע וועלט-קריטיקער געשטעלט אויף איין מדרגה מיט לעוו טאָלסטאָיס „מלחמה און שלום".

שוין פאראן א גרויסע ליטעראטור ארום „ד אָ ק ט אָ ר ז ש י וו א ג אָ", טויזנטער אַרטיקלען אין אָפּהאַנדלונגען, וועלכע כאַראַקטעריזירן די אייגנשאַפטן פון דאָזיקן ווערק.

ווי עס זאָל נישט זיין די אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער מוסטער-שאַפונג, אויך אין שייכות מיט די מיינונגען פונעם הויפּט-העלד — אין אידעאָלאָגישע ענינים, פראַגן פון גלויבן, יידישקייט און קריסטליכקייט — איז דאָס דערשיינען פונעם דאָזיקן ווערק אויף יידיש — א ליטעראַריש און געזעלשאַפטלעך געשעעניש.

מ.

# אינהאַלט:

ערשטער טייל

# דער שנעלצוג – פינקט א זייגער

## 1

זיי זענען געגאַנגען און געגאַנגען און געזונגען „צום אייביקן אָנ־דענק". און אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, האָט זיך אויך אויסגעדאַכט אַז די זינגען אַלץ ווייטער — די פיס, די פערד, דער וואָיענדיקער ווינט.

די דורכגייער האָבן פאַרבייגעלאָזט די לוויה־פּראָצעסיע, האָבן געציילט די קרענץ, זיך איבערגעצלמט. נייגעריקע זענען אַריין אין דער פּראָצעסיע, זיך איבערגעפרעגט: „וועמעס לוויה איז עס?". האָט מען אָפּגעענטפערט: „זשיוואַגאָ". — אָט וואָס. דאַן איז שוין קלאָר. — יאָ, אָבער נישט אים. — זיין פרוי. — אַלצאיינס. זאָל זי אין הימלישן מלכות אַריין. אַ רייכע לוויה.

עס האָבן אויפגעפלעמלט די לעצטע רגעס, געציילטע, אומווידער־קערלעכע. „גאָטס איז די ערד און איר פולקייט, די וועלט און די וווּנדער אין איר". דער פּאָפּ באַשיט, צלמ'ענדיק, הויפנס ערד אויף מאַריאַ ניקאָ־לאַיעוונאַ. מען האָט אויפגעזונגען — „די נשמות פון די רעכטפערטיקע". עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אימהדיקע איילעניש. די טרומנע ווערט פאַר־מאַכט, פאַרקלאַפּט, אַראָפּגעלאָזן. ווי אַ רעגן האָבן געפּויקט די גרודקעס ערד פון די פיר רידלס, וועלכע האָבן אין איילעניש פאַרשיט דאָס קבר. עס איז אויסגעוואַקסן אַ בערגל. עס איז אויף אים אַרויפגעגאַנגען אַ צעניעריק יינגל.

נאָר אין אַ מצב פון מידיקייט און טעמפּקייט, וואָס קומט גע־ווינלעך נאָך אַ גרויסער לוויה, האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן אַז דאָס דאָזיקע יינגל וויל עפּעס זאָגן אַ וואָרט אויף דער מאַמעס קבר.

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אים פאַרוואָרפן, און מיט אַ נישט־דאָיקן בליק זיך פאַרקוקט אויף דער האַרבסטיקער וויסטעניש און מאָנאַסטירישע קופּאָלן. זיין פּנים מיטן פאַריסענעם נעזל האָט זיך אויס־געקרומט. זיין האַלז — אויסגעצויגן. ווען מיט אַזאַ באַוועגונג וואָלט דעם

קאַפּ אויפגעהויבן אַ ווערפּעלע, וואָלט קלאָר געווען אַז עס וועט באַלד זיך צעוואָיען. פאַרדעקנדיק דאָס פּנים מיט זיינע הענט — האָט ער זיך צעהעשעט אין אַ געוויין, פון אַן אָנציענדיקן וואָלקן אַקייגנאַיבער האָט גענומען פליוכען אַ גאָס רעגן און אים געבייטשט מיט קאַלטע, נאַסע רעגן־ריטלעך. צום קבר איז צוגעגאַנגען אַ מענטש אין שוואַרצן, מיט מאַנקעטן אויף די שמאָלע, אויסגעפּאַסטע אַרבל. דאָס איז געווען אַ ברודער פון דער פאַרשטאָרבענער און אַ פעטער פון דעם וויינענדיקן יינגל, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש ווערעניאַפּין, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ פּאָפּ און פרייוויליק זיך דערפון אָפּגעזאָגט. ער איז צו צום יינגל און אים אַוועקגעפירט פון צמענטאַר.

# 2

זיי האָבן איבערגענעכטיקט אין איינעם פון די מאָנאַסטירישע צימערלעך וואָס מען האָט אָפּגעטרעטן דעם פעטער — מחמת אַלטער באַקאַנטשאַפט. עס איז געווען ערב דער חגא — „פון די באַשיצערין״. אויפצומאָרגנס האָבן זיי באַדאַרפט מיטן פעטער אָפּפאָרן וויט אויף דרום, אין איינער פון די גובערניאַלע שטעט ביי דער וואָלגאַ, ווו דער פאָטער ניקאָלאַי איז געווען אָנגעשטעלט אין אַ פאַרלאַג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ פּראָגרעסיווע, רעגיאָנאַלע צייטונג. עס זענען שוין געווען געקויפט באַן־בילעטן, די זאַכן איינגעפּאַקט, זענען געשטאַנען אין קלויסטער־קאָרידאָרל. פון שכנותדיקן וואָקזאַל האָט דער ווינט געברענגט יאָמערלעכע פייפעניששן פון די מאַנעווורירנדיקע לאָקאָמאָטיוון.

אָוונט־צו איז שטאַרק קיל געוואָרן. צוויי אַרויסשטייענדיקע פענצטער, וואָס זענען געווען אויף דער זעלבער הויך וואָס דער באָדן, זענען אַרויס אין אַ ווינקל פון אַן אומבאַמערקטן גאָרטן, וועלכער איז באַזעצט מיט קוסטעס פון געלער אַקאַציע, און מיט פאַרפרוירענע רינשטאָקן ביי אַ אַדורכפאָר־שאָסיי. ביי יענעם טייל צמענטאַר ווו בייטאָג האָט מען קובר געווען מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַן. דער גאָרטן האָט געפּוסטעוועט, חוץ עטלעכע קרויט־בייטן ביים פּלויט, וואָס זענען בלוין־און־בלאָ פון קעלט. האָט אָנגעיאָגט דער ווינט, האָבן די נעבעכדיקע אַקאַציע־קוסטעס זיך געבויגן און געבוקט ווי נישט־גוטע און זיך געלייגט איבערן וועג.

ביינאַכט האָט יוראַ אויפגעוועקט אַ קלאַפּ אינעם פענצטער. דאָס פינצטערע קאָרידאָרל איז אויסטערליש באַלויכטן מיט אַ פלאַטערנדיק ליכט. יורי איז אין איינעם העמדל צוגעלאָפן צום פענצטער און צוגעדרוקט ס׳פּנים צו דער קאַלטער שויב.

אינדרויסן פון פענצטער איז נישט געווען נישט קיין וועג, נישט קיין בית־הקברות, נישט קיין גאָרטן. אויפן הויף האָט געבושעוועט אַ זאַווערוכע, די לופט האָט געזויכערט מיט שניי. מען האָט געקאָנט מיינען אַז די וויוגע האָט באַמערקט יורין, און דערפאַרנדיק ווי שרעקלעך זי איז, האָט זי זיך אָנגעטון הנאה פון דעם איינדרוק וואָס זי מאַכט אויף יורין. זי האָט געפייפט און געדרעוועט און מיט אַלע מיטלען זיך געמיט צוצוציען יוריס אויפמערקזאַמקייט. פון הימל האָט זיך געוויקלט און געשנורט און געפאַלן אויף דער ערד אומאויפהערלעך אַ ווייס־שנייאיק געוועב, וואָס האָט ווי מיט תכריכים פאַרהילט און אַרומגעוועבט די ערד. די וויוגע איז נאָר איינע אויף דער וועלט, גאָרנישט איז מסוגל מיט איר זיך צו פאַרמעסטן.

די ערשטע באַוועגונג יוריס, ווען ער איז אַראָפּגעקראָכן פון פענצטער, איז געווען דער באַגער זיך אָנצוטון און לויפן אויף דער גאַס אַרויס, כדי עפּעס וואָס אַזוינס אָנהויבן טון. עס האָט אים געשראָקן, וואָס דער ווינט וועט פאַרשיטן דעם מאָנאַסטירישן קרויט און מען וועט עס נישט קאָנען אויסקאָפּען; אַז עס וועט אין פעלד פאַרשיטן דער מאַמען, און זי, אָן אוממעכטיקע, וועט זיך ווערן, און זי וועט נאָך טיפער אַראָפּ אין דער ערד, אַלץ ווייטער פון אים.

דער ענין האָט זיך ווידער פאַרענדיקט מיט טרערן. דער פעטער האָט זיך אויפגעוועקט, געדערעדט צו אים וועגן קריסטוסן, אים געטרייסט, דערנאָך זיך צעגענעצט, צוגעגאַנגען צום פענצטער און זיך פאַרטראַכט. זיי האָבן גענומען זיך אָנטון. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן.

## 3

כל־זמן די מאַמע זיינע האָט געלעבט, האָט יורי נישט געוווסט אַז דער פאָטער האָט זיי שוין לאַנג פאַרלאָזט, אַז ער פאָרט אַרום איבער פאַרשידענע שטעט אין סיביר און אין אויסלאַנד, הולטאַיעוועט, פראַוועט אויסגעלאַסנקייט און האָט שוין לאַנג פאַרטאַכלעוועט און צעטרענצלט אויף אַלע ווינטן זייער מיליאָנען־פאַרמעגן. יורין פלעגט־מען תמיד זאָגן, אַז דער פאָטער — דאָ איז ער אין פּעטערבורג, דאָ איז ער ערגעץ אויף אַ יאַריד, ס'מיינסטנס אויפן אירביטישן.

און דערנאָך, ביי דער מוטער, תמיד אַ שלאַפע, האָט זיך אַנטפּלעקט די שווינדזוכט. זי האָט גענומען פאָרן זיך קורירן קיין דרום־פראַנקרייך און צפון־איטאַליע, וווהין יורי האָט זי קוים 2 מאָל באַגלייט. אַזוי, אין צעפאָרנקייט און שטענדיקער געהיימנישפולקייט, זענען אַדורך

יוריס קינדעריאָרן. אָפּט אויף די הענט ביי פּרעמדע, וועלכע האָבן זיך כסדר געביטן. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעווינט צו אָט די אָפּטע בײַטענישן, און אין צושטאַנד פון שטענדיקע אומגעלומפּערטקייטן, האָט אים דעם פּאָטערס נישט־זײַן אינדערהיים שוין מער נישט געחידושט.

אַלס קליין ייִנגל האָט ער פונדעסטן נאָך אָנגעטראָפן אויף יענער צייט, ווען מען האָט מיט דעם נאָמען וועלכן ער האָט געטראָגן, אָנגערופן אַ גאַנצע ריי פאַרשידנאַרטיקסטע זאַכן.

געווען: זשיוואַגאָ־מאַנופאַקטור, אַ זשיוואַגאָ־באַנק, אַ זשיוואַגאָ־הויז, אַן אופן פון אויסבינדן אַ קראַוואַט, אַ זשיוואַגאָ־שפּילקע, אפילו אַ מין רונדיקע קוכן־באַבקע, מיט רום — מיטן נאָמען זשיוואַגאָ. און געווען אויך אַ געוויסע צייט אין מאָסקווע, ווען מען האָט געקאָנט פּשוט אַ רוף טון צו אַ קוטשער: „צו זשיוואַגאָן"! פונקט ווי אַ שטייגער: „צום טייוול אין תהום אַריין!" — און ער האָט זיך געטראָגן מיט אייך אויף די שליטלעך צום כישוף־לאַנד, צום וווּנדער־מלכות ערגעץ העט־וויט ביז צום עק וועלט. אַ שטילער פּאַרק געווען אַרום. אויף די אַראָפּהענגנדיקע צווייגלעך פון די נאָדל־ביימער זענען געזעסן קראָען און אַראָפּגעשאָרט אייז־צעפּלעך; האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן זייער קאָלערנדיק קראַקען ווי דאָס פּלאַצן פון אַ סענקעוואַטן בוים. פון הינטער די נייע געביידעס ביי דער פאַרצוימונג זענען דורכגעלאָפן דורכן וועג ראַסאָווע הינט. מען האָט אָנגעצונדן פייערן. עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער אָוונט.

און פּלוצים איז דאָס אַלץ ערגעץ נעלם געוואָרן. זיי זענען פאַר־אָרעמט געוואָרן.

## 4

זומער, אין יאָר טויזנט־ניינהונדערט־דריי, איז ער מיטן פעטער געפאָרן גאַליאָפּ אין אַ בריטשקע איבער די פעלדער פון דופּליאַנקע, די גיטער פון זייד־פאַבריקאַנט און גרויסן קונסט־מעצענאַט קאָלאָגרי־וואָוו, אויף אַ באַזוך צו דעם פּעדאַגאָג און פּאָפּולאַריזאַטאָר פון פּראַק־טישע וויסנשאַפטן — איוואַן איוואַנאָוויטש וואָסקאָבויניקאָוו.

עס איז געווען בעת דער חגא פון „דער הייליקער קאַזאַנער", אין סאַמע ברען פון שניטצייט. צי צוליב מיטאָגצייט, צי צוליב דער חגא־צייט — אויף די פעלדער האָט מען נישט אָנגעטראָפן אויף קיין לעבעדיקן נפש. די זון האָט געגליט איבער די נישט־דערשניטענע בייטן ווי האַלב־נישט־דערשווירענע אַרעסטאַנטישע קעפּ. פייגל האָבן אַרומגעקרייזט איבער די פעלדער. אָנבייגנדיק זיי זאַנגען זענען די ווייץ־קערנער געשטאַנען שטייף,

אומבאַוועגלעך, אַן דעם מינדסטן ווינטל־באַריר; אָדער זענען געווען שוין אויסגעשטעלט סנאַפּעסווייז, ווייט פון וועג. אַז מען האָט זיך לאַנג אײַן זיי אײַנגעקוקט, האָבן זיי אָנגענומען אַן אויסזען פון באַוועגלעכע פיגורן, ווי עס וואָלטן געגאַנגען ביי די ראַנד־האָריזאָנטן לאַנד־מעסטער און פאַרשריבן דאָרט עפּעס־וואָס.

— און אָט די דאָזיקע — האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש געפרעגט ביי פּאַוולען, דעם שוואַרץ־אַרבעטער און וועכטער פון פאַרלאַג, וועלכער איז זייטיק געזעסן אויף דער קעלניע, בריוווחדיק, פאַרוואַרפן אַ פוס אויף אַ פוס, ווי אַ סימן פון איינעם וואָס קוטשערײַ איז נישט זיין פּאַקטישע פּראָפעסיע; — אָט די דאָזיקע־אַ פעלדער, — זענען פּריצישע, אָדער גאָר פויערישע?

— אָט־די־דאָזיקע־אַ? באַלעבאַטישע — האָט געענטפערט פּאַוועל, פאַרייכערנדיק. — און אָט יענעדיקע־אַ — האָט ער געוויזן מיטן פייער פון פּאַפּיראָס, זיך פאַרציעענדיק, און נאָך אַ פויזע — אַ ווייז געטון מיטן שפּיץ־בייטש — אָט יעניקע — זענען מייניקע. אייגענע. — איי, פאַרפּופן זיך! — האָט ער אָנגעשריגן אויף די פערד, קוקנדיק זייטיק די גאַנצע צייט אויף זייערע ווידלען און באַקעס ווי אַ באַן־מאַשיניסט אויף זיין מאַנאָמעטער.

אָבער די פערד האָבן זיך אויפגעפירט ווי אַלע פערד אויף דער וועלט — דאָס מיינט, אַז דאָס שלעפּ־פערד איז געלאָפן מיט דער איינ־געבוירענער פּשטות פון אַ נישט־כיטרער נאַטור; און דאָס צושפּאַן־פערד, האָט, (פּאַר אַ נישט־באַהאַוונטן), אויסגעזען, ווי עס וואָלט גע־פּראַוועט שטיק פון אַ פּוילאַק, וואָס ווייסט נאָר זיך צו בייגן ווי אַ שוואַן, אונטערצוטענצלען אונטערן קלאַנג פון די גלעקלעך מיט וועלכע ער שאָקלט ביי יעדן האַפּסלדיקן שפּרונג.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט געפירט צו וואָסקאָבאָיניקאָוו די קאָרעקטורן פון זיין בוך וועגן דער אַגראַר־פראַגע, ווייל צוליב דעם פאַר־שטאַרקטן צענזור־דרוק האָט דער פאַרלאַג געבעטן עס נאָכאַמאָל אַדורכ־קוקן.

— דער המון בראַיעט דאָ אַרום אין דער דאָזיקער געגנט — האָט געזאָגט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. אין פּאַנקאָווער ראַיאָן האָבן זיי ביי אַ סוחר איבערגעשניטן דעם גאָרגל. ביי אַ „זיעמסקי” האָבן זיי אונטערגעצונדן אַ פערד־האָדאָווליע. וואָס טראַכסטו וועגן דעם? וואָס רעדט מען וועגן דעם אין דאָרף ביי אייך?

בו, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז פּאַוועל קוקט אויף די דאָזיקע ענינים

נאָך מער מרה־שחורהדיק אפילו ווי דער צענזאָר גופא, וועלכער האָט געוואָלט מעסיקן וואָסקאָבויניקאָווס אַגראַר־ליידנשאַפטן.

— יאָ, וואָס זיי רעדן? מען האָט צעבאַלעוועט דעם נאַראָד. הפקר אַ וועלט — זאָגן זיי, מיט אונדזער שטייגער, ברודערל, איז דען עפּעס מעגלעך? גיב דעם מוזשיק אונדזערן פרייע הענט, וועט איין פריינדל דעם אַנדערן דערווערגן — גאָט מיינער גערעכטער! או, פאַרפּופן?

דאָס איז געווען די צווייטע נסיעה פון פעטער מיטן פלימעניק קיין דופּליאַנקע. יורי האָט געמיינט אַז ער געדענקט גוט דעם וועג. און יעדעס מאָל, אַז די פעלדער זענען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן אין דער ברייט און מיט זייער דינער זוים פאַרכאַפּט וועלדער פון פאָרנט און הינטן, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער דערקענט דאָס אָרט, פון וועלכן וועג מען דאַרף זיך ווענדן אויף רעכטס. און אָט דערזעט ער אויף אַ מינוט, און ס'עט באַלד צוריק פאַרשווונדן: די צען־וויאָרסטיקע, קאָלאָגריוואָוו־פאַנאָראַמע, מיט דעם בלישטשענדיקן טייכל פּונוויטנס, און מיט דער אייזנבאַן וואָס לויפט דאָ דורך. אָבער ער האָט זיך כסדר גענאַרט. נאָך פעלדער און פעלדער. און ווידער און ווידער האָבן וועלדער זיי פאַר־כאַפּט. דאָס בייטן זיך פון די דאָזיקע רחבותן האָט ביי אים געשאַפן אַ שטימונג פון ברייטן פאַרנעם. ס'האָט זיך געוואָלט טרוימען און טראַכטן וועגן דער צוקונפט.

קיין איינע פון די ביכער, וועלכע האָבן דערנאָך אַזוי באַרימט געמאַכט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן, זענען נאָך נישט געווען אָנגעשריבן. נאָר די געדאַנקען און אידייען זענען שוין געווען אויספאָרמירט. ער האָט נישט געאָנט ווי נאָענט עס איז שוין די צייט.

אין די קרייזן פון די פאַרשטייער פון דער דעמאָלסדיקער ליטע־ראַטור, צווישן די אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן, פילאָזאָפן פון דער רע־וואָלוציע, האָט זיך איינגיכן באַדאַרפט יאָוען יענער מענטש, וועלכער האָט אַלזייטיק אַרומגעטראַכט אָט די אַלע טעמעס. אָבער חוץ דער געמיינזאַמער טערמינאָלאָגיע, האָט ער נישט געהאַט מיט זיי קיין שום שותפותדיקס. אַלע צוזאַמען קלאַמערן זיי זיך אין געוויסע דאָגמעס, באַ־נוגענען זיך מיט סברות און השערות. אָבער ס'פּאַטערל ניקאָלאַי, דער געוועזענער גייסטלעכער, וועלכער האָט דורכגעמאַכט טאָלסטאָיאַניזם און רעוואָלוציע, איז געגאַנגען וואָס אַמאָל אַלץ מער פאָרויס. ער האָט גע־לעכצט נאָך אידייען, באַפליגלטע און מאַטעריאַליזירטע, וועלכע זאָלן דרייסט, אָן צביעות, דורכשניידן דעם זיגזאַגיקן וועג. מיט זייער טרייב־קראַפט עפּעס איבערבייטן אין דער וועלט אויף צום בעסערן. אַזוי — אַז אפילו אַ קינד, וואָס ווייסט נאָך אַזוי ווינציק, זאָל עס אויך באַמערקן.

ווי אַ בליץ־אויפֿרייס, אָדער אַן עכאָ פֿון אַ קאַלערנדיקן דונער. ער לעכצט צו עפּעס נייעס.

ס'איז אים גוט געווען, יוריק, מיטן פֿעטער. ער איז געווען געראָטן אין דער מאַמען. פּונקט ווי זי, איז ער אויך געווען אַ מענטש אַ פֿרייער, אָן פֿאָראורטיילן לגבי אַלץ וואָס איז אפילו געווען אויסטערליש. אַזויווי בײַ איר, אַזוי בײַ אים, איז געווען דאָס אַדעליקע געפֿיל פֿאַר גלײַכקייט מיט אַלע לעבעדיקע באַשעפֿענישן. ער, פּונקט ווי זי, האָט אַלץ באַנומען גלײַך פֿון ערשטן בליק, און געקענט אויסדרוקן אַ געדאַנק אין יענער פֿאָרם, אין וועלכער ער קומט אין קאָפּ אַרײַן אין דער ערשטער מינוט, ווען ער איז נאָך לעבנסהאַפֿטיק, נאָך איידער ער ווערט מבולבל און צעדולט.

יורי איז געווען צופֿרידן וואָס דער פֿעטער האָט אים גענומען קיין דופּליאַנקע, דאָרט איז געווען זייער שיין, און די מאַלערישקייט פֿון דאָזיקן אָרט האָט אים דערמאָנט אין דער מאַמען, וועלכע האָט ליב געהאַט די נאַטור און אָפֿט אים גענומען מיט זיך אויף שפּאַציר־גענג. חוץ דעם איז יורין געווען אָנגענעם וואָס ער וועט ווידער זיך באַגעגענען מיט דודאָראָוון, דעם גימנאַזיסט, וועלכער וווינט בײַ די וואָסקאָבויניקאָווס, און האָט זיך מסתמא צו אים באַצויגן מיט ביטול — מחמת די צוויי יאָר וואָס ניקאַ איז עלטער פֿון אים. באַגריסנדיק זיך, פֿלעגט אים ניקאָ אַ צי טון מיט כּוח די האַנט אויף אַראָפּ, אָנבייגן דעם קאָפּ אַזוי, אַז די האָר זענען אים געפֿאַלן ביז אַריבער דעם שטערן, פֿאַרדעקנדיק אַ האַלב פּנים זײַנס.

## 5

— „דער לעבנסנערוו פֿון פּאָפּעריזאַציע־פּראָבלעם“ — האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש געלייענט פֿון זײַן קאָרעגירטן מאַנוסקריפּט.

— איך מיין אַז עס איז בעסער דער אויסדרוק: ווענזנטלען, — האָט געזאָגט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש — און גלײַך עס אַרײַנגעשריבן און אויסגעבעסערט די קאָרעקטור.

זיי האָבן געטון זייער אַרבעט אין דער האַלב־טונקלקייט פֿון דער גלעזערנער וועראַנדע. דאָס אויג האָט אונטערשיידעט צווישן די באַשפּריצערס און גאָרטן־מכשירים, אויפֿן אָנלען פֿון אַ צעבראָכענעם שטול איז געלעגן אַ פֿאַרוואָרפֿענער רעגן־מאַנטל. אין אַ ווינקל זענען געשטאַנען בלאָטע־שטיוול מיט שטיקער פֿאַרטריקנטן שמוץ, מיט פֿאַרבויגענע ביז איינגעדרהעלפט כאַלעוועס.

— צווישן דעם — ווי ס׳באַווייזט די סטאַטיסטיק פון טויטן און געבורטן — האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש דיקטירט.

— מען דאַרף אַריינשטעלן: פאַרן לויפנדיקן באַריכט־יאָר — האָט געזאָגט איוואַן איוואַנאָוויטש, און עס פאַרשריבן.

דורך דער וועראַנדע האָט דורכגעיאָגט אַ לייכט צוגווינטל. אויף די בראָשור־בלעטלעך זענען געלעגן אַרויפגעלייגט שטיקלעך גראַניט, אַז זיי זאָלן זיך נישט צעפליען. ווען זיי האָבן געענדיקט, האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש זיך געאײַלט אַהיים.

— עס ציט אָן אַ געוויטער. מען דאַרף זיך פאַרגעמען אין וועג אַריין.

— איר זאָלט דערפון אפילו נישט טראַכטן. איך וועל נישט לאָזן, מיר וועלן תיכף טרינקען טיי.

— אויף אָוונט־צו מוז איך נייטיק זיין אין שטאָט.

עס וועט גאָרנישט פועלן. איך וויל אפילו נישט הערן.

פון גאָרטן־ביידל האָט זיך אַהערגעטראָגן דער טשאַד פון סאַמאָוואַר וואָס האָט פאַרוויכט דעם ריח פון טאַבאַק און די העליאָטראָפּ־בלומען. מען האָט דאָ דורכגעטראָגן סמעטענע, יאַגדעס און בלינצעס. דערווייל איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז פּאַוועל האָט זיך אָוועקגעלאָזט באָדן, און אויך די פערד מיטגעפירט באָדן אין טייך. האָט שוין ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש קיין ברירה נישט, ער מוז פאָלגן און פאַרבלייבן.

— לאָמיר דערווייל אַראָפּגיין צום טאָל, מיר וועלן זיך אָוועקזעצן אויף אַ בענקל — ביז מען וועט נישט דאָ דעקן צום טיש צו דער טיי — האָט איוואַן איוואַנאָוויטש פאָרגעלייגט.

איוואַן איוואַנאָוויטש האָט — מיט רעכט פון אַ קאָלעגע — פאַרנומען ביי דעם גביר קאָלאָגריוואָוו צוויי צימערן אין דער אָפיצינע פון פּאַרוואָלטער. דאָס דאָזיקע הייזל מיטן קליינעם גערטנדל אין שכנות איז געווען אין דער פאַרנאַכלעסיקסטער טייל פון פּאַרק, מיט דער אַלטער, האַלב־רונדער אַלייע, געדיכט פאַרוואָקסן מיט גראָז. דאָ איז נישט פאָרגעקומען קיין שום באַוועגונג. מען האָט נאָר דאָ דורכגעפירט וועגע־לעך מיט ערד און בוי־אָפּפאַל, עס אָוועקגעפירט אין אַ פאַרלאָזענער הייל, וועלכע האָט געדינט פאַר טרוקענעם אָפּפאַל. ווי אַ מענטש פון פּראָגרעסיווע אָנשויונגען, און אַ מיליאָנער, אַ סימפּאַטיקער פון דער רעוואָלוציע, האָט ער זיך איצטער געפונען אין אויסלאַנד. אין דער אימיעניע (גוט) האָבן אַצינד געוווינט נאָר זיינע טעכטער — נאַדיאַ און ליפּאַ, זייער דערציערין און אַ קליינער דינסט־פּערסאָנאַל.

דעם פּאַרוואַלטערס גערטנדל איז געווען אָפּגעצוימט פון פּאַרק

מיט זיינע קוואַלעכלעך, ריגשטאָקן און פּריצישן הויז, געווען אָפּגעצוימט מיט אַ געדיכטן לעבעדיקן פּלויט פון שוואַרצע מאַלינעס. איוואַן איוואַ־נאָוויטש און ניקאַלאַי ניקאַלאַיעוויטש האָבן אויסגעמיטן די דאָזיקע פאַר־וואקסענע שטעגלעך, און ווו זיי זענען געגאַנגען, זענען פאַר זיי אַרויס־געפלויגן גאַנצע טשאַטעס פייגל וועלכע זענען פול געווען צווישן די קאַלינעס און מאַלינעס. זיי האָבן אָנגעפילט די לופט מיט אַ צוויטשעריי און גערויש ווי אַ וואַסער־פאַל.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען די אָראַנזשעריע, דאָס דירהלע פון גערטנער און די שטיינערנע חורבות וואָס קיינער האָט נישט געוווּסט וועגן זיי וואָס און ווען. זיי האָבן איצט געפירט אַ שמועס וועגן די יונגע אין דער ליטעראַטור און אין דער וויסנשאַפט.

— פאַראַן צווישן זיי מענטשן מיט טאַלאַנט — האָט געזאָגט ניקאַ־לאַי ניקאַלאַיעוויטש, — נאָר אַצינד זענען אָנגענומען פאַרשידענע קרייז־לעך און גרופּירונגען, פאַרבאַנדן. יעדע מין סטאַדע־מעסיקייט איז אַ מקום־מקלט פאַר טאַלאַנטלאָזיקייטן, אַלצאיינס צי זיי זענען אנהענגער פון סאַלאָוויאָוון, קאַנטן, צי מאַרקסן. דעם אמת זוכט מען נאָר ביחידות, און ער רייסט איבער מיט יענע, וועלכע האָבן אים צו־קנאָפּ ליב. איז דען פאַראַן עפּעס אַזעלכעס אויף דער וועלט וואָס פאַרדינט טרייע איבער־געגעבנקייט? אַזעלכעס איז פאַראַן — גאַנץ ווינציק. איך מיין, אַז מען דאַרף זיין געטריי דער אומשטערבלעכקייט, וואָס איז דער צווייטער נאָמען פון לעבן, אפילו אַביסל אַ פאַרשטאַרקטער. מען דאַרף היטן די געטריי־שאַפט פאַר דער אומשטערבלעכקייט, מען דאַרף זיין געטריי קריסטוסן! אַך, איר קנייטשט זיך, איר אומגליקלעכער. שוין ווידער גאָרנישט־נישט באַנומען.

— מילא־מא — האָט געמרוקעט איוואַן איוואַנאָוויטש, דער פלינק־דאַרער און בלאָנדער, מיט אַ נבזהדיק בערדל, וואָס האָט אים געמאַכט ענלעך צו אַן אַמעריקאַנער פון לינקאָלנס צייטן. (ער פלעגט אַריינכאַפּן דאָס בערדל אין האַנט אַריין און עס אַריינשטעקן צווישן די ליפּן):

— פאַרשטייט זיך אַז איך פאַרשווייג, איר פאַרשטייט דאָך אַליין. איך קוק אויף די דאָזיקע ענינים לגמרי אַנדערש. אגב, יאָ, דערציילט מיר, ביטע, ווי אַזוי מען האָט אייך באַפרייט פון דער שבועה, שוין לאַנג דאָס געוואָלט ביי אייך פרעגן. גאַטעניו, זיי האָבן אייך אוודאי אָנגעשראָקן, אין חרם אַריינגעלייגט, נישט־וואָר?

— פאַרוואָס עפּעס אָוועקגיין אין אַ זייט? נו, גוט, מילא, חרם. ניין, ניין, איצט פאַרשעלט מען שוין נישט מיט קיין חרם. אוודאי זענען

געוועז אומאַנגענעמלעכקייטן, אפילו מיט קאָנסעקווענצן, אַט אַ שטייגער — מען לאָזט מיך נישט זיין לאַנג אויף מלוכהשע פּאָסטנס, מען לאָזט מיך נישט וווינען אין קיין הויפּטשטעט. גאָר מילא, אַ דאגה האָב איך. מיר וועלן זיך בעסער אומקערן צו דער טעמע פון אונזער שמועס. איך האָב געזאָגט — מען דאַרף זיין געטריי קריסטוסן. איך וועל דאָס תיכף אויפקלערן: איר פאַרשטייט נישט אַז מען קאָן זיין אַן אַטעיסט, מען קאָן נישט וויסן צי עס איז פאַראַן אַ גאָט, און וואָס איז זיין תכלית, און גלייכצייטיק וויסן, אַז דער מענטש לעבט־נישט אין דער נאַטור, נייערט אין דער געשיכטע. און אַז אין איצטיקן באַנעם איז זי געגרונטפעסטיקט מיט קריסטוסן, אַז די עוואַנגעליע איז איר יסוד. די דאָזיקע דעה איז אַ רעזולטאַט פון דורות־דיקע פאָרשונגען וועגן דעם רעטעניש — טויט. און דאָס מנצח זיין אים. צוליב דעם האָט מען אַנטדעקט די מאַטעמאַטישע אומענדלעכקייט, און די עלעקטראָמאַגנעטישע כוואַליעס, צוליב דעם שאַפט מען מוזיק־סימפאָניעס. מען קאָן נישט אין דער דאָזיקער ריכטונג זיך באַוועגן אויף פאָרויס אָן אַ שוווּנג. פאַר די דאָזיקע אַנטדעקונגען פאָדערט זיך אַ גייסטיקע אָנגעלאָדנקייט. דער שטאָף דערויף געפינט זיך אין דער עוואַנגעליע. און אַט דאָס איז עס: קודם־כל — ליבשאַפט צום נאָנטן. דאָס איז די העכסטע פאָרמע פון לעבעדיקער ענערגיע מיט וועלכן עס איז פול דאָס מענטשלעכע הארץ, און ווייל זיך אַרויסבאַקומען און באַקומען איר תיקון. דאָס זענען די פונדאַמענטאַלע גרונטאייגנשאַפטן פון הייַנטצייטיקן מענטש. אָן דעם דאָזיקן האָט ער נישט קיין שום זין. און דאָס איז די אידייע פון פרייער פערזענלעכקייט, די לעבנס־אידייע, פּונקט ווי די אידייע פון ברענגען זיך פאַר אַ קרבן. נעמט אין באַטראַכט, אַז דאָס איז נאָך אַלץ ביז איצט דאָס סאַמע נייעסטע! געשיכטע, אין דאָזיקן זין, איז נאָכנישט געווען ביי די אור־פאַרצייטישע פעלקער. דאָרט זענען געווען אימפּולסיוו־בלוטיקע אכזריותן פון די גרויזאַמע קאַליגולעס, די געשטופּלטע מיט די פּאָקן־פּנימער, נישט אַנענדיק דאַביי אַז אייגנטלעך איז יעדער אזא אונטערדריקער — אַן אומבאַהאָלפן באַשעפעניש. דאָרט איז געווען די לויבעריש־באַרימערישע טויטע אייביקייט פון בראָנזענע דענקמעלער און מאַרמאָרנע זיילן. ערשט נאָך דורות און יאָרהונדערטער נאָך קריסטוסן, האָט מען פרייער אָפּגעאָטעמט. ערשט נאָך אים האָט זיך אָנגעהויבן דאָס המשכדיקע לעבן, און אַ מענטש שטאַרבט נישט הינטער קיין פּלויט, נאָר ביי זיך אין דער געשיכטע, אין מיטן דער עבודה, — געווידמעט דאָס ביי־קומען דעם טויט. ער ווערט אַליין געווידמעט דער דאָזיקער טעמע. אוף, זיך אָפּגעגאָסן מיט זיבן שווייסן ווי מ׳זאָגט. נו, און דיין קאָפּ עפּנט זיך אַלץ נישט, ווען אפילו מען שפּאַלט אים מיט אַן אייזן?

—מעטאַפיזיק, — פּאַטערל מיינס! דאָס דאַזיקע האָבן מיר די דאָקטוירים פאַרבאָטן. מיין מאָגן פאַרדייעט נישט אַ עלבעס.

— נו, גוט, גאָט מיט אייך, לאָמיר עס אָפּלאָזן, איר זענט אַ בר־מזל! אָבער אַן אויסזען האָט איר דאָס, — נישט קיין הנאה צו האָבן! און ער לעבט זיך אַזוי און פילט גאָרנישט.

ס'איז געווען פיינלעך צו קוקן אויפן טייך. ער איז געפלאָסן אַ פאַרגאָסענער מיט זון, ווי אַ בלייענער בלאָט, זיך געבייגט און אַוועקגע־נייגט. און פּלוצעם האָט ער זיך גענומען פאַלדעווען. פון יענעם ברעג איז אַנגעשווומען אַ שווערער פּאַראָם, מיט פערד און מיט וועגענער, מיט פויערטעס און מיט פויערים.

— גיט נאָר אַ טראַכט, עס איז נאָר 6 אַ זייגער, — האָט געזאָגט איוואַן איוואַנאָוויטש. — איר זעט, דער שנעלצוג פון סיזראַן, ער גייט דאַ תמיד אַדורך עטלעכע מינוטן נאָך פינף.

פונוויטנס, איבערן פליין, האָט זיך אַהערגעגליטשט, פון רעכטס אויף לינקס, אַ רייניקער געל־בלויער, צוג, וועלכער האָט צוליבן דיס־טאַנס אויסגעזען נאָך גאַנץ קליין. ראַפּטעם האָט מען באַמערקט ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון לאָקאָמאָטיו האָבן זיך אַרויסגעקרייזלט ווייסע זאַלקנדלעך דאַמף. באַלד דערנאָך זענען געקומען זיינע אַלאַרמירנדיקע סיגנאַלן.

— אויסטערליש, — האָט געזאָגט וואַסקאַבאַיניקאָוו. — עפּעס געשעט דאַ אַ מיאוסע זאַך. ער האָט נישט קיין שום סיבה זיך אָפּצושטעלן דאָרט אין דער בלאָטע. עפּעס־וואָס איז דאָרט געשעען. לאָמיר גיין טרינקען טיי.

# 6

מען זעט נישט ניקין נישט אין שטוב, נישט אין גאָרטן. יורי האָט שוין פאַרשטאַנען אַז ער באַהאַלט זיך־אויס פאַר זיי, ווייל עס איז אים מיט זיי לאַנגווייליק. יורי איז נישט זיינסגלייכן.

דער פעטער מיט איוואַן איוואַנאָוויטשן זענען אַוועק פאַרברענגען אויף דער טעראַסע, און יורין האָבן זיי געלאָזט זיך אַרומבלאָנקען צוועק־לאָז אַרום הויז.

דאַ איז געווען וווּנדער און פּראַכט! יעדע מינוט האָט זיך געהערט אַ דריי־טענערדיק געזאַנג פון די קאַנאַריקעס, מיט אַ פּויזע, כדי די פרישקייט פון טאָן, ווי פון אַ פאַסטעך־פלייט, זאָל שלמותדיק אָפּקלינגען אין דער גאַנצער סביבה אַרום. עס האָט פון ערגעץ אַהער פאַרבלאָנדזשעט

אַ בלומען־ריח אין דער לופט, און צוליב דער היץ, איז דער דאָזיקער ריח געהאַנגען אומבאַוועגלעך אַרום די בייטן. ווי דערמאָנט דאָס אַלץ אין אַנטיב און באָרדיגערא! יורי האָט זיך כסדר געדרייט אויף רעכטס און אויף לינקס. אַרום די ספּעקטן האָט ער געהערט קלאַנג־האַלוצינאַציעס, צווישן וועלכע עס האָט געהאַנגען געשפּענסט־האַפטיק דער מאַמעס קול. ער האָט אים געהערט אין די מעלאָדישע טרעלן פון די פייגל, אין דעם זשומען פון די בינען. יורי האָט אויפגעציטערט, ווייל עס האָט זיך אים פאָרט כסדר אויסגעדאַכט, אַז די מאַמע סודעט זיך מיט אים, רופט אים ערגעץ אַוועק.

ער איז אַוועק צום טאָל, צום שיטערן וועלדל, צו די אָלשינעס. דאָ איז געווען אַ פייכטלעכער נעפּל, צעפּוילטע בלעטער אין אָפּפאַל, קרעציקע שטענגלעך, טרעסטינעס מיט קרוינען וואָס זענען ענלעך צו סצעפּטערס און וואַנדער־שטעקנס, מיט עגיפּטישע אָרנאַמענטן, אַזעלכע ווי מען זעט אויף אילוסטראַציעס צו דער ביבל.

יורי איז געוואָרן אַלץ מער פאַראומערט. אים האָט זיך געוואָלט וויינען. ער האָט אַנידערגעקניט און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

ער האָט געשעפּטשעט אַ תפילה:

— מלאך פון גאָט, הייליקער היטער, באַשיצער מייגער, מאַך שטאַרק מיין מחשבה אויפן וועג פון אמת און זאָג מיין מאַמעלען, אַז מיר איז דאָ גוט, אַז זי זאָל זיך נישט באַאומרויקן. אויב עס איז פאַראַן אַ לעבן אויף יענער וועלט, גאָטעניו, פיר אַהין מיין מאַמישי אין גן־עדן אַריין, זי זאָל זיצן דאָרט אין שיין פון די הייליקע, וווּ די נשמות לייכטן דאָרט אָנשטאָט ליכט. די מאַמעניו מיינע איז געווען אַזאַ גוטינקע. עס קאָן דאָך נישט געמאָלט זיין אַז זי זאָל זיין אַ זינדיקע. זיי זיך מרחם אויף איר, דו, גרויסער גאָט, מאַך אַזוי, אַז זי זאָל זיך נישט מאַטערן. — מאַמישי! — האָט ער גערופן מיט האַרצרייסנדיקער בענקשאַפט צום הימל אַרויף, ווי זי וואָלט נאָר ערשט־וואָס געוואָרן קאַנאַניזירט ווי אַ הייליקע. ער האָט נישט אויסגעהאַלטן, איז אַוועקגעפאַלן אין אָנמאַכט אויף דער ערד.

ער איז נישט לאַנג געלעגן אַזוי אָן באַוווסטזיין. אַז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער דערהערט אַז דער פעטער רופט אים פון אויבן. ער האָט אָפּגעענטפערט און געפּרוווט זיך אויפהייבן. אָבער אינמיטן דערינען האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער האָט נישט מתפלל געווען פאַר זיין פאַרפאַלן־געוואָרענעם פאָטער — ווי עס האָט אים געלערנט מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ.

ער האָט זיך דווקא, נאָכן פאַרחלשן, געפילט בעסער, לייכטער, און נישט געוואָלט שיידן זיך מיט דעם דאָזיקן גרינגן געפיל. — נו, עס איז

נישט שרעקלעך אויב איך וועל מתפלל זיין פֿאַר מיין פֿאָטער אַן אַנדערש־מאָל, האָט ער זיך געטראַכט.

— זאָל ער צוואַרטן, אַביסל אונטערליידן — איז אים אַדורך אַ מחשבה. — יורי האָט דאָך אים שוין לגמרי נישט געדענקט.

# 7

אין באַן־צוג צווייטער קלאַס, איז געפֿאָרן מיט זיין פֿאָטער, דעם אַדוואָקאַט גאָרדאָן פֿון אָרנבורג, דער גימנאַזיסט פֿון צווייטן קלאַס — מישאַ גאָרדאָן, ס'עלפֿיעריקע ייִנגל מיטן פֿאַרטראַכטן פּנים און גרויסע אויגן. דער פֿאָטער איז פֿון דאָרט אַהערגעפֿאָרן אויף אַ נייעם דינסט־אַמט אין מאָסקווע, דאָס ייִנגל — לערנען אין אַ מאָסקווער גימנאַזיע. די מאַמע מיט די שוועסטערן זענען שוין פֿון לאַנג געהאַט אַריבער, און דאָ אויפֿן נייעם אָרט זיך פֿאַרנומען מיטן איינאָרדנען די דירה.

ס'ייִנגל מיטן טאַטן געפֿינען זיך שוין דעם דריטן טאָג אין צוג.

אין זיילן צעגליטן שטויב, אַן אויסגעווייסטע מיט זון ווי מיט קאַלך, איז פֿאַר זיי פֿאַרבייגעפֿלויגן רוסלאַנד, די פֿעלדער און סטעפּעס, שטעט און דערפֿער. איבער די וועגן האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען אָנגעלאָדענע וואַגאָנען, אַריבער פֿון רעלסן אויף רעלסן ביי די באַן־קנופּן. פֿון אונזער צוג, וואָס איז געפֿאָרן מיט אַ משוגענער שנעלקייט, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די אַלע באַנען וואָס מיר זעען, באַוועגן זיך גאָרנישט, אַז די פֿערד שטייען אויף איין אָרט און הייבן נאָר מיט די פֿיס.

אויף די גרויסע באַן־סטאַציעס זענען די פּאַסאַזשירן אַרויסגעלאָפֿן ווי די בשׂרפֿים, געלאָפֿן צום בופֿעט, און די שקיעה'דיקע זון האָט פֿון צווישן די ביימער אין וואָקזאַל־גערטנדל באַלויכטן די פֿיס פֿון די לויפֿנדיקע פּאַסאַזשירן, און די רעדער פֿון די וואַגאָנען.

אַלע באַוועגונגען אויף דער וועלט, זענען געווען אויסגערעכנט־ניכטערנע; אָבער אין אַלגעמיינעם סך־הכּל — אומבאַרעכנטע, פֿאַרשיכורטע, מיט דעם געמיינזאַמען שטראָם פֿון לעבן וועלכער פֿאַרייניקט אַלעמען. מענטשן האָבן זיך באַשעפֿטיקט און געפֿאָרעט, באַוועגט געוואָרן דורך דעם מעכאַניזם פֿון אייגענע דאגות. דער דאָזיקער מעכאַניזם וואָלט אָבער נישט געווען טעטיק, ווען זייער הויפּט־רעגולאַטאָר וואָלט נישט געווען דאָס העכערע, יסודותדיקע געפֿיל פֿון בטחון. דער דאָזיקער בטחון האָט צוגעגעבן דאָס געפֿיל פֿון צוגעבונדנקייט צו די אַלמענטשלעכע עקזיסטענצן. דער צוטרוי אין פֿאַוואַנדלען זיך פֿון איין קיום אין אַנדערן, דאָס געפֿיל פֿון גליקזעליקייט צוליב דעם, אַז אַלדאָס פּאַראַ־

נענע און געשעענע ענדיקט זיך נישט בלויז מיט די ד׳ אמות ערד אין וועלכן מען איז קובר דעם געשטאָרבענעם, נאָר מיט נאָך עפּעס־וואָס אַנדערש: איינער רופט דאָס — מלכות שמים, אַ צווייטער רופט דאָס — געשיכטע, אַ דריטער רופט דאָס — ווי ער זאָל דאָס נישט־רופן.

פון דער דאָזיקער רעגולע איז דאָס דאָזיקע ייִנגל געווען אַ ביטערער און שווערער יוצא־מן־הכלל. זיין ספּרוזשינע־אַקס איז געווען: זאָרגן. פאַר־דאגהט. קיין שום געפיל פון בטחון האָט אים נישט לייכטער געמאַכט, נישט באַווירקט שלווהדיק. ער האָט גענוג־גוט געקענט און געפילט אין זיך די גערירשנטע אייגנשאַפטן, און מיט איבערגעטריבענער וואַכזאַמקייט אויפגעכאַפּט אין זיך אירע סימנים. די פאַרדאגהטקייט האָט אים דער־קוטשעט. פאַרביטערט איר אַנוועזנהייט האָט אים דערנידעריקט.

זינט ער געדענקט זיך נאָר, האָט ער נישט אויפגעהערט זיך צו חידושן, וויאַזוי מען קען, — האָבנדיק די זעלבע הענט און פיס, דאָס זעלבע לשון און געוווינשאַפטן — דאָך נישט זיין דאָס וואָס אַלע זענען. — זיין עפּעס אַזעלכער, וועלכן מען האָט נישט ליב. ער האָט נישט געקאָנט באַ־נעמען דעם דאָזיקן צושטאַנד, אַז אויב דו ביסט ערגער פון אַנדערע, זאָלסטו שוין נישט קענען מאַכן קיין שום באַמיונגען זיך צו פאַריכטן, אויסבעסערן. וואָס הייסט דאָס אַזוינס זיין אַ ייִד? נאָך וואָס עקזיסטירט אַזעלכעס? מיט וואָס ווערט באַלוינט, אָדער באַרעכטיקט זיך, אָט די דאָזיקע אומגעשיצטע עקשנות וואָס ברענגט גאָרנישט, חוץ נאָר פּיין?

ווען ער האָט זיך וועגן דעם געווענדעט נאָך אַן ענטפער צו זיין פאָטער, האָט ער אים געענטפערט, אַז דער אויסגאַנגס־פּונקט איז אַן אומגעלומפּערטער, און אַז מ׳טאָרנישט אַזוי דענקען. אָבער ער זאָגט אים נישט מיט וואָס צו פאַרבייטן דעם דאָזיקן געדאַנק, עפּעס אַזעלכעס, וואָס ער, מישאַ, זאָל עס קענען באַנעמען מיט לאָגישער טיפקייט, וועלכע זאָל אים פאַרפליכטן שווייגנדיק, אָן אַפּעלאַציע, עס אָנצונעמען.

מאַכנדיק אַן אויסנאַם נאָר פאַר זיין פאָטער און מוטער, האָט מישאַ אָנגעהויבן פילן אַ געשטייגערטע פאַראַכטונג צו יענע דערוואַקסענע, וועל־כע האָבן דאָס פאַרפלאָנטערט אַ קנויל און זענען נישט אומשטאַנד זיך צו באַפרייען פון אים. ער איז געווען זיכער, אַז ווען ער וועט אונטערוואַקסן, וועט ער דאָס אַלץ אויפּפּלאָנטערן.

נו, אָט אַצינד וועט קיינער נישט האָבן די דרייסטקייט צו זאָגן, אַז זיין פאָטער האָט געהאַנדלט נישט ריכטיק, לאָזנדיק זיך נאָכיאָגן נאָך יענעם משוגענעם, ווען יענער איז אַרויסגעלאָפן אויפן דער באַן־פּלאַטפאָרמע, און אַז מ׳האָט נישט באַדאַרפט פאַרהאַלטן דעם צוג, בעת יענער האָט מיט כוח אָפּגעשטופּט גריגאָרי אָסיפּאָוויטשן און אויפרייסנ־

דיק די טיר פון וואַגאָן, האָט ער האַסטיק זיך אַ וואָרף אַרויס־געטון פון לויפנדיקן שנעלצוג, מיטן קאָפּ אַראָפּ, אויף אַ זאַמד־בערגל. פּונקט ווי שווימערס שפּרינגען פון בריקל אין שווים־באַסיין אַריין.

נאָר היות ווי דאָס הענטל פון טאַרמאָז האָט אַ דריי געטון דווקא נאָר גריגאָרי אָסיפּאָוויטש, קומט אויס אַז דער צוג פאַרהאַלט זיך אַזוי אומדערקלערלעך לאַנג, ווי לאַנג נאָר עס וועט זיי געפעלן.

געננוי האָט קיינער נישט געוווּסט די סיבה פון אָפּשלעפּן. איינער האָט געזאָגט, אַז פון האַסטיקן פאַרהאַלטן דעם צוג זענען קאַליע־געוואָרן די לופט־טאַרמאָזן. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער שטייט הינטער אַ באַרג, און אַן אַ שטאַרקן אימפּעטיקן לויף פון לאָקאָמאָטיוו, וועט ער נישט קאָנען אַרויף. עס האָט זיך אויך פאַרשפּרייט אַ דריטע מיינונג, אַז היות ווי דער זעלבסטמערדער איז אַן אַנגעזעענע פּערזענלעכקייט און זיין יוריס־קאָנסול וואָס איז מיט אים געפאָרן אין צוג, האָט פאַרלאַנגט אַז פון דער נאָנטסטער סטאַנציע קאָלאָגריוואָווקע זאָל מען אַרויסרופן די באַרופענע באַאַמטע אויף צונויפשטעלן אַן אַנטשפּרעכיקן פּראָטאָקאָל. אָט צוליב דעם אוודאי איז דער געהילף־מאַשיניסט געקראָכן אויפן טעלעפאָן־סלופּ. אַ קליין באַן־וועגעלע (דרעזינע) איז שוין אוודאי אין וועג.

אין די וואַגאָנען האָט זיך עטוואָס געפילט אַ ריח פון די קלאָזעטן, אַ געשטאַנק וואָס מען האָט זיך געמיט צו פאַרשלאָגן מיט אָדעקאָלאָן. עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון געפּרעגלטע, אַביסל פאַרדומפּענע הינער, איינגעוויקלט אין שמוציקע פּאַפּירן. גראָ־ווערנדיקע דאַמען פון פּעטער־בורג, האָבן ווי פריער זיך געפּודערט, אָפּגעווישט מיט טיכלעך די הענט און געשמועסט מיט ברוסטיק־סקריפּנדע שטימען. פון דער לאָקאָמאָטיוו־סאַזשע אויף זייערע פּנימער, אויסגעמישט מיט די קאָסמעטישע שמיי־רעכצן — האָבן זיי אויסגעזען ווי ציגיינערינס.

ווען זיי זענען דורכגעגאַנגען דורך גאַרדאַנס קופּעי, האָבן זיי פאַרדעקט זייערע אַקסלען מיט שאַלן, און די ענגשאַפט אין קאָרידאָר האָט זיי געדינט פאַר אַ געלעגנהייט אויף פּראָווען נייע קאָקעטישע שטיק. מישאַן האָט זיך אויסגעדאַכט אַז זיי וואָרטשען, אָדער, לויט זייערע איינ־געשנירטע ליפּעלעך וואָלטן זיי באַדאַרפט וואָרטשען:

„אַך, זאָגט, ביטע, וואָסער עמפּינדלעכע מיר זענען! וואָסער אייגנ־אַרטיקע מיר זענען! מיר, די אינטעליגענץ! מיר קאָנען נישט!"

דער גוף פון זעלבסטמערדער איז געלעגן אויפן גראָז פון זאַמד־וואַל. אַ פאַרגליווערט שנורעלע בלוט איז שוין געווען שוואַרץ, און שאַרף געצייכנט זיך שיעף איבערן שטערן און אויסגעהאַקטן אויג, אַדורכגע־שטרייכט זיין פּנים געננוי ווי מיט אַ קרייץ. עס האָט אויסגעזען ווי נישט

זיין בלוט פליסט פון אים, נאָר ווי עפּעס אַ פרעמדע, צוגעקלעפּטע זאַך, ווי עפּעס אַ פּלאַסטער, אָדער פאַרשפּריצט געוואָרן מיט אַ פאַרטרוקנט שטיקל שמוץ, צי מיט אַ פּייכטן ברעזע־בלאַט.

גרופּקעס נייגעריקע און מיטפילנדיקע האָבן זיך כסדר געביטן אַרום דעם געהרגעטן. לעבן אים איז געשטאַנען אַ פאַרכמורעטער און פאַר־שטייפטער זיין חבר און שכן פון קופּעי, דער יאָדערדיקער, ברייטפּלייציקער און פאַריסענער אַדוואָקאַט, אַ ראַסאָווע בריאה, און זיין העמד איז געווען אויסגעווייקט פון שווייס. ער האָט געפאָרעט פון היץ און האָט אויף זיך געפּאָכעט מיטן קאַפּעליוש. אויף אַלע אויספרעגענישן האָט ער נישט־ליבנסווירדיק געמרוטשעט דורך די פאַרמאַכטע ציין, געהויבן מיט דער פּלייצע און רעכט נישט געקוקט:

— אַן אַלקאָהאָליקער! איז דען דאָס נישט קלאָר? אַ טיפּישער רעזולטאַט פון שכרות־פיבער.

אַ צוויי דריי מאָל איז צוגעגאַנגען צום הרוג אַן אויסגעדאַרטע פרוי אין אַ וואָלן קלייד און טיולענעם קאָפּטיכל. דאָס איז דאָך די אלמנה און מוטער פון צוויי באַן־מאַשיניסטן, די אַלטיטשקע טיוועריזינא, וועלכע איז געפאָרן אויף אַן אומזיסטן באַאַמטן־בילעט דריטער קלאַס, מיט אירע צוויי שנירן, שטילינקע, מיט נידעריק־פאַרבונדענע טיכלעך אויף די קעפּ, זענען זיי פאַרכטיק נאָכגעגאַנגען נאָך דער אַלטער, ווי יונגע נאָנעס נאָך זייער מאָנאַסטיר־מוטער. די דאָזיקע גרופּע האָט אַרויסגערופן צו זיך אַכטונג. מען האָט פאַר זיי געמאַכט אַ וואַרע.

דער מאַן פון טיוועריזינא איז לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן ביי אַ באַן־קאַטאַסטראָפע. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע טריט ווייט פון מת, אַזוי, אַז זי זאָל אים קאָנען זעען דורכן געזעמל אַרומ־שטייערס, און זיפצנדיק געמאַכט דעם פאַרגלייך: „וועמען עס איז שוין ביים געבוירן ווערן אָנגעשריבן גאָטס־פּסק־דין, און דאָ — דווקא אין גבירישאַפט און אין שווילטאַג — פאַרלוירן דעם שכל", — האָט זי ווי געזאָגט.

אַלע באַן־פּאַסאַזשירן האָבן זיך געזוימט אַביסל אַרום טויטן און זיך אומגעקערט אין וואַגאָן, פּשוט פון מורא מען זאָל זיי דערווייל נישט באַגנבענען.

ווען זיי זענען אַראָפּגעשפּרונגען אויפן באַן־שטעג, האָט מען זיך אויסגעמיטן, מען איז אַוועק רייסן בלימלעך, מען איז זיך לייכט איבער־געלאָפן. ביי אַלעמען איז געווען דאָס געפיל ווי דאָס דאָזיקע אָרט איז אָקאָרשט־וואָס נאָר אַנטשטאַנען, אַ דאַנק דעם אָפּשטעלן זיך דאָ. וואָלט נישט, הייסט עס, פּאַסירט דאָס דאָזיקע אומגליק, וואָלטן דאָ נישט געווען

קיין בלאָטיקע ריטשקעלעך, קוסטעס־בערגעלעך, אַ ברייטער טייך און שיין הויז מיט אַ צערקווע אויפן הויכן קייגנאיבערדיקן ברעג.

אפילו די זון זעט דאָ אויס ווי אַן אַרטיקע, זי באַלייכט דאָ פֿאַרנאַכט־מעסיק און שעמעוודיק ס׳גאַנצע בילד ביי די רעלסן. אַ קו פון דער סטאַדע, פון שכנותדיקן פעלד, דערנענטערט זיך, אביסעלע שרעקעוודיק, צום באַן־וואַל און קוקט זיך צו צו די מענטשן דאָ.

מישאַ איז געוועזן אויפגעטרייסלט פון דעם אַלעם געשעענעם דאָ, און אין די ערשטע מינוטן האָט ער געוויינט פון רחמנות און פחד. במשך דער לאַנגער רייזע איז דאָך דער זעלבסטמערדער אַריינגעקומען מערערע מאָל צו זיי אין קופּעי און גאַנצע שעהן געשמועסט מיט זיין, מישאַס, פאָטער. ער האָט געזאָגט אַז זיין נשמה גייט אַוועק אין אַ וועלט פון אַ מאָראַליש־דערהויבענער ריינקייט און שטילקייט, פון משיג זיין די וועלט. ער האָט געפרעגט ביי גריגאָרי אָסיפּאָוויטש וועגן פאַרשידענע יורידישע אַפּווייכונגען, וועגן קלאַוזולעס, וועקסלען, צוואות, באַנקראָטן, פעלשונגען, — אַזוי גאָר, הייסט עס — האָט ער זיך כסדר געוווּנדערט הערנדיק די אויפקלערונגען פון גאָרדאָנען. לויט אייך קומען עפּעס אויס די געזעצן אַ סך מילדער און רחמימדיקער. מיין אַדוואָקאַט האָט אַנדערע ידיעות. ער קוקט אויף די דאָזיקע זאַכן אַ סך מרה־שחורהדיקער.

יעדעס מאָל ווען דער דאָזיקער נערוועזער מענטש האָט זיך שוין געהאַט באַרויקט, איז פון ערשטן קלאַס אַריינגעקומען זיין יוריסט, — זיין רייזע־חבר, און אים אַוועקגעשלעפּט אין סאַלאָן־וואַגאָן טרינקען שאַמפּאַניער. דאָס איז געווען אָט דער דאָזיקער פעסטגעבויטער, פּאַצעטישער, גלאַט־אויסראַזירטער און פאַריסענער פּאַרשוין, דער אַדוואָקאַט, וואָס איז איצט אַזוי געשטאַנען איבער יענעמס קערפּער, ווי קיין שום זאַך אין דער וועלט וואָלט אים נישט איבעראַשט. מ׳האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פון דעם געפיל, אַז די כסדרדיקע אויפרעגונג פון זיין קליענט, איז אים געווען גראָד אויף־דער־האַנט.

דער פאָטער האָט געזאָגט, אַז דער דאָזיקער באַוווּסטער רייכער מאַן, אַ תמימותדיקער מענטש, איז שוין היפּש צעשטרייט און כמעט שוין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים.

ער האָט זיך גאָרנישט זשענירט מיט מישאַס בייזיין און דערציילט פאַרשידענע געשיכטעס וועגן זיין זון, אין מישאַס עלטער, וועגן זיין פאַרשטאָרבענער פרוי, וועגן זיין צווייטער פאַמיליע, וועלכע ער האָט אויך פאַרלאָזט. אינמיטן דערינען האָט ער זיך ווידער אין עפּעס דערמאָנט, בלאַס געוואָרן פון פחד און אָנגעהויבן פלאָנטערן און צעהושן זיך.

צו מישאַן האָט ער אַרויסגעוויזן עפּעס אַן אומדערקלערלעכע

צערטלעכקייט, וועלכע איז ווארשיינלעך געווען אַ רעפלעקסירטע, גאָר פּאָר אַן אַנדערן באַשטימטע. אים באַוואָרפן מיט מתנות, צוליב דעם אַראָפּ־געגאַנגען אויף יעדער גרעסערער סטאַנציע, אַריין אין זאַל ערשטער קלאַס, און אָנגעקויפט ביכער, אַנדענק־זאַכן, שיינע שפּילערייען.

ער האָט אומאויפהערלעך געטרונקען, און זיך געקלאָגט אַז ער שלאָפט שוין נישט דעם דריטן חודש, און אַז ער ניכטערט זיך אויס אויף אַ קורצער צייט, דערפילט ער אַזעלכע יסורים וואָס אַ נאָרמאַלער מענטש קאָן זיך קוים פאָרשטעלן.

אַ מינוט פאַר דעם סוף איז ער אַריינגעלאָפן צו זיי אין קופּע, אָנגעכאַפּט גריגאָרי אָסיפּאָוויטשן ביי דער האַנט, געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער נישט געקאָנט, אַרויסגעלאָפן אויפן פּלאַטפאָרמע־בריקל און זיך געוואָרפן אונטערן צוג.

מישאַ האָט אַצינד באַקוקט די קליינע קאָלעקציע פון אוראַלער מינעראַלן אין אַ הילצערן שאַכטעלע — די לעצטע מתנה פון בר־מנן. פּלוצעם איז געוואָרן אַן אויפרודערונג. אויף צווייטע רעלסן איז אָנגעקומען צום צוג אַ באַן־דינסט־וועגעלע. פון איר איז אַראָפּגעשפּרונגען אַן אויספּאָרש־ריכטער אין אַ היטל מיט אַ קאָקאָרדע, אַ דאָקטאָר, צוויי פּאָליציאַנטן. עס האָבן זיך דערהערט קאַלטע, אָפיציעלע שטימעס. געשטעלט פראַגעס, פאַרצייכנט. פונדערהייד, פון באַן־וואַל, האָבן די קאָנדוקטאָרן און פּאָליציאַנטן, שטרויכלענדיק זיך, געשלעפּט דעם הרוג. אַ ווייבל האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט. מ׳האָט געבעטן דעם עולם אַריינגיין אין די וואַגאָנען, עס האָט זיך דערהערט אַ פייף. דער צוג האָט גערירט.

## 8

„שוין ווידער דער חלב׳דיקער בוימל!" — האָט ניקאַ פאַרדראָסיק געטראַכט און זיך אַ שאַר געטון איבער דער שטוב. די שטימען פון די געסט האָבן זיך דערנענטערט. דער צוריקטריט איז געווען אָפּגעשניטן. אין שלאָפצימער זענען געשטאַנען צוויי בעטן, וואָסקאָבאָיניקאָווס און זיינס. נישט לאַנג טראַכטנדיק איז ניקאַ אַרונטערגעקראָכן אונטערן צווייטן.

ער האָט געהערט ווי מען זוכט אים, גערופן אים אין די אַנדערע צימערן, וואונדערנדיק זיך וואוהין ער איז פאַרפאַלן געוואָרן. דערנאָך זענען זיי אַריין אין שלאָף־שטוב.

— נו, וואָס קאָן מען מאַכן, — האָט געזאָגט וועדעניאַפּין, — גיי זיך דורך, יוראַ, קאָן זיין דערנאָך וועט זיך דיין חבר אָפּגעפינען, וועט

איר זיך שפּילן. — אַ געוויסע צייט האָבן זיי געשמועסט וועגן די אומרועו אויף די אוניווער׳יטעטן אין פּעטערבורג און מאָסקווע, אויפהאַלטגדיק אַזויאַרום אַ צוואַנציק מינוט ניקאַ, אין זיין נאַרישער, בזיונדיקער באַ־העלטעניש. ענדלעך זענען זיי אַרויס אויף דער וועראַנדע. ניקאַ האָט שטילישקע געעפנט דאָס פענצטער, געשפּרונגען און פאַרשוווּנדן אין פּאַרק.

ער איז היינט געווען עפּעס נישט מיט אַלעמען. נעכטן קיין אויג נישט צוגעמאַכט. עס גייט אים שוין ס׳פערצנטע יאָר. אים איז נמאס גע־וואָרן צו זיין נאָך אַ קליינער. אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן און פאַר־טאָג אַרויס פון הויז. די זון איז אויפגעגאַנגען און די ערד אין פּאַרק איז געווען באַדעקט מיט געדיכטע טוי־פייכטע שאָטן־שלייפן פון דיביימער. דער שאָטן — איז געווען נישט קיין שוואַרצער נאָר אַ טונקל־גרויער, ווי דורכגענעצטער וואָיליק. די געשמאַק־בשמימדיקע פאַרטאָג־ריחות זענען, זעט אויס, טאַקע פון אָט דעם פייכטן שאָטן אויף דער ערד, מיט זיינע לענג־לעכע דורכלויכטענישן, וועלכע זענען ענלעך צו די פינגער פון אַ מיידל.

עטלעכע שריט פון אים האָט פּלוצעם דורכגעפלאָסן אַ שנירעלע קוועקזילבער, פּונקט ווי טוי־טראָפּנס אין גראָז. דאָס שטראָמעלע איז גע־פלאָסן און געפלאָסן און די ערד האָט עס נישט איינגעזאַפּט. אומדער־וואַרטעט האָט דאָס שטראָמעלע אַ שאַרפן קער זיך געטון אין אַ זייט און — נעלם געוואָרן. דאָס איז געווען אַ שלאַנג. ניקאַ האָט אויפגעציטערט.

אַן אויסטערליש ייִנגל איז ער געווען. אין אַ מצב פון גערייצטקייט האָט ער הויך גערעדט צו זיך אַליין. ער האָט נאָכגעטאָן זיין מאַמען אין אירע נייגונגען צו הויכע מאַטעריעס און פּאַראַדאָקסן.

— „ווי גוט איז די וועלט!" — האָט ער געטראַכט. —„נאָר פאַר־וואָס איז זי גורם אַזוי פיל יסורים? אמת, גאָט — איז דאָך פאַראַן. און אויב ער איז דאָ — איז ער דאָך — איך. אָט באַפעל איך דעם בוים — האָט ער אַ טראַכט געטון, וואַרפנדיק אַ בליק צו דעם, מיט אַ מין ציטער אַדורכגענומענעם טאָפּאָל־בוים, (זיינע פייכטע מיניעדיקע בלעטער האָבן זיך אויסגעוויזן ווי געשניטענע פון בלעך), — „אָט וועל איך אים באַפעלן!" — און אין זיין שגעונדיקן איבערשאַצן זיינע כוחות — האָט ער נישט געשעפּטשעט, נאָר מיט זיין גאַנצן וועזן, מיט זיין גאַנצן גוף ונפש באַגערט און באַפוילן: „שטאַרב־אָפּ!" — און דער בוים האָט אים געהאָרכט און פאַרשטייפט געוואָרן אין אומבאַוועגלעכקייט. ניקאַ האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט פון פרייד און מיט אימפּעט געלאָפן זיך באָדן אין טייך.

זיין פאָטער, דער טעראָריסט דעמענטי דודאַראָוו, איז איצט אָפּ־

געקומען זיין שטראָף אויף קאַטאָרגע, וועלכע איז אים — אַ דאַנק העכס־טער באַגנעדיקונג פאַרביטן געוואָרן אנשטאַט אַ תליה. זיין מאַמע האָט געשטאַמט פון גרוזינישע פירשטן, פון די עריסטאָקראַטיע, איז געווען אַ פּלי־טעוואַטע יונגע שיינהייט. תמיד זיך אָפּגעגעבן, — מיט בונטן, בונטאַרן, עקסטרעמע טעאָריעס, באַרימטע אַרטיסטן, פאַראַרמטע שלימזלס.

זי האָט פאַרגעטערט ניקאַן, פון זיין נאָמען אינאָקענטי האָט זי אויסקאָמבינירט די טאָמע צוגעטראַכטע און משוגעוואַטע, צערטלעכקייט־צונעמעניש, וו אינאָטשעק, נאָטשענקא. זי האָט אים געפירט מיט זיך צו ווייזן אים דער משפחה אין טיפליס. אַממערסטן האָט אים דאָרט פאַר־חידושט אַ שטאַרק־צעצווייגטער בוים אינעם הויף, ווו זיי זענען איינ־געשטאַנען. דאָס איז געווען עפּעס אַן אומגעלומפּערטער טראָפּישער ריז. זיינע בלעטער זענען געווען ענלעך צו העלפאַנטישע אויערן. ער האָט לגמרי פאַרדעקט און פאַרצוימט דעם הויף פאַר דער גליענדיקער דרום־זון. ניקאַ האָט זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז דער דאָ־זיקער בוים איז אַ געוויקס און נישט קיין באַשעפעניש.

פאַר דעם יינגל איז געווען געפערלעך צו טראָגן דעם שרעקלעכן פאָטערס נאָמען. איוואַן איוואַנאָוויטש האָט מיט דער איינשטימיקייט פון נינאַ גאַלאַקטיאַנאָוונאַ זיך געגרייט אָנצוגעבן אַ בקשה צו זיין מאַיעסטעט וועגן צואייגענען ניקאַן דעם נאָמען פון דער מוטערס פאַמיליע.

ווען ער איז געלעגן אונטערן בעט, זייענדיק פאַראומערט פון דעם אופן און גאַנג פון דער וועלט, האָט ער צווישן אַלעם אַנדערן אויך גע־טראַכט: ווער איז דער דאָזיקער וואָסקאָבאָיניקאָוו, וואָס ווירקט פון אַזוי ווייט מיט זיין אַריינמישן זיך? ער וועט זיי אָנלערנען!

און די דאָזיקע נאַדיאַ! אַז זי איז שוין אַלט פופצן יאָר, האָט זי שוין די רעכט אַזוי צו פאַרייסן די נאָז און רעדן צו אים ווי צו אַ יינגל? אָט וועט ער איר ווייזן! — „איך קאָן זי נישט אָנקוקן!" — האָט ער עטלעכע מאָל פאַר זיך איבערגעחזרט, — „איך וועל זי דערהרגענען! איך וועל זי רופן שווימען אויף אַ שיפל און וועל זי דערטרינקען".

אויך די מאַמע איז גוט. זי האָט דאָס, אוודאי, אַזוי אונטערגעבלאָזן אים און וואָסקאָבאָיניקאָוון, ווען זיי זענען אַוועקגעפאָרן. איז זי דען טאַקע געפאָרן קיין קאַווקאַז? עס הייבט זיך נישט אָן, זי האָט פּראָסט־פּשוט אַ קערעווע געטון, ביי דער נאָנטסטער קנופּ־סטאַציע, אויף צפון, און גאַנץ רויק שיסט זי דאָרט, צוזאַמען מיט די סטודענטן, — אויף דער פּאָליציי אין פּעטערבורג. און ער דאַרף דאָ פוילן אַ לעבעדיקער אין דעם נאַרישן גרוב. נאָר ער וועט זיי אַלעמען איבערכיטרעווען. דערטרינקען

נאַדיאַן, אָוועקוואַרפן די גימנאַזיע, און ער וועט אַנטלויפן צום פאָטער קיין סיביר און דאָרטן אָנצינדן דאָס פייער פון אויפשטאַנד.

דער ברעג פון דער אָזיערע איז געווען געדיכט באַוואַקסן מיט וואַסער־ליליעס. די לאָדקע האָט אַדורכגעשניטן די געדיכטעניש מיט אַ טרוקן גערויש. צווישן די פאַרוואַקסענע קוסטעס האָט דורכגעריזלט דאָס וואַסער פון דער אָזיערע, ווי זאַפט אין אַ דרייעקיקן אַרבוז־אויסשניט.

אַ יינגל און אַ מיידל האָבן געריסן ליליעס. ביידע האָבן זיי אָנגע־כאַפּט אַ יאָדערדיק שטענגל, ווי גומע, און עס האָט זיך נישט געלאָזט אָפּרייסן. זיי האָבן ביידע געצויגן צוזאַמען — די קעפּלעך האָבן זיך צו־נויפגעשטויסן. ס׳האָט אַ שלעפּ געטאָן ס׳שיפל ווי מיט אַ האָקן צום ברעג. די שטענגלעך האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט און קורץ געוואָרן, די ווייסע בלימלעך מיט האַרץ־קערעלעך ווי אַ געלעכצל מיט אַ בלוטסטראָפּ — האָבן זיך כסדר אונטערגעטרונקען אין וואַסער און צוריק אויפגעגאַנגען, אַראָפּגיסנדיק פון זיך ס׳וואַסער.

נאַדיאַ און ניקאָ האָבן כסדר געריסן בלומען. ליגנדיק כמעט צוזאַמען אויף דער אויסגעבויגענער זייט פון שיפל.

— ס׳האָט שוין דערעסן דאָס לערנען זיך, — האָט געזאָגט ניקאָ. — שוין צייט אָנצוהייבן צו לעבן, פאַרדינען, ווערן אַ מענטש צווישן מענטשן.

— און גראָד האָב איך געוואָלט ביי דיר בעטן מיר צוצווייזן וויאַזוי צו מאַכן די קוואַדראַט־פאַרגלייכונגען. איך בין אַזוי שוואַך אין אַלגעברע, אַז ס׳האָט זיך שיער נישט פאַרענדיקט מיט אַן איבערעקזאַ־מינירן.

ניקאָ האָט אין די רייד אירע דערפילט אַן אָנצוהערעניש אויף אַ שטעכעלירן. נו זיכער, זי שטעלט אים צוריק אָוועק אויפן ריכטיקן פּלאַץ, דערמאַנענדיק אים ווי קליין ער איז נאָך. קוואַדראַט־פאַרגלייכונגען! און זיי האָבן דאָך נאָכנישט קיין שמעק־געטון צו אַלגעברע.

נישט אַרויסווייזנדיק אַז ער פילט זיך געטראָפן, האָט ער, כלומרשט גלייכגילטיק, געפרעגט, באַלד באַנעמענדיק ווי דאָס איז נאַריש:

— ווען דו וועסט אויסוואַקסן, ווען וועסטו נעמען פאַר אַ מאַן?

— אָ, דאָס איז נאָך אַזוי ווייט. וואָרשיינלעך קיינעם נישט. כ׳האָב זיך נאָכנישט פאַרטראַכט.

— דו מיינסט נישט, ביטע, אַז דאָס אינטערעסירט מיך אַזוי שטאַרק.

— טאָ פאַרוואָס, אויב אַזוי, פרעגסט דו?

— ביסט אַ נאַרעלע.

זיי האָבן זיך גענומען קריגן. ניקאָן האָט זיך דערמאָנט זיין פרימאָרגנדיקער האַס צו פרויען. ער האָט געדראָט נאַדיען, אַז אויב זי וועט

ניִשט אױפהערן צו ר'עדן עזותדיק, װעט ער זי דערטרינקען. — פּרוביר נאָר — האָט געזאָגט נאַדיאַ. ער האָט אַ כאַפּ געטון איר קערפּער. ס'האָט זיך אָנגעהױבן אַן אַמפּערניש. זײ האָבן פאַרלױרן ס'גלײכגעװיכט און אַרײנגעפאַלן אין װאַסער.

בײדע האָבן זײ געקענט שװימען, נאָר די װאַסער־ליליעס האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין זײערע הענט און פיס, און דעם באָדן האָבן זײ נאָכנישט דערגרונטעװעט. ענדלעך האָבן זײ דערטאַפּט אַ זומפּ און אַזױ אַרום זיך אַרױסגעקריגן אױפן ברעג. שטראָמעלעך װאַסער זענען גערונען פון זײערע קעשענעס און שיך. ניקאַ איז גאָר היפּש מיד געװוען.

װאָלט אַזעלכעס פּאַסירט ערשט נישט לאַנג, לאָמיר זאָגן — דעם היינטיקן פרילינג, — זיצנדיק אין צװײען פיטש־נאַס, נאָך אַזאַ מין פּאַסירעניש, װאָלטן זײ זיכער זיך דורכגעװערטלט, געקריגט, צי גאָר געכיכעט פון געלעכטער.

אָבער איצט האָבן זײ געשװיגן, קױם געעטעמט, זײענדיק דער־שלאָגן פון דער נאַרישער פאַרלױפעניש. נאַדיאַ האָט זיך געגריזשעט און שװײגנדיק זיך אױפגערעגט, און ניקאָן האָט װײ־געטון דער גאַנצער גוף װי מ'װאָלט אים מיט אַ פּאַלקע געמקל'ט איבער הענט און פיס, די ריפּן צעבױקערט.

צום סוף, שטילינקע, װי אַ דערװאַקסענע, האָט נאַדיאַ אַ זאָג־געטון: — „משוגע!" — און ער, אױך װי אַ דערװאַקסענער, האָט געזאָגט: „זײ מיר מוחל".

זײ האָבן זיך פאַרנומען אױפן װעג אַהײם. ס'טריפט פון זײ װאַסער װי פון װאַסער־קאַנען. זײער װעג איז געלעגן אױפן שטױביקן באַרג־אַרױף, װאָס האָט געװוימלט מיט עקדישן, נישט װײט פון יענעם אָרט װו ניקאַ האָט אינדערפרי געזען די קופער־שלאַנג.

ניקאַ האָט זיך דערמאָנט אין דער פאַרכישופטער דערהױבנקײט פון דער נאַכט, דער זון־אױפגאַנג, די פרימאַרגנדיקע אַלמעכטיקײט, װען ער האָט, לױט זײן זעלבסטװילן, באַפױלן די נאַטור־כוחות. װאָס זאָל ער איר אַצינד באַפעלן? — האָט ער געטראַכט. װאָס װאָלט זיך אים אַצינד צומײיסטן פאַרװאָלט? אים האָט זיך אױסגעדאַכט אין דמיון, אַז מער פון אַלעם װאָלט ער װעלן נאָכאַמאָל אַרונטערפאַלן אונטער דער אַזיערע צוזאַמען מיט נאַדיען. שטאַרק איז זײן װילן צו װיסן — צי װעט זיך נאָך אַמאָל, װען־עס־איז, זיך איבערחזרן אַזעלכעס — אָדער נישט?

צווייטער טייל

# א מיידל פון אַן אַנדערן קרייז

## 1

די מלחמה מיט יאַפּאַן האָט זיך נאָכנישט פאַרענדיקט. ס'האָבן זי אומדערוואַרט פאַרשטעלט אַנדערע געשעענישן. רוסלאַנד האָבן פאַרפלייצט רעוואָלוציע־כוואַליעס, איינע העכער פון דער צווייטער, איינע אומזעבאַרער פון דער צווייטער.

אין יענער צייט איז געקומען פון אוראַל קיין מאָסקווע די אלמנה פון אַ בעלגישן אינזשיניער, אַליין אַ רוסיפיצירטע פראַנצויזין — אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ גישאַר, מיט צוויי קינדער — דעם זון ראָדיאָן און טאָכטער לאַריסאַ. דעם זון האָט זי אָפּגעגעבן אין קאַדעטישן קאָרפּוס, די טאָכטער, צופעליק אין דער זעלבער פרויען־גימנאַזיע, אויך אין זעלבן קלאַס, אין וועלכן ס'האָט געלערנט נאַדיאַ קאָלאָגריוואָוואַ.

ביי דער מאַדאַם גישאַר זענען פאַרבליבן אָפּשפּאָרונגען פון מאַן, ווערטפּאַפּירן, וועלכע האָבן פריער געפלעגט שטייגן, און איצט האָבן זיי גענומען פאַלן. כדי אָפּצושטעלן דאָס אויסרונען פון אירע מיטלען און נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, האָט די מאַדאַם גישאַר געקויפט ביי די יורשים פון דער לעוויצקאַיאַ, איר קליידער־וואַרשטאַט, ביים טריומף־טויער, מיטן קרייז פון איר פריערדיקער קליענטעלע, צוזאַמען מיט די מאַדיסטקעס און לערנמיידלעך.

די פרוי גישאַר האָט דאָס אַזוי געטון לויט דער עצה פון אַדוואָקאַט קאָמאַראָווסקי, דער פריינד פון איר מאַן, און איר אייגענער אָנלען — דער קאַלטבלוטיקער געשעפטסמענטש, וועלכער האָט געקענט דאָס קאַמער־ציעלע לעבן אין רוסלאַנד — ווי זיינע פינף פינגער. מיט אים האָט זי זיך דורכגעשריבן וועגן אַריבערפאָרן, ער האָט זיי באַגעגנט אויפן וואָקזאַל, זיי אַרומגעפירט איבער גאַנץ מאָסקווע, אין די מעבלירטע צימערן פון „טשערנאָגאָריאַ", ביים געסל „אָרוזשעיני" — וווּ ער האָט פאַר זיי געדונגען אַ צימער. ער האָט זי דאָס צוגערעדט אָפּצוגעבן ראָדיאָנען אין קאָרפּוס, לאַרען אין גימנאַזיע וואָס ער האָט רעקאָמענדירט. ער האָט

לייכט געשטיפּט מיטן יינגל און אַזוי זיך איינגעקוקט אין מיידל, אַז זי איז רויט געוואָרן.

## 2

פאַרן אַריבערציִען זיך אין דער באַשיידענער, דריי־צימערדיקער דירה, נאָנט ביים קליידער־וואַרשטאַט, האָבן זיי געוווינט בערך אַ חודש אין „טשערנאָגאָריע"־האָטעל.

דאָס זענען געווען די סאַמע געמיינסטע ערטער אין מאָסקווע, פון פּורמאַנעס, גנבים־היילן. גאַנצע גאַסן פאַרפלייצט מיט אויסגעלאַסנקייט, נעסטן פון „פאַרפאַלענע באַשעפענישן".

די קינדער האָט נישט געוווּנדערט דער שמוץ אין די צימערן, די וואַנצן, אָרעמע אויסמעבלירונג. נאָכן טויט פון פאָטער, האָט די מוטער געלעבט אין שטענדיקן פּחד פאַראָרעמט צו ווערן. ראַדיאַ און לאַראַ זענען שוין געווען צוגעוווינט צו הערן, אַז זיי געפינען זיך אויפן ראַנד פון אָפּגרונט. זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז זיי זענען נישט קיין קינדער פון דער גאַס, נאָר אין זיי האָט זיך טיף איינגעוואָרצלט אַ שרעק פאַר גבירים, פּונקט ווי ביי די אויסגעכאַוועטע אין די יתומים־הייזער.

אַ לעבעדיקן ביישפּיל פון דאָזיקן פּחד האָט זיי געגעבן די מאַמע. אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ איז געווען אַ דיקע בלאָנדינקע, פינפאונדרייסיק יאָר אַלט, ביי וועלכער די האַרץ־אָנפאַלן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין שטותערייי־אָנפאַלן. זי איז געווען אַ מוראדיקע פּחדנ׳יצע און טויט־אַנגסטלעך זיך תּמיד געשראָקן פאַר מאַנצבילן. און טאָקע דערפאַר, מחמת מורא און צעטראָגנקייט, איז זי כסדר אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס — פון איינעמס אין אַ צווייטנס.

אין „טשערנאָגאָריאַ" האָבן זיי געוווינט אין צימער נומער 23, און אין צימער נומער 24 וווינט, זינטן אָנשטיין פון האָטעל, דער וויאָלאָנטשעליסט טישקיעוויטש. אַ פּליכעוואַטער גוטינקער, אין אַ פּערוק, וועלכער פאַרלייגט תּפילהדיק די הענט, צודריקנדיק זיי צו דער ברוסט — ווען ער וויל וועמען איבערצייגן. ווען ער שפּילט אין געזעלשאַפט אָדער טרעט אַרויס אויף קאָנצערטן, פאַרוואַרפט ער דעם קאָפּ אויף אַרונטער און פאַרגלאָצט די אויגן אין באַגייסטערונג. ער איז זעלטן אינדערהיים, אויף גאַנצע טעג גייט ער אַוועק אין באָלשאָי־טעאַטער אָדער קאָנסערוואַטאָריום. די שכנים האָבן זיך באַקענט. קעגנזייטיקע געפעליקייטן האָבן זיי דערנענטערט. היות ווי די אָנוועזנהייט פון די קינדער האָט טיילמאָל געקוועלט אַמאַליאַ קאַרלאָוונען, ד׳עמאָלט ווען ס׳האָט זי באַזוכט קאָמאַראָווסקי, האָט

טישקעוויטש, אַוועקגייענדיק, איר איבערגעלאָזן דעם שליסל פון זיין צימער, אַז זי זאָל קאָנען אויפנעמען איר פריינד. די מאַדאַם גישאַר האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו זיין זעלבסט־אָפּפערווילִיקייט, אַז עטלעכע מאָל האָט זי אַפילו, מיט טרערן אין די אויגן, אַנגעקלאַפּט צו אים און געבעטן זי פאַרטיידיקן פון איר פּאַטראָן.

# 3

דאָס הויז איז געווען אַן איינשטאָקיקס, נישט ווייט פון ראָג טווער־סקאַיאַ. ס'האָט זיך געפילט די נאָנטקייט פון דער בריסקער אייזנבאַן. נישט ווייט האָבן זיך געפונען אירע איינריכטונגען, די קאַזיאָנע דירות פון די באַן־אָנגעשטעלטע, די לאָקאָמאָטיוו־גאַראַזשן און די מאַגאַזינען.

דורך דאָנען איז געגאַנגען אַהיים אַליאַ דעמינאַ, אַ קלוג מיידעלע, אַ פּלימעניצע פון אַ באַאַמטן פון דער לאָסטבאַן־סטאַנציע. זי איז געווען אַ פעיק לערנמיידל, וועלכע עס האָט גערן־געהאַט די פריערדיקע אייגנ־טימערין און אויך די איצטיקע האָט אָנגעהויבן זי דערנענטערן צו זיך. דער אַלאַ דעמינאַ איז שטאַרק געפעלן געוואָרן — לאַראַ.

אַלץ איז געבליבן ווי ביי דער לעוויצקאַיאַ. ווי פאַרדזשומעטע האָבן זיך געדרייט די ניי־מאַשינען אינטער די אַראָפּלאָזנדיקע פיס און שוועבנ־דיקע הענט פון די מידע נייטאָרינס. וועך פון זיי עס האָט געגייט שטיל, זיצנדיק אויף אַ טישל און פירנדיק מיט דער נאָדל ערגעץ־ווייט־אַוועק דעם לאַנגן פאָדעם. די פּאָדלאָגע איז געווען אָנגעוואָרפן מיט שטאָף־שניצ־לעך. רעדן האָט מען באַדאַרפט הויך, כדי איבערצושרייען דאָס קלאַפּן פון די ניי־מאַשינען און די מאָדולירטע טרעלן פון קיריל מאָדאַסטאָוויטש, דעם קאַנאַריק אין שטייגל ביים פענצטער־גזימס. פאַרוואָס דער קאַנאַריק האָט געטראָגן אַזאַ צונאָמען — איז אַ געהיימניש, וואָס עס האָט מיטגע־נומען מיט זיך אין קבר אַריין די פריערדיקע באַלעבאָסטע.

אין אויפנעם־צימער האָט אַ פאַרביקע גרופּע דאָמען אַרומגערינגלט דאָס טישל מיט די זשורנאַלן. זיי זענען געשטאַנען, געזעסן אָדער אויס־געבויגן זיך אָנלענענדיק, אין אַזעלכע פּאָזעס, ווי זיי האָבן עס געזען אויף די בילדלעך. באַקוקט די מאָדעלן און זיך געעצהט וועגן די פאַסאָנען. הינטערן צווייטן טיש, אויפן דירעקטאָרסקע אָרט, איז געזעסן די געהילפין פון אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ, אַן אַלטע צושניידערין, פאַניאַ סילאַנטיעוונאַ פעטיסאָוואַ, אַ ביינערדיקע פרוי מיט בראָדאַווקעס אויף די איינגעשרומ־פּענע באַקן.

זי האָט געהאַלטן צווישן די פאַרגעלטע ציין אַ ביינערנעם מונדשטוק

מיט אַ פּאַפּיראָסל, געמרוזשעט אַן אויג מיט געלער ווייסלעכץ, און אַרויסלאָזנדיק גלעט שנירעלעך רויך דורכן מויל און נאָז, האָט זי אַריינגעשריבן אין העפט די מאָסן, קוויטאַנציע־נומערן, אַדרעסן און פאַרלאַנגען פון באַשטעלערינס וואָס האָבן זיך געשטופּט צו איר.

אַמעליאַ קאַרלאָוונאַ איז געווען אין דעם שניידער־סאַלאָן אַ גייער, נישט־געניטער מענטש. זי האָט זיך נישט געפּילט דאָ ווי קיין קאָמפּלעטע באַלעבאָסטע. אָבער דאָס פּערסאָנאַל איז געווען אַן אָנשטענדיקס, און אויף דער פּעטיסאָוואַ האָט מען זיך געקאָנט פאַרלאָזן. אָבער דאָך איז די צייט געווען אַן אומרויקע. אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ האָט מורא געהאָט צו טראַכטן וועגן דער צוקונפט. עס איז זי באַפאַלן אַ יאוש־שטימונג. אַלץ איז איר געפאַלן פון די הענט.

קאָמאַראָווסקי האָט זיי אָפט באַזוכט. ווען וויקטאָר איפּאָליטאָוויטש איז זיך דורכגעגאַנגען דורכן ניי־וואָרשטאָט, האָט ער איבערגעשראָקן די פּראַנטישע דאַמעלעך וועלכע האָבן זיך איבערגעטון. זיי האָבן זיך פאַרשטעלט הינטער די פאַראַוואָגדלעך און פון דאָרטן מיט הנאה געאייגלט אויף זיינע צעלאָזענע געניגלעך און חכמה'לעך. די מייסטערינס האָבן שטאַרק אומצופרידענע מיט חוזק אים נאָכגעברומט און נאָכגעשפּעט: „ער האָט שוין ווידער באַוויליקט צו אונדז"; „אָנשיקעניש", „אַמעליאַס אָנטשעפּעניש", „אָקס", „ווייבערניק", „קליידל־קריכער".

נאָכמער האָבן זיי פיינט געהאָט זיין בולדאָג דזשעק, וועלכן ער האָט מיטגעפירט מיט זיך אויף אַ קייט. ער האָט אים אָפּטמאָל אַזוי פעסט געשלעפּט, אַז דער הונט איז געלאָפן פאַר אים. קאָמאַראָווסקי האָט זיך געשטרויכלט אין גאַנג. און עס איז אים אויסגעקומען נאָכצושלעפּן זיך נאָכן הונט. ער האָט געשטרעקט די הענט ווי אַ בלינדער צו זיין וועגפירער.

איינמאָל, אין פרילינג, האָט דזשעק אַזאַ ביס געטון לאַראַס פוס, אַז ער האָט איר אַזש צעריסן דעם זאָק.

— איך וועל אים ממיתן אָט דעם שד — האָט אָליאַ דעמינאַ קינדעריש אַ שעפּטשע געטון לאַראַן אויפן אויער.

— יאָ, באמת, אַן עקלהאַפטער כלב. נאָר וויאַזוי, נאַרעלע, וועסטו דאָס מאַכן?

— שטילער, קוויטשע נישט, איך וועל דיך אויך לערנען. פאַראַן ביי אייך שטיינערנע אייער, פאַסכאַדיקע? אָט־דאָ, ביי אייער מאַמעלען אויף דער קאָמאָדע, יאָ?...

— נו יאָ, מירמלנע, קריסטאַלענע.

— אַהאַ! נו אָט איז עס. נו בייג זיך אַן, אויפן אויער וועל איך דיר זאָגן.

מען דאַרף נעמען, זיי אויסווייקן אין חזיר־פעטס, וועט עס געסטאָיעט ווערן, וועט ער עס אַריינשלונגען, אָט דער פאַרשיווער הונדשטיק, און וועט זיך קרעקן דערמיט, דער טייוול, ווערגן זיך — און קאַפּוט! מיט די פיסלעך קאַפּויר! פאַרגלייזט!

לאַראַ האָט געלאַכט. מיט קנאה געטראַכט: אַ מיידל לעבט אין דחקות, פּראַצעווועט. די מינדעריעריקע פון פּראָסטן פאָלק אַנטוויקלען זיך פּריציייטיק. אָבער גיב אַ קוק ווי זי איז נאָך נאַיוו, קינדיש. אייער, דזשעק — ווי זי האָט דאָס אינזינען אַזעלכעס? „טאָ פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ דאָליע — טראַכט לאַראַ, וואָס איך זע אַזוי אַלץ און וויייטיק איבער אַלעם?"

# 4

איז די מאַמע אים — ווי רופט מען דאָס... איז ער דאָך, הייסט עס, דער מאַמעס, נו יאָ... דאָס זענען מיאוס־עקלהאַפטע ווערטער. איך וויל זיי נישט איבערחזרן. טאָ פאַרוואָס — אויב אַזוי — קוקט ער אויף מיר מיט אַזעלכע אויגן? איך בין דאָך איר טאָכטער?

זי איז אַלט געווען נישט מער ווי זעכצן יאָר, אָבער זי איז שוין געווען אַ פול, רייף מיידל. מען האָט זי געשאַצט אויף אַכצן, און אפילו מער. זי האָט געהאַט אַ קלאָרן שכל און לייכטן כאַראַקטער. אַ שייניקע און ווויליקע.

זי און ראָדיאַ האָבן שוין באַנומען, אַז זיי וועלן דאַרפן צו אַלץ אין לעבן אַליין זיך דערשלאָגן. מיט די אייגענע עלנבויגנס. אין קעגנזאַץ צו די לײדיקגייעריש און באַוואָרנטע, — איז זיי נישט אויסגעקומען פּריי־צייטיק צו שנאַפּן צו די פאַרשידנסטע ענינים, טעאָרעטיש צו באַשמעקן זאַכן אָן פּראַקטישער באַרירונג. לאַראַ איז געווען דאָס סאַמע ריינסטע באַשעפעניש אין דער וועלט.

דער ברודער און די שוועסטער האָבן געוווסט דעם פּרייז פון אַלעם און געפּלאַטערט איבערן דערגרייכטן. מען דאַרף זיין צווישן די גוט־געזעענע כדי זיך דורכצושלאָגן. לאַראַ האָט זיך געלערנט — נישט מחמת עס האָט זי סתם עפּעס געצויגן צו קענטעניש, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל אויב מען איז אַ גוטע שילערין, ווערט מען באַפרייט פון שכר־לימוד, און דעריבער דאַרף מען זיך גוט לערנען. און פּונקט אַזוי גוט ווי זי האָט זיך געלערנט, אַזוי האָט זי, לאַראַ, אויך געוואַשן דאָס געפעס, צוגעהאָלפן אין דער שניידער־ווערקשטאַט און געגאַנגען דערליידיקן דער מאַמעס שליחותן. זי האָט זיך באַוועגט געררוישלאָז, ריטמיש, און אַלץ אין איר — די אומבאַ־

מערקבאַרע געשיקטקייט פון באַוועגונג, דער וווקס, שטימע, גראָע אויגן, די בלאָנדע פאַרב פון אירע האָר — אַלץ האָט זיך אַזוי געפּאַסט איינס צום אַנדערן.

עס איז געווען זונטיק, אינמיטן יולי. אין די רו־טעג קאָן מען זיך לענגער אַביסל באַלעווען און ליגן אין די בעטן. לאַראַ איז געלעגן אויף דער פּלייצע און די הענט פאַרוואָרפן הינטערן קאָפּ.

אין ביי־וואַרשטאַט איז געשטאַנען אַן אומגעוויינלעכע שטילקייט. דאָס פענצטער צו דער גאַס איז געווען אויפגעפּראַלט. לאַראַ האָט געהערט פונווייטנס ווי אַ טראַסקנדיקע בריטשקע פאַרט אַראָפּ פון דעם שטיינער־ברוקירטן וועג און דאָס שווערע געקלומפּעריי פאַרטווישט זיך אויף אַ שטיל פאָרן, ווי די רעדער וואָלטן זיך געגליטשט אויף פּוטער. — מען דאַרף נאָך אַ קאַפּיטשקע אַ שלאָף־טון — האָט אַ טראַכט געטון לאַראַ. דער גערודער פון שטאָט האָט איינגעשלעפּט ווי אַ וויגליד.

איר וווקס און ליג־פּאָזיציע האָט לאַראַ אַצינד געפילט דורך צוויי פונקטן: דורכן אַרויסגעהויבענעם לינקן אַקסל, און גרויסן פינגער פון רעכטן פוס. דאָס זענען געווען אַן אַקסל און אַ פוס, און אַלדאָס איבעריקע — מער־ווינציקער זי גופאַ, איר נפש, אָדער איר מהות, אַריינגעפּאַסט אין דאָזיקן מאָדעל, וואָס ווייסט זיך אַזוי פּיעשטשנדיק אין דער צוקונפט אַריין.

מען דאַרף איינשלאָפן, — האָט געטראַכט לאַראַ — און אַרויסגע־רופן אין איר דמיון די זוניקע זייט פון די קאַרעטן־האַליעס אין דער דאָזיקער שעה, די רעמיזעס מיט די קאַטשן, די גרויסע קאַרעטעס צום פאַרקויפן וואָס שטייען אויף גלאַטיקע דילן, דאָס געשליפענע גלאָז פון די קאַרעטע־לאַמטערנעס, די אויסגעשטאָפּטע בערן־מאַסקאַטקעס, דאָס רייכע לעבן. און אַביסעלע נידעריקער אין שטאָט — האָט זי אין געדאַנק זיך געצייכנט — דאָס אויטאַיבן די דראַגונער אין הויף פון דער זנאַמינסקער קאַזאַרמע, דאָס עלאַסטישע שפּרייזן פון די פערד, דרייענדיק זיך אין אַ קרייז, דאָס אַרויפשפּרונגען פון לויף גלייך אויפן זאָטל, דאָס פאָרן טריט־ווייז, דאָס גאַלאָפּירן. און די צעעפנטע מיילער פון די ניאַניעס מיט קינדער, און די זייגערינס, וועלכע שטייען אַזוי רייען־ווייז פונדרויסן, אָנגעשפּאַרטע אויף די קאַזאַרמע־פּאַרצוימונגען.

און נאָך נידעריקער — האָט לאַראַ געטראַכט — פּיעטראָווקאַ, די פּיעטראָווסקי ליניע. „וואָס עפּעס אַזוינס, לאַראַ! פונוואַנען אַזעלכע מחשבות? איך וויל פּשוט אייך ווייזן מיין דירה. און גראָד איז עס דאָ אָט־אָ, דאָלעבן”.

אַ געבורטסטאָג־פייערונג פון זיינע באַקאַנטע פון דער קאַרעטן־האַליע, ביי זייער טעכטערל, אָלגאַ, צוליב אָט דער געלעגנהייט האָבן זיך

משמח געווען די גרויסע — טענץ, שאַמפּאַניער. ער האָט פאַרבעטן דער מאַמען, נאָר די מאַמע האָט נישט געקאָנט, עפּעס געפילט זיך נישט־געזונט. די מאַמע האָט געזאָגט: „נעמט לאַראַן. איר וואָרנט דאָך מיך תמיד — „אַמאַליאַ, היט־אָפּ לאַראַן!" — נו אָט, איצט זאָלט איר זי אָפּ־היטן", און ער האָט זי אָפּגעהיטן. שוין איין מאָל! כאַ־כאַ־כאַ!

וואָסער זינלאָזע זאַך עס איז אַ וואַלץ! מען דרייט זיך, — גאַרנישט טראַכטנדיק דאַבײַ. דערווײַל שפּילט די מוזיק, עס גייט דורך אַ גאַנצע אייביקייט, ווי אַ לעבן אין די ראָמאַנען. אָבער ווי נאָר מען האָט אויפגעהערט שפּילן, דערפילט מען דעם ביי־טעם פון אַ סקאַנדאַל, פּשוט ווי מען וואָלט זיך אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער, אָדער געלאָזט דיך שטיין אַ נישט־אָנגעטוענע. חוץ דעם, דאָס דערלויבן די מענער געוויסע פרייקייטן — טוסטו דאָך צוליב שטעלן זיך אין פאַסאָן — אַז דו ביסט שוין אַ דערוואַקסענע.

זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַז ער טאַנצט אַזוי גוט. וואָסערע קלוגע הענט ער האָט, ווי זיכער ער נעמט דאָס אָרום דער טאַליע. נאָר קושן זי וועט זי שוין קיינעם מער נישט דערלויבן! זי וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אין פרעמדע ליפּן זאָל זיך קאָנען קאָנצענטרירן אַזויפיל אומפאַרשעמקייט בעת ער דריקט זיי לאַנג צו צו דיינע אייגענע ליפּן.

אַוועקוואַרפן די דאָזיקע נאַרישקייטן. איינמאָל פאַר אַלעמאָל. נישט שפּילן די תמימותדיקע, נישט צאַפּלען אַזוי, נישט אַראָפּלאָזן אַזוי שעמעוודיק די אויגן. דאָס וועט זיך אַמאָל שלעכט ענדיקן. אָט נישט ווייט ליגט שוין די שרעקלעכע ליניע. איין טריט נאָך, און קייקלסט זיך גלייך אין תהום אַריין. פאַרגעס צו טראַכטן וועגן טאַנצן! אין דעם ליגט דאָס גאַנצע שלעכטס. זי וועט זיך נישט זשענירן אָפּצוזאָגן. אויסזוכן אַ תירוץ — אַז זי האָט זיך נישט געלערנט טאַנצן, אָדער האָט צעבראָכן אַ פוס.

## 5

הערבסט־צייט זענען פאָרגעקומען אומרוען אויף די באַנען פון מאָסקווער באַן־קנופּ. צו זיי האָט זיך באַדאַרפט אויך אָנשליסן די מאָסקווער־בריסקער־ליניע. אַ באַשלוס וועגן אַ שטרייק איז שוין געווען געפאַסט, נאָר אין קאָמוניקאַציע־קאָמיטעט האָט מען זיך נישט געקאָנט צונויפרעדן אין וועלכן טאָג אים צו פּראָקלאַמירן. אַלע באַן־אַרבעטער האָבן שוין געוווסט וועגן אַ שטרייק. נאָר עס האָט זיך געפאָדערט נאָך עפּעס אַ דרויסנדיקע סיבה — אַז ער זאָל אויסברעכן פון זיך אַליין.

עס איז געווען אַ קאַלטער, פאַרוואָלקנטער פרימאָרגן אָנהייב אָק־טאָבער. אין דאָזיקן טאָג האָט מען אויף דער באַן־ליניע באַדאַרפט אויס־צאָלן די לוינען. עס האָט לאַנג געדויערט און עס זענען נישט אָנגעקומען די לוין־ליסטעס פון רעכן־אָפּטייל. דערנאָך איז אין דער קאַנטאָר אָנגע־קומען אַ ייִנגל מיט די רשימות און לוין־טאַבעלעס און מיט אַ היפּשן שטויס אַרבעטס־ביכלעך, וועס מען האָט זיי געהאַט גענומען ביי די אַרבעטער צו דער „וויפּלאַטע". דאָס אויסצאָלן האָט זיך אָנגעהויבן. איבער די אומענדלעכע שטיקער נישט־פאַרבויטע פּלעצער, אָפּגעטיילטע פון וואָקזאַל, זענען פון די וואַרשטאַטן, לאָקאָמאָטיוו־דעפּאָ, באַגאַזש־מאַגאַ־זינען, פון די רעלסן־וועגן, פון די הילצערנע אַדמיניסטראַציע־הייזער, אָנ־געקומען פון אומעטום אָפּנעמען דעם לוין — די קאָנדוקטאָרן, רעלסן־לעגער, שלאָסערס מיט זייערע געזעלן, די רוימערקעס און פון דער וואָגאָנען־רעמיזע.

עס האָט געשמעקט מיט אָנהויב שטאָטישן ווינטער, מיט צעטרע־טענע קלאָן־בלעטער, מיט צעטאַיעטן שניי, לאָקאָמאָטיוו־טשאַד און מיט וואַרעמען קאָרנברויט וואָס מען האָט געבאַקן אין קעלער פון וואָקזאַל־בופעט און מען האָט אים נאָר וואָס אַרויסגענומען פון אויוון. צוגן זענען אָנגעקומען און אָפּגעפאָרן. מען האָט זיי צונויפגעשטעלט, פאַנאַנדערגע־נומען, — פאָכנדיק מיט פאַרוויקלטע און אויפגעוויקלטע פענדלעך. עס האָבן זיך צעהילכט און צעשריען כלערליי סיגנאַלן און טרומייטערייען, פּיי־פערייען פון די סטרוזשעס, טאַשן־פּייפלעך פון די צוגן־צונויפקייטלער, די באַסאָווע לאָקאָמאָטיוו־פייפעניש. זיילן רויך האָבן ווי אויף אומענדלעכע לייטערס זיך געהויבן צום הימל. די אָנגעהייצטע לאָקאָמאָטיוון זענען געשטאַנען גרייטע צום פאָרן, בריענדיק די קאַלטע וואָלקנס מיט קאָכעדיקע וואָלקנס דאַמף.

אויפן ברעג פון באַן־וועג זענען געגאַנגען אַהין־און־צוריק דער באַן־ראַיאָן־נאַטשאַלניק, דער קאָמוניקאַציע־אינזשיניער — פּופּליגין און דער וועג־מייסטער פון אַרום־וואָקזאַל־שטח, פאַוועל פעראַפּאָנטאָוויטש אַנטיפּאָוו. אַנטיפּאָוו האָט תמיד דערקוטשעט די לייטער פון רעמאָנט־אָפּ־טייל מיט זיינע אָנקלאַגעס אויפן מאַטעריאַל וואָס מען האָט אים אָפּגעגע־לאָדנט, כדי אויפסניי צו דעקן די רעלסן. דער שטאָל האָט נישט די פולע מאַסיווקייט. די שינעס האָבן נישט גענוג אויסגעהאַלטן די פּראָבע פון עלאַסטישקייט און צעברעכלעכקייט. לויט אַנטיפּאָוון — האָבן זיי געקאָנט זיך ברעכן בעת אַ פראָסט. די לייטונג האָט זיך באַצויגן גלייכגילטיק צו די טענות פון פאַוועל פעראַפּאָנטאָוויטש. עפּעס האָט דאָ ווער דערינען זיינע הענט געוואָרעמט.

אויף פופליגינען איז געלעגן אויסגעפּאַסט אַ טייערע פוטער־קורטקע מיט די אַמטלעכע מונדיר־צייכנס, און אונטער איר — אַ ציוויל־אַנצוג פון שעוויאָט. ער האָט פאַרזיכטיק געשפּרייזט איבערן וואָל. ער האָט הנאה געהאַט פון דעם שיינעם שניט פון זיין מאַרינאַרקע. פון די אַקוראַטע הויזן־קאַנטן און אידעלער פאָרם פון זיינע שיך.

די רייד פון אנטיפּאָוון זענען אים אַריינגעפלויגן פון איין זייט אויער און גלייך אַרויסגעפלויגן פונעם צווייטן. פּופליגין האָט געטראַכט עפּעס וועגן זיינע אייגענע ענינים, יעדע מינוט אַרויסגענומען דעם זייגער און ערגעץ־ווו זיך געאיילט.

— ריכטיק, ריכטיק, פּאַטערל, — האָט ער אומגעדולדיק איבער־געריסן אַנטיפּאָוון, — אָבער דאָס איז נאָר ערגעץ אויף די הויפּט־וועגן, אָדער אויף די קנופּ־אָפּשניטן, ווו עס איז אַ גרויסע באַוועגונג. און גיב נאָר אַ טראַכט וואָס עס איז ביי דיר? עפּעס דאָרט רעזערוו־וועגן, ווינקל־דיקע, ווילדגראָז און קראָפּיווע, אין בעסטן פאַל — דאַרף מען סאָר־טירן און מאַנעוורירן אַ לײדיקן צוג, אויף די איין־ליניע רעלסן, צו דער קליינבאַן. און ער איז נאָך אומצופרידן! וואָס, ביסטו פון זינען אַראָפּ! דאָ איז נישט נויטיק, נישט נאָר אַזעלכע רעלסן, נאָר אפילו הילצערנע וואָלט מען דאָ געקאָנט לייגן.

פּופליגין האָט אַ קוק געטון אויפן זייגער, צוגעקלאַפּט דאָס דעקל און גענומען זיך איינקוקן אינדערווייט, צום שאָסיי וואָס איז געלעגן נאָנט צום באַן־וועג. ביים ראַג האָט זיך באַוויזן אַ בריטשקע. דאָס איז טאַקע געווען פופליגינס געשפּאַן. די פּרוי איז געקומען נאָך אים. דער קוטשער האָט אָפּגעשטעלט די פערד האַרט ביים באַן־וועג, כסדר געצוימט די לייצעס און פּ־ר־ר־וקנדיק מיט זיין דין ווייבעריש קולעכעל, ווי אַ ניאַנקע צו אַ וויינענדיקן זויגלינג. האָבן די פערד נאָך אַלץ זיך געשראָקן פאַר דער נאָענטקייט פון די באַן־שינעס. אין ווינקל פון דער בריטשקע, נאַכלעסיק אָנגעלענט אויף אַ קישעלע, איז געזעסן אַ שיינע דאַמע.

— נו, ברודער, שוין ווען־עס־איז אַן אַנדערש מאָל — האָט גע־זאָגט דער באַן־ראַיאָן־נאַטשאַלניק, און אַ מאַך־אַוועק געטון מיט דער האַנט — נישט צו דיינע רעלסן איז מיר איצט דער קאָפּ, עס זענען פאַראַן ערנסטע ענינים — דאָס פּאָר־פאַלק האָט זיך אַוועקגעהוידעט.

# 6

בערך אין אַ דריי אָדער פיר שעה אַרום, נאָנט צו בין־השמשות, אויפן פעלד, אויף אַ זייטן־וועג, זענען פון אונטער דער ערד אַרויס־

געוואָקסן צוויי געשטאַלטן, וועלכע זענען פריער אויף דער אויבערפלאַך נישט געווען. האָבן זיך אָפּט ארומגעקוקט און גענומען גיך זיך דער־ווייטערן, דאָס זענען געווען אַנטיפּאָוו און טיוועריזין.

— לאָמיר גיין שנעלער — האָט געזאָגט טיוועריזין, — נישט פאַר די שפּיצלעס היט איך זיך אַז זיי וועלן נאָכשפּיאָנירן, נאָר באַלד ענדיקט זיך דאָס אַרומשלעפּעכץ, וועלן זיי אַרויסקריכן פון דער זעמליאַנקע און אונז אָניאָגן. און איך וויל זיי נישט אָנקוקן. אויב אַלץ שלעפּט זיך אַזוי, דאַרף מען שוין נישט „דעם גאָרטן פאַרצוימען" — האָט עס שוין נישט קיין טעם און זין. דאַרף מען שוין דאַן נישט קיין קאָמיטעט, און די שפּיל מיט פייער, און דאָס באַהאַלטן זיך אין דער ערד! און דו ביסט מיר אויך געראָטן, דאָס אונטערהאַלטן , דאָס פּאַטשקען זיך מיט דער ניקאָ־לאַיעווסקאַיאַ.

— ביי מיין זאַריאַ איז אַ בויך־טיפוס. איך וואָלט זי באַדאַרפט פירן אין אַ שפּיטאָל אַריין. דערווייל וועל איך זי נישט פירן, אַז עס קריכט מיר גאָרנישט אין קאָפּ אַריין.

— מען זאָגט אַז מ׳צאָלט היינט אויס דעם געהאַלט. איך וועל אַראָפּ־גיין אין קאָנטאָר. וואָלט נישט זיין היינט דער טאָג פון צאָלן, אָט, ווי פאַר גאָט — כ׳וואָלט אַ שפּיי געטון אויף אייך, קיין מינוט נישט פאַרזוימנדיק, און אונטער מיין אָנפירונג אַ סוף געמאַכט צו דער דאָזיקער...

— און דאָס — דערלויבט צו פרעגן, מיט וועלכע מיטלען?

— דער ענין איז פשוט, כ׳וואָלט אריין אין קעסל־אָפּטייל, געלאָזט דעם סיגנאַל — און פאַרטיק די שפּיל.

זיי האָבן זיך געזעגנט און צעגאַנגען אין באַזונדערע זייטן.

טיוועריזין איז געגאַנגען איבער די וועגן אין דער ריכטונג פון שטאָט. אויפן וועג האָט ער אָנגעטראָפן די וועלכע זענען געגאַנגען מיטן לוין פון קאָנטאָר. אַ סך זענען זיי געווען. טיוועריזין האָט אַזוי אויפן אויג אָפּגעשאַצט, אַז כמעט אַלע דאַרפן שוין האָבן באַקומען זייערע שכירות.

עס האָט גענומען טונקלען. אויפן אָפענעם פלאַץ אַרום קאָנטאָר האָבן זיך אַרומגעשלענדערט די נישט פאַרנומענע אַרבעטער, באַלויכטענע פון די קאָנטאָרישע לאַמטערנעס. ביים אַריינפאָר אויפן פלאַץ איז גע־שטאַנען פּופּליגינס ברישקע. די פּופּליגינאַ איז געזעסן אין איר אין דער פריערדיקער פּאָזע, ווי זי וואָלט פונדערפרי אָן נישט אַרויס פון עקיפּאַזש. זי האָט געוואַרט אויפן מאַן, וועלכער נעמט איצט אָפּ זיין געהאַלט אין קאָנטאָר.

אומדערוואַרט האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ נאַסער שניי מיט אַ רעגן,

דער קוטשער איז אַראָפּ פון דער קאָזלע און גענומען אויפהייבן די לעדערנע בויד. אָנלענענדיק זיך מיטן פוס אויף הינטן, האָט ער פאַנאַנדער־געצויגן די ענגע פאַלדן. די פּופּליגינאָ האָט דערוויל זיך געקוקט מיט די זילבערן־פּערלמוטענע וואַסער־גרייפלעך וועלכע האָבן געמיניעט אין ליכט פון די קאָנטאָר־לאָמטערנעס. זי האָט געוואָרפן אַזאַ מידלעכן, פאַרטרוימטן בליק איבער דעם המון אַרבעטאָרער, מיט אַזאַ מין אָנשטעל און גרימאַס, וואָס אַז מען וויל — גייט אַזאַ בליק אַדורך און אַדורך זיי אַן אַ פּגימה, — ווי אַ פּראָסטל גייט אַדורך דורך אַ נעפּל.

טיווערזין האָט צופעליק אונטערגעקוקט דעם דאָזיקן אויסדרוק אירן. עס האָט אים אַ ברי געטון. ער איז פאַרבייגעגאַנגען, זיך נישט געגריסט די פּופּליגינאָ, און דעצידירט גיין אָפּנעמען די שכירות ערשט שפּעטער, כדי זיך נישט צונויפטרעפן דאָרט מיט איר מאַן. ער איז אַוועק ווייטער, אין דער ווינציקער באַלויכטענער זייט פון די וואַרשטאַטן, וווּ עס האָט זיך געטונקלט דער ווענדפּונקט מיט די קרייצוועגן אין דעפּאָ פון די לאָקאָמאָטיוון.

— טיווערזין! קופּריק! — האָבן אָפּגעקלונגען עטלעכע שטימען פון דער פינצטערניש. פאַר די וואַרשטאַטן איז געשטאַנען אַ געזעמל מענטשן. אינעווייניק האָט עפּעס ווער געשריגן און עס האָט זיך געהערט דאָס געוויין פון אַ קינד.

— קופּרין סאַוועליעוויטש, שטעלט זיך איין פאַרן יינגל — האָט פון המון אַרויסגערעדט אַ פרוי.

דער מייסטער פּיאָטר כודאָלעיעוו האָט ווידער, לויט זיין געוווינ־שאַפט, געשלאָגן זיין קרבן, דעם מינדעריעריקן לערן־יינגל יוסופּקאַ.

כודאָלעיעוו, דער שיכור און שלעגער, האָט נישט תמיד זיך איז־דיעקעוועט איבער זיין געזעלן. אַמאָל־ווען האָבן אויף אַ טויגלעכן מייסטער געוואָרפן זייערע בליקן אויך סוחרישע טעכטערלעך און פּאָפּישע טעכ־טערלעך פון די הינטער־מאָסקווער מאַנופאַקטור־קוואַרטאַלן. אָבער טי־ווערזינס מאַמע, דעמאָלט אַ געענדיקטע עפּאַרכיאַט־סעמינאַריסטין, צו וועלכער ער האָט זיך געהאַט געשדכנט, זי האָט אים אָפּגעזאָגט, און חתונה־געהאַט פאַר זיין חבר, דעם לאָקאָמאָטיוו־מאַשיניסט סאַוועלי ניקיטיטש טיווערזין.

אויפן זעקסטן יאָר פון איר אלמנהשאַפט, נאָך דעם גרויל־טויט פון סאַוועלי ניקיטיטש (ער איז פאַרברענט געוואָרן אין יאָר 1888, בעת דער באַוווסטער דעמאָלט קאַטאַסטראָפע, ווען צוויי צוגן האָבן זיך צוזאַמענ־געשטויסן), האָט ער, פּיאָטר פּיאָטראָוויטש, באַנייט זיינע פאַרשלאָגן צו איר, און ווידער האָט מאַרפאַ גאַווריל‌אָוונאַ אים אָפּגעזאָגט. זינט דעמאָלט

האָט כודאָלעיעוו געגומען שיכורן און כוליגאַנעוועז, האָבנדיק טענות צו דער גאַנצענער וועלט, ווי אַלע וואָלטן אים זיין שולדיק אין אַלע זיינע דורכפאַלענישן.

יוסופקאַ איז געווען אַ זון פון וועכטער גימאַזעטדינאַ פון טיוועד־זינער הויף. טיווערזין האָט פּאַטראָנירט דעם יינגל אין די וואָרשטאַטן. דאָס האָט נאָך אונטערגעוואָרעמט כודאָלעיעווס שנאה צום יינגל.

— וויאַזוי האַלטסט דו די פּייל, דו אַזיאַט — האָט כודאָלעיעוו זיך צעריטשעט — שלעפּנדיק יוסופּקאַן פאַר די האָר און דריקנדיק אים אויפן האַלז. — צי אַזוי־זשע וועסטו מיר אַן אָפּגוס אָפּרייניקן? איך פרעג ביי דיר, וועסטו מיר אַזוי די אַרבעט פאַרשאַלאַמויזן, פאַרפּאַסקודזשען, דו טאַטע־רישע בתולה דו, דו שיקלדיקער אַללאַ־מוללאַ?

— איי, כ׳על ניש מער, פּעטער! אוי — איך וועל נישט מער, איך וועל נישט מער, איי — ס׳טוט וויי!

— מיליאָסן מאָל אים שוין אָנגעזאָגט — קודם זאָלסטו פאַר־שרויפן די מוטערקע, דערנאָך פאַרגווינטעווען, אָבער ער נאָר זיינס און זיינס און זיינס. שיער נישט אַ שפּונד צעבראָכן, דער הינטישער זון.

— איך, שפּינדל, נישט גערירט, פּעטערל, ווי גאָט איז מיר ליב — נישט גערירט.

— פאַרוואָס טיראַניזירסט דו ס׳יינגל — האָט געפרעגט טיווערזין — דורכשטופּנדיק זיך דורכן המון.

— אייגענע הינט בייסן זיך — מישט זיך נישט אַריין קיין פרעמ־דער — האָט אָפּגעהאַקט כודאָלעיעוו.

— איך פרעג דיך, — פאַרוואָס טיראַניזירסט דו ס׳יינגל?

— און איך זאָג צו דיר — גיי דיר מיט גאָט, סאָציאַל־קאָמאַנדיר. אים איז ווינציק צו דערהרגענען, דעם סוואָלאָטש אַזוינעם און אַזעלכן, ער האָט שיער־נישט צעבראָכן אַ שפּינדל. די הענט זאָל ער מיר קושן וואָס ער איז לעבן געבליבן — דער שד, דער שיקלדיקער, — כ׳האָב אים נאָר די אויערן אויסגעריסן און די קודלעס געשלעפּט.

— איז וואָזשע, לויט דיר, האָט מען אים באַדאַרפט — דעם קאָפּ אָפּ־רייסן, — פּעטער כודאָלעי? דו וואָלסט רעכט זיך געשעמט. אַן אַלטער מייסטער, דערלעבט גו״אָ צו־ווערן, נאָר נישט שכל צו קריגן.

— גיי־זיך, גיי־זיך, זאָג איך דיר, כל־זמן ביסט נאָך גאַנץ. איך וועל פון דיר דעם חשק אַרויסטרייבן מיך צו לערנען, דו הינטישע צואה! און דאָס הינטערן סאַמע טאַטנס נאַז! מ׳האָט דיך אויף דער שוועל געמאַכט, דו שטיק פיש־בלוט איינער. איך קען דיין מאַמען דורך און דורך, דעם וויעכעטש, — די געפּלעקטע קעציכע, די קרועה־בלויהניצע!

אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען ווייטער — האָט געדויערט נישט מער ווי נאָר איינאיינציקע מינוט.ביידע האָבן זיי געכאַפּט פון די מאַשין־געשטעלן אַלץ נאָר וואָס איז זיי געקומען אונטער דער האַנט, דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט שווערע מכשירים, אייזערנע שטאַנגען, זיי וואָלטן זיכער איינער דעם צווייטן זיך דערהרגעט ווען דער עולם אַרום מישט זיך גיך נישט אַריין, וואַרפט זיך אויף זיי און צעשיידט זיי. כודאַלעיעוו און טיוועריזין זענען געשטאַנען איינער קעגן צווייטן מיט אָנגעבויגענע קעפּ און זיי האָבן זיך שיער נישט אָנגערירט, בלייכע, מיט בלוט־אָנגעגאָסענע אויגן. פון גרויס כעס האָבן זיי ביידע קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. מען האָט זיי פעסט געהאַלטן, מיט די הענט אויף אַרונטער. אין מינוטן אַרום, אָנגעמענדיק זיך מיט כוח, האָבן זיי געפּרוווט זיך אַרויסרייסן, וואַרפנדיק זיך מיטן גאַנצן גוף און נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך די אַלע חברים וועלכע האָבן זיך נאָכגעהאַנגען. אַלע קנעפּ און העקעלעך פון זייערע מלבושים זענען שוין געווען אַראָפּגעריסן, די קורטקעס און העמדער צעשליסן און אַנטבלויזט די נאַקעטע אָרעמס. דער טומלדיקער האַרמידער אַרום זיי האָט זיך נישט איינגעשטילט.

— דאָס העקל, דאָס העקל נעם ביי אים צו, ער וועט דעם שאַרבן שפּאַלטן!

— פאַמעלעכער, געלאַסענער, פעטערל פּיאָטר, לאָמיר זיי די האַנט אַרונטערדרייען! וואָס ווען מיר זיך צערעמאָניעווען מיט זיי! פאַנאַנדעררייסן זיי, איינזעצן הינטער אַ שלאָס און פאַרטיק אַן עסק!

פּלוצים האָט טיוועריזין מיט אַן אוממענטשלעכן כוח זיך אַ האָסטיקן ריס געטון, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די גאַנצע קופּע מענטשן וואָס זענען געלעגן אויף אים אָנגעלייגט, אַ שפּרונג געטון, און שוין איז ער ביי דער טיר. מען האָט זיך געוואָלט וואַרפן אויף אים פאַנגען, נאָר דערזעענדיק אַז ער האָט נישט מער בדעה פאַרצווזעצן דאָס געשלעג, האָבן זיי אים צורו געלאָזט. ער איז אַרויס, אַ זעץ געטון מיט דער טיר, און אַוועקמאַרשירט פאָרויס, זיך נישט אויסדרייענדיק. עס האָט אים אַרומגענומען די הערבסט־פייכקייט, די נאַכט, די חשכות. — „דו באַמיסט זיך זיי צו טון גוטס און זיי זענען גרייט דיר אַ מעסער אין רוקן צו פאַררוקן״, — האָט ער געמורמלט צו זיך, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואוהין און צו וואָס ער גייט.

די דאָזיקע וועלט פון געמיינקייט און פאַלשקייט, ווו אַן אָנגעפּרעסענע פאַרשווינטע וואָגט אַזוי צו קוקן אויף די אַרבעטער ווי אויף גאַרנישטן; ווו אַ שיכורער קרבן פון דער דאָזיקער אָרדענונג געפינט זיין הנאה אין איזדיעקעווען זיך איבער אַן ענלעכן צו אים, — ער האָט די

דאַזיקע וועלט אַצינד געהאַסט מער ווי ווען עס איז. ער איז געגאַנגען גיך, ווי דאָס איילן זיך פון זיין גאַנג וואָלט געקאָנט צויאָגן די צייט ווען אַלץ אויף דער וועלט וועט זיין לאָגיש און לייטיש — ווי אַצינד אין זיין צעהיצטן קאָפּ. ער האָט געוווּסט אַז זייערע שטרעבונגען פון די לעצטע טעג, די אומאָרדענונגען אויף דער ליניע, די רעדעס אויף די מאַסוווקעס און זייער באַשלוס צו שטרייקן — דאָס אַלץ איז נאָך נישט געוואָרן אויסגעפירט, אָבער דאָס לאָזט זיך שוין אויך נישט צוריקציען, — דאָס זענען אַלץ באַזונדערע חלקים פון דעם גרויסן וועג וואָס שטייט נאָך פאָר. די גערייצטקייט איז ביי אים איצט דערגאַנגען צו אַזאַ שטופּע, אַז ער איז אומגעדולדיק אַריבערגעלאָפן איינס־צוויי דעם גאַנצן שטח, קוים כאַפּנדיק דעם אָטעם. ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וואַהין ער שפּרייזט מיט זיינע ברייטע, האַסטיקע טריט, נאָר די פיס האָבן גאַנץ שיין געוווּסט וואוהין זיי טראָגן אים.

טיוועריזין האָט לאַנג נישט געהאַט געדאַכט אַז נאָך זיין און אַנטי־פּאָווס אַוועקגיין פון ד׳ער זעמליאַנקע, איז אויף דער זיצונג געהאַט באַשלאָסן געוואָרן צוצוטרעטן צום שטרייק שוין אין דאָזיקן אָוונט. די קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן צווישן זיך שוין געהאַט איינגעטיילט ווו ווער עס זאָל גיין און וועמען אַראָפּנעמען. ווען עס האָט זיך פון דעם לאָקאָמאָטיוו־וואַרשטאַט אַרויסגעריסן, פּונקט ווי פון דער טיפעניש פון טיווער־זינס נשמה, — דער הייזעריקער, דערנאָך שוין ריינערער, אויסגעליי־כערטער סיגנאַל — האָבן שוין פון יענער זייט סעמאַפאָר זיך באַוועגט אין ריכטונג פון שטאָט המונים פון דעפּאָ און פון דער לאָסט־סטאַנציע, זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם נייעם געזעמל מענטשן, פון דער קעסל־אָפּ־טיילונג, וועלכע האָבן אויף טיווערזינס סיגנאַל געוואָרפן די אַרבעט.

טיווערזין האָט אַ סך יאָרן געמיינט, אַז דאָס האָט ער דעמאָלט, אין יענער נאַכט, איינער אַליין, אָפּגעשטעלט די אַרבעט און די קאָמוניקאַציע אויף יענעם וועג. נאָר ערשט פון די שפּעטערדיקע פּראָצעסן, ווו מען האָט אים פאַראורטיילט פאַר אַ גרופּן־אַקט, און מ׳האָט אים נישט באַשולדיקט אין אונטערהעצן צום שטרייק — דאָס האָט אים ערשט אַרויסגעפירט פון זיין טעות.

מען איז אַרויסגעלאָפן, געפרעגט — וווהין סיגנאַליזירט מען דאָס דעם עולם? — פון ד׳ער פינצטער האָט מען געענטפערט: — צי זענט איר דען טויב? הערסט דאָך — אַ טרעוואָגע! לעשן אַ שריפה. — אָדער — ווו ברענט דאָס? — מסתמא ברענט דאָך — אַז מען פייפט.

מען האָט פאַרקלאַפּט טירן, עס זענען אַרויסגעגאַנגען נאָך מענטשן. עס האָבן זיך דערהערט אַנדערע שטימען. — וואָס פּלוידערסטו — אַ

שריפה! שטותים! הערט נישט דעם שוטה! דאָס רופט זיך — באַסטאַ! פאַרשטרייקט! — פאַרשטאַנען? גאדיר דעם יאָך און נעם דעם געשפּאַן — כ'בין מער נישט דיין קנעכט. אַליין גיי אין שפּאַן. אַהיים גייט, חברה!

און עס איז אַלץ צוגעקומען נייער עולם. די אייזנבאַן האָט פאַר־שטרייקט.

# 7

טיוועריזין איז אַהיימגעקומען ערשט אויפן דריטן טאָג, אָן אַדורכ־געפרוירענער, נישט־אויסגעשלאָפענער, נישט געגאָלטער. נעכטן ביינאַכט האָט זיך צעשפּילט אַזאַ מין פראָסט וואָס טרעפט זעלטן אין אַזעלכע דאַ־טעס, און טיוועריזין איז נאָך געווען אָנגעטון הארבסט־מעסיק. ביים טויער האָט אים באַגעגנט דער סטרוזש געמאַזעטדין.

— אַ דאַנק, הער טיוועריזין, — האָט ער אָנגעהויבן. — נישט דער־לאָזט יוסופן באַליידיקן. כ'על דערפאַר אייביק צו גאָט אַ שבח אָפּגעבן.

— וואָס ביסטו עפּעס פאַרנאַרישט געוואָרן, גימאַזעטדין, וואָסער הער בין איך דיר, לאָז צורו, ביטע. רעד גיכער, זעסט וואָסער פראָסט?

— פאַרוואָס אַ פראָסט, דיר איז דאָך וואַרעם, סאַוועליטש. מיר האָבן אין נעכטיקן טאָג, דיין מאַמעלען, מאַרפאַ גאַווריליאָוונאַ, פון דער מאָסקווער לאַסט־סטאַנציע, אַ פולן שפּייכלער האָלץ אָנגעפירט, און גאָר בערעזינע, גוט האָלץ, טרוקן האָלץ.

— אַ דאַנק גימאַזעטדין. דו ווילסט דאָך נאָך עפּעס זאָגן, גיכינקער, ביטע, איך בין פאַרפרוירן, פאַרשטייסט?

— יאָ, זאָגן געוואָלט. נעכטיק נישט אינדערהיים, סאַוועליטש, מען דאַרף זיך אויסהיטן. אַ פאָליציאַנט זיך געפרעגט. אויך דער רעוויראַווי האָט זיך שוין געפרעגט. ווער — האָט ער געזאָגט, — קומט דאַ אַהער. איך זאָג אים — קיינער גייט נישט. דער געהילף, זאָג איך, גייט, פון דער לאָקאָמאָטיוו־בריגאַדע גייט מען, פון דער באַן, אָבער אַזוי־ווער, אַ פרעמ־דער — קיינער־איינער!

דאָס הויז אין וועלכן עס האָט געוווינט דער בחור טיוועריזין צו־זאַמען מיט זיין מאַמען און מיטן יונגערן, חתונה־געהאַטן ברודער, האָט געהערט צו דער שכנותדיקער צערקווע „די הייליקע דרייאייניקייט". דאָס הויז איז געווען באַוווינט טיילווייז מיט עטלעכע צערקוועניקעס, מיט צוויי אַרטעלן פון פרוכטהענדלער און פליישהענדלער, וועלכע האָבן געהאַנדלט אין שטאָט ביי שטעלעכלעך און פאַנאַנדערגעטראָגן איבער די שטובן. אָבער

ס'מיינסט איז עס געווען באַוווינט פון קליינע באַן־באַאַמטע פון דער מאָסקווער־בריסקער ליניע.

דאָס הויז איז געווען אַ שטיינערנס און מיט הילצערנע גאַניקעס. זיי האָבן פון פיר זייטן אַרומגערינגלט אַ שמוציקן, גישט־ברוקירטן הויף. פון איבער די גאַניקעס זענען געווען שמוציקע און גליטשיקע הילצערנע שטיגן. עס האָט זיך געשפּירט פון דאָרטן מיט קעץ און געזויערט קרויט. אין הויף זענען געווען קלאָזעטן און שפּייכלערס אויף וועלכע עס האָבן געהאַנגען שלעסלעך.

דער ברודער טיווערזינס איז גערופן געוואָרן אַלס געוויינלעכער זעלנער אויף דער מלחמה און פאַרוואונדעט געוואָרן הינטער וואַסאַנגאַו. ער איז געלעגן אין קראַסנאָיאַרסקער שפּיטאָל. זיין פרוי מיט די צוויי טעכטער זענען אַהינגעפאָרן זיך באַגעגענען מיט אים און אים אָפּנעמען פון שפּיטאָל. אַלע די אָפּשטאַמיקע פון טיווערזינען—באַן־אַנגעשטעלטע, זענען געווען לייכט צום פאָרן, און זיי זענען טאַקע געפאָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד מיט אומזיסטע באַן־לעגיטימאַציעס. היינט־צו טאָג איז אין יענער דירה שטיל און ליידיק. אין איר האָבן געוווינט נאָר דער זון און די מאַמע.

די דירה איז געווען אויפן צווייטן שטאָק. פאַר דער אַריינגאַנגס־טיר, אויפן באַלקאָן, איז געשטאַנען אַ פעסל וואָס אַ וואַסער־טרעגער האָט עס אָנגעפילט. ווען קופּריאַן סאַוועליעוויטש איז אַרויף אויפן שטאָק־שטיג, האָט ער באַמערקט, אַז דאָס דעקל פון פעסל איז אַוועקגערוקט אין אַ זייט און אַז אויף אַ פאַרפרוירן שטיק אייז אין וואַסער, שטייט צוגעפרוירן די אייזערנע שעפּ.

— דאָס איז נישט קיין אַנדערער ווי נאָר פּראָוו — האָט אַ טראַכט געטון טיווערזין שמייכלענדיק, — ער טרינקט, אַזש ער פאַרזויפט זיך, דער קאָכעדיקער בויך.

פּראָוו אַפאַנאַסיעוויטש סאָקאָלאָוו, אַ צערקווע־דינער אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ פיינעם אויסזען, איז געווען אַ ווייטער קרוב פון מאַכנאַ גאַווּרילאָוונאַ.

קופּריאַן סאַוועליעוויטש האָט אָפּגעריסן די שעפּ פון פאַרפרוירע־נעם אייז, צוריק אַרויפגערוקט דאָס דעקל אויפן פעסל און אַ צי געטון ביים הענטל פון טיר־גלעקל. אַ ליב־היימיש מחיהדיקע פאַרע האָט אויף אים אַ ווייע געטון אַקייגן.

— הייס אָנגעהייצט, מאַמינקע. וואַרעם ביי אונז. גוט.

די מאַמע האָט זיך אים געוואָרפן אויפן האַלז, אים אַרומגענומען און זיך פאַנאַנדערגעוויינט. ער האָט זי געגלעט איבערן קאָפּ, נאָך צו־געוואַרט אַביסל און ווייך זיך צוריקגעצויגן פון איר.

— וואָסער דרייסטקייט עס האָט די שטאָט אַרומגעכאַפּט, מאַ־מינקע, — האָט ער שטיל געזאָגט — עס שטייט מיר פאַר אַ וועג פון מאָסקווע ביז וואַרשע.

— איך ווייס. און דעריבער ווייַן איך. עס וועט דיר טרוקן נישט אָפּגיין. דאַרפסט זיך אָפּטראָגן פונדאַנען, קופּרינקאַ, ערגעץ ווייט־אַוועק.

— ער האָט מיר שיער נישט דעם קאָפּ געשפּאָלטן, דער ליבער פרייַנטל אייַערער, דער פאַרליבטער פאַרערער אייַערער, פּיאָטר פּיאָט־ראָוו. — ער האָט געמיינט זי דערמיט צו דערהייטערן, פריילעכער־מאַכן, נאָר זי האָט די הלצה נישט באַנומען און אים ערנסט געענטפערט:

— עס איז אַ זינד פון אים חוזק צו מאַכן, קופּרינקאַ, דו דאַרפסט אויף אים רחמנות האָבן. אַן אומגליקלעך אויסגעשפּילטער, אַ פאַרלוי־רענע נשמה.

— מען האָט פאַרהאַלטן פּאַשקאַ אַנטיפּאָוון, פּאַוועל פעראַפּאָנ־טאָוויטש. געקומען בייַנאַכט, אויף אַ רעוויזיע, אַלץ דורכגענישטערט. פאַרטאָג זיי אַוועקגעפירט. און דערצו נאָך — דאַריאַ, מיט דעם טיפּוס אירן, ליגט אין שפּיטאָל. דער קליינער פּאַוולושקאַ, וואָס לערנט אין דער רעאַל־שולע, איז איינער אַליין אין שטוב מיט דער טויבער מומען. און דערצו טרייַבט מען זיי נאָך פון דער דירה. איך מיין אַז מען דאַרף דאָס יינגל צו אונז אַהערנעמען. צוליב וואָס איז פּראָוו געקומען?

— וויאַזוי ווייסטו דאָס?

— דאָס פּעסל, זע איך, איז נישט צוגעדעקט, און עס שטייט די שעפּ.

— דאָס מוז אוודאי זיכער זייַן — האָב איך מיר געטראַכט, — פּראָוו, וואָס כלאַיעט זיך אַן מיט וואָסער ווי ער וואָלט קיין דנאָ נישט געהאַט.

— ווי דו שטויסט זיך דאָס גלייַך אָן, קופּרינקאַ. אַלץ אמת. פּראָוו, פּראָוו אַפּאַנאַסיעוויטש. ער איז אַהער אַריינגעגעלאָפן, בעטן האָלץ! אָט, עס איז מיר גאָר אינגאַנצן פון זינען אַרויס די נייעס וואָס ער האָט דער־ציילט. דער קיסר, דו פאַרשטייסט, האָט אַ מאַניפעסט אונטערגעשריבן, אַלץ קערט זיך אויפּסניי איבער, קיינעם נישט באַליידיקן, ערד פאַר די פּויערים, אַלעמען אויסגלייַכן מיט די פּריצים. דער באַפעל איז שוין אונטערגעשריבן, וואָס דען מיינסטו, מען דאַרף אים נאָר פּראָקלאַמירן. פון סינאָד איז שוין אָנגעקומען אַ בקשה וועגן אַ נייער תפילה אָפּצוריכטן, אַ מין באַגריסונג אוודאי — לאָמיר נאָר נישט זאָגן קיין ליגן. פּראָוושקאַ האָט דאָס אַלץ דערציילט, און איך האָב דאָס אַלץ אַזוי פאַרגעסן.

# 8

פּאַטוליאַ אַנטיפּאָוו, דער זון פון אַרעסטירטן פּאַוועל פּעראַפּאַנטאָוויטש און דאַריאַ פילימאָנאָוונאַ וועלכע ליגט אין שפּיטאָל, — האָט זיך באַזעצט ביי די טיווערזינס. דאָס איז געווען אַ זויבער יינגל, מיט גאָרמאַלע געזיכטס־שטריכן און מיט קאַשטאַן־האָר צעקעמט און אַ גלייכן שרינט. ער האָט יעדע ווײַלע צוגעגלעט מיט אַ בערשטל זיינע האָר און איינגעצויגן זיין רימען מיטן שנאָל פון דער רעאַל־שולע. פּאַטוליאַ האָט געקאָנט לאַכן ביז טרערן, און געקאָנט גוט אָבסערווירן און נאָכמאַכן, מיט קאָמיזם אימיטירן און קאָפּירן אַלץ נאָר וואָס ער האָט געזעען און געהערט.

גיך, נאָך דעם מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער, איז פאַרטראַכט געוואָרן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון דער טווערסקער ראַגאַטקע ביז דער קאַלוגער. זי איז געוואָרן צוגעגרייט אויף אַזאַ אופן, אַז עס האָט זיך געפּאַסט דאָס ווערטל: „ביי זיבן ניאַנקעס — טוט אויפן קינד קיינער נישט אַכטונג". די עטלעכע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן זיך געגרייט דערצו, האָבן זיך אַרומגעריסן צווישן זיך, זיך צוריקגעצויגן, אָבער ווען זיי זענען געוואָר געוואָרן יענעם פרימאָרגן אַז די מאַסן זענען אַליין אַרויס אויף די גאַסן, האָבן זיי אויף גיך געשיקט זייערע פאַרשטייער צו די מאַניפעסטאַנטן.

נישט געקוקט דערויף וואָס קופּריאַן האָט זי שטאַרק אָפּגערעדט און געפּרוווט ווירקן אויף איר, איז מאַרפאַ גאַווריליאָוונאַ דאָך געגאַנגען אויף דער דעמאָנסטראַציע — צוזאַמען מיט דעם לוסטיקן חברהמאַן פּאַטוליאַ.

עס איז געווען אַ טרוקן, פראָסטיקער טאָג אָנהויב נאָוועמבער, מיט אַ גראָ־בלייענעם רויקן הימל, און מיט שיטערע, קוים־געציילטע שניייעלעך, וועלכע האָבן לאַנג, שיעף, זיך געהוידעט אײדער זיי זענען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד, און דערנאָך ווי אַ גראָ־פּוכיקער שטויב, פאַרזונקען צווישן די לעכער און שטיינער אויף די וועגן.

אַראָפּ־צו אויף די גאַסן האָט זיך געשאָטן דער המון, אַ מאָדנער, אויסטערלישער, ממש ווי ביים מגדל בבל, — פּנימער, פּנימער און ווידער פּנימער. ווינטערדיקע וואַטע־פּאַלטנס און באַראַנקאָווע היטלען, זקנים, קורסיסטקעס, קינדער, באַן־אַרבעטער אין די מונדירן, טראַמוויי־אַרבעטער, טעלעפאָניסטן אין זייערע הויכע שטיוול ביז איבער די קני און אין לעדערנע קורטקעס, גימנאַזיסטן, סטודענטן.

אַ שטיקל צייט האָט מען געזונגען די „וואַרשאַוויאַנקאַ", „איר זענט קרבנות געפאַלן", די „מאַרסיליעזע". נאָר פּלוצים האָט איינער וואָס איז געגאַנגען פאַרויס פאַרן צוג, אויסגעדרייט, מיטן פּנים צו די

מאַרשירנדיקע, און מיט זיין קובאַנקע־היטל אין האַנט דיריגירט מיטן עולם ס׳געזאַנג — אַנגעטון דאָס היטל און אויפגעהערט פאַרזינגען. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צו דער פּראָצעסיע. געגומען זיך צוהערן וועגן וואָס עס רעדן די אַנדערע צוג־אָרדנער וואָס גייען נישט־ווייט פון אים. דאָס געזאַנג האָט זיך איבערגעהאַקט. עס האָבן זיך דער־הערט סקריפּנדיקע טריט פון אַ גוואַלדיקן המון איבער דעם געפרוירענעם בריק.

גוט־ווינטשנדיקע מענטשן האָבן מיטגעטיילט די איניציאַטאָרן פון מאַסן־צוג, אַז קאָזאַקן לויערן אויף די דעמאָנסטראַנטן. וועגן דער צוגע־גרייטער לויערונג האָט ווער אפילו טעלעפאָניש צוויסן געגעבן אין דער גאָנטסטער אָפּטייק.

— איז וואָזשע, — האָבן געזאָגט די אָנפירער. — דאָן איז דער עיקר — קאַלטבלוטיקייט, נישט־פאַרלירן זיך. מען דאַרף אומבאַדינגט פאַרנעמען די ערשטע־בעסטע נישט־פּריוואַטע געביידע, און פון דאָרט מיטטיילן דעם עולם וועגן דער דראָענדיקער געפאַר, און אַז מען זאָל זיך איינציקווייז פאַנאַנדערגיין.

מען האָט זיך געשפּאַרט ווו עס וועט זיין צום בעסטן. אייניקע האָבן פאָרגעלייגט אין דער געזעלשאַפט פון די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אַנדערע האָבן געהאַלטן — אַז אין דער טעכנישער הויכשול, און די ווידער — אין דער שולע פאַר אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן.

בעת דער דאָזיקער אָמפּערגיש האָט זיך דערוויל שוין דערזען פונווייטנס אַ ווינקל פון אַ מלוכהשער געביידע. אין דאָזיקן בנין איז געווען אַ לערן־אַנשטאַלט, וואָס האָט זיך אויך גוט געפּאַסט פאַר אַן אַנטרינונגס־אָרט, נישט ערגער פון די פריער דערמאָנטע. ווען די מאַרשירנדיקע זענען דערגאַנגען צו דער דאָזיקער געביידע, האָבן די פירער זיך אויפ־געהויבן אויף דעם האַלב־קיילעכיקן אַריינגערוקטן אַריינפאַר־פּלאַץ, און געגעבן צייכנס צום שפּיץ פון דער מאַרש־קאָלאָנע אָפּצושטעלן די פּראָ־צעסיע. די פיל־פליגלדיקע טירן ביים אַריינגאַנג האָבן זיך צעעפנט, און דער גאַנצער צוג, אין פולן צוזאַמענשטעל, שובע נאָך שובע, היטל נאָך היטל, האָבן זיך גענומען צונויפמישן אין דער שולע־וועסטיבול און דערנאָך אַרויף איבער די פּאַראַד־שטיגן.

אין צערעמאָניאַל־זאַל! אין צערעמאָניאַל־זאַל! האָבן געשריגן פון הינטן איינצלנע שטימען, נאָר דער המון האָט כסדר געשטראָמט אַלץ ווייטער און אַריינגעדרונגען אַלץ טיפער אין די אַלערליי קאָרידאָרן און קלאַסן.

ווען עס האָט זיך שוין ווי־עס־איז איינגעגעבן אָפּצוהאַלטן דעם

מאַרשירנדיקן עולם, און אַלע אינעווייניק האָבן זיך צעזעצט אויף שטולן, האָבן די אָנפירער אייניקע מאָל געפּרוווט מעלדן צו די פּאַרזאַמלטע אינ־דרויסן, אַז פון פּאַרנט דאָרט זענען פּאַנאַנדערגעשטעלט לויער־נעסטן! — נאָר קיינער האָט זיי נישט געהערט. דאָס אָפּשטעלן און איבערגיין אין אַ פּאַרמאַכטער געביידע, איז פאַרשטאַנען געוואָרן ווי אַ אימפּראָוויזירטער מיטינג, וועלכער האָט זיך טאַקע גלייך אָנגעהויבן.

די מענטשן דאָ, נאָכן לאַנגן מאַרשירן מיט געזאַנג, האָט זיך גע־וואָלט שוין זיצן אַביסל שווייגנדיק, און אַצינד זאָל שוין ווער אַן אַנדערער זיך לאָזן הערן און רייסן זיך דעם גאָרגל. אין פאַרגלייך מיט דעם עיקר־פאַרגעניגן פון אָפּרו, איז שוין געווען אַ קנאַפּע נפקא־מינה, די קליינע מיינונגס־פאַרשידנקייטן פון די רעדנער, וועלכע זענען כמעט אין אַלעם צווישן זיך סאָלידאַריש.

דעריבער האָט דווקא דעם גרעסטן דערפאָלג געהאַט דער ערגסטער אָראַטאָר, ווייל ער האָט נישט מיד געמאַכט די צוהערער. יעדעס איינע וואָרט זיינס איז באַגלייט געוואָרן מיט אויסגעשרייען פון איינשטימיקייט. קיינער האָט נישט באַדויערט וואָס זיין רעדע ווערט פאַרטויבט פון די הסכמה־אויסרופן. מען האָט זיך געאיילט מיט אים מסכים צו זיין. מחמת אומגעדולדיקייט, טייל האָבן געשריגן — „אַ שאַנדע!", מען האָט צו־נויפגעשטעלט אַ פּראָטעסט־דעפּעשע, און ראַפּטעם, ווען עס האָט שוין צופיל דערקוטשעט זיין איינטאָניקע שטימע, האָבן זיך אַלע, ווי איינער, אויפגעהויבן פון די ערטער — לגמרי פאַרגעסנדיק אינעם אָראַטאָר, האָבן זיי — היטל נאָך היטל, ריי נאָך ריי, אין דער קופּע, זיך געלאָזט גיין אויף די שטיגן־אַראָפּ און זיך אַרויסגעשיט אויף דער גאַס. די דעמאָנסטראַציע איז געוואָרן פאַרגעזעצט.

בעתן מיטינג איז דערווייל אָנגעפאַלן אַ שניי. דער ברוק איז ווייס געוואָרן. דער שניי איז געפאַלן אַלץ געדיכטער.

ווען די דראַגונער זענען אין גאַלאָפּ אָנגעריטן, האָבן די אונ־טערשטע רייען אין דער ערשטער מינוט גאָרנישט חושד געווען. ראַפּטעם האָט פון פאָרנט זיך דערטראָגן אַ כסדר אַלץ־וואַקסנדיקער טומל־אויפ־גערודיש, ווי אַ ריזן־המון וואָלט אויסגערופן „הורא!" און געשרייען „קאַ־ראַול!", „דערהרגעט!" און די פאַרשידנסטע אַנדערע אויסגעשרייען, האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַן אומפאַרשטענדלעכן פּלאָנטער. כמעט אינדער־זעלבער מינוט, האָבן — אויף די כוואַליעס פון די דאָזיקע קלאַנגען, אין שמאָלן אַדורכגאַנג וואָס האָט זיך געבילדעט פון דעם אינדערזייט אַנטלויפנ־דיקן המון, זיך דורכגעטראָגן מיט אימפּעט און גערוישלאָז די פערדישע מאָרדעס און גריוועס, מיט זייערע רייטער וואָס האָבן געפּאַכעט מיט די

שווערדן. אַ האַלבער פּלוטאָן קאָזאַקן, זיך אויסדרייענדיק, האָט זיך איבער־גרופּירט און זיך אַריינגעשניטן הינטערווילעכטס אין עק פון דער פּראָ־צעסיע. עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסאַקרע.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז שוין די גאַס געווען כמעט ליידיק. די מענטשן זענען זיך פאַנאַנדערגעלאָפן איבער די געסלעך. דער שניי איז שוין געפאַלן שיטערער. דער פאַרנאַכט איז געווען אַ טרוקענער, ווי אַ קויל־צייכענונג, די זון וואָס האָט זיך שוין געזעצט ערגעץ דאָרט צווישן די הייזער, האָט פּלוצים גענומען פון אַ ווינקל־אַרויס טייטלען ווי מיט אַ פינגער אין אַלעם רויטן וואָס אויף דער גאַס; אין די רויטע איבערשלאָקן פון די קאָזאַקישע פּאַפּאַכעס, אין די לייוונטן פון די געפאַלענע רויטע פענער, אין די בלוט־סימנים וועלכע האָבן זיך געשנירלט דורכן שניי מיט רויטע פעדעם און פינטעלעך.

ביים ברעג פון ברוק איז געקראָכן, ציענדיק זיך אויף די הענט, אַ קרעכצנדיקער מענטש מיט אַ געשפּאָלטענעם שאַרבן. נידעריקער זענען געריטן טריטווייז, אין מושטירטער ריי, עטלעכע רייטער. זיי זענען צוריק־געפאָרן פון דער ענדע־זייט גאַס, וואוהין עס האָט זיי פאַרשלעפּט דאָס פאַרפאָלגן די מאַרשירנדיקע. כמעט אונטער זייערע פיס האָט זיך גע־בלאָנקעט מאַרפאַ גאַווריליאָוונאַ מיט אַ צעפלויגן טיכל אויפן שפּיץ קאָפּ און נישט מיט איר שטימע געשריגן אויף דער גאַנצער גאַס:

פּאַשאַ! פּאַטוליאַ!

ער איז די גאַנצע צייט געהאַט געגאַנגען צוזאַמען מיט איר און זי פאַרווײַלט, נאָכמאַכנדיק, מיט גרויס קונסט, דעם לעצטן רעדנער, נאָר פּלוצים איז ער איר פאַרפאַלן געוואָרן אין דער סומאַטאָכע, ווען עס זענען אָנגעריטן די דראַגונערס. בעת דעם געדראַנג און צעטרעטערײַ האָט זי אַליין אויך אַריינגעכאַפּט איבער דער פּלייצע מיט אַ נאַהייקע. כאָטש איר טיזליק איז גוט אונטערגעבעט מיט וואַטע, האָט זי דאָך דערפילט אַ ווייטיק פון דעם זעץ און זי האָט גוט אויסגעזידלט די דראַגונער, דראָענ־דיק זיי מיט אַ פויסט. מער האָט איר ווי געטון דאָס, וואָס זיי האָבן זיך דערוועגט, אין אָנבליק פון ערלעכן נאַראָד, איר צו דערלאַנגען אַ שמיץ מיט דער נאַהייקע — אַזאַ אַלטיטשקער ווי זי.

מאַרפאַ גאַווריליאָוונאַ האָט געוואָרפן אויפגערעגטע בליקן אויף ביידע זייטן ברוק. צום גליק האָט זי ראַפּטעם דערזעען ס׳יינגל אויפן קייגנאיבערדיקן טראָטואַר. דאָרטן, טיף אַריינגערוקט, צווישן אַ קאָלאָניאַל־געוועלב און אַרויסגערוקטן שטיינערנעם פּאַלאַצל, האָט זיך געשטופּט אַ געזעמל צופעליקע גאַפערס.

דאָ אַהער האָט זיי אַריינגעיאָגט, מיט די באָקעס און מיטן הינטן

פון פערד, אַ דראַגונער וואָס האָט אַרויפגעריטן אויפן טראָטואַר. אים האָט פאַרוויילט זייער שרעק, האָט ער זיי פאַרשטעלט דעם ארויסגאַנג, און פאַר זייער נאָז מאַנעווירט קונציק מיטן פערד און אויסגעטאַנצט מינועטן און פירועטן, געריטן הינטערוויילעכטס און פאַמעלעכקע, ווי אין אַ צירק, שטעלנדיק זיך אויף די הינטערשטע פיס. אָבער אָט האָט ער דערזעען צוריקרייטנדיק זיינע חברים, האָט ער אַ דערלאַנג־געטון מיט די שפּאָרן אין פערד און מיט צוויי־דריי שפרונג גלייך פאַרנומען אַן אָרט אין זייער ריי.

דער עולם, צונויפגעשפּאַרט אין דאָזיקן פאַרקוועטשטן ווינקל, האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט. פאַשאַ, מורא־האָבנדיק פריער צו עפענען דאָס מויל, האָט זיך אַ וואָרף־געטון צו דער באָבושקע.

זיי זענען געגאַנגען אַהיים. מאַרפאַ גאַווריליאָוונאַ האָט די גאַנצע צייט געוואָרטשעט: — טויטשלעגער פאַרשאָלטענע! מערדער פאַראַכטעטע! פאַר די מענטשן איז אַ פרייד, דער צאַר האָט פרייהייט געגעבן, און די דאָזיקע פאַרליידן דאָס נישט. אַ־ס'זאָל־זיי אַ מיגל אָנגיין! אַ יעדעס וואָרט זאָל זיך זיי אין די גאָרגלען פאַפעריק שטעלן!

זי איז אַצינד בייז געווען אויף די דראַגונער, אויף דער גאַנצער וועלט אַרום, און אין דער מינוט, — אפילו אויך אויף איר אייגן־געבוי־רענעם זון. אין מאַמעגטן פון כעס און צאָרן האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז אַלץ וואָס עס געשעט איצט, געהערט צו די שטיק פון די קופּרינקישע פאַרפּלאָנטערער, וועלכע זי האָט גערופן — שלימזלניקעס און צעחושטע.

— עקדישן גיפטיקע! וואָס דאַרפן זיי דען, די פאַגאַנעס. אַז זיי האָבן נישט קיין שום באַגריף! אַז נאָר זידלערייען און שטותערייען. און דער־אָ דאָרטן, דער ועדע־פלאַפּלער, וויאַזוי דו אים, פאַשענקאַ? וויז, ליבינקער, באַוויז. אוי, איך קראַפּיר, איך שטאַרב אַוועק! מאַכסט אים נאָך אַקוראַט און אָפּגעטאָקט, קיין הערעלע נישט דינער, קיין שפּרינקעלע נישט מינער, — טרו־רו רו־רו־רו! אַך דו, דו פלאָפּלער, דו פערדסקאָפּ איינער!

אינדערהיים האָט זי זיך אַרויפגעוואָרפן מיט פאַרווורפן מאַכן דעם זון, — אַז זי איז דיר שוין נישט אין אַזוינע יאָרן, אַז דער באָלוואַן מיט אַ ווילדער טשופּרינע זאָל איר פון אַ פערד־אַרונטער דערלאַנגען מיט אַ בייטש איבערן געזעס.

— נו, באמת, גאָטעניו, וואָס פאַלט אייך איין, מאַמינקע? ווי איך וואָלט דאָס אינדעראמתן געווען אַ קאָזאַקישער סאָטניק, אָדער עפּעס אַ שייך פון די זשאַנדאַרן!

# 9

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז געשטאַנען בײַם פֿענצטער בעת עס האָבן זיך באַוויזן די אַנטלויפֿנדע. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז פֿון דער דעמאָנסטראַציע, אַ געוויסע צײַט האָט ער זיך אײַנגעקוקט אײַנ־דערוויַט, צי ער וועט נישט דערזען צווישן די פֿאַנאַנדערגײיענדיקע אויך יורין אָדער נאָך וועמען אַנדערש. דאָך האָבן זיך קיין באַקאַנטע נישט געזען, נאָר אײנמאָל האָט זיך אים אויסגעדאַכט אַז עס איז גיך אַדורכ־געגאַנגען אָט־דער (ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט פֿאַרגעסן זײַן נאָמען), דער זון פֿון דודאָראָוון, דער בראַווער ריזיקאַנט, בײַ וועמען מען האָט ערשט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעשלעפּט אַ קויל פֿון לינקן אַקסל, און אָט שלענדערט ער זיך שוין ווידער אַרום ווו מען דאַרף נישט.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז געקומען אַהערצופֿאָרן אין הערבסט, פֿון פּעטערבורג. אין מאָסקווע האָט ער נישט געהאַט קיין אייגן ווינקל זײַנס, אין קיין האָטעל האָט זיך אים נישט געוואָלט. ער איז אײַנגעשטאַנען בײַ די סווענטיצקיס, זײַנע ווײַטע קרובים. זיי האָבן אים אָפּגעגעבן זייער ווינקל־קאַבינעט, אינדערהייך, אין דער אַנטרעסאָל. די דאָזיקע צוויי־שטאָ־קיקע אָפּיצינע איז געווען צו־גרויס פֿאַר דעם קינדערלאָזן פּאָרל סווענ־טיצקי. זי איז נאָך געוואָרן דורך זיי אָפּגעדונגען גאָר אַמאָל, בײַ די פֿירשטין דאָלגאָרוקי — אַ ליכטיקע רו אויף זיי. די גיטער פֿון די דאָלגאָרוקיס, מיט דריי הייף, אַ סאָד, און די מערערע אין אומאָרדענונג־צעשטעלטע פֿאַרשידן־סטיליקע געביידעס, האָבן זיך געגרענעצט מיט דריי געסלעך, און זיך גערופֿן ווי פֿון העט־אַמאָל — מוטשנוי גאָראָדאָק.

נישט געקוקט אויף די פֿיר פֿענצטער, איז דער קאַבינעט געווען אַביסל טונקלדיק. ער איז געווען אָנגעשטעלט מיט ביכער, פּאַפּירן, טעפּיכער און גראַוויורן. בײַם קאַבינעט פֿונדרויסן איז געווען אַ באַלקאָן, וועלכער האָט אין אַ האַלבן קרייז אַרומגעגאַרטלט דעם ראָג פֿון דאָזיקן בנין. די טאָפּלטע גלאָז־טיר צום באַלקאָן איז אויף ווינטער געווען טויב־פֿאַרהעמערט. דורך די צוויי קאַבינעט־פֿענצטער און באַלקאָן־טיר־שויבן האָט מען געזען די גאַנצע לענג פֿונעם געסל, וואָס פֿירט ווײַטער צו אַ ווײַטן שליטן־וועג, די קרום־צעשטעלטע הײַזלעך, די קרומע פּלויטן.

פֿון סאָד האָבן זיך געצויגן צום קאַבינעט ליליען־שאָטנס. די ביימער האָבן אַרײַנגעקוקט אין שטוב אַרײַן אַזוי, ווי זיי וואָלטן כאָטש געוואָלט זיך אָוועקלייגן אויפֿן דיל. זייערע צווייגן מיט די שווערע אייז־צעפּלעך, ענלעכע צו ליכטלעך פֿון פֿאַרגליווערטן סטעאַרין.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך אײַנגעקוקט אין געסל און זיך

דערמאָנט דעם פּאַראַ'אָריקן פּעטערבורגער ווינטער, גאַפּאָנען, גאָרקין, דער באַזוך פון וויטע, די היינטצייטיקע מאָדערנע שרייבער. ער איז אַנטלאָפן פון יענעם האַרמידער דאָ אַהער, אין דער שטילער, געמיטלעכער הויפּטשטאָט, כדי דאָ אָנצושרייבן דאָס בוך וואָס ער האָט פאַרטראַכט. אָבער ווי! ער איז אַריינגעפאַלן — פון פייער — אין פּעך אַריין. יעדן טאָג לעקציעס און פאָרטראָגן, מען לאָזט נישט קומען צו־זיך. דאָ אין דער העכערער פרויען־שול, דאָ אין דער רעליגיעז־פילאָזאָפישן אינסטיטוט, דאָ פאַרן רויטן קרייץ. דאָ פאַרן פאָנד פון שטרייק־קאָמיטעט. מען דאַרף זיך אָפּטראָגן אין דער שווייץ, אין אַ העק פון אַ וואַלד־קאַנטאָן. פרידן און ליכטיקייט איבער דער אָזיערע, הימל און בערג, און אַ מאָלדאַווישע, עכאָדיקע, אין־זיך־איינהערנדיקע לופט.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך אָפּגעקערט פונעם פענצטער. עס האָט אים אַ צי־געטון צו־ווענען צוגאָסט, אָדער פּשוט זיך איבערגיין אין גאַס. אָבער אָט האָט ער זיך דערמאָנט אַז עס דאַרף קומען צו אים, וועגן אַן ענין, דער טאָלסטאָיאַנער וויוואָלאָטשנאָוו, און ער טאָר נישט אַוועק. האָט גענומען גיין הינאונצוריק איבערן צימער. זיינע געדאַנקען זענען איצט געווענדעט צום פּלימעניק זיינעם.

ווען ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז אַריבערגעפאָרן פון יענעם פאַרוואָרפענעם העק אין וואָלגע־געגנט קיין פּעטערבורג, האָט ער געבראַכט יורין קיין מאָסקווע און אים אַריינגעפירט אין משפּחהדיקן קרייז פון די ווערעניאַפּינס, אָסטראָמיסלענסקי, סעליאַווין, מיכאַעליסאָוו, סווענטיצקי און גראָמעקאָ. תחילת האָט מען אים איינגעהויזט ביי דעם שליאַכעוואַטן פּלוידערזאַק אָסטראָמיסלענסקי, וועמען די קרובים האָבן „טיטולירט" — פּשוט — פעדקאָ. פעדקאַ האָט אין געהיים אונטערגעלעבט מיט זיין אַדאָפּטירטער מאָטיאַ, און דעריבער האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ צעשטערער פון אַנגענומענע אָנשויאונגען, אַ קעמפער פאַר אַן אידיי. ער האָט אָבער געמיסברויכט מיט דעם געשענקטן אים צוטרוי און אפילו אין געלט־ענינים נישט געהאַט קיין ריינע הענט, אויסברענגענדיק אויף זיך געלטער, וועלכע זענען געווען באַשטימט אויף יוריס אויסהאַלט. מען האָט יורין אַריבערגעפירט אין דער פּראָפעסאָרן־פאַמיליע גראָמעקאָ, ווו ער געפינט זיך דאָרט טאַקע ביזן היינטיקן טאָג.

ביי גראָמעקאָן האָט יורי אַרומגערינגלט אַ ליב־אָנגענעמע אַטמאָספערע.

— ביי זיי איז דאָרט אַזאַ מין טריומווירעט, — האָט געטראַכט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש: יוראַ, זיין חבר און איינקלאַסניק דער גימנאַזיסט גאָרדאָן און די טאָכטער פון די באַלעבאַטים טאָניאַ גראָמעקאָ. דער דאָזי־

קער דרייבונד האָט זיך אָנגעליינט מיט „דער זין פון ליבע" און „קרייצער־סאָנאַטע" און זענען געוואָרן חסר־דעה אויפן פונקט פון פריידיקן צניעות. די יוגנטלעכקייט דאַרף דורכגיין דורך אַלע שגעונישע ריינקייטן, נאָר זיי זאָלצן שוין צופיל איבער, זיי פאַרבייטן פאַרנונפט מיט קלוגשאַפט.

זיי זענען אויסטערלישע טשודאַקעס און קינדער. דאָס געביט פון געפיל וואָס רייסט זיי אַזוי מיט, רופן זיי דווקא אָן „וולגאַריטעטן", באַנוצנדיק דאָס דאָזיקע וואָרט ווו מען דאַרף און ווו מען דאַרף נישט.

אַ זייער אומגעלונגענער וואָרט־צוקלייב! „וולגאַריטעט" — איז ביי זיי סיי די שטים פון אינסטינקט, סיי פאָרנאָגראַפישע ליטעראַטור, סיי דאָס עקספּלאָאַטירן פרויען, און שיער נישט די גאַנצע פיזישע וועלט. זיי ווערן רויט און בלאָס ווען זיי דערמאָנען דאָס דאָזיקע וואָרט!

ווען איך וואָלט געווען אין מאָסקווע, — האָט געטראַכט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, — וואָלט איך אים נישט געלאָזט אַזוי ווייט אַוועק. שעמעוודיקייט איז נייטיק, אָבער אין געוויסע גרענעצן... — אַ, ניל פעאָקיסטאָוויטש! ליב אונזער גאַסט! — האָט ער אויסגערופן און אָקעגנגעגאַנגען דעם גאַסט.

# 10

אין צימער איז אַריין אַ דיקער מאַנצביל אין אַ גראָער רובאַשקע, פאַרצויגן מיט אַ ברייטן רימען. ער איז געווען אין וואַליק־שטיוול און אין אָנגעבלאָזענע הויזן איבער די קני. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גוטמוטיקן מענטש וועלכער שוועבט אין די וואָלקנס. אויף זיין נאָז זענען כעס׳יק אונטערגעשפּרונגען די פענסנע־ברילן אויף אַ ברייטער טאַשמע.

אַראָפּגעצויגן אין קאָרידאָר די אויבער־מלבושים און די זאַך נישט דערפירט ביזן סוף. ער האָט נישט אַראָפּגענומען דעם שאַליק, וועלכנס עק האָט זיך נאָכגעשלעפּט אויפן דיל, און אין זיינע הענט איז פאַרבליבן דער קיילעכדיקער פילצענער קאַפּעליוש. די דאָזיקע חפצים האָבן קרעמפּירט זיינע באַוועגונגען, און נישט נאָר וואָס זיי האָבן געשטערט וויוואָלאָטשנאָוון צו דריקן די האַנט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן, נאָר אפילו פּשוט צו באַגריסן זיך מיט אים מיט עטלעכע ווערטער.

— ע, — ממ — האָט ער צעשטרייט געמרוטשעט, אומקוקנדיק זיך איבער די ווינקלען.

— נו, לייגט ווי איר ווילט, — האָט געזאָגט ניקאָלאַי ניקאָלאַיע־

וויטש, — אַזויאַרום צוריקגעקערט וויוואָלאָטשנאָוועז די זעלבסטבאַהערשונג און די רייד־פעיִקייט.

דאָס איז געווען איינער פון יענע נאָכפאָלגער פון לעוו ניקאָלאַיע־וויטש טאָלסטאָי, וואָס די רעיונות פון זשעני — וועלכער האָט קיינמאָל קיין מנוחה נישט געהאַט — האָבן אין זייערע מוחות געפונען לויטערע און דויערנדיקע רו, אָבער אומפאַרבעסערלעך אַלעמאָל קלענער געוואָרן.

וויוואָלאָטשנאָוו איז געקומען בעטן ניקאָלאַיעוויטשן אַרויסצוטרעטן מיט אַ רעפעראַט עפּעס ערגעץ אין אַ שולע, לטובת די פּאָליטישע פאַר־שיקטע.

— איך האָב שוין איינמאָל דאָרטן פאָרגעטראָגן.

לטובת די פּאָליטישע?

— יאָ.

— וועט אויסקומען נאָכאַמאָל.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך אַביסל פאַרעקשנט, און איינ־געשטימט.

די סיבה פון באַזוך איז אויסגעשעפּט. ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט נישט פאַרהאַלטן ניל פעאָקיסטאָוויטשן. ער האָט זיך געקאָנט אויפהייבן און אַוועקגיין. נאָר וויוואָלאָטשנאָוו האָט עס אויסגעזען נישט גענוג פּאַסיק אַוועקצוגיין אַזוי גיך. צום אַוועקגיין האָט מען באַדאַרפט זאָגן עפּעס הייטערס, עפּעס אומגעצוווּנגענס. עס האָט זיך פאַרבונדן אַ שמועס, אַן אַנגע־צויגענער און אומאָנגענעמער.

— איר דעקאַדענטעוועט? זיך אַריינגעלאָזט אין מיסטיק?

— פאַרוואָס דאָס עפּעס אַזוינס?

— דער מענטש איז פאַרפאַלן. איר געדענקט די זעמסטוואָ?

— ווי־דען־זשע. צוזאַמען געווען טעטיק ביי די וואַלן.

— פאַר דאָרפישע שקאָלעס געקעמפט, און פאַר לערער־סעמינאַרן. איר געדענקט?

— ווי־דען? הייסע שטרייטן געווען. איר זענט דערנאָך, דאַכט זיך, געווען טעטיק ביים פאָלקס־געזונט, און צוליב דעם געוואָרן דורך אַלעמען פאַראַכטעט. נישט ריכטיק, האַ?

— אַ געוויסע צייט.

— נו־יאָ, און איצט די פאַונען[1], און די עפעבן[2], און „מירן זיין ווי די זון". כאָטש דערהרגעט מיך און איך וועל נישט

1. פאַון — אַ רוימיש וואַלד־געטשל מיט הערנער און פיס פון אַ באָק.

2. עפעב — אין אַלט גריכנלאַנד, אַ צייטיק־ווערנדיקער יונגער בחור.

גלויבן, אַז אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד, און מיט געפיל פאַר הומאָר און מיט אַזאַ קענען דאָס פאָלק... לאָזט צורו, ביטע... און אפשר, קאָן זיין, איך רייס זיך אַריין... אין די גרעניצן פון סוד?

— פאַרוואָס וואַרפן ווערטער סתם, נישט־טראַכטנדיק? וועגן וואָס שפּאָרן מיר זיך דען? איר קענט נישט מיינע רעיונות.

— רוסלאַנד נוויטיקט זיך אין שקאָלעס און אין שפּיטעלער און נישט אין קיין פאָנען און עפּעבענס. — קיינער שפּאָרט זיך נישט.

— דער פּויער איז נאַקעט און געשווילט פון הונגער...

אָט מיט אַזעלכע שפּרונגענישן איז פאַרגעקומען דער שמועס. וויסנ־דיק אויף פאַרויס די אומגעלומפּערטקייט פון אַזעלכע פּרוון, האָט ניקאָ־לאַי ניקאָלאַיעוויטש גענומען אויפקלערן, אַז ער איז נאָנט מיט געוויסע שרייבער פון דער סימבאָליסטן־ריכטונג, און דערנאָך איז ער אַריבער צו טאָלסטאָיען.

— ביז צו אַ געוויסער גרענעץ בין איך מיט אייך. נאָר לעוו ניקאָ־לאַיעוויטש זאָגט דאָך, אַז וואָס מער דער מענטש בוקט זיך צו שיינקייט, אַלץ מער דערווייטערט ער זיך פון גוטס.

— און איר דענקט אַז עס איז פאַרקערט? די וועלט וועט אויסגע־לייזט ווערן דורך שיינקייט, מיסטעריע און דעסגלייכן, ראָזאַנאָוו און דאָס־טאָיעווסקי?

— וואַרט־צו, איך וועל אַליין זאָגן וואָס איך טראַכט. איך טראַכט, אַז ווען מען זאָל קאָנען די דרימלענדיקע חיה אינעם מענטש אָפּשטעלן דורך דראָונגען, אַלצאיינס צי דורך פייניקונגס־קעלערן, צי דורך ענויים אויף יענער וועלט, וואָלט דער העכסטער מענטשלעכער עמבלעם געווען — דער צירק־דרעסירער מיט דער בייטש, און נישט דער מסירת־נפשדיקער פּריידיקער. און אָט אין דעם באַשטייט עס טאַקע וואָס הונדערטער יאָרן האָבן דערהויבן דעם מענטש איבער דער חיה, אים געהויבן נאָך העכער — נישט דער שטעקן, נאָר די מוזיק: די אומאיבערטרעפלעכקייט פון אומבאַ־וואָפנטן אמת, די צוציונגסקראַפט פון איר מוסטערהאַפטיקייט. ביז איצט האָט מען געמיינט אַז דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין דער עוואַנגעליע, זענען די מאָראַלישע סענטענצן און געזעצן וועלכע זענען איינגעשלאָסן אין די געבאָטן; אָבער פאַר מיר איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע דאָס, וואָס כריסטוס רעדט אַלעגאָריש וועגן שטייגערלעבן, דערקלערנדיק דער וועלט די אמתן פון דער אַלטעגלעכקייט. אין יסוד דערפון ליגט דער געדאַנק, אַז דאָס צוזאַמענלעבן צווישן די שטערבלעכע איז אומשטערבלעך, און אַז דאָס לעבן איז סימבאָליש דערפאַר, ווייל עס איז וועזנטלעך.

— גאַרנישט פאַרשטאַנען. אַמער וואָלט איר וועגן דעם אַ בוך אָנ־געשריבן.

ווען וויוואָלאַטשנאָוו איז אַוועק, האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש בעהערשט אַ שרעקלעכע צעררייצטקייט. ער איז געווען בייז אויף זיך הלמאי ער האָט אויסגעפּלוידערט פאַר דעם דאָזיקן באַלוואַן וויוואָלאַטשנאָוו אַ טייל פון זיינע אינטימסטע רעיונות, נישט מאַכנדיק דאָביי אויף יענעם דעם מינדסטן איינדרוק. און ווי עס פּאַסירט אָפט, האָט דער פאַרדראָס ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשעס פּלוצים באַקומען גאָר אַ גאַנץ אַנדערע ווענדונג. ער האָט לגמרי פאַרגעסן אין וויוואָלאַטשנאָוון, ווי ער וואָלט דאָ בכלל נישט געווען. אים האָט זיך דערמאָנט אַן אַנדערער פאַל. ער האָט נישט געפירט קיין טאָגבוך, נאָר איין אָדער צוויי מאָל אין יאָר פלעגט ער יאָ אַריינשרייבן אין אַ דיקן העפט זיינע סאַמע טרעפלעכסטע געדאַנקען. ער האָט אַרויס־גענומען דעם העפט און גענומען פאַרצייכענען מיט אַ בולטער לעזבאַרער האַנטשריפט. און אָט וואָס ער האָט פאַרשריבן:

„איך בין אַ גאַנצן טאָג אויסער זיך צוליב דעם שוטה שלעזינגער. ער קומט אינדערפרי, פאַרזיצט זיך ביז מיטאָגצייט און גוטע צוויי שעה פאַרמאַטערט ער מיך מיט לייענען די דאָזיקע פלוידערייען. דיכטערישער טעקסט פון סימבאָליסט א. פאַר דער קאָסמאָגאָנישער סימפאָניע פון קאָמ־פּאָזיטאָר ב. מיט פּלאַנעטן־גייסטער, מיט שטימען פון פיר סטיכיעס, כדומה וכדומה. איך האָב געדולדיק געליטן, געליטן און נישט אויסגעהאַלטן, רחמים געבעטן אַז איך קאָן נישט מער, באַפרייט מיך".

„און איך האָב פּלוצים אַלץ באַנומען. איך האָב באַנומען פאַרוואָס דאָס איז אַזוי תמיד מיתה־משונהדיק אומדערטרעגלעך און פאַלש אפילו אין „פאַוסט". דאָס איז געמאַכט, דאָס איז אַ שקר'דיק עסק. נישט פאַראַנען אַזעלכע פּרעגעגנישן ביים היינטצייטיקן מענטש. ווען עס דערקוטשען אים רעטעגנישן פון קאָסמאָס, פאַרטיפט ער זיך אין פיזיק, און נישט אין העסיאָ־דאָס העקסאַמעטרען.

און דער ענין איז נישט נאָר אין דער פאַרעלטערטקייט פון דער פאָרם, אין זייער אַנאַכראָניזם. דער ענין איז נישט דערין וואָס די־אָ גייסטער פון פייער און וואַסער האָבן אויפסניי טונקל פאַרפּלאָנטערט דאָס וואָס איז שוין העל־קלאָר פאַנאַנדערגעפּלאָנטערט דורך דער וויסנשאַפט. דער ענין איז דער, וואָס דער דאָזיקער זשאַנער איז קעגנזעצלעך דעם גאַנצן איצטיקן גייסט פון דער קונסט, זיין מהות, זיינע דערוואַכנדע מאָטיוון.

די דאָזיקע קאָסמאָגאָניעס זענען געווען נאַטירלעך אויף דער אַלטער ערד, אַזוי שיטער באַוווינט מיטן מענטש, אַז ער האָט נישט פאַרשטעלט

די נאַטור. איבער איר זענען נאָך אַרומגעקראָכן מאַמוטן, עס זענען נאָך געווען פריש די זכרונות וועגן דינאָזאַורן און דראַקאָנען. די נאַטור האָט זיך נאָך אַזוי בולט געוואָרפן אין די אויגן פון מענטש. אַזוי חיה־רויבע־ריש און גשמיותדיק אים דערלאַנגט אין קאַרק, אַז עס קאָן באמת זיין אַז אַלץ איז פול געווען מיט געטער. דאָס זענען די סאַמע ערשטע כראָניק־בלעטלעך פון דער מענטשהייט, זיי האָבן זיך נאָר געהאָט אָנגעהויבן.

די דאָזיקע אַלטערטימלעכע וועלט האָט זיך געענדיקט אין רוים צוליב דער איבערבאַפעלקערונג.

רוים איז געווען דער אַלטוואַרג־מאַרק פון אויסגעבאַרגטע געטער און דעראַבערטע פעלקער, געדריקט אין צוויי סטרעפּעס, אויף דער ערד און אויפן הימל, — רויע ווילדקייטן, פאַרוויקלט אַרום זיך דורך אַ דרייפאַכן קנופּ, ווי פאַרדרייטע קישקעס. דאַקן, גערולן, סקיפן, סאַרמאַטן, היפּערבאָ־רעיער, שווערע רעדער אָן ספּריכעס, פאַרגאָסענע אויגן פון פעטס, גע־שלעכטס־באַציונגען מיט חיות, טאָפּלטע גוידערס, דאָס שפּייזן די פיש מיט דעם גוף־פלייש פון געבילדעטע שקלאַפן, אַנאַלפאַבעטישע אימפּע־ראַטאָרס. עס איז דאַן געווען מער מענטשן אויף דער וועלט ווי־ווען־עס־איז דערנאָך, און זיי זענען געוואָרן געשטיקט אין די דורכגענג ביי די קאָלאָ־סעאומס און געליטן.

און אָט בעת דער דאָזיקער איבערגעלאָדנקייט פון מירמלנער און גאָלדענער געשמאַקלאָזיקייט, איז געקומען דער גאַליליייער, דער שכינהדיק־געהילטער, מיט מענטשלעכקייט־געצייכנטער, בכוונהדיק פּראָווינציעלער, און פון אָט דער מינוט אָן זענען אויס־געוואָרן פעלקער און געטער און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מענטש. דער מנעטש־טישלער, מענטש־אַקערער, מענטש־פּאַסטעך, אין דער שעפּסן־סטאַדע בעת שקיעת החמה; דער מענטש וואָס אין זיין קלאַנג איז בישטאָ קיין שמץ פון גאווה; דער מענטש וואָס טראָגט זיך ברכה׳דיק פאַנאַנדער אין אַלע מאַמעשע וויגלידער, און אין אַלע בילדער־גאַלערייען פון דער וועלט״.

# 11

די פּיעטראָווער ליניעס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פּעטער־בורגער ווינקל אין מאָסקווע. אַנטשפּרעכיקע געביידעס אויףביידע זייטן שאָסיי, מוסטערהאַפטע פּאַראַד־איינגענג אין גוטן גוסט, אַ זייער שיין טאָ־באַק־קרעמל, אַ זייער שיינער רעסטאָראַן, פאַרן רעסטאָראַן — גאַז לאָמ־טערנס מיט קיילעכיק־מאַטע קלאָשן אויף מאַסיווע רערן־זיילן.

ווינטער איז די אָרטשאַפט דאָ געווען פאַרכמאַרעט מיט חשכות־

דיקער אומצוטריטלעכקייט. דאָ האָבן געווינט ערנסטע, זיך־שוינענדיקע און גוט־פאַרדינענדיקע מענטשן פון די פרייע פּראָפעסיעס.

וויקטאָר איפּאָליטאָוויטש קאָמאַראָווסקי האָט דאָ געדונגען אַ לוקסוסדיקע, קוואַלערישע דירה, אויפן צווייטן שטאָק, מיט ברייטע שטיגן און ברייטע באַלוסטראַדעס. עממאַ ערנעסטאָווּנאַ, די וואָס האָט אַזוי זאָרגעוודיק אין אַלעם אַריינגעדרונגען און גלייכצייטיק זיך אין גאָרנישט אַריינגעמישט, די הויזווירטין זיינע, ביין, די וועכטערין פון זיין שטילער איינזאַמקייט, זי האָט שטיל געפירט זיין באַלעבאַטעשאַפט. אַ נישט־געזעענע און נישט־געהערטע. ער האָט איר דערפאַר געצאָלט מיט ריטערלעכער אָנערקענונג, גאַטירלעכע פאַר אַזאַ דזשענטלמען, און נישט געדולדעט אין זיין דירה די אָנוועזנהייט פון אַזעלכע געסט און באַזוכער, וועלכע זענען נישט אָנטשפּרעכיק צו איר שטיל־שלווהדיקער, אַלט־פריילינשער וועלט. ביי זיי האָט געהערשט די רויקייט פון אַ מאָנאַכיש הויז, — די שטאָרן אַראָפּגעלאָזט, נישט קיין שטויבעלע, נישט קיין פלעקעלע, ווי אין אַ אָפּעראַציע־זאַל.

אין די זונטיקס פאַרמיטאָג פלעגט וויקטאָר איפּאָליטאָוויטש האָבן די געוווינטשאַפט זיך איבערצושפּאַצירן מיט זיין בולדאָג איבער דער פּיעטראָווקער און קוזניעצקער, און אויף איינעם פון די ראָגעס איז אָקייגנגעקומען און צו זיי צוגעשטאַנען קאָנסטאַנטין אילאַריאָנאָוויטש סאַטאַנידי, דער אַקטיאָר און קאָרטנשפּילער.

זיי האָבן זיך ביידע אָוועקגעלאָזט „רייבן די טראָטואַרן”, איבערגעוואָרפן זיך מיט קורצינקע אָנעקדאָטן און באַמערקונגען, אָפּגעריסענע, אומבאַדייטנדיקע, און אָנגעפילטע מיט אַזויפיל פאַראַכטונג צו אַלץ און צו אַלעם, צו דער גאַנצענער וועלט, אַז זיי האָבן אָן אַ ברעקל שאָדן געקענט פאַרבייטן די ווערטער זייערע מיט בלויזער געריטשעריי. אַבי זיי זאָלן פול מאַכן ביידע טראָטואַרן פון קוזניעצקער מיט זייערע הילכיקע באַסן, מיט וועלכע זיי האָבן זיך חרפּהלאָז פאַרכלינעט, און ווי געשטיקט זיך מיט די וויבראַציעס פון זייערע באַס־שטימען.

## 12

דאָס וועטער האָט זיך דורכגעאַרבעט. טריף־טריף־טריף — האָבן טראָפּנס געקאַפּעט און געעקבערט איבער דעם אייזן פון די רינעס און קאָרניזן. דאַך צו דאַך געקלאַפּט, ווי אין פרילינג. עס האָט אויפגעטאַיעט.

דעם גאַנצן וועג איז זי געגאַנגען, ווי אַ צעטראָגענע, און ערשט נאָכן קומען אַהיים האָט זי באַנומען וואָס עס איז פאַרגעקומען.

אין שטוב זענען אַלע געשלאָפן. זי איז ווידער אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג און אין דער דאָזיקער צעשטרייטקייט האָט זי זיך אַראָפּ־געלאָזן פאַר דער מאַמעס טואַלעטן־טישל. זי איז געווען אין איר העלן לילאַ, כמעט־ווייסן קלייד, באַפּוצט מיט שאַנטיל, און מיט אַ לאַנגן וואַל, געבאַרגט אויף איין אָוונט פון דער שניידעריי ווי צו אַ מאַסקן־באַל. זי איז געזעסן פאַר איר אָפּשפּיגלונג אין שפּיגל און האָט גאַרנישט געזעען. דער־נאָך האָט זי אַוועקגעלייגט אירע פאַרקרייצטע הענט אויפן טישל און אויף זיי אַרויפגעפאַלן מיטן קאָפּ.

אויב די מאַמע וועט געוואויר ווערן, וועט זי זי דערהרגענען. זי וועט דערהרגענען און דערנאָך זיך אַליין דערהרגענען.

וויאַזוי איז דאָס געשען? וויאַזוי האָט דאָס געקאָנט געשעען? אַצינד איז שוין שפּעט. מען האָט באַדאַרפט פריער טראַכטן.

איצט איז זי, — ווי רופט זיך דאָס, — איצט איז זי שוין אַ געפאַ־לענע. זי איז — ווי אַ פּרוי פון אַ פראַנצויזישן ראָמאַן, און מאָרגן וועט זי גיין אין גימנאַזיע זיצן ביי איין שולבאַנק מיט יענע מיידלעך, וועלכע זענען אין פאַרגלייך מיט איר — זייגקינדער. גאָט, גאָט, וויאַזוי האָט דאָס געקאָנט פּאַסירן!

ווען־עס־איז, אין אַסך־אַסך יאָרן אַרום, ווען מען וועט שוין קאָנען, וועט לאַראַ דאָס דערציילן צו אָליאַ דעמינאַ. אָליאַ וועט זי דאַן אַרומנעמען ביים קאָפּ און זיך צעהעשען.

הינטערן פענצטער האָבן טראָפּנס געפּלאַפּלט, עס האָט זיך פאַ־נאַנדערגערעדט די אַדליגע, דאָס געלאָזענע וועטער. פונדרויסן האָט עס ווער געפּויקט אין די טויערן ביי די שכנים. לאַראַ האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. די אַקסלען האָבן ביי איר אויפגעציטערט. זי האָט געוויינט.

## 13

— אַך, עממאַ ערנעסטאָוונאַ, דאָס, ליבינקע, איז נישט וויכטיק. עס האָט פּשוט דערעסן.

ער האָט פאַנאַנדערגעוואָרפן איבערן דיוואַן און איבער די טעפּיכער עפּעס דאַרט שמאַטעס, מאַנזשעטן און פאַרלאַגעס, אַרויסגערוקט און אַריינגערוקט די שופלאַדן פון דער קאָמאָדע, אַליין נישט וויסנדיק וואָס ער זוכט.

זי איז אים געווען סכנותדיק נייטיק, און זעען זי אין דאָזיקן זונטיק איז אוממעגלעך. ער האָט זיך געטליקעט ווי אַ חיה, איבערן צימער, נישט געפונענדיק זיך קיין אָרט.

זי איז געווען אומפאַרגלייכלעך מיט איר באַצויבערנדיקן וועזן. אירע הענט האָבן איבעראַשט און פאַרכאַפּט אַזויווי עס קאָן פאַרחידושן אַ דער־הויבענער, בילדלעכער געדאַנק. איר שאָטן אויף די טאַפּעטן פון האָטעל־צימער האָט זיך געוויזן ווי אַ סילועט פון איר תמימותדיקער צניעות. די בלוזע האָט אָפּגעצויגן איר ברוסט אַזוי פשטותדיק־גוטמוטיק און אויס־געפּאַסט, ווי אַ שטיק לייוונט אָנגעצויגן אויף אַ וועב־ברעטל.

קאָמאַראָווסקי האָט געפּויקט מיט די פינגער איבער די פענצטער־שויבן, צום טאַקט פון די פערדישע פּיס, וועלכע האָבן נישט־איילנדיק גע־שפּאַנט אין דער נידער, אויפן שאָסיי־אַספאַלט. „לאַראַ" — האָט ער געשעפּ־טשעט און זיך פאַרדעקט די אויגן, און איר קאָפּ האָט זיך אים געדאַנקלעך באַ־וויזן אויף זיינע הענט, אַ קאָפּ אַ שלאָפנדיקער, מיט אַראָפּגעלאָזטע, אין שלאָף, וויעס, נישט אַנענדיק, אַז מען קוקט אויף איר, אָן־אָן־אויג צו־צו־טון, שעה'נוויז, אָן איבערייס. איר קאָפּ־האָר ליגט אין אומאָרדענונג צע־וואָרפן איבערן קישן, מיטן אומרו פון איר שיינקייט עסט זי זיך איין קאָ־מאַראָווסקין אין די אויגן און דרינגט אים דורך ביז אין דער נשמה.

זיין זונטיקדיקער שפּאַציר האָט זיך נישט איינגעגעבן. קאָמאַראָווסקי האָט צוזאַמען מיט דזשעקן שפּאַצירט עטלעכע שריט איבערן טראָטואַר און זיך אָפּגעשטעלט. אים האָבן זיך פאָרגעשטעלט — קוזנעצקער, די וויצן פון סאָטאַנידי, דער שטראָם פון באַגעגנטע באַקאַנטע. ניין, דאָס איז איבער זיינע כוחות! ווי דאָס איז אים אַלץ שוין דערווידער! קאָמאַראָווסקי האָט זיך צוריקגעקערט. דער הונד האָט זיך געוווּנדערט, אָנגעשטעלט אויף אים פון דער ערד־אַרויף אַ נישט־גינציקן בליק און אָן חשק זיך אים נאָכ־געשלעפּט פון הינטן.

— וואָסער האַלוצינאַציע! — האָט ער געטראַכט. — וואָס באַדייט דאָס אַלץ? וואָס איז דאָס אַזוינס? — דאָס אויפגעוואַכטע געוויסן, דאָס געפיל פון מיטגעפיל, אָדער דאָס געפיל פון חרטה? אָדער דאָס איז — אומרו? ניין, ער ווייסט, אַז זי איז אינדערהיים ביי זיך, און איז נישט אין קיין סכנה. טאָ פאַרוואָס קריכט זי נישט ארויס פון זיין קאָפּ?

קאָמאַראָווסקי איז אַריין אין צופאַר־ווינקל, צוגעגאַנגען דורך די שטיגן צום פּלעצל און עס אַריבערגעאיילט. דאָרט איז געווען אַ ווענעציאַ־ניש פענצטער מיט אָרנאַמענט־הערבן אין די ווינקלען פון די שויבן. קאָלירטע „העזעלעך" זענען געפאַלן אויפן דיל און פענצטער־פּאַראַפּעט. אינדערהעלפט פון צווייטן שטאָק שטיגן האָט זיך קאָמאַראָווסקי אָפּגע־שטעלט.

— זיך נישט אונטערגעבן דער דאַזיקער פייניקנדיקער, זייגנ־דיקער בענקשאַפט! ער איז נישט קיין יינגל, ער דאַרף באַנעמען וואָס עס

וועט מיט אים ווערן, — אויב דאָס דאַזיקע מיידל, די טאָכטער פֿון זײַן פֿאַרשטאָרבענעם פֿרײַנד, אַ קינד נאָך, וועט ווערן, פֿון אַ פּאַרווײַלונגס־מיטל — אַן אָביעקט פֿון זײַן משוגעת. באַזין זיך! זײַן געטריי זיך, נישט פֿאַראָטן זײַנע געוווינהייטן. אַז נישט וועט אַלץ צעפֿליען ווי שטויב!

קאַמאַראָווסקי האָט ביז ווייטיק צוגעדריקט זײַן האַנט צו דער ברייטער באַלוסטראַדע, פֿאַרמאַכט אויף אַ מינוט די אויגן, און אַנטשידן זיך אומקערנדיק אויף צוריק, האָט ער געגומען אַראָפּגיין. אויף דעם שטיגן־בריקל מיט די ליכט־שאָטן „הערעלעך" האָט ער באַמערקט דעם בולדאָגס פֿאַרגעטערנדיקן בליק. דזשעק האָט געקוקט אויף אים פֿון הינטן־אַרויף, אונטערהייבנדיק דעם קאָפּ, ווי אַן אַלטער פֿאַרסלינעטער קאַרליק, מיט אַן אַראָפּהענגנדיקן פּרצוף.

די הינטיכע האָט נישט ליב געהאַט דאָס מיידל, זי האָט איר צעריסן די זאָקן, געבילט אויף איר און געשטשירעט די ציין. זי האָט געאייפֿערט לאַראַן, מורא־האָבנדיק אַז ער זאָל זיך פֿון דעם מיידל נישט אָנשטעקן מיט עפּעס־וואָס מענטשלעכס.

— אָך, אַזוי גאָר האַלט עס! דו האָסט באַשלאָסן, אַז אַלץ וועט זײַן ווי פֿריער, — סאָטאַנידי, חזירייען, אַנעקדאָטן? איז נאַ־זשע־דיר דערפֿאַר, אָט האָסטו דיר, אָט האָסטו דיר, אָט האָסטו דיר!

ער האָט געגומען שלאָגן דעם בולדאָג מיטן באַמבוק־שטעקן און מיט די פֿיס. דזשעק האָט זיך אַוועקגעריסן, געוואָיעט און געדעוועט און טרייסלענדיק מיטן הינטן האָט ער אַרויפֿגעלאָמט אינדערהייך אַרויף און דראָפּענדיק אין דער טיר געגומען זיך פֿאַרקלאָגן פֿאַר עמאַ ערנעסטאָווגאַ.

## 14

אָך ווי דאָס איז געווען אַ פֿאַרכישופֿטער קרײַז! ווען קאָמאַראָווסקיס אַרײַנגרייסן זיך אין לאַראַס לעבן וואָלט נאָר בלויז דערוועקט אין איר אַן עקל, וואָלט זיך לאַראַ צעבונטעוועט און זיך אַרויסגעריסן. אָבער דער ענין איז נישט געווען אַזוי פּשוט.

עס האָט זי געלאָקט דאָס וואָס אַזעלעכער וועלכער וואָלט געקאָנט זײַן איר פֿאָטער, — אַ שיינער, גראָ־ווערנדיקער מאַנצביל, וועמען מען אַפּלאָדירט אויף פֿאַרזאַמלונגען, וועגן וועמען מען שרײַבט אין די צײַטונגען, צעטרענצלט און פֿטר'ט געלט און צײַט אויף איר, רופֿט זי — געטין — פֿירט זי אין טעאַטער און אויף קאָנצערטן און ער — ווי מען רופֿט עס — „אַנטוויקלט זי גײַסטיק".

און אָט ערשט איז זי דאָך נאָך געווען אַן אונטערוואַקסנדיקע גימנאַ־

זיסטקע אין אַ ברוינער יאַקע, אַ געהיימע אַנטיילנעמערין אין אומשולדיקע שקאַלע־אַוואַנטורעלעך און אַפּטועניש. קאַמאַראָווסקיס פלירטעוועו מיט איר אפילו אין אַ קאַרעטע, הינטער דער סאַמע נאָז פון קוטשער, אָדער אין אַן אָפּגעזונדערטער טעאַטער־לאָזשע אויף די אויגן פון אַ גאַנצן טעאַטער־עולם, דאָס האָט פאַרכאַפּט און גערייצט איר נאַכנישט־אויפגעדעקטער טראַציקייט און דערוועקט אין איר דעם אויפגעוואַכטן שד'ל נאַכצוטון.

נאָר אָט דער דאַזיקער שטיפערישער, שילערישע עקסטאַז איז גיך פאַריבער. אַ נאַגענדיקע נידערגעשלאָגנקייט און שווידער האָבן זיך גענומען באַזעצן אין איר און לאַנג זי געמוטשעט. עס האָט זיך איר כסדר נאָר געוואָלט שלאָפן. צוליב די נישט־דערשלאָפענע נעכט, צוליב די טרערן און כסדרדיקן קאָפּ־ווייטיק, צוליבן לערנען זיך די לעקציעס און מחמת דער אַלגעמיינער, פיזישער מידיקייט.

# 15

ער איז געווען איר קללה, זי האָט אים געהאַסט. יעדן טאָג האָט זי איבערנייס איבערגעוויקלט די דאָזיקע געדאַנקען.

אַצינד איז זי שוין אויפן גאַנצן לעבן זיין שקלאַפין. מיט וואָס האָט ער זי געפאַנגען? ווי אַזוי געלינגט אים צו מאַכן זי אונטערטעניק און זי גיט אים נאָך? שטעלט צופרידן זיינע פאַרלאַנגען און שענקט אים גענוס, מיטן ציטער פון איר נישט־פאַרשטעלטער שאַנד? מיט זיין עלטערקייט, מיט דער מאַמעס פינאַנציעלער אָפּהענגיקייט פון אים? מיט דער פעיקייט פון אָפּשרעקן זי? ניין, ניין און ניין. דאָס אַלץ איז אַ נאַנסענס.

נישט זי איז אונטערוואָרפן אים, נאָר ער איר. זעט זי דען נישט ווי ער פייניקט זיך נאָך איר? זי האָט לגמרי נישט וואָס צו שרעקן זיך, איר געוויסן איז ריין. חרפהדיק און מוראדיק וועט ער זיך דאַרפן פילן אויב זי וועט אים דעמאַסקירן. אָבער דערין טאַקע ליגט די שוועריקייט — וואָס זי וועט עס קיינמאָל נישט טון. אויף דערויף האָט זי נאָך ווינציק געמיינקייט אין זיך, און אין דעם טאַקע ליגט קאַמאַראָווסקיס הויפּט־כוח, אין דעם באַגיין זיך מיט די — אים אונטערטעניקע און שוואַכע.

אָט אין וואָס באַשטייט דער אונטערשיד צווישן זיי. און דערמיט איז שרעקלעך דאָס לעבן אַרום און אַרום. מיט וואָס פאַרטויבט זי, מיט דונער און בליץ? ניין, מיט איר קרומען בליק, מיט איר שעפּטשעריי פון באַוואַרעניש. אַלץ אין איר איז ביטרעקייט און צווידייטיקייט. אַ באַזונדער פעדעמל, ווי שפּינוועבס, — גיב עס נאָר אַ צי — איז עס שוין נישטאָ,

און פּרוביר נאָר זיך אַרויסקריגן פון דער דאַזיקער נעץ — און דו וועסט זיך נאָך מער אַריינפּלאָנטערן.

און איבער דעם שטאַרקן הערשט דער געמיינער און שוואַכער.

## 16

זי האָט געזאָגט צו זיך: — און ווען זי וואָלט געווען אַ חתונה־געהאַטע? מיט וואָס וואָלט זיך דאָס אונטערשיידט? — זי איז אַרויף אויף אַ וועג פון סאַפּיזמען. נאָר צייטנווייז האָט אַן אויסוועגלאָזער אומעט זי אַרומגעכאַפּט.

ווי שעמט ער זיך נישט צו וואַלגערן ביי אירע פוס און תחנונימדיק זי בעטן: „לענגער אַזוי קאָן עס נישט געדויערן. גיב נאָר אַ טראַכט וואָס איך האָב מיט דיר געטון. דו גליטשסט זיך איבער אַ משופּעדיקער פלאַך. לאָמיר זיך אָנטון אַ כוח און אַלץ דערציילן דער מאַמען. און איך וועל מיט דיר חתונה האָבן".

און ער האָט געוויינט און צו איר צוגעשטאַנען, און זי האָט געשפּאַרט זיך און נישט מסכים געווען. אָבער דאָס זענען געווען נאָר פראַזן, און לאַראַ האָט רעכט נישט געהערט די דאַזיקע טראַגישע פּוסט־קלינגנדיקע רייד.

און ער האָט ווייטער פאַרגעזעצט צו פירן זי אונטער אַ לאַנגן שלייער אין די איזאָלאַציע־צימערן פון דעם דאַזיקן שוידערהאַפטן רעסטאָראַן, ווו די לאַקייען און די עסערס האָבן זי באַגלייט מיט בליקן ווי זיי וואָלטן זי אויסגעטון. און זי האָט זיך נאָר געפרעגט: הייסט עס אַז אויב מען האָט ליב — דערנידעריקט מען?

איינמאָל האָט זיך איר געחלומט: זי איז אונטער דער ערד, פון איר איז איבערגעבליבן נאָר די לינקע זייט מיטן אַקסל און דער רעכטער טריט־פוס. פון לינקן ברוסט־וואַרצל וואַקסט אַרויס אַ בינטעלע גראָז, און אויף דער ערד זינגט מען: „שוואַרצע אויגן — נו, אַ ווייסע ברוסט", און „מען דערלויבט נישט מאַשעלען צום טייכעלע צו גיין".

## 17

לאַראַ איז נישט געווען קיין רעליגיעזע. אין ריטואַלן האָט זי נישט געגלייבט. נאָר טיילמאָל, כדי צו קאָנען דערטראָגן דאָס לעבן, האָט זיך געפאָדערט אַז זי זאָל גיין אין באַגלייטונג פון אַ געוויסער אינערלעכער מוזיק. אַזאַ מוזיק קאָן מען זיך נישט שאַפן אַליין און פאַר יעדן מאָל

באזונדער. די דאָזיקע מוזיק איז דאָס געטלעכע וואָרט וועגן לעבן, און אויף צו וויינען דערוויף — איז לאַראַ געגאַנגען אין צערקווע אַריין.

איינמאָל, אין אָנהייב דעצעמבער, ווען אויף דער נשמה איז איר געווען ווי ביי קאַטערינאַ „אין שטורעם", איז זי אַוועק תפילה־טון מיט אַזאַ געפיל — אַז אָט באַלד וועט די ערד אונטער איר זיך צעעפענען און עס וועלן איינפאַלן די זיילן פון דער צערקווע. און גוט אַזוי. און עס וועט קומען אַ סוף צו אַלעם. אַ שאָד נאָר וואָס זי האָט מיט זיך מיטגענומען אַליאַ דעמינאַ, די דאָזיקע גרעגערין.

— פּראָוו אַפּאַנאַסיעוויטש — האָט אַליאַ איר געשעפּטשעט אויפן אויער.

— ש־ש־שאַ. הער־אויף, ביטע. וועלכער פּראָוו אַפּאַנאַסיעוויטש?

— פּראָוו אַפּאַנאַסיעוויטש סאָקאָלאָוו. אונזערס אַן עלטער־פעטער. דער וואָס לייענט־פאָר.

— אַ, דאָס מיינט זי דעם פּסאַלמען־פאַרזאָגער. פון די טיווערזין־משפּחה. טסס־שאַ, שווייג. שטער מיר נישט, ביטע.

זי זענען געקומען צום אָנהייב גאָטדינסט. מען האָט געזונגען דאָס תהילים־קאַפּיטל „(לדוד) ברכי נפשי את־יהוה וכל־קרבי את שם קדשו".

אין דער צערקווע איז געווען ליידיקלעך און עכאָדיק. נאָר אויבנאָן האָט זיך ענג צונויפגעדרענגט אַ בינטל מתפּללים. די צערקווע איז געווען אַ ניי־געבויטע. די שויבן־פענצטער זענען נאָך געווען אָן וויטראַזשן און האָבן נישט באַשיינט דאָס גראָע, פאַרשנייעטע גאַסל, און נישט די פאַרביי־גייער און די דורכפאָרער. ביי דעם פענצטער איז געשטאַנען אַ צערקאָוו־נער סטאַראָסטע, און הויך, איבער דער גאַנצער צערקווע, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער אָפּגעריכטער תפילה און אויסגעטייטשט עפּעס פאַר אַ טויבער, פאַרחלשטער קרועה־בלויה'ניצע, זיין קול איז געווען פון דער־זעלבער גראָער קאַזיאָנער וואָכעדיקייט ווי דאָס פענצטער אין געסל.

דערוויייל, פאַמעלעך פאַרבייגייענדיק די תפילה־טועונדיקע, איז לאַראַ געגאַנגען צו דער טיר, האַלטנדיק צונויפגעדריקט אין האַנט עטלעכע קופּער־מטבעות כדי צו קויפן ליכטלעך פאַר זיך און פאַר אַליען, און אַזוי פאַרזיכטיק, אַז זי זאָל קיינעם נישט אָנרירן, איז זי געגאַנגען צוריק. פּראָוו אַפּאַנאַסיעוויטש האָט שוין באַוויזן אָפּצופּרעפּלען אַ ניין ברכות, אַזויווי אַלע קענען עס סייווי אויך אָן אים.

„ווויל איז צו די אָרעמע אין גייסט... ווויל איז צו די וואָס פאַרגיסן טרערן. ווויל איז צו די וועלכע באַגערן און דורשטן נאָך אמת..."

לאַראַ איז געגאַנגען, האָט אויפגעציטערט און זיך אָפּגעשטעלט. דאָס איז דאָך וועגן מיר. ער זאָגט דאָך: „ווי ווויל עס איז דער גורל פון

די צעטרעטענע. עס איז דאָ זיי וואָס צו דערציילן וועגן זיך. ביי איר איז נאָך אַלץ פון פאָרויס״. אַזוי האָט ער געדאַכט. דאָס איז די מיינונג פון כריסטוס.

# 18

עס זענען געווען די „פּרעסניע״־טעג. זיי האָבן זיך גאָר געפונען אין אויפשטאַנד־ראַיאָן. עטלעכע שריט פון זיי, אויף דער טווערסקע, — האָט מען געבויט באַריקאַדן. מען האָט עס געקאָנט זען פון אויפנאַם־צימער. פון זייער הויף האָט מען אַהינגעטראָגן עמערס וואַסער און באַגאָסן די שטיינער מיט דעם ברוכוואַרג, וועלכע האָבן פרירנדיק געשאַפן אַן אייז־פאַנצער אַרום דער באַריקאַדע.

אין שכנישן הויף איז געווען אַ זאַמל־פּונקט פון דער קאַמפּס־דרו־זשינע, אַ מין סאַניטאַר־שטעלע אָדער אַ שפּייז־פּונקט.

דורך דאָגנען זענען אַדורכגעגאַנגען צוויי יינגלעך. לאַראַ האָט זיי ביידן געקענט. איינער איז געווען ניקאַ דודאָראָוו, אַ פריינט פון נאַדיען, ביי וועמען לאַראַ האָט אים באַקענט. ער איז פון זעלבן טיפּ וואָס לאַראַ, — אוממיטלבאַר, שטאָלץ און נישט־באַרעדעוודיק. ער איז געווען ענלעך צו איר, אָבער ער האָט זי נישט אינטערעסירט.

דער צווייטער איז געווען דער רעאַליסט אַנטיפּאָוו, וועלכער וווינט ביי דער אַלטער טיווערזינאַ, די באָבע פון אָליאַ דעמינאַ. קומענדיק צו מאַרפאַ גאַווריליאָוונאַ, האָט לאַראַ אָנגעהויבן אָבסערווירן וואָסער איינדרוק זי מאַכט אויף דעם יינגל. פּאַשאַ אַנטיפּאָוו איז נאָך געווען אַזוי יונגיטשקע־נאַיוו, אַז ער האָט נישט אויסבאַהאַלטן די גליקזעליקייט וואָס אירע באַזוכן פאַרשאַפן אים, פּונקט ווי זי וואָלט געווען אין אַ בעריאָזע־וועלדל אין פעריען־צייט, מיט ריין גראָז אַרום, און מיט וואָלקנדלעך. און ער קאָן אומגעשטערט צו איר אויסדריקן זיין קעלבערנע התפעלות, נישט מורא האָבנדיק אויסגעלאַכט צו ווערן.

קוים באַמערקנדיק וואָסער ווירקונג זי האָט אויף אים, האָט לאַראַ, אומבאַוווּסטזיניק, גענומען דאָס אויסנוצן. ערשט אין דער שפּעטערער פּאַזע פון איר פריינדשאַפט מיט אים, האָט זי קענען געלערנט זיין ווייכן און נאָכגיביקן כאַראַקטער. ווען פּאַטוליאַ האָט שוין געוווּסט, אַז ער ליבט זי ביז צום פאַרגעסן זיך, אַז אין לעבן זיינס איז שוין נישטאָ מער קיין צוריקטריט פון איר.

די יינגלעך האָבן זיך געשפּילט אין דער סאַמע שרעקלעכסטער שפּיל — פון דערוואַקסענע — אין מלחמה. און דערצו, אין אַזוינער —

וועמעס באַטייליקטע וואָרן פֿאַרשיקט אָדער געהאַנגען. נאָר די עק־שלייפֿן פֿון זייערע באַשליקן זענען געווען פֿאַרבונדן פֿון הינטן מיט אַזעלכע קנופּן, וואָס האָבן גלייך באַוויזן אַז דאָס זענען נאָך קינדער פֿון פּאַפּאַ און מאַמאַ. לאַראַ האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף קליינע יאַטלעך. דער הויף פֿון נאַיור־קיט האָט באַגלייט זייערע סכנותדיקע שפּילערייען. אָט דער חותם האָט פֿון זיי אויסגעווירקט אויף אַלעם איבעריקן; אויף דעם פּראַסטיקן אָוונט, אַ באַוואַקסענער מיט אַזעלכע האַריקע אייז־צויטן, וואָס צוליב זיין געדיכטקייט האָט ער אויסגעזען שוין נישט ווייס, נאָר שוואַרץ; אויף דעם בלאָען הויף; אויף דעם הויז אַקעגנאיבער ווו ס'האָבן זיך באַ־האַלטן די יינגלעך; און דער עיקר, — די רעוואָלווער־שאָסן וואָס האָבן די גאַנצע צייט געהילכט פֿונדאַנען. „די יינגלעך שיסן" — האָט לאַראַ געטראַכט, אַזוי האָט זי געטראַכט נישט בלויז וועגן ניקאַן און פּאַטול, נאָר וועגן דעם גאַנצן שיסנדיקן שטעטל. „גוטע, ערלעכע יינגלעך" — האָט זי געקלערט. „גוטע, און דערפֿאַר שיסן זיי".

# 19

זיי זענען געוואָר געוואָרן, אַז מען קאָן באַשיסן זייער באַריקאַדע פֿון אַ האַרמאַט, און אַז זייער הויז איז אין סכנה. וועגן איבערגיין וווהין־עס־איז צו באַקאַנטע אין אַ צווייטן מאַסקווער קוואַרטאַל, איז שוין געווען צו־שפּעט צו טראַכטן, זייער ראַיאָן איז שוין געווען אָפּגעצוימט. מען וואָלט באַדאַרפֿט זוכן אַ נענטער ווינקל, אין דער געגנט דאָ. זיי האָבן זיך דערמאָנט וועגן „טשערנאָגאָריע".

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי זענען נישט די ערשטע. אין האָטעל איז אַלץ געווען פֿאַרנומען. אַ סך זענען געווען אינדער־זעלבער לאַגע וואָס זיי. מחמת אלטער באַקאַנטשאַפֿט האָט מען צוגעזאָגט זיי איינ־צוקוואַרטירן אין וועש־צימער.

זיי האָבן צונויפֿגענומען דאָס סאַמע נויטיקסטע אין דריי פּעקלעך, כדי נישט צו ציען אויף זיך די אויפֿמערקשאַפֿט דורך טשעמאָדאַנעס און אָנגעהויבן אָפּלייגן פֿון טאָג־צו־טאָג דאָס אַריבערגיין אין האָטעל אַריין.

מחמת די פּאַטריאַרכאַלע געוווינשאַפֿטן וועלכן האָבן געהערשט אין קליידער־וואַרשטאַט, האָט מען דאָרט ווייטער נאָך געאַרבעט, ביז צו דער לעצטער צייט, נישט קוקנדיק אויפֿן שטרייק. און אָט האָט מען איינמאָל אָנגעקלונגען אין אַ קאַלטן, אומעטיק־טריבן בין־השמשות. עס איז עפּעס ווער דאָרט אַריינגעקומען און געהאַט טענות און פּרעטענציעס. מ'האָט

ביי דער פּראָנט־טיר געפּאָדערט די אייגנטימערין. פֿאַינאַ סילאָנטיעוונאַ איז אַרויס אין קאָרידאָר איינלעשן די צעהיצטע געמיטער. —

— אָט דאָ־אַהער קומט, מיידלעך! — זי האָט גלייך אַריינגערופֿן די שניידערינס און האָט זיי לויט דער ריי פֿאָרגעשטעלט פֿאַרן אַריינגעקומענעם. ער האָט מיט יעדער איינער זיך באַגריסט מיט געפּיל און מיט אַן אומגעלומפּערט דערלאַנגגען די האַנט, און ער איז אַוועק אָפּרעדנדיק עפּעס מיט דער פּעטיסאָווא.

צוריקקערנדיק זיך אין זאַל, האָבן די שניידערינס זיך גענומען אַרומבינדן מיט שאַלן און הייבן די הענט איבערן קאָפּ, איבערדרייענדיק די אַרבל פֿון די ענגע שובעס ביים אָנטון.

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט געפּרעגט די גראָ־ווערנדיקע אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ.

— מען נעמט אונז אַראָפּ פֿון דער אַרבעט, מאַדאַם. מיר שטרייקן.

— צי האָב איך דען... וואָס האָב איך אייך געטון דען שלעכטס? — מאַדאַם גישאַר האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט.

— רעגט זיך נישט אויף, אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ. מיר האָבן נישט צו אייך קיין שום כעס, מיר זענען אייך גאָר דאַנקבאַר. אָבער דאָ איז נישט די רייד נישט וועגן אייך און נישט וועגן אונז. אַזוי איז איצט ביי־אַלעמען, די גאַנצענע וועלט. קאָנען מיר דען זיין קעגן?

אַלע ביז איינער זענען אַוועקגעגאַנגען, אפֿילו אַליאַ דעמינאַ און פֿאַינאַ סילאָנטיעוונאַ, שעפּטשענדיק עפּעס צו דער באַלעבאָסטע ביים אַוועקגיין, אַז זי האָט אינסצעניזירט דעם דאָזיקן שטרייק לטובֿת דער אייגנטימערין און לטובֿת דער אונטערנעמונג. אָבער מאַדאַם גישאַר האָט זיך נישט באַרואיקט.

— וואָסערע שוואַרצע אומדאַנקבאַרקייט! גיב נאָר אַ טראַכט ווי מען קאָן זיך טועה זיין אין מענטשן! אָט דאָס דאָזיקע מיידלטשינע, אויף וועלכער איך האָב אַזויפֿיל האַרץ געפּטרט! נו, גוט, לאָמיר אָננעמען אַז זי איז נאָך אַ קינד. אָבער דאָס אַלטע פּאַרזעניש!

— באַנעמט, מאַמינקע, אַז זיי קאָנען נישט מאַכן פֿאַר אונז קיין אויסנאַם, — האָט זי לאַראַ געטרייסט. — ביי קיינעם פֿון זיי איז נישטאָ קיין האַס קעגן אייך, מאַמעלע. פֿאַרקערט. אַלץ וואָס עס קומט איצט אַרום פֿאַר, ווערט געטון אינעם נאָמען פֿונעם מענטש, צו פֿאַרטיידיקן די שוואַכע, לטובֿת די פֿרויען און קינדער. יאָ, יאָ, דרייט נישט מיטן קאָפּ אַזוי אומצוטרוילעך. פֿון דעם דאָזיקן וועט אַמאָל זיין בעסער סיי מיר סיי אייך.

נאָר די מוטער האָט גאָרנישט באַנומען. — אָט ווי תמיד, — האָט זי געזאָגט כליפּנדיק. — ווען די געדאַנקען זענען אויך אַן דעם געגוג פֿאַר־

פלאָנטערט, גיסט דו אַ שאָס אַרויס עפּעס אַזוינס, אַז גאָר די אויגן סטאַר־טשען אַרויס. זיי פּאַסקודזשען מיר אויפן קאָפּ, און דו געפינסט גאָר איין, אַז ס׳איז אין מיינע אינטערעסן. נו, באמת, דער שכל האָט געמוזט אַנט־לויפן פון מיין מוח.

ראַדיאָ איז געווען אין קאַרפּוס. לאַראַ מיט דער מאַמען האָבן זיך אַליין אַרומגעשלאָנדערט איבערן פּוסטן הויז. די נישט־באַלויכטענע גאַס האָט מיט פּוסטע אויגן אַריינגעבליקט אין די שטובן אַריין. די שטובן האָבן צוריקגעענטפערט מיט דעם זעלביקן בליק.

— לאָמיר גיין אין האָטעל אַריין, מאַמישי, איידער עס ווערט פינצטער. איר הערט, מאַמינקע? לאָמיר דאָס נישט אָפּלייגן, נאָר באַלד.

— פּילאַט, פּילאַט — האָבן זיי גערופן דעם הויזוועכטער. — פיר אונז, טייערינקער, אין „טשערנאָגאָריע”.

— איך הער, באַריניאַ.

— גיב אַ כאַפּ אָט די קלומעקלעך. וועסט גוט אַכטונג געבן, פּילאַט, ביטע, כל־זמן עס איז דאָס דאָזיקע צערודערניש. און קערנדלעך אין וואַסער פאַרגעס נישט, פאַר קיריל׳ס מאַדעסטאַוויטשן. און אַלץ אונטערן שליסל. יאָ, און ביטע, קום אונז באַזוכן.

— איך הער, באַריניאַ.

— אַ דאַנק, פּילאַט. זאָל דיך כריסטוס באַשירעמען. נו, לאָמיר זיך אַוועקזעצן אויף צום געזעגענען, און מיר׳ן גיין מיט גאָט.

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס און נישט דערקענט די לופט, ווי נאָך אַ לאַנגער קרענק. אין פאַרפרוירענעם חלל, ווי פון אַ נוס־פאַרב, האָבן זיך געקייקלט אויף אַלע זייטע אַזעלכע קיילעכיקע, ווי פון אַ טאָקער אויסגעטאָקטע, גלאַטיקע אָפּקלאַנגען. עס האָבן געציקט און גע־קלעפּלט און געקלומפּערט זאַלפּ־שאָסן, ווי זיי וואָלטן צעקרישלט דעם מרחק אויף ברעקלעך.

וויפל פּילאַט האָט זיך אַלץ נישט געמיט זיי איבערצוציייגן, האָבן לאַראַ און אַמאַליאַ קאַרלאָווגאַ אַלץ נאָך געמיינט אַז דאָס זענען בלויז פּוסטע שרעק־שאָסן.

— דו, פּילאַט, ביסט אַ שטיק שוטה. נו, אורטייל אַליין, וויאַזוי זענען דאָס נישט קיין פּוסט־שאָסן, אַז מען זעט נישט ווער עס שיסט. ווער־זשע, לויט דיר, שיסט דאָס, דער הייליקער גייסט? ווי מיינסטו? פאַרשטענדלעך אַז נאָר שרעק־שאָסן.

אויף איינעם פון די ראָגעס האָט זיי אַ וואַך־פּאַטרול פאַרהאַלטן. בגלופינדיקע קאָזאַקן האָבן זיי רעווידירט, פרעך אַרומטאַפּנדיק זיי פון די פיס ביזן קאָפּ.

זייערע קאָזאַקישע היטעלעך מיט פֿאַרבונדענע רימענדלעך זענען געווען פֿאַרוקט אין אַ זייט, אויף די אויערן. אַלן האָבן זיי אויסגעזען ווי איינאויגיקע.

— וואָסער גליק! — האָט געטראַכט לאַראַ, — זי וועט נישט זען קאָמאַראָווסקין, די גאַנצע צייט וואָס זיי וועלן זיין אָפּגעשניטן פֿון דער רעשט שטאָט! זי קאָן זיך נישט פֿון אים אָפּטשעפּען צוליב דער מוטער. זי קאָן נישט זאָגן: מאַמאַ, נעמט אים נישט אויף. ווייל דאַן וועט אַלץ זיך אַנטפּלעקן. טאָ וואָזשע איז? און פֿאַרוואָס דאָס אַזוי מורא האָבן? אַך, גאָט, זאָל שוין אַלץ מיט אַלעם איינזונקען, אבי עס זאָל זיך שוין ענדיקן. גאָט, גאָט, גאָט! זי וועט באַלד דאָ אַוועקפֿאַלן אינמיטן גאַס אַ פֿאַרחלשטע פֿון דעם גאַנצן איבל. וואָס האָט זי זיך איצט דערמאָנט?! וויאַזוי האָט געהייסן יענץ שרעקלעכע בילד מיט דעם דיקן רוימער אין דעם ערשטן איזאָלאַציע־קאַבינעטל, פֿון וועלכן אַלץ האָט זיך אָנגעהויבן? „די פֿרוי אָדער די וואַזע”. נו, ווי דען. אוודאי. אַ באַוווסט בילד. „די פֿרוי אָדער די וואַזע”. און זי איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין פֿרוי, אויף צו קאָנען זיך פֿאַרגלייכן מיט אַזאַ שאַצבאַרן חפֿץ. דאָס איז געקומען ערשט דער־נאָך. דער טיש איז געווען אַזוי לוקסוסדיק געדעקט.

— וווהין קריכסטו ווי אַ פֿאַרטשאַדעטע? איך קאָן דיך נישט דעריאָגן — האָט הינטער איר געזיפֿצט אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ, וועלכע האָט שווער געסאָפּעט און קוים באַוויזן איר נאָכצויילן. לאַראַ איז גע־גאַנגען גיך. עפּעס אַ כוח האָט זי געטריבן, ווי זי וואָלט געשפּאַנט אינדער־לופֿטן, אַ שטאָלצע, מיט אַן עקסטאַטישער קראַפֿט.

„אוי, ווי מחיה'דיק עס קנאַקן דאָס די שאָסן” — האָט זי געטראַכט. „געבענטשט זאָלן זיין די באַליידיקטע, געבענטשט זאָלן זיין די אָפּגענאַרטע. זאָל אייך גאָט שטאַרקן, איר זאַלפּן! זאַלפּן, איר זאַלפּן־שאָסן, איר זענט דאָך ביי דער זעלבער מיינונג!”

## 20

דאָס הויז פֿון די ברידער גראָמעקאָ איז געשטאַנען אויפֿן ראָג סיווצעוו וורזשאַק און אַ צווייטן געסל. אַלעקסאַנדער און ניקאָלאַי אַלעקס־אַנדראָוויטש זענען געווען פּראָפֿעסאָרן פֿון כעמיע, דער ערשטער אין דער פּיאָטראָווסקער אַקאַדעמיע, דער צווייטער — אין אוניווערזיטעט. ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש איז געווען אַ קאַוואַליר, און אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש איז געווען אַ חתונה־געהאַטער מיט אַננאַ איוואַנאָוונאַ, פֿונדערהיים קריוגער, אַ טאָכטער פֿון אַן אייזן־פֿאַבריקאַנט און אַן

איינגטימער פון פאַרלאָזענע און הכנסהלאָזע גרובן וואָס האָבן אים אָנ־געהערט, אויף אַ גוואַלדיקן וואַלד־שטח נאָענט צו יוראַטין ביי אוראַל.

דאָס הויז איז געווען אַ צוויי־שטאָקיקס. אינדערהייך — דאָס שלאָף־צימער, לערן־צימער, דער קאַבינעט פון אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש, ביבליאָטעק, דער בודואַר פון אַננאַ איוואַנאָוונאַ און די צימערן פון טאַניא און יורא צו ווינען. און אונטן — אויף אויפנאַמעס. אַ דאַנק די גאַרדינען פון פיסטאַשקעס־קאָליר, דעם שפּיגל־גלאַנץ אויפן דעק פון קלאַוויר, דעם אַקוואַריום, דעם איילבירטן־מעבל, די שטוב־געוויקסן ענלעכע אויף וואַסער־געוויקסן — האָט זיך געשאַפן דער איינדרוק פון אַ גרינעם דרימלענדיק־פאַרוויגנדיקן ים־דנאָ.

די גראָמיקאָס זענען געווען געבילדעטע מענטשן, ליבהאָבער און מבינים פון מוזיק און זייער גאַסטפריינדלעכע. זיי האָבן איינגעלאַדן צו זיך געסט און איינגעאָרדנט קאַמעראַלע מוזיק־אָוונטן, אויף וועלכע עס זענען געוואָרן אויסגעפירט — פאַרטעפּיאַן־טריאָס, פידל־סאָנאַטן און סמיטשיק־קוואַרטעטן.

אין יאַנואַר יאָר טויזנט־ניין הונדערט־זעקס, גיך נאָכן אָפּפאָרן פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן קיין אויסלאַנד, האָט אויף סיווצעוו באַדאַרפט צושטאַנד־קומען דער סטאַבילער קאַמעראַל־קאָנצערט. עס איז געווען פאַר־געזעען צו שפּילן אַ נייע פידל־סאָנאַטע פון איינעם אַן אָנפאַנגער־קאָמפּאָזי־טאָר פון דער טאַנעעוו־שולע, און טשאַיקאָווסקיס טריאָ.

די הכנות דערצו האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַ טאָג פריער. מען האָט איבערגעשטעלט דאָס מעבל, פריי־מאַכנדיק דעם זאַל. אין ווינקל איז גע־זעסן דער אינסטרומענטן־סטראָיער, און געפּרוווט די סטרונעס, און צום הונדערטסטן־און־איין־מאָל געצויגן די זעלבע נאָטע, פירנדיק גיך מיטן בויגן די פּערלדיקע אַרפּעדזשאָס. אין דער קוך האָט מען צוגעגרייט עופות, גערייניקט ירקות, און צוגעפּראַוועט זענעפט אויף פּראָוואַנסער בוימל, פאַר סאָוסן און סאַלאַטן.

שוין באַלד אינדערפרי איז געקומען דערקוטשען שוראַ שלעזינגער, די האַרץ־פריינדין פון אַננאַ איוואַנאָוונאַ, איר פאַרטרויאונגס־חברטע.

שוראַ שלעזינגער איז געווען אַ הויכע, אויסגעמאָגערטע פרוי, מיט רעגולערע, עטוואָס־מענערישע, געזיכטס־שטריכן, מיט וועלכע זי איז טיילווייז ענלעך געווען צום צאַר. באַזונדערס אין איר שאַרפע קאַראַקולן־היטעלע אָנגערוקט אויף אַ זייט, וואָס זי האָט אויך נישט אַראָפּגענומען זייענדיק צוגאַסט, נאָר בלויז לייכט אונטערגעהויבן די צום היטל צוגע־שפּיליעטע וואַלקע.

אין פאַריאָד פון צרות און קלאָפּאָטן האָבן ביידע פריינדינס זיך

אַראָפּגערעדט פון האַרץ און עס איז זיי ביידן לייכטער געוואָרן. עס איז זיי לייכטער געוואָרן דאַדורך, וואָס ביידע האָבן זיך קעגנזייטיק אַריינגעזאָגט און שטעכעלירט, וואָס אַמאָל בייסיקער און גיפטיקער. עס האָט זיך צעשפּילט אַ שטורמישע סצענע, נאָר גיך האָט זי זיך פאַרענדיקט מיט טרערן און איבערבעטן. די דאָזיקע רעגולערע אַרומקריגענישן האָבן געווירקט באַרויקנדיק אויף ביידע, ווי עס ווירקן געשטעלטע פּיאַווקעס אויף אָפּציען בלוט.

שוראַ שלעזינגער האָט עטלעכע מאָל חתונה־געהאַט, נאָר זי האָט פאַרגעסן די מענער גלייך נאָכן גטן זיך און האָט זיי געהאַלטן פאַר אומבאַדייטנדיק. אַזוי האָט זי אין אַלע אירע אויפפירעכצן אָפּגעהיטן קאַלטבלוטיקייט פון אַן איינזאַמער.

שוראַ שלעזינגער איז געווען אַ טעאָזאָפין, נאָר גלייכצייטיק דערמיט האָט זי אויסגעצייכנט געקענט דעם סדר פון אַלע פּראַוואָסלאַוונע גאָטאָפּריכטענישן, און ווי זי זאָל נישט זיין פאַרטראָגן אין עולם העליון, אין מצב פון העכסטן עקסטאַז, האָט זי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן נישטאונטערצוזאָגן דעם תפילות־אָפּריכטער, וואָס צו זאָגן און ווו צו זינגען — „דערהער, גאָט", „כי בכל דור ודור", „דער ריינסטער פון די כרובים". די גאַנצע צייט האָט זיך געהערט איר הייזעריק קול מיט איר גיך־מאָלנדיקן אָפּגעהאַקטן דיבור.

שוראַ שלעזינגער האָט געקענט מאַטעמאַטיק, די אינדישע געהייםלערעס, די אַדרעסן פון די באַרימטע פּראָפעסאָרן פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע, און ווער עס לעבט מיט וועמען, און גאָט מיינער, — וואָס האָט זי דען אַלץ נישט געוווּסט? דעריבער האָט מען זי אָפּט איינגעלאַדן זי זאָל משפּטן און דעצידירן אין אַ סך ערנסטע לעבנסענינים.

אין דער באַשטימטער שעה האָבן די געסט אָנגעהויבן זיך צונויפפּאָרן. עס איז אָנגעפּאָרן אַדעלאַידאַ פיליפּאָוונאַ, גינץ, די פופקאָווס, דער הער און מאַדאַם באַסורמאַן, די ווערזשיצקיס, פּאָלקאָווניק קאַווקאַזצעוו. עס איז געפּאָלן אַ שניי, און ווען מען האָט געעפנט די פּאַראַד־טיר, האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אַ ווירבל־ווינט מיט קנוילן מיניענדיקע גרויסע און קליינע שנייעלעך. די מענער זענען אַריינגעקומען פון דער קעלט פּלאָנטערנדיק די פיס אין די טיפע קאַלאָשן און ממש געקאָרטשעט זיך פון צעשטרייטקייט און אומגעלומפּערטקייט. דאַקעגן די פרויען זייערע, פון פראָסט אויפגעפרישטע און מיט פאַנאַדערגעקנעפּלטע פוטער־זשאַקעטן אויף צוויי אויבערשטע קנעפּ און פאַרוואָרפענע מאָד־האָריקע טיכלעך אויף די טוי־פראָסטיקע האָר — דווקא זיי האָבן זיך באַוויזן ווי דורכגעבריטע,

כוואַטסקע און שעלמישע, די ביטרעקייט אַליין, פאַר וועמען קיין פאַר־הוילענע־זאַך איז נישטאָ. „דער פלימעניק קיואַי" — האָט זיך דורכגע־טראָגן אַ געשעפּטשעריי, בעת עס איז געקומען צו פאָרן אַ נייער, צום ערשטן מאָל אין דאָזיקן הויז פאַרבעטענער, פּיאַניסט.

דורך די פאַנאַנדערגערוקטע טירן איןביידע עקן זאַל האָט זיך געזען אַ לאַנגער ווייסער ווי אַ שליטן־וועג גדעקטער טיש אין עס־צימער. אין די אויגן האָט זיך געוואָרפן די פינקלדיקע שפּילעוודיקייט פון דעם שאַרלאַך־רויטן געטראַנק אין די קאַנטיק־געשליפענע פלעשער. עס האָבן געגרייצט דער פאַרשטעלונג די קריסטאַל־קריגעלעך מיט בוימל און מיט עסיק, די קליינע קאַראַפקעס אויף זילבערנע טאַצן, און די מאַלע־רישקייט פון דעם געווילד־עוף, און אנדערע שפּייזן, אפילו די סערוועטן געאָרדנט אין פּיראַמידקעס, אַרומגעשטעלט אַרום יעדן טיש־סערוויז, און די פּיאַלעטע מאַנדל־שמעקנדיקע צינעראַריע־בלומען אין געפלאָכטענע קיישעלעך, האָבן געגרייצט דעם אַפּעטיט.

כדי נישט צופיל צו דערוויטערן דעם מאָמענט פון טועם זיין די ערדישע שפּייז, האָט מען זיך געאיילט וואָס גיכער צוצוטרעטן צו דעם גייסטיקן טייל. זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעזעצט אין זאַל רייענווייז. „פלי־מעניק קיואַי" — האָט זיך באַגייט דאָס שעפּטשעריי, בעת דער פּיאַניסט האָט פאַרנומען זיין אָרט ביים אינסטרומענט. דער קאָנצערט האָט זיך אָנגעהויבן.

וועגן דער סאָנאַטע האָט מען געוווּסט, אַז זי איז אַ לאַנגווייליקע, אַן אויסגעמוטשטע. זי האָט באַרעכטיקט די דאָזיקע דערוואַרטונג. און דערצו זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ שרעקלעך־צעצויגענע.

וועגן דעם האָבן בעת דער פּויזע דיסקוטירט דער קריטיקער קאַ־רימבעקאָוו מיט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן. דער קריטיקער האָט אַראָפּגעריסן די סאָנאַטע און אַלעקסאַנדער אלעקסאַנדראָוויטש האָט זי פאַרטיידיקט. אַרום האָט מען גערייכערט און געטומלט, איבעררוקנדיק די שטולן פון איין פּלאַץ אויפן צווייטן.

און ווידער זענען געפאַלן די בליקן אויף דעם שיינענדיקן גע־פּרעסטן טישטעך אין שכנותדיקן זאַל. אַלע האָבן פאַרגעלייגט תיכף פאַר־צווזעצן דעם קאָנצערט.

דער פּיאַניסט האָט אַ שיקל־געטון צום פּובליקום און אַ ווינק־געטון דער מיט־פאַרטנערין אָנצוהייבן. דער פידלער און טישקעוויטש האָבן אַ הייב געטון די סמיטשיקעס. דער טריאָ האָט זיך צעיאָמערט.

יוראַ, טאָניאַ און מישאַ גאָרדאָן, וועלכער פאַרברענגט אַ האַלב לעבן זיינס ביי גראָמעקאָ, זענען געזעסן אין דער דריטער ריי.

— יעגאָראָווּנאַ גיט צו אייך צייכנס — האָט יורי געשעפּטשעט צו אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן, וועלכער איז געזעסן דירעקט פּאַר זיין שטול.

אויפן שוועל פון זאַל איז געשטאַנען אַגראַפּענאַ יעגאָראָוונאַ, די אַלטע גרויע הויזדינערין, און מיט פאַרצווייפלטע בליקן אין יוריס זייט און מיט אַ שאַרף רופן מיטן קאָפּ, אַנדייטנדיק אויף אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנ־דראָוויטשן, האָט זי געגעבן יורין צו פאַרשטיין, אַז זי דאַרף דרינגענדיק דעם באַלעבאָס.

אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, מיט פאָרוואורף געקוקט אויף יעגאָראָווּנען און געצויגן מיט די פּלייצעס. אָבער יעגאָראָוונאַ איז נישט אָפּגעשטאַנען פון אירס. געשווינד האָט זיך פאַר־בונדן צווישן זיי, פון איין עק זאַל ביזן צווייטן, אַ פּרווו פון אויפקלערן, ווי צווישן שטומע. מען האָט געקוקט אין זייער זייט. אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט געוואָרפן אויף איר מאַן צאָרנדיקע בליקן.

אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש איז אויפגעשטאַנען. מען האָט דאָך באַדאַרפט עפּעס־וואָס דאָ טון. ער איז רויט געוואָרן. שטיל איז ער זייטיק דורכגעגאַנגען דעם זאַל און צוגעגאַנגען צו יעגאָראָוונאַ.

— וויאַזוי שעמט איר זיך נישט, יעגאָראָוונאַ? וואָס האָט עס ביי אייך אַזוי געברענט? נו, גיכער, וואָס האָט פּאַסירט?

יעגאָראָוונאַ האָט אים עפּעס־וואָס געשעפּטשעט אויפן אויער.

— פון וועלכער טשערניגאָריע?

— פון האָטעל.

— איז וואָזשע?

— אומאָפּרופלעך געפאָדערט. עפּעס אייגענע אייערע, ענדיקן זיך, האַלטן ביי שטאַרבן.

— שוין ענדיקט מען זיך? איך שטעל זיך פאָר. עס איז אוממעגלעך, יעגאָראָוונאַ. מען וועט נאָך צושפּילן אַביסל, און איך וועל זאָגן. פריער קאָן מען נישט.

— דער האָטעל־דינער וואַרט, און עס וואַרט אויך דער קוטשער. איך זאָג דאָך אייך, ס'שטאַרבט אַ מענטש, איר פאַרשטייט? איינע אַ געוויסע דאַמע, פון פריצישן שטאַם.

— ניין און ניין. מער ווי פינף מינוט וועט נישט דויערן.

אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט מיט די זעלבע שטילע טריט ביי דער וואַנט זיך צוריקגעקערט אויף זיין אָרט און זיך אָוועקגעזעצט, אָנ־געכמורעט און רייבנדיק דעם שפּיץ נאָז.

נאָך דער ערשטער טייל איז ער צוגעגאַנגען צו די אויספירער

און כל־זמן עס האָבן נאָך געהילכט די אַפּלאָדיסמענטן, האָט ער געזאָגט פּאַדעי קאַזימיראָוויטשן, אַז מען איז געקומען צו פאָרן נאָך אים, עפּעס אַן אומאנגענעמלעכקייט, און עס קומט אויס איבערצורייסן מיט דער מוזיק. דערנאָך, מיט אַ באַוועגונג פון דער האַנטפלאַך געווענדעט צום זאַל, האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש אָפּגעשטעלט די אַפּלאָדיסמענטן און הויך געזאָגט:

— מיינע הערשאַפטן, עס וועט אויסקומען אָפּצושטעלן דעם טריאָ. מיר וועלן אויסדריקן מיטגעפיל פּאַדעי קאַזימיראָוויטשן. ביי אים איז עפּעס אַן עגמת־נפש. ער איז געצוווּנגען אונז צו פאַרלאָזן. אין אַזאַ מינוט וואָלט זיך מיר נישט וועלן אָפּשטעלן נאָר בלויז אים אַליין. מיין אַנוועזנ־הייט קאָן אים אפשר זיין נויטיק. איך וועל מיט אים מיטפאָרן. יוראָטשקאָ, גיי אַרויס, טייערינקער, און זאָג אַז סעמיאָן זאָל דערלאַנגען דעם געשפּאַן, ער איז שוין ביי אים פון פריער פאַרלייגט. — מיינע הערשאַפטן, איך געזעגן אייך. איך בעט אַלעמען איבערבלייבן. מיין אָפּוועזנהייט וועט זיין אַ קורצוויייליקע.

די ייִנגלעך האָבן געבעטן זיך מיטצושליטלען אין דער פראָסטיקער נאַכט מיט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן.

# 21

נישט געקוקט אויף דעם נאָרמאַלן פאַרלויף פון דעם אויפסניי־רע־גולירנדיקן לעבן, האָט מען נאָך די דעצעמבער־טעג נאָך אַלץ ערגעץ־ווו געשאָסן. און די ניי'ע שריפות וועלכע ברעכן געוויינלעך אויס, — האָט זיך אויסגעדאַכט אַז דאָס זענען נאָך אַלץ ברענענדיקע רעשטלעך פון פריער.

נאָך קיינמאָל זענען זיי נישט געפאָרן אַזוי ווייט און אַזוי לאַנג ווי אין יענער נאַכט. געוויינלעך איז דער וועג ווי מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, — די סמאָלענסקי, נאָווינסקי און אַ העלפט סאַדאָוואַיאַ. נאָר דער מוראדיקער פראָסט מיטן טומאַן האָבן אַזוי אָפּגעזונדערט און ווי אָפּגעטיילט די באַזונ־דערע טיילן פון צעטרייסלטן שטח, ווי ער וואָלט מער נישט געווען דער איין־און־איינציקער אויף דער וועלט. דער צעריסענער און צעשטיקלטער רויך פון די שייטערס. דער סקריפּ פון די טריט און סווישטש פון די גליטשערס האָבן געשאַפן דעם איינדרוק אַז זיי פאָרן שוין גאָט ווייסט ווי העט־לאַנג און אַז זיי זענען פאַרפאָרן ערגעץ אין אַן אימהדיקע ווייטקייט.

פאַרן האָטעל איז געשטאַנען אַ פערד פאַרדעקט מיט אַ פלעד, פאַר־בונדן ביי די קנאָכן, איינגעשפּאַנט אין אַ שמאָלן שליטן. אויפן זיצאָרט

פאַר די פאַרערס איז געזעסן דער קוטשער, צודריקנדיק זיינע באַהענטש־קעטע הענט צום אַרומגעהילטן קאָפּ, כדי צו דערוואַרעמען זיך.

אין וועסטיבול איז געווען וואַרעם, און הינטער דער באַלוסטראַדע, וועלכע טיילט־אָפּ די גאַרדעראָב פון איינגאַנג, האָט הויך געכראָפּעט און יעדע ווייל זיך איבערגעוועקט דער שווייצער, אָבער דאָס גערויש פון די ווענטילאַטאָרן, די הוזשעריי פון געהייצטן אויוון און דאָס געפּייף פון זודנ־דיקן סאַמאָוואַר, האָבן אויף אים אָנגעוואָרפן אַ שלאָף.

לינקס אין וועסטיבול איז פאַרן שפּיגל געשטאַנען אַ געמאַליע־וועטע דאַמע מיט אַ פּוכקע, מעליק פּנים פונעם פּודער. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ פּוטערנעם זשאַקעט, אַ צו־לייכטן אויף אַזאַ וועטער. די דאַמע האָט ווען אָפּגעוואָרט פון אויבן, און אומקערנדיק זיך מיט דער פּלייצע צום שפּיגל, האָט זי זיך אַרומגעקוקט, דאָ דורכן רעכטן, דאָ דורכן לינקן אַקסל — כדי צו זעען צי זי איז אויך שיין פון דער הינטערשטער זייט.

פון דער טיר פון גאַס האָט זיך אַריינגערוקט דער פאַרפרוירענער פורמאַן, זיין קאַפּטאַן האָט דערמאַנט אין אַ „באַבקע" אויף די קאָנדי־טאָריי־שילדן, און די קנוילן פאַרע וועלכע האָבן פון אים געזעצט, האָבן נאָך פאַרשטאַרקט די דאָזיקע ענלעכקייט.

— צי גיך וועלן זיי דאָרט ענדיקן, מאַמזעל — האָט ער געפרעגט דער דאַמע ביים שפּיגל. — אַז מען האָט נאָר אַן עסק מיט אייערע — קאָן זיך דערווייל דאָס פערד פאַרקילן.

דער פאַל וואָס איז געשען אין פּיראַונצוואַנציקסטן נומער, איז גע־ווען אַ קלייניקייט אין דער געוויינלעכער, טאָגטעגלעכער אויפגערעגטקייט פון דער דינערשאַפט.

יעדע מינוט האָבן געראַשט די גלעקלעך און עס זענען אַרויסגע־שפּרונגען נומערלעך אין דעם לאַנגן, גלעזערנעם קעסטל אויף דער וואַנט. ווייזנדיק ווו און אונטער וועלכן נומער עס ווערט דאָרט ווער חסר־דעה. נישט־וויסנדיק אַליין וואָס זיי ווילן, גיבן זיי נישט קיין רו די קאָרידאָר־דינער.

אַצינד גיסט מען דאָרט איר אַריין, דער אַלטער חסר־דעהניצע גישאַר, אין פּיראַונצוואַנציקסטן. מען גיט איר אויף צו ברעכן און שווענקן די קישקעס און מאָגן. די הויזפרוי, גלאַשאַ, פּאַלט שוין פון די פּיס ווישנ־דיק דאָרט די פּאָדלאָגע, אַרויסטראָגנדיק די אומריינקייטן און אַריינ־טראָגנדיק די עמערס. נאָר דער איצטיקער שטורעם אין קעלנער־צימער, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך לאַנג פאַר דער סומאַטאָכע, ווען מען האָט נאָך פון גאָרנישט געדאַכט, און איידער מען האָט געשיקט טערענקען אויף אַ

דראָזשקע נאָך אַ דאָקטאָר און נאָך יענער אומגליקלעכער טומלערין. ווען עס איז נאָכגעשט געהאַט געקומען צו פאַרן קאַמאַראָווסקי און אין קאָרידאָר פאַר דער טיר האָט זיך נישט געשטופּט אַזאַ לעסטיקער עולם, וועלכער שטערט נאָר די באַוועגונג.

די אַוואַנטורע האָט זיך צעפלאַקערט אין קעלנער־צימער צוליב דעם, ווייל בייטאָג האָט ווער אומגעשיקט זיך אַ דריי געגעבן אין דעם שמאָלן דורגאַנג פון בופעט־זאַל, און אומגערן אַ שטויס געטון דעם קעלנער סיסוי. גראָד אין דעם מאָמענט ווען ער האָט זיך אַ לאָז געטון מיט אימפּעט פון דער טיר אין קאָרידאָר אַריין מיט אַ פולער טאַץ אויף דער הויך אויפגעהויבענער האַנט. סיסוי איז אַ פאַל־געטון מיט דער טאַץ, פאַרגאָסן דעם זופּ און צעהאַקט דאָס געשיר, דריי טיפע טעלערס און איין פלאַכן.

סיסוי האָט געטענהט, אַז דאָס האָט געטון די כלים־וואַשערין, זי איז דערין שולדיק און פון איר ווערט ער דאָס מאַנען. אַצינד איז געווען נאָכט, עלף אַזייגער, אַ העלפט ווערט באַלד אַוועקגיין פון דער אַרבעט, און ביי זיי איז נאָך אַלץ צוליב דעם אָנגעגאַנגען די מחלוקה.

— אַז הענט־און־פיס דריגן ביי אים. אַז טאָג־און־נאַכט איז ער נאָר פאַרזאָרגט וויאַזוי צוצוטוליען די שיקלדיקע, ווי זי וואָלט זיין אייגן ווייב געווען! אַז די ניאַניע איז ביי אים רויט ווי ביי אַן אָנגעזשליאָקעטער קאַטשקע, — און דערנאָך, האָט מען, אים, הערסטו גאָר, אַ שטויס־געטון, די כלים צעהאַקט, און די זוזע צעגאָסן! איז ווער האָט דיר אַ שטויס־געטון, דו שיקלדיקער שד, דו טמאדיקע בריאה? ווער האָט דיך אַ שטופּ געטון, דו אַסטראַכאַנער קילע, דו פאַרשטאָכענע שליפּיעס?

— איך האָב אייך שוין געטון זאָגן, מאַטרענאַ סטעפּאַנאָווגאַ, — אַז איר זאָלט זיך רעכענען מיט אייערע אויסדריקעכצער!

— זע נאָר, עס זאָל האָבן כאָטש עפּעס די ווערדע געהאַט, צוליב וואָס מען רודערט דאָס אַזוינס און מען טראַסקעט כלים! אַזאַ נעבעכל, אַזאַ וויעכעטשל! אַ מאַדאַם טאַראַראַם! דו בולווארנע קוק־מיך־אָן ריר־מיך־נישט־אָן! צוליב אירע מעשים טובים האָט זי מויזן־אַרשעניק איינגעשלונגען. אַזאַ דעמיסיאָנירטע צנועה! אין די טשערנאָגאָריע־נומערן געלעבט און נישט געווען נאָך אַזעלכע שווענציכעס און כלבים!

מישאַ און יורא זענען זיך דורכגעגאַנגען איבערן קאָרידאָר פאַר דער טיר פון האָטעל־צימער. אַלץ איז אַרויס אַנדערש ווי עס האָט פאַר־אויסגעזען אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש. ער האָט זיך געהאַט פאַר־געשטעלט: דער וויאָלאָנטשעליסט, אַ טראַגעדיע, עפּעס אַזוינס לויטערס

און דערהויבנס. און דאָ איז, דער טייוול ווייסט וואָס אַזוינס. שמוציק, סקאַנ־דאַל, עפּעס אַזוינס וואָס איז אַבסאָלוט נישט פאַר קיין קינדער.

די ייִנגלעך האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבערן קאָרידאָר.

— איר גייט אַריין צו דער מומעשי, מייַנע יונגע הערן, — האָט שוין צום צווייטן מאָל, מיט אַ פּאַמעלעכער, שטילער שטים זיי איבער־צייגט דעם קאָרידאָר־דינער צוגייענדיק צו די ייִנגלעך, — איר גייט אַהין אַריין, איר זאָלט נישט ספק'ן, זיי דאָרט — גאַרנישט, זייט רויק. זיי זענען איצט אין פולער גאַנצקייט. און דאָ טאָר מען נישט שטיין. דאָ איז איצט געווען אַן אומגליק, מען האָט צעטראַמפּעט טייערע געשיר־כלים. איר זעט, — מיר באַדינען, לויפן, יאָגן, — אַן ענגשאַפט, גייט, ביטע אַהין אַריין.

די ייִנגלעך האָבן אים געפאָלגט.

אין „נומער", איבערן עס־טיש, האָט געהאָנגען אַ ברענענדיק נאַפט־לעמפּל, האָבן זיי עס אַרויסגענומען פון רעזערוואַר און עס אַריבערגע־טראָגן אין דער צווייטער העלפט נומער, הינטערן שפּאַגישן ברעטער־ווענטל, פונוואַנען עס האָט זיך געשפּירט מיט וואַנצן.

דאָרט איז געווען אַ שלאָף־אַלקער, אָפּגעטיילט מיט פאַרשטויבטע שטאָרן פון פאָדער־צימערל און פון יעדן זייטיקן אויג. אַצינד, בעת דער בהלה, האָבן זיי פאַרגעסן אַראָפּצולאָזן די פאָרטיערן. זייערע עקן זענען געווען אונטערגעהויבן און פאַרוואָרפן אויפן צוים־ווענטל. דער לאָמפּ איז געשטאַנען אין אַלקער אויף אַ בענקל. דאָס דאָזיקע ווינקל איז געווען שאַרף באַלויכטן פון אונטן־אַרויף, ווי מיט אַ ליכט פון אַ טעאַטער־ראַמפּע.

זי האָט זיך געסמט מיט יאָד און נישט מיט אַרשעניק, ווי עס האָט טעותדיק געזאָגט די גאַליקע כלים־וואַשערקע. אין נומער איז ווי גע־שטאַנען אַ שאַרפער, נישט־צייטיקער ריח פון יונגע גריכישע ניס אין אַ נאָכנישט פאַרהאַרטעוועטער גרינער שאָל, וואָס ווערט שוואַרץ ביים אָנרירן.

הינטערן ווענטל האָט אַ מיידל אויסגעווישט דעם דיל. אויפן בעט איז געלעגן די האַלב־נאַקעטע פרוי, דורכגענעצט פון וואַסער, טרערן און שווייס, אַראָפּהענגענדיק איבער אַ שיסל איר קאָפּ, צונויפגעקאָלטנטע מיט פּאַטלעס געלאָקטע האָר און הויך געהעשעט. די ייִנגלעך האָבן באַלד אָוועקגעכאַפּט זייערע קעפּ אין אַ זייט, אַזוי חרפּהדיק און נישט־אָנשטענ־דיק איז געווען דאָ צו קוקן.

נאָר יוראָן האָט שוין באַוויזן שטאַרק איבעראַשן: ווי אַ פרוי, אונטער דער השפּעה פון באַלאַסט און אָנשטרענגונג אין געוויסע אומ־באַקוועמע, אויסטערלישע פּאָזיציעס, הערט אויף צו זיין געגליכן צו אַ

סקולפּטורן־געשטאַלט און ווערט גאָר ענלעך צו אַ נאַקעטן אַטלעט אין הייזלעך אויפן קאַמפּס־רינג, מיט באַלעם־אַרטיקע מוסקולן.

סוף־סוף האָבן זיי זיך דערטראַכט היגטערן ווענטל, אַראָפּצולאָזן די פּאָרהאַנג.

— פּאַדיי קאַזימיראַוויטש, ליבער, ווו איז אייער האַנט? גיט מיר אייער האַנט — האָט געזאָגט די פּרוי שטיקנדיק זיך פון טרערן און פאַר־שטיקטן אָטעם. — אוי, ווי איך האָב איבערגעטראָגן אַזאַ גרויל! ביי מיר זענען געווען אַזעלכע חשדים! פּאַדעי קאַזימיראָוויטש... מיר האָט זיך גע־דאַכט... נאָר צום גליק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס זענען אַלץ שטותים, דאָס איז נאָר, אַזוי אין מיין צעפּאַרענער פאַנטאַזיע. פּאַדעי קאַזימיראַ־וויטש, גיט נאָר אַ טראַכט, וואָסער דערלייכטערונג! און אין רעזולטאַט... און אַט... און אַט לעב איך נאָך גאָר...

— באַרויקט אייך, אַמאַליאַ קאַרלאָוונאַ, איך בעט אייך תחנונימדיק, באַרויקט זיך. ווי דאָס אַלץ האָט זיך באַקומען אַזוי אומגעלומפּערט.

— אַצינד וועלן מיר פאָרן אַהיים. — האָט געבורטשעט אַלעקסאַנ־דער אַלעקסאַנדראָוויטש, ווענדנדיק זיך צו די קינדער. פּילנדיק זיך אומ־באַקוועם, אומהיימלעך, זענע זיי געשטאַנען אין טונקעלען קאָרידאָרצ־ימער, אויפן שוועל פון נישט אָפּגעצוימטן טייל און אַזויווי זיי האָבן נישט געהאַט וווּ אַהינצוטאָן די אויגן, האָבן זיי געקוקט אין יענעם ווינקל אַריין פונוואַנען עס איז געוואָרן אַוועקגענומען דער לאָמפּ. דאָרט זענען די ווענט געווען באַהאָנגען מיט פאָטאָגראַפיעס, עס איז געשטאַנען אַן עטאַזשערקע מיט נאָטן, אַ שרייב־טיש פאַרלייגט מיט פאַפּירן און אַלבומען. און איבערן עס־טיש, באַדעקט מיט אַ געשטריקט טישטעך, איז געשלאָפן אַ מיידל זיצנ־דיקערהייט, אין אַ שטול, אַרומנעמענדיק זיין אָגלען און צודריקנדיק איר באַק. וואָרשיינלעך איז זי טויט־מיד, אויב דער גערויש אַרום און די באַוועגונג האָבן נישט געשטערט איר שלאָף.

זייער קומען אַהערצופאָרן איז געווען אַן אומזיניקייט, זייער פאַר־בלייבן דאָ — אַן אומאַנשטענדיקייט. — מיר וועלן באַלד פאָרן, — האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש. — אָט זאָל נאָר פּאַדעי קאַזימיראָוויטש אַרויסגיין. איך וועל זיך געזעגענען מיט אים.

נאָר אָנשטאָט פּאַדעי קאַזימיראָוויטשן איז פון היגטערן־פאַרצוים־ווענטל אַרויסגעקומען ווער־אַנדערש. דאָס איז געווען אַ פעסטער אויס־ראַזירטער, שטאַלטנער און זעלבסטזיכערער מאַנצביל. ער האָט געטראָגן הויך איבערן קאָפּ אַ לאָמפּ, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון דער באַנקע. דאָס ליכט האָט אויפגעוועקט דאָס מיידל. זי האָט געשמייכלט צום אַריינ־געקומענעם, געזשמורעט די אויגן און זיך אויסגעצויגן.

ביים דערזען דעם אומבאַקאַנטן, האָט מישאַ אינגאַנצן אויפגעצאַפּלט. און זיך אין אים איינגעזויגן מיט זיין בליק. ער האָט יורין געהאַלטן ביים אָרבל און געפרווט אים עפּעס זאָגן.

— ווי שעמסטו זיך נישט צו סודען צווישן פרעמדע? וואָס וועט מען וועגן דיר טראַכטן? — האָט אים אָפּגעהאַלטן יורא און נישט גע־וואָלט אים אויסהערן.

אין דער צווישנצייט איז דערוויַיל פאַרגעקומען צווישן מיידל און דעם מאַנצביל אַ שטומע סצענע. זיי האָבן זיך איינער דעם צווייטן קיין איין וואָרט נישט געזאָגט, נאָר בלויז זיך אויסגעטוישט מיט די בליקן. נאָר דאָס קעגנזייטיקע זיך פאַרשטיין זייערס, איז געווען ווי אימהדיק פאַרכי־שופט, פונקט ווי ער וואָלט געווען דער מאַריאָנעטן־אַרטיסט און זי — די געהאָרכזאַמע מאַריאָנעטן־ליאַלקע.

דער מידיקייט־שמייכל וואָס האָט זיך באַוויזן אויף איר פּנים, האָט זי געצוווּנגען האַלב צו־פאַרמאַכן אירע אויגן און דאַן פאַנאַנדערעפענען אירע ליפּן. אויף דעם חוזק־בליק פונעם מאַנצביל האָט זי געענטפערט מיט אַ כיטרע אונטערוווּנקען פון אַ מיטבאַטייליקטער. ביידע זענען זיי געווען צופרידן וואָס אַלץ האָט זיך גוט געענדיקט, דאָס געהיימ־ניש איז נישט אַנטדעקט געוואָרן און די זעלבסטמערדערין איז לעבן־געבליבן.

יוראַ האָט זיי ביידן געפרעסן מיט די אויגן. פונעם האַלב־טונקל, ווו קיינער האָט אים נישט געקאָנט באַמערקן, האָט ער נישט אָפּרייסנדיק זיך געקוקט, אין דעם מיטן לאָמפּ־באַלויכטענעם קרייז. די סצענע פון פאַרשקלאָפן אַ מיידל איז געווען פאַבלהאַפט געהיימנישפול און אָן בושה אויפריכטיק. קעגנזעצלעכע געפילן האָבן אין זיין ברוסט זיך געאַמפּערט. ביי יורין האָט זיך דאָס האַרץ פאַרקלעמט פון עפּעס אומאויסגעפרווטע כוחות.

דאָס איז עס געווען דאָס זעלביקע וועגן וואָס זיי האָבן אַזוי הייס געראַנגלט זיך מיט מישאַ און טאָניאַ, אונטער דער קנאַפּבאַדייטיקער באַצייכענונג פון „וואולגאַריטעט“, — וואָס האָט אַזוי געשראָקן און אַזוי צוגעצויגן, זיי האָבן דערמיט זיך לייכט געהאַט אַן עצה געגעבן אויף דעם אומסכנהדיקן שטח פון רייד, און אָט האָט דער דאָזיקער כוח זיך איצט געיאַוועט פאַר יוראַס אויגן — שלמותדיק־ממשותדיק, טרויעריק און שיינענדיק, צעשמעטערנדיק אָן רחמים, באַקלאָגט זיך און רופט נאָך הילף. און ווו איז איצט אַהינגעקומען זייער קינדישע פילאָזאָפיע? און וואָס זאָל איצט יוראַ טוען?

— דו ווייסט ווער עס איז דער דאָזיקער מענטש, — האָט מישאַ

געפרעגט ווען זיי זענען אַרויס אויפן גאַס. יורא איז געווען פאַרטראַכט אין זיינע מחשבות און נישט אָפּגעענטפערט.

— דאָס איז דער זעלבער וועלכער האָט באַטרונקען דיין פאָטער און אים אומגעבראַכט. דו געדענקסט, — אין וואַגאָן, — איך האָב דיר דערציילט.

יורא האָט געטראַכט וועגן מיידל און וועגן דער צוקונפט און נישט וועגן פאָטער און וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. אין ערשטן מאָמענט האָט ער אפילו נישט באַנומען וואָס מישא זאָגט אים. אויפן פּראָספּעקט איז געווען שווער צו שמועסן.

— געפּרוּווירן געוואָרן, סעמיאָן? — האָט געפרעגט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש. זיי זענען אַוועקגעפאָרן.

דריטער טייל

# דער ווייַנאַבט־בוים ביי די סווענטיצקיס

אין ווינטער האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש אַוועקגעשענקט צו אַננאַ איוואַנאָווגאַ אַן אַלטע מלבושים־שאַנק. ער האָט אים געהאַט גע־קויפט געלעגנהייטלעך. דער אַלמער פון שוואַרצן האָלץ איז געווען אַ גרויסער, אַ פאַרנעמיקער, גאַנצערהייט האָט מען אים נישט געקאָנט דורכ־פירן דורך קיין איין טיר. מען האָט אים אַהער געברענגט אַ פאַנאַנדער־גענומענעם, און גענומען טראַכטן ווו אים אַוועקצושטעלן. אין די גרוימע פאַרטער־צימערן אונטן האָט ער נישט אַנטשפּראָכן און זיך נישט צוגע־פּאַסט. אויבן? האָט ער פּשוט נישט געהאַט גענוג פּלאַץ, מחמת ענגשאַפט. האָט מען דאַריבער געמאַכט אַן אָרט פאַר דער שאַנק אין אויבערשטן פירהויז ביי די אינעווייניקסטע שטיגן, ביים אַריינגאַנג אין די באַלעבאַ־טימס שלאָפצימער.

צוריק צונויפשטעלן די שאַנק איז געקומען דער וועכטער מאַרקעל. ער האָט געברענגט מיט זיך דאָס זעקסיעריקע טעכטערל מאַרינקאַ. מען האָט מאַרינקען געגעבן אַ נאַג־שטעקעלע פון גערשטן־צוקער. מאַרינקאַ האָט אָפּגעלעקט דאָס זיסע שטעקעלע, פאַרסלינעט דאָס נעזל מיט די פינגערלעך און זייטיק זיך צוגעקוקט צום טאַטנס אַרבעט.

אַ געוויסע צייט איז די אַרבעט געגאַנגען זייער גלאַטיק, די שאַנק איז אַזוי צוביסלעכווייז אויסגעוואַקסן אויף די אויגן פון אַננאַ איוואַ־נאָווגאַ. אומגעריכט, ווען עס איז נאָר איבערגעבליבן אַרויפצולייגן די דעק, איז איר איינגעפאַלן צוצוהעלפן מאַרקעלן. זי האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אויפן הויכן דנאָ פון שאַנק און ביי אַ בייג־טון־זיך האָט זי אַ שטויס געטון אין זייטיקן ווענטל וואָס האָט זיך געהאַלטן נאָר אויף לויזע האָלץ־קלינעס. דאָס לייסטל מיט די רינגען און שלייפן מיט וועלכן מאַרקעל האָט געהאַט פריער דערווייל צונויפגעצויגן די ווענטלעך, — האָט זיך פאַנאַנדערגעלאָזט. צוזאַמען מיט די קראַכנדיקע ברעטער אויפן דיל, איז אויך אַרויסגעפאַלן, מיט דער פּלייצע, אַננאַ איוואַנאָוונאַ און דאַביי זיך גאָר שמערצלעך צעקלאַפּט.

— עך, מוטערל־האַרינטע, — האָט מאַרקעל אויסגערופן וואַרפנדיק

זיך צו איר — און צו וואָס האָט דאָס אייך געטויגט און אייך אָהער אָנגע־טראָגן, האַרצנדיקע! זענען כאָטש די ביינער גאַנץ? איר טאַפּט אָן די ביינער! דאָס וויכטיקסטע זענען די ביינער, מילאָ, — דאָס ווייכע, — שפּייט דערויף, נאַפּליעוואַט, דאָס ווייכע, דאָס, וואָקסט צוריק אָן, און ווי זאָגט מען דאָס, נאָר פאַרן ווייבערישן פּוץ. נו, ריטשע נישט, דו פאַרזעע־ניש — האָט ער זיך צעלאָזט אויף דער קליינער מאַרינקען. — וויש אָפּ דאָס ראָצל און לויף צו דער מאַמען. — עך, מוטערל־דערבאַרעמדיקע, צי וואָלט איך דען אָן אייך די דאָזיקע גאַנצע מלבושימדיקע אַנטימאַניע אַליין נישט „געגרונדעט״? אָט, איר טראַכט דאָך אוודאי, אַז אַזוי, אויפן ערשטן בליק, בין איך פּאַקטיש אַ הויף־וועכטער, אַ סטרוזש, אָבער כדי פּאַקטיש צו אורטיילן — איז אונזער איינגעבוירענע פּראָפעסיע — אַ סטאָלערישע. מיר האָבן שוין געסטאָליערעוועט. איר וועט נישט גלויבן, — אַז דידאָזיקע מעבל־שטיקער, די דאָזיקע שקאַפעס־בופעטן, זענען שוין דורך אונזערע הענט אַדורכגעגאַנגען, — וואָס שייך לאַקירן, למשל, אָדער אין קעגנזאַץ — עפּעס אַ רויט האָלץ דאַרטן, צי אַ ניסן־האָלץ. אָדער גאָר, צום ביישפּיל, עס טרעפט, אַ שידוכים־פּאָרל אין זין פון — רייכע כלות אַזעלכע, איר זאָלט מיר אנטשולדיקן פאַרן אויסדרוק, פּראָמיסיאַן, עס רינט זיי איבער דער נאָז, אַזוי רינט. און אַלץ איז דערין שולדיק — דער שיכ־רות־פּאַראַגראַף, די שטאַרקע משקה, כ׳לעבן.

אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט מיט דער הילף פון מאַרקעלן זיך דער־שלעפּט צו אַ שטול, וועלכע ער האָט איר אונטערגעשטעלט, און זי האָט זיך אָוועקגעזעצט, קרעכצנדיק און צערייבנדיק די צעקלאַפּטע ערטער אין גוף. מאַרקעל האָט זיך גענומען צום צוריק צונויפשטעלן דאָס איינגע־פאַלענע. ווען די אויבערדעק איז שוין געווען אַרויפגעלייגט, האָט ער געזאָגט:

— נו, און איצט, נאָר די טירן, — און כאָטש שיק עס אויף אַן אויסשטעלונג! אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט נישט ליב געהאַט דעם דאָזיקן מלבושים־אַלמער. מיט זיין אויסזען און פאַרנעם איז ער גיכער געווען ענלעך אויף אַ קאַטאַפאַלק, אָדער צו אַ קעניגלעך קבר.

ער האָט אויף איר געווירקט מיט אַבערגלויבערישן גרויל. זי האָט געגעבן אַ נאָמען דער דאָזיקער קליידער־שאַנק דאָס „אַסקאָלד־קבר״ *. מיט דער דאָזיקער באַצייכענונג האָט זי אין זינען געהאַט דאָס אָלעג־

---

* אַסקאָלד — פון די פּאַרצייטישע קיעווער פירשטן. באַוווּסט פון זיין קריגס־מאַרש אויף ביזאַנץ.

פערד *, וואָס האָט געבערענגט דעם טויט זיין באַלעבאָס. ווי אַ פרוי וועלכע איז געווען אָנגעלייענט אָן אַ טאָלק, האָט זי פאַרפּלאָנטערט פאַרשידענע ענלעכע־צו־זיך באַגריפן.

זינט דעם דאָזיקן פאַל האָט זיך ביי אַננאַ איוואַנאָוונאַ אָנגעהויבן אַ נייגונג צו לונגען־שלאַפקייטן.

## 2

דעם גאַנצן נאָוועמבער אין עלפטן יאָר איז אַננאַ איוואַנאָוונאַ געלעגן צו־בעט. ביי איר איז געווען אַ לונגען־אָנצונדונג.

יוראַ, מישאַ גאָרדאָן און טאָניאַ האָבן אין פרילינג פון קומענדן יאָר באַדאַרפט ענדיקן דעם אוניווערזיטעט און די העכערע פרויען־קורסן. יורא האָט געענדיקט אַלס מעדיקער, טאָניאַ — אַ יוריסטקע, און מישאַ — פילאָלאָגיע־פילאָזאָפיע.

אין האַרץ פון יורא איז אַלץ געווען עפּעס איבערגערוקט און צעפּלאָנטערט, אַלץ שאַרף־זעלבסשטענדיק — די אָנשויונגען, געוווינשאַפטן, נייגונגען. ער איז געווען ביישפּיללאָז עמפּינדלעך. די אָריגינעלקייט פון זיין באַנעם האָט נישט געהאַט זיין גלייכן.

אָבער ווי גרויס עס איז נישט געווען זיין נייגונג צו קונסט און געשיכטע, דאָך האָט יוראַ זיך נישט פאַרנומען מיטן אויסוואַל פון זיין טעטיקייט־געביט. ער האָט געהאַלטן אַז קונסט איז נישט קיין פּראָפעסיע, אין זעלבן זינען ווי עס איז נישט קיין באַרוף — איינגעבוירענע הייטערקייט, אָדער נטיה צו מעלאַנכאָליע. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט פיזיק, נאַטורווויסנשאַפט און האָט אויסגעפונען, אַז אין פּראַקטישן לעבן דאַרף מען זיך פאַרנעמען מיט אַזוינס וואָס איז אַלגעמיין־נוצלעך. און אָט דעריבער איז ער אַוועק צו מעדיצין.

זייענדיק מיט פיר יאָר צוריק אויפן ערשטן קורס, האָט ער דעם גאַנצן סעמעסטער זיך פאַרנומען אין אוניווערזיטעט־קעלער מיט אַנאַטאָמיע איבער מתים. ער האָט זיך איבער די געדרייטע שטיגן אַראָפּגעלאָזט אין קעלער. אין דער טיף פון פּראָזעקטאָריום האָבן זיך געשטופּט גרופּעסווייז און יחידים, צעשויבערטע סטודענטן. טייל חזרן זייערע לעקציעס אָנלייגנדיק אַרום זיך כסדר ביינער, מישנדיק דאַביי די צעהאָדערטע, אָפּגעבליאַקעוועטע לערנביכער.

אַנדערע שניידן, אַנאַטאָמיזירן שווייגנדיקע אין די ווינקעלעך, אַנ־

---

* אָלעג, קיעווער פירשט, געשטאָרבן אין יאָר 912.

דערע גאָר האָבן זיך געחכמהט און גע׳לצ׳עוועט, געוואָרפן מיט וויצן און זיך געיאָגט נאָך די שטשורעס, וועלכע זענען מחנות־ווייז דאָ ארומגע־לאָפן איבער דעם שטיינערנעם דיל פון דאָזיקן טויטנשטיבל. אין דעם האַלב־חושך האָבן געגליכטן ווי פּאַספּאָר, און זיך געוואָרפן אין די אויגן, די נאַקעטע גופים פון די אַנאנימע יונגע זעלבסטמערדער. די קערפּערס פון דערטרונקענע האָבן זיך נאָך גוט אויפגעהאַלטן. דאָס איינגעשפּרוצטע אין זיי באַלזאַמיר־זאַלץ האָט זיי פאַריונגערט, בילדנדיק אַן אויגן־פאַר־פירערישע רונדיקייט. מען האָט די מתים אויפגעשניטן, פאַנאַנדערגענומען און פּרעפּאַרירט, און די שיינקייט פון מענטשלעכן גוף איז דאָך נאָך אַלץ בייגעשטאַנען. אפילו אין קלענסטן טייל. און דיין באַוווּנדערונג האָט זיך פון דיר נישט־אָפּגעטון ווען דו האָסט געזען פאַר זיך אַ ברוטאַל אַרויפוואָרפּענע רוסאַלקע אויפן צינק־טיש, ווען אפילו מען האָט צו איר צוגעלייגט איר אָפּגעהאַקטע האַנט, אָדער אַראָפּגענומענע פויסט. אין קעלער האָט זיך געשפּירט מיט פאָרמאַלין און קאַרבאָל, און די אַנוועזנהייט פון יסודותדיי־קייט האָט זיך געפילט אין אַלעם, אָנהייבנדיק פון דעם אומבאַוווּסטן גורל פון די אַלע אויסגעלייגטע גופים, און ענדיקנדיק מיט דעם סוד פון לעבן און טויט, וועלכער צעלייגט זיך דאָ אַזוי אין קעלער ווי ביי זיך אינדער־היים, אָדער ווי אין דער אייגענער שטאַב־קוואַרטיר.

די שטים פון דאָזיקן סוד האָט פאַרטויבט אַלדאָס איבעריקע און פאַרפאַלגט יוראַן, שטערנדיק אים ביים אַנאַטאָמיזירן. אָבער געגוי אַזוי האָבן אויך אַנדערע ענינים אים געשטערט אינעם לעבן. ער איז דערצו געוואָרן צוגעוווינט, און די דאָזיקע צעשטרייטנדיקע שטערונגען האָבן אים אויפגעהערט באַאומרויקן.

יורא האָט גוט געטראַכט און שיין געשריבן. נאָך אין זיינע גימנאַ־זיסטישע יאָרן האָט ער געטרוימט וועגן פּראָזע, וועגן אַ בוך מיט לעבנס־באַשרייבונגען, וווּ ער וואָלט אַרומגענומען, אין דער געשטאַלט פון אַ פאַרבאָרגענער אויפרייס־נעסט, אויך דאָס סאַמע איבעראַשנדיקסטע פון דעם, וואָס ער האָט שוין באַוויזן זיך אָנצוזען און דורכצוטראַכטן. נאָר פאַר אַזאַ מין בוך איז ער נאָך געווען צו־יונג, און ער האָט דעם געדאַנק באַרויקט, דערווייל מיט שרייבן פּערזן, ווי אַ מאָלער וואָס צייכנט אַ גאַנץ לעבן בלויז עטיודן, גרייטנדיק זיך אַלץ תמיד צו דעם גרויס־פאַרטראַכטן בילד.

יורא האָט זיך אַליין מוחל געווען דעם געבוירנס־חטא פון זיינע פּערזן, מחמת דעם זכות פון זייער ענערגיע און אָריגינאַליטעט. די דאָזיקע צוויי קוואַליטעטן — ענערגיע און אָריגינאַליטעט, האָט יורא געהאַלטן

פאַר די סאַמע באַדייטיקסטע רעאַליטעטן אין דער קונסט. אַלדאָס איבעריקע איז קעגנשטאַנדלאָז, פּוסט און נישט נייטיק.

יוראַ האָט באַנומען אויף ווי ווייט ער איז פאַרפּליכטעט דעם פעטער, צוליב די אייגנשאַפטן פון זיין כאַראַקטער.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט געלעבט אין לאָזאַן. אין די ביכער זיינע וואָס זענען דאָרט דערשינען אויף רוסיש און אין איבערזעצונגען, האָט ער אַנטוויקלט זיינע אַמאָליקע מחשבותן וועגן היסטאָריע — ווי וועגן אַ צווייטער אַל־וועלט, באַשאַפן דורך דער מענטשהייט — אַלס ענטפער אויף דער דערשיינונג פון טויט — מיט דער הילף פון דער דערשיינונג פון צייט, און זיכרון. די נשמה פון די דאָזיקע ווערק איז געווען דאָס קריסטנ־טום און נייע אַקסיאָמען. — די דירעקטע קאָנסעקווענץ דערפון — די נייע אידייע פון קונסט.

נאָך מער ווי אויף יוראָן, האָט געווירקט דער דאָזיקער קראַנץ גע־דאַנקען אויף זיינע קאָלעגן. אונטער דער דאָזיקער השפּעה האָט מישאַ גאָרדאָן אויסגעקליבן אַלס זיין ספּעציאַליטעט — פילאָזאָפיע. אויף זיין פאַקולטעט האָט ער געהערט לעקציעס וועגן טעאָלאָגיע און האָט אפילו געטראַכט וועגן אַריבערגיין סוף־סוף אין דער אַקאַדעמיע פאַר רעליגיע.

אויף יוראָן האָט דעם פעטערס השפּעה געווירקט באַפרייעריש און געטריבן אויף פאָרויס; דאַקעגן מישאָן — געהעמט, פאַרשמידט. יוראַ האָט באַנומען וואָסער ראָלע עס שפּילט מישאָס אָפּשטאַם, ווי עס ווירקט אויס אויף זיינע עקסצענטרישע גענג. צוליב אָפּגעהיטענער טאַקטישקייט האָט ער נישט אָפּגערעדט מישאָן פון זיינע אויסטערלישע פּלענער. נאָר אָפט האָט זיך אים געוואָלט זען מישאָן ווי אַן עמפּיריקער, אַ מער נענטערן צום לעבן.

## 3

איינמאָל אַזוי אין אַן אָוונט, סוף נאָוועמבער, האָט זיך יוראַ צוריק־געקערט פון אוניווערזיטעט, זייער אַ מידער, אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. מען האָט אים געזאָגט, אַז בייטאָג איז דאָ געווען אַ גאַנצע טרעוואָגע, אַז אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט באַקומען קראַמפּן, אַז עס זענען זיך צונויפגע־פאָרן עטלעכע דאָקטוירים, האָבן געעצהט שיקן נאָך אַ גייסטליכן, נאָר דערנאָך האָבן זיי צורו־געלאָזט דעם דאָזיקן געדאַנק. אַצינד איז איר בעסער, זי איז ביים באַוווסטזיין, און זי האָט באַפוילן, אַז ווי נאָר עס וועט קומען יוראַ, זאָל מען אים תיכף גלייך אַריינשיקן צו איר.

יורא האָט געהאָרכט און נישט איבערטועגדיק זיך, איז ער אַריינ־געגאַנגען אין שלאָפּצימער.

אין דער שטוב זענען נאָך געווען די סימנים פון דער ערשט נישט־לאַנגער בהלה. אַ קראַנקן־וועכטערין האָט מיט געררישלאָזע באַ־וועגונגען איבערגעלייגט עפּעס אויפן נאַכט־שענקעלע. אַרום האָבן זיך געוואַלגערט צעקניימשטע טישטעכלעך און פּיכטע האַנטעכער פון קאָמ־פּרעסן. דאָס וואַסער אין שפּיי־שיסעלע איז געווען לייכט דאָז פון אויס־געשפּיגענעם בלוט. עס זענען דאָרט אויך געלעגן גלעזערנע אַמפּולן מיט די אָפּגעבראָכענע „העלזלעך" און שטיקלעך וואַטע אָנגעשוואָלענע מיט וואַסער.

די קראַנקע איז אָפּגעגאַנגען אין שוויס, און מיטן שפּיץ צונג האָט זי געלעקט די פאַרטרוקנטע ליפּן. זי איז שטאַרק מאָגער געוואָרן פון יענעם פרימאָרגן ווען יורא האָט זי געזעען דאָס לעצטע מאָל.

— איז נישט אַמאָל קיין טעות אין דער דיאַגנאָזע? — האָט ער געטראַכט. — עס זענען אַלע סימנים פון אַ קרופּ־לונגען־אָנצינדונג. זעט אויס אַז דאָס איז דער קריזיס. — באַגריסנדיק זיך מיט אַננאַ איוואַנאָוונאַ און זאָגנדיק עפּעס־וואָס אָזוינס סתם־דערמונטערנדיקס, וואָס מען זאָגט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן, — האָט ער אַרויסגעשיקט די פלעגערין. נע־מענדיק אַננאַ איוואַנאָוונאַ ביי דער האַנט, כדי צו ציילן דעם פּולס, האָט ער די צווייטע האַנט אַריינגעשטעקט אין וועסטל כדי אַרויסצונעמען דעם סטעטאָסקאָפּ. מיט אַ באַוועגונג פון קאָפּ האָט אַננאַ איוואַנאָוונאַ געגעבן אַ צייכן, אַז דאָס איז איבעריק.

יורא האָט זיך געכאַפּט, אַז זי דאַרף אים צוליב עפּעס־וואָס אָנ־דערשס. צונויפנעמענדיק די כוחות, האָט אַננאַ איוואַנאָוונאַ צו אים געזאָגט:

— אָט, מיין מתוודה זיין פאַרלאַנגט... דער טויט שטייט צוקאָפּנס... קאָן יעדע מינוט... ווען דו גייסט רייסן אַ צאָן, האָסטו מורא, עס טוט וויי, גרייטסט זיך... און דאָ — איז נישט קיין צאָן, אַלץ, דיך אינגאַנצן, דאָס גאַנצע לעבן... אַ ריס, און וואָן־ארויס, ווי מיט צוואַנגען... און וואָס איז דאָס אָזוינס?... קיינער ווייסט נישט. און מיר איז טרויעריק, און אימהדיק.

אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט פאַרשוויגן. טרערן זענען גערונען און גע־ריזלט איבער אירע באַקן. יורא האָט געשוויגן. דורך אַ מינוט, האָט אַננאַ איוואַנאָוונאַ פאַרגעזעצט:

— דו ביסט אַ טאַלאַנטירטער... און טאַלאַנט, דאָס... נישט ווי ביי אַלע... דו דאַרפסט עפּעס־וואָס וויסן.... זאָג מיר עפּעס־וואָס אָזוינס... באַ־רויק מיך.

— נו, וואָס אַזוינס זאָל איך זאָגן, — האָט געענטפערט יוראָ, אומ־רויק, זיך באַוועגנדיק אויפן שטול. ער איז אויפגעשטאַנען, זיך איבער־געגאַנגען, און זיך צוריק אַוועקגעזעצט. — קודם־כל, מאָרגן, וועט אייך ווערן בעסער, עס זענען פאַראַן דערויף סימנים, איך גיב אייך מיין קאָפּ. און חוץ דעם, — דער טויט, דאָס באַוווסטזיין, דער גלויבן אין תחית־המתים...
איר ווילט וויסן מיין מיינונג פון אַ נאַטורוויסנשאַפטלער? אפשר בעסער וועגן דעם — אַ צווייט מאָל? ניין? תיכף־שוין? נו, טאָ ווייסט־זשע. נאָר די זאַך איז שווער, אָט אַזוי, גלייך, אויף איינמאָל. — און ער האָט איר עקספּראָמט, מניה־וביה, געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע, און אַליין זיך גע־חידושט וויאַזוי ער האָט מצליח געווען.
— תחית־המתים, אין דער פּראָסטאַצקער פאָרם, כדי דערמיט צו טרייסטן שוואַכערע, — איז מיר פרעמד. און די ווערטער פון קריסטוסן וועגן לעבעדיקע און טויטע, האָב איך תמיד אַנדערש באַנומען. ווו וועט איר אַהינטון די אַלע כמאָרים מענטשן צונויפגענומען פון טויזנטער יאָרן? דערויף וועט נישט סטאַיען קיין אָרט אין דער אַלוועלט. און גאָט, און גוטסקייט און זינען — וואָלטן געמוזט זיך אָפּטראָגן פון דער וועלט. מען וואָלט זיי דערדריקט צווישן דעם דאָזיקן חיה־גיריקן המון.
נאָר תמיד פילט אָן דאָס דאָזיקע אידענטישע לעבן די אַלוועלט, און באַנייט זיך כסדר, שעהנוויז, אין אומגעהויערע אומוואַנדלונגען און דערלייטערונגען. אָט האָט איר מורא צי איר וועט טאָקע ווידעראויפלעבן, אָט האָט איר שוין ווידער אויפגעלעבט דורך אייער געבוירן ווערן, און דאָס האָט מען נישט באַמערקט.
צי עס וועט אייך ווײ־טון, צי וועלן די געוועבן דערפילן זייער צעפאַל? דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, וואָס וועט זיין מיט אייער באַוווסטזיין? אָבער וואָס איז דאָס אַזוינס באַוווסטזיין? לאָמיר עס באַ־טראַכטן. באַוווסטזיניק פאַרלאַנגען איינשלאָפן — איז זיכערע שלאָפלאָזיקייט. אַ באַוווסטזיניקער פּרווו צו פילן די שטאָפן־וועקסלונג פון אייגענעם גוף — אַ זיכער מיטל צו צעשטערן דעם נערוון־סיסטעם. באַוווסטזיין — איז גיפט, אַ מיטל אויף זעלבסט־אָפּסמונג פון סוביעקט, באַנוצנדיק אים אויף זיך אַליין. באַוווסטזיין, — אַ ליכט וואָס שלאָגט אויף אויסנווייניק, באַוווסט־זיין באַלייכט פאַר אונז דעם וועג, כדי נישט צו שטרויכלען זיך. באַ־וווסטזיין — דאָס זענען די אָנגעצונדענע לאָמטערנעס אין אַ פאָראויס־פאָרנדיקן לאָקאָמאָטיוו. ווענד זייערע ליכטער אויף אינעווייניק — און עס פּאַסירט אַ קאַטאַסטראָפע.
— און אַזוי, וואָס וועט זיין מיט אייער באַוווסטזיין? מיט אייערן. מיט אייערן. און וואָס זענט איר אַזוינס? אין דעם שטעקט דער טשוואָק!

לאָמיר זיך פאַנאַנדערקלייבן. מיט וואָס געדענקט איר אייך? וועלכער טייל פון אייער גאַנצן גוף איז אייך מער באַוווּסט? אייערע נירן, די לעבער, די בלוט־געפעסן? ניין. וויפל איר זאָלט זיך נישט דערמאָנען, האָט איר שטענדיק זיך דערפינען אין די טעטיקע דרויסנדיקע דערשיינונגען, און די מעשים פון אייערע הענט, אין דער פאַמיליע, אין אַנדערע. און איצט — מער אויפמערקזאַמער. דער מענטש, — אינעם אַנדערן מענטשן — דאָס איז די נשמה פון מענטש. אַט־וואָס איר זענט, אַט־וואָס איר האָט געאָטעמט, זיך געשפייזט, אַ גאַנץ לעבן אייער באַוווּסטזיין פאַרשיכורט. מיט אייער נשמה, מיט אייערע אומשטערבלעכקייט, מיט אייער לעבן אין אַנדערע. איז וואָזשע? אין אַנדערע זענט איר געווען, און אין אַנדערע וועט איר פאַרבלייבן. און וואָזשע איז עס אייך פאַר אַ נפקא־מינה ווי־אַזוי עס וועט דערנאָך הייסן — זיכרון? דאָס וועט זיין איר, אינקלינירט אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער צוקונפט.

ענדלעך. דאָס לעצטע. נישטאָ וואָס זיך צו באַאומרויקן. נישט פאַראַן קיין טויט. אין אונזער חלק עקזיסטירט נישט קיין טויט. אָט האָט איר געזאָגט — טאַלאַנט. דאָס איז אַ צווייטע זאַך, דאָס איז אונזערס, דורך אונז אַנטדעקט. און טאַלאַנט — אין העכערן, ברייטערן באַגריף — איז אַ לעבנס־מתנה.

עס וועט נישט זיין קיין טויט, זאָגט יאָהאַן דער גאָט־לערער, און איר זאָלט הערן די פשוטקייט פון דער דאָזיקער אַרגומענטאַציע. קיין טויט וועט נישט זיין מחמת דעם, ווייל דאָס פאַרגאַנגענע איז שוין אַוועק. דאָס איז כמעט־אַזוי: קיין טויט וועט נישט זיין, ווייל דאָס האָט איר שוין געהאַט געזעען, דאָס איז אַלט און האָט שוין דערעסן, און אַצינד פאָדערט זיך דאָס נייע, און דאָס נייע — איז דאָס אייביקע לעבן.

ער האָט זיך געדרייט — בעת ער האָט גערעדט — אַהין און צוריק איבערן צימער. —

— שלאָפט איין — האָט ער געזאָגט, צוגייענדיק צום בעט און אַרויפלייגנדיק די האַנט אויפן קאָפּ פון אַננאַ איוואַנאָווּנאַ. עס זענען פאַר־איבער עטלעכע מינוטן. אַננאַ איוואַנאָווּנאַ איז איינגעשלאָפן.

יוראַ איז שטיל אַרויסגעגאַנגען פון צימער, און געזאָגט יעגאָ־ראָוונען, אַז זי זאָל אַריינשיקן אין שלאָפצימער די פלעגערין. — דער טייוול ווייסט וואָס, — האָט ער געטראַכט, — איך ווער עפּעס אַ רופא אַ שאַרלאַטאַן. איך הייל מיט אַרויפלייגן די האַנט, פאַררעד מיט שפּרוכן.

אויפן צווייטן טאָג איז אַננאַ איוואַנאָווּנאַ געוואָרן בעסער.

# 4

אַננאַ איוואַנאָוונאַ איז געוואָרן אַלץ לייכטער און גרינגער. אין מיטן דעצעמבער האָט זי שוין געפּרוּווט אויפשטיין, נאָר זי איז נאָך געווען זייער שוואַך. מען האָט איר געעצהט זיך גוט אויסליגן.

זי האָט אָפט געשיקט נאָך יוראַן און טאַניאַ און שעהנווייז זיי דערציילט וועגן איר קינדהייט, ווי זי האָט פאַרבראַכט אין זיידנס גיטער אין וואַריקינאָ, ביים אוראַלער טייך רינאַווואַ. יוראַ און טאַניאַ זענען קיין מאָל דאָרט נישט געווען. נאָר פון די רייד פון אַננאַ איוואַנאָוונאַ, האָט יוראַ לייכט זיך געקאָנט פאַרשטעלן די דאָזיקע פינף טויזנט דעסיאַטין אוראַלט, נישט־דורכגאַנגבאַרן וואַלד, שוואַרץ ווי די נאַכט, אין וועלכן מען האָט אין צוויי־דריי ערטער ווי דורכגעהאַקט, זיך אַריינגעשטאָכן מיט אַ מעסער ביי זיינע ווינקלבויגנס, און עס האָט זיך דורכגעריסן אַ האַסטיק־פּליסנדיק טייכל, אויף אַ שטיינערנעם באָדן, מיט אַ געדרייטן שפּוּע אין דער הויך, ביים קריוגער־ברעג.

מען האָט אין יענע טעג, געניית פאַר יוראַן און טאַניאַ, דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן, אָוונט־קאָסטיומען. פאַר יוראַ — אַ שוואַרצן סורדוט־אַנצוג, און פאַר טאַניאַן — אַן אָוונט־קלייד פון ליכטיקן אַטלאַס, מיט אַן עטוואָס קוים־אָנטבלויזטן דעקאָלט. זיי האָבן זיך געגרייט צו באַנייען די דאָזיקע מלבושים דעם זיבנאונצוואַנציקסטן, אויף דעם טראַדיציאָנעלן יאָר־יערלעכן ווייַנאַכטבוים־יום־טוב ביי די סווענטיצקיס.

די מלבושים, סיי פון מענער־שניידער סיי פון דער שניידערקע, האָט מען אָפּגעברענגט אין איין טאָג. יוראַ און טאַניאַ האָבן אָנגעמאָסטן, געווען צופרידן, און נישט באַוויזן צוריק אויסטון די נייע בגדים — ווי יעגאָראָוונאַ איז געקומען אַננאַ איוואַנאָוונאַ און געזאָגט, אַז זי רופט זיי. אין די נייע מלבושים זענען יוראַ און טאַניאַ אַוועק צו אַננאַ איוואַנאָוונאַ.

ביי זייער באַווייזן זיך, האָט זי זיך אויפגעהויבן אויף די עלנבויגנס, באַקוקט זיי פון אַ זייט, געהייסן זיי זיך אויסדרייען און געזאָגט:

— זייער פיין. פּשוט אָנטציקנדיק. איך האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז עס איז שוין פאַרטיק. אַנו־אַהער, טאַניאַ, נאָך אַמאָל. ניין, גאָרנישט, עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז די ביוסט־פאַלבאַנקע קנייטשט זיך עטוואָס. איר ווייסט נאָכוואָס איך האָב אייך גערופן? אָבער קודם — עטלעכע ווערטער וועגן דיר, יוראַ.

— איך ווייס, אַננאַ איוואַנאָוונאַ. איך האָב אַליין געהייסן אייך וויַזן דעם בריוו. איר, פּונקט ווי ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, האַלט, אַז איך האָב זיך נישט באַדאַרפט אָפּזאָגן. נאָר איין מינוט געדולד. פאַר אייך איז שעד־

לעך צו רעדן. באַלד וועל איך אייך אויפקלערן. כאָטש עס איז אייך דאָס גענוג־גוט באַוווּסט.

— איז ראשית־כּל אַזוי. פאַראַן אַן ענין מיט דער זשיוואַגאָ־ירושה — כּדי אויסצוהאַלטן אַדוואָקאַטן און געריכטס־קאָסטן, — אָבער קיין אמתע, פּאַקטישע ירושה עקזיסטירט נישט. נאָר בלויז חובות און פּלאָנטערנישן, און דערצו נאָך —־ שמוץ וואָס שווימט דאָביי ארויס. וואָלט מען נאָר געקאָנט עפּעס אַרויסציען דערפון געלט — וואָלט איך דען דערפון זיך אָפּגעזאָגט? נישט באַנוצט זיך דערמיט נאָר אָוועקגעשענקט דעם געריכט? אָבער אין דעם גייט עס טאַקע, וואָס דער גאַנצער פּראָצעס איז אַן אויפ־געבלאָזענער. און איידער זיך צו גראַבלען דערין, איז שוין בעסער אָפּ־צוטרעטן פון מיינע רעכט אויף אַ נישט־עקזיסטירנדיק פאַרמעגן, און עס אָפּטרעטן צו די עטלעכע אונטערגעשטעלטע קאָנקורענטן, די בעלי־קנאה און זעלבסטגעקרוינטע בעלי־תביעה. וואָס שייך דעם צוטשעפּען זיך מיט תביעות פון איינער עפּעס אַ געוויסער מאַדאַם אַליס, וועלכע לעבט מיט אירע קינדער אין פּאַריז, אונטערן פאַמיליע־נאָמען זשיוואַגאָ, האָב איך שוין לאַנג געהערט. אין עס זענען צוגעקומען נאָך פרישע פּרעטענדענטן. איך ווייס נישט ווי אייך, נאָר פאַר מיר האָט מען עס ערשט נישט לאַנג צוריק אויפגעדעקט.

— ווייזט זיך אַרויס, אַז נאָך בעת דער מאַמעס לעבן האָט דער טאַטע געהאַט צו־טון מיט איינער אַ טרוימערקע און חסר־דעהניצע, די גרעפין סטאָלבונאָוואַ־ענריצי. ביי דער דאָזיקער פאַרשווינטע איז פאַראַן אַ יינגל פון פאָטער, ער איז איצט צען יאָר אַלט, מען רופט אים יעווגראַף.

אַ גרעפין — אַ גזירה. זי וווינט מיט איר זון, נישט אַרויסרירנדיק זיך אין ערגעץ, אין אַ פּאַלאַצל. אויף דער פּעריפעריע פון אָמסק. זי לעבט פון אומבאַוווּסטע געלט־מיטלען. מען האָט מיר געוויזן אַ פאָטאָ־גראַפיע פון דאָזיקן פּאַלאַצל. אַ שיין הויז מיט מאַסיווע פענצטער באַ־קריינט מיט אָרנאַמענטן ביים קאַרניז. און אָט די לעצטע צייט איז ביי מיר כּסדר עפּעס אַזאַ געפיל, אַז דאָס דאָזיקע פינף־פענצטערדיקע הויז, וואַרפט צו מיר בייזע און אומפריינדלעכע בליקן, איבער די טויזנטער ווייאָרסטן וואָס טיילן אָפּ דאָס אייראָפּישע רוסלאַנד פון סיביר. און פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי מיר אַן עין־הרע טון. איז נאָכוואָס דאַרף איך עס, די אַלע אויסגעטראַכטע קאַפּיטאַלן, קינסטלעך־באַשאַפענע ריוואַלן, זייער שנאה און קנאה? און די אַדוואָקאַטן!

— און דאָך האָט מען נישט באַדאַרפט אָפּזאָגן — האָט אַננאַ איוואַ־

נאָוונאַ דערווידערט. ווייסט איר נאָך וואָס איך האָב אייך גערופן, — האָט זי ווידער איבערגעחזרט, און באַלד ממשיך געווען: —

— איך האָב דערמאָנט זיין נאָמען. איר געדענקט, אַז נעכטן האָב איך אייך דערציילט וועגן וואַלד־מענטש? וואַקך (באַקכוס) — האָט מען אים גערופן. נישט אמת, אַז אויסטערליש? אַ שוואַרץ, וואַלדיק פאַרזע־עניש, פאַרוואַקסן מיט אַ באָרד ביז די ברעמען־אַרויף, און — וואַקך. ער איז געווען מיט אַ צעשעדיקט פּנים, אים האָט אַ בער צעקאַליעטשעט, נאָר ער האָט זיך אים קעגנגעשטעלט. און דאָרט זענען אַלע אַזעלכע און מיט אַזעלכע נעמען. איין־זילביקע. אַז זיי זאָלן זיין בולט און ווויל־קלינ־געוודיק. וואַקך. אָדער לופּ אָדער, לאָמיר אָננעמען, פּאַווסט. הערט, הערט. עס האָט פּאַסירט, מען האָט דערציילט עפּעס־וואָס־אַזוינס. אַווקט אָדער וועלכער פּראַל. ווי אַ זאַלפּ פון זיידנס דאָפּלטער יאַגד־ביקס. און מיר, אויגנבליקלעך, מאָמענטאַל — אַ שפּרונג פון קינדער־צימער אין דער קוך אַריין. און דאָרט, איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, — דער וואַלד־קוילן־ברענער מיט אַ לעבעדיק בערעלע; אָדער אַ פּאַטרול פון אַ וווייטן קאָרדאָן מיט עפּעס אַ פּראָבקע פון אַן אויסגראָבונג. און יעדן איינעם פון זיי האָט דער זיידע געגעבן אַ צעטעלע. אין קאַנטאָר אַריין. ווועמען — געלט, ווע־מען — גרויפּן, וועמען ער האָט געגעבן שיס־אויסשטאַטונג. און דער וואַלד — האַרט פאַר די אויגן. און שניי, שניי! העכער פון הויז!

אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט זיך צעהוסט.

— הער אויף, מאַמאַ, דיר שאַדנט דאָס רעדן — האָט זי טאָניאַ געוואָרנט. יוראַ האָט אויך אַזוי געזאָגט.

— גאַרנישט. נאַרישקייטן. אגב, יאָ. יעגאָראָוונאַ האָט אָנגעפּלאַפּלט, אַז איר צווייפלט כלומרשט, צי איר זאָלט מאָרגן פאָרן צו די ווייַנאַכטן. איך זאָל מער די דאָזיקע נאַרישקייט נישט הערן! ווי שעמט איר אייך נישט. און וויאַזוי ביסטו, יוראַ, אַ דאָקטאָר נאָך דעם אַלעם? אַזוי איז באַשלאָסן. איר פאָרט אָן שום תירוצים. נו, מיר וועלן זיך צוריק אומקערן צו וואַקכן. דער וואַקך איז געווען אין דער יוגנט אַ שמידער. ביי אַ גע־שלעג האָט מען אים אָפּגעהאַקט די בעבעכעס. האָט ער זיך געמאַכט אַנ־דערע, פון אייזן. וואָסער מאָדנע מענטש דו ביסט, יוראַ, צי דען פאַר־שטיי איך שוין גאָרנישט? פאַרשטעגדלעך אַז איך מיין נישט דאָס — ווערטלעך. נאָר אַזוי האָט דאָס פאָלק געזאָגט.

אַננאַ איוואַנאָוונאַ האָט אויפסניי זיך פאַנאַנדערגעהוסט, דאָס מאָל אַ סך לענגער. דער אַטאַק איז נישט פאַרביי. זי האָט נישט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם.

יוראַ און טאָניאַ זענען ביידע אין דער זעלבער מינוט צו איר צו־

געלאָפן. זיי זענען געשטאַנען אַקסל־ביי־אַקסל ביי איר געלעגער. אַלץ הוסטנדיק אָן איבעררייס, האָט אַננאַ איוואַנאָוונאַ אַנגעכאַפּט זייערע ביידנס הענט, אַריינגענומען אין אירער, און אַזוי אַ צייט זיי געהאַלטן צוזאַמען. דערנאָך, באַהערשנדיק שוין ס׳קול און דעם הוסט, האָט זי געזאָגט:

— אויב איך וועל שטאַרבן, צעשיידט זיך נישט. איר זענט באַשאַפן געוואָרן איינער פאַרן צווייטן. האָט חתונה. אַט האָב איך אייך צונויפגעפאָרט, — האָט זי צוגעגעבן — און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

## 5

שוין אין יאָר 1906, פאַרן אַריבערגיין אין לעצטן קלאַס גימנאַזיע, האָבן די זעקס חדשים וואָס זי איז שוין דאַן געווען פאַרבונדן מיט קאָמאַראָווסקין, איבערגעפולט דאָס מעסטל פון לאַראַס לײַדן. ער האָט זייער פלינק אויסגענוצט איר געדריקטע שטימונג, און ווען עס איז אים געווען נייטיק, האָט ער אַזוי דין און אומבאַמערקבאַר, ווי אָן כוונה, דערמאָנט זי אין איר חרפּהדיקן מצב. די דאָזיקע אָנדייטונגען האָבן לאַראַן אַריינגעבראַכט אין אַזאַ מין אויפגעבראָזטער, פּאַנישער שטימונג, וואָס אַ לײַדנשאַפטלעכער בעל־תאווה האָט עס גראָד זייער גערן ביי אַ פרוי. דער דאָזיקער אויפגעבראָזטער געמיט, האָט זי אַריינגעוואָרפן אין געפאַנגענשאַפט פון אַ שטייגנדיקן ליידנשאַפטלעכן קאָשמאַר, פון וועלכן די האָר האָבן זיך ביי איר געשטעלט קאַפּויער, — ווען זי האָט זיך אויסגעניכטערט. די סתירות פון דעם נאַכט־שגעון זענען איר געווען אַזוי אומדערקלערבאַר, ווי עפּעס אַ כּישוף. דאָ איז אַלץ געווען פאַרקערט און קאַפּויר און קעגן יעדער לאָגיק: דער שאַרפער ווייטיק — האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ דין זילבער־קלאַנגלעכן לאַכן. אָפּזאָג און אָפּוווערן־זיך האָבן באַדייט — מסכים זיין. און די האַנט פון פּייניקער — איז באַדעקט געוואָרן מיט קושן פון דאַנקבאַרקייט.

עס האָט אויסגעזען, אַז דערצו וועט שוין קיינמאָל נישט נעמען קיין סוף. נאָר פרילינג־צייט, אויף איינעם פון די לעצטע לעקציעס פון לערניאָר, ווען זי האָט אַ טראַכט געטון וויאַזוי עס וועלן אויסזען אירע מוטשערייען זומער־צייט, ווען עס וועלן נישט זיין קיין לעקציעס אין גימנאַזיע! און דאָס איז דאָך געווען לאַראַס לעצטער מקום־מקלט קעגן די צו־אָפטע באַגעגענישן מיט קאָמאַראָווסקין. דאַן איז לאַראַ גיך געקומען צו אַ באַשלוס, וואָס האָט אויף לאַנג געביטן איר לעבנסשטייגער.

עס איז געווען אַ הייסער פרימאָרגן, עס האָט זיך געגרייט אויף אַ שטורעם. אין קלאַס האָט מען געלערנט ביי אָפענע פענצטער. פונדערווייי־

טנס האָט געדרעש׳ט די שטאָט, די גאַנצע צייט מיט איינעם און דעם זעלבן אָפּקלאַנג. ווי בינען אין אַ בינשטאָק. פון הויף האָבן זיך דער־טראָגן די געשרייען פון די זיך־שפּילנדיקע קינדער. פון דעם גראָז־ריח פון דער ערד און פון דעם בליענדיקן גרינס, האָט ווײַ־געטון דער קאָפּ, פונקט ווי פון בראָנפן און בלינצעס־טשאַד בעת די „מילך־טעג״ (מאָס־ליאַניצאַ).

דער לערער פון געשיכטע האָט דערציילט וועגן נאַפּאָלעאָנס עגיפּ־טישער עקספּעדיציע. ווען ער איז צוגעקומען צום דערציילן וועגן נאַפּאָלעאָנס לאַנדן אין פּרעזשיס, זענען די הימלען שוואַרץ געוואָרן און עס האָבן געפּלאַצט און געשפּאָלטן זיך בליצן און דונערן, און אין קלאַס האָבן זיך אַריינגעריסן, דורך די פענצטער, צוזאַמען מיט ריח פון פריש־קייט, אויך זיילן זאַמד און שטויב — און ווען צוויי שילער־חניפהניקעס האָבן דינסטגרייט זיך געוואָרפן אין קאָרידאָר צו רופן דעם דינער, כדי צו פאַרמאַכן די פענצטער, עפּנענדיק די טיר, האָט זיך אַרייגעריסן אַ צוג־ווינט און אויפגעהויבן פון די שול־שטענדערס אַלע בלעטלעך לעש־פּאַפּיר פון די העפטן.

מען האָט פאַרמאַכט די פענצטער. עס האָט אַ פּלייץ געטון אַ גאָס־רעגן, אַ שמוציקער, אַ שטאָטישער, דורכגעמישט מיט שטויב. לאַראַ האָט אַרויסגעריסן אַ בלעטל פון קאַיעט און האָט אָנגעשריבן צו דער שכנה פון שולבאַנק, נאַדיאַ קאָלאָגריוואָוונאַ:

„נאַדיאַ, איך דאַרף זיך איינאָרדנען אויף צו ווינען באַזונדער פון דער מאַמען. העלף מיר צו געפינען עטלעכע אָנטשפּרעכנדיקע לעקציעס. בײַ אײַך זענען דאָך פאַראַן אַ סך באַקאַנטשאַפטן צווישן די רייכע״.

נאַדיאַ האָט איר אָפּגעענטפערט אויפן זעלבן אופן:

„ליפּאַ זוכט אַ דערציערין. קום אַריין צו אונז. אָט דאָס וואָלט געווען שוין איינמאָל גוט! דו ווייסט דאָך יאָ ווי פּאַפּאַ און מאַמאַ האָבן דיך ליב״.

## 6

לאַראַ האָט געוווינט בײַ די קאָלאָגריוואָווס, העכער דרײַ יאָר צייט, ווי הינטער אַ שטיינערנער וואַנט. מ׳האָט זי דאָ פון ערגעץ־נישט נישט אָנגעגריפן. אַפילו די מוטער און ברודער, צו וועלכע זי האָט געפילט אַ היפּשע אָפּגעפרעמדקייט, האָבן איר נישט געגעבן צו וויסן וועגן זיך.

לאַווּרענטי מיכאַילאָוויטש קאָלאָגריוואָוו איז געווען פון די גרעסערע געשעפטסלײַט, אַן אונטערנעמער פון אַ מאָדערנערן שניט, אַ פּעיקער און

קלוגער. ער האָט געזאָסט די אָפּגעלעבטע אָרדענונג מיט אַ צווייפאַכן האַס — ווי פון איינעם אַן אומגעהויערן גביר וועלכער איז אימשטאַנד אָפּצוקויפן דעם גאַנצן מלוכהשן אוצר; און ווי פון אַ פּראָסטן אָרעמען פּאָלקס־מענטש וועלכער איז ווי אין מעשהלע, גאָר הויך אַרויפגעשטיגן. ער האָט אויסבאַהאַלטן ביי זיך אומלעגאַלע, געדונגען אַדוואָקאַטן צו פאַר־טיידיקן פּאָליטיש־באַשולדיקטע, אַליין זיך, אַן אייגנטימער, גרויסע שאָדנס געברענגט, דערמיט, וואָס ער האָט איינגעאָרדנט שטרייקן אויף זיין אייגע־נער פאַבריק. לאָורענטי מיכאַילאָוויטש איז געווען אַ טרעפלעכער שיסער און א ליידנשאַפטלעכער יעגער. ווינטער יאָר 1905 איז ער אין די זונטיקס געפאָרן אין סערבריאַני־וואַלד און אויף דעם לאָסיני־אינזל כדי צו לער־נען שיסן די מיטגלידער פון די געהיימע קאַמפּס־דרוזשינעס.

דאָס איז געווען אַ זעלטענער מענטש. סעראַפימאַ פליפּאָוונאַ, זיין ווייב, איז אים געווען אַ פאַסיקע פאָר. לאַראַ האָט צו זיי ביידן געפילט אַנטציקונג און פאַרערונג. אין שטוב האָבן אַלע זי ליב געהאַט ווי אַן אייגענע.

אויפן פערטן יאָר פון איר זאָרגלאָזן לעבן איז געקומען צו איר, וועגן אַן ענין, איר ברודער, ראָדיאָ.

ער האָט זיך פראַנטיש געוויגט אויף זיינע לאַנגע פיס, און צוליב מאַכן דעם אָנשטעל פון וויכטיקייט, האָט ער גערעדט אונטער דער נאָז, און אומנאַטירלעך צעצויגן די ווערטער. ער האָט איר דערציילט, אַז די גרופּע יונקערס פון זיין אַרויסלאָז, האָבן צונויפגענומען געלט אויף אַ געזעגן־מתנה פאַרן שולע־נאַטשאַלניק, און אים איבערגעגעבן דאָס געלט, אַז ער זאָל אויסזוכן אַ פאַסיקע מתנה צו קויפן, און אָט האָט ער די דאָזיקע סומע געלט פאַרשפּילט אין קאָרטן, ביז צו דער לעצטער קאָפּיקע. דאָס זאָגנדיק, איז ראָדיאָ מיט זיין גאַנצן אומגעלומפּערטן לאַנגן ווקס אַ פאַל געטון אויף דער שטול און זיך פאַנאַנדערכליפּעט.

לאַראַ, דאָס הערנדיק, האָט אים קאַלט־שטייף אויפגענומען. כלי־פּענדיק האָט ראָדיאָ ממשיך געווען:

— נעכטן בין איך געווען ביי וויקטאָר איפּאָליטאָוויטש. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט מיט מיר צו רעדן אויף דער דאָזיקער טעמע. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ווען דו וואָלסט פאַרלאַנגט.... ער זאָגט אַז כאָטש האָסט אונדז אַלעמען אויפגעהערט ליב האָבן, איז דיין מאַכט איבער אים נאָך אַלץ אַ גרויסע... לאַראָטשקאַ... עס גענוגנט נאָר איינאוגאיינציק וואָרט דיינס,,, פאַרשטייסטו וואָסער זחרפּה דאָס איז, ווי דאָס באַפלעקט די ערע פון יונקערשן מונדיר? גיי צו אים אַראָפּ, וואָס אַרט דיך דען דאָס, בעט אים...

וואָרן דו וועסט דאָך נישט דערלאָזן אַז איך זאָל אָפּוואַשן מײַן חרפּה מיטן בלוט מײַנעם.

— אָפּוואַשן מיט בלוט... די ערע פֿון יונקערשן מונדיר, — האָט לאַראַ מיט צער איבערגעחזרט, גײַענדיק אָן אויפֿגערעגטע איבערן צי־מער. — און איך בין נישט קיין מונדיר? בײַ מיר איז נישטאָ קיין ערע? און מיט מיר קען מען מאַכן וואָס מען וויל? פֿאַרשטייסט דו דאָס וואָס דו בעטסט? האָסטו דערין אַרײַנגעדרונגען וואָס ער לייגט דיר פֿאָר? איך בוי מיר אויף, מיט סיזיפֿאַווער אַרבעט, יאָר נאָך יאָר, גרייט־צו, דערשלאָף נישט נעכט, און אָט קומט דער דאָזיקער און אים איז אַלצייינס וואָס מיט זײַנס אַ בלאָז, אַ שפּײַ — צעפֿאַלט זיך אַלץ אויף שפּליטערן. גיי צו אַלדע טייוול! שיס דיך, ביטע. וואָס איז עס מײַן עסק? וויפֿל באַדאַרפֿסטו?

— זעקסהונדערט און נײַנציק מיט עטלעכע רובל. לאָמיר זאָגן — פֿאָר אַ גלײַכן חשבון — זיבנהונדערט — האָט נישט־דעצידירט אַרויס־געריידט ראָדיאַ.

— ראָדיאַ! נײַן, דו ביסט פֿון זינען אַראָפּ! גיסטו זיך אָפּ אַ חשבון וואָס דו רעדסט? דו האָסט פֿאַרשפּילט זיבנהונדערט רובל? ראָדיאַ! ראָדיאַ! ווייסטו דען וויפֿל צײַט עס באַדאַרף אָפּאַרבעטן אַ פּשוטער מענטש, אַזאַ שטייגער ווי איך, כדי צו פֿאַרדינען מיט ערלעכער פּראַצע אַזאַ אַ סומע?

נאָך אַ געוויסע פּויזע, האָט זי צוגעגעבן קאַלט און אָפּגעפֿרעמדט:

—גוט. איך וועל פּרובירן. קום מאָרגן. און ברענג מיט זיך מיט דעם רעוואָלווער פֿון וועלכן דו האָסט זיך געוואָלט דערשיסן. דו וועסט אים מיר פֿאַרקויפֿן אויף שטענדיק, מיט אַ גוטן קוילן־רעזערוו. געדענק. קוילן. געדענק.

די דאָזיקע סומע האָט זי באַקומען בײַ די קאָלאָגריוואָווס.

## 7

די אַרבעטן בײַ די קאָלאָגריוואָווס האָבן נישט געשטערט לאַראָן צו ענדיקן די גימנאַזיע, אַרײַנטרעטן אויף קורסן, לערנען דאָרט מיט דערפֿאָלג, און זיך דערנענטערן צום ענדיקן די קורסן, וואָס עס האָט באַדאַרפֿט געשען אין יאָר 1912.

פֿרילינג 1911 האָט געענדיקט די גימנאַזיע איר שטוב־חברטע ליפּאָטשקאַ. זי האָט שוין געהאַט אַ חתן, אַ יונגן אינזשיניער, פֿריזענ־דאַנק, פֿון אַ גוט־סיטואירטער פֿאַמיליע. די עלטערן זענען מסכּים געווען

אויף ליפּאַטשקאַס אויסוואַל, נאָר זענען געווען קעגן דעם אַז זי זאָל חתונה־האָבן אַזוי פרי. זיי האָבן איר געראָטן צו וואַרטן. אויפן דאָזיקן באָדן זענען אַנטשטאַנען סיכסוכים. די צעלאָזענע און צעבאַלעוועטע ליפּאַטשקאַ, דער ליבלינג פון דער פאַמיליע, האָט געשריגן אויפן פאָטער און מוטער, האָט געוויינט און געטופּעט מיט די פיס.

אין דעם רייכן הויז, וווּ מ'האָט לאַראַן געהאַלטן פאַר אַן אייגענע, האָט מען איר נישט דערמאָנט דעם חוב וואָס זי האָט געהאַט אַמאָל געגומען פאַר איר ברודער ראַדיאַ.

לאַראַ וואָלט שוין לאַנג דעם דאָזיקן חוב געהאַט צוריקגעצאָלט, ווען עס וואָלטן ביי איר נישט געווען קיין פאַרבאָרגענע הוצאותן, וואָס זי האָט וועגן זיי נישט דערציילט.

זי האָט, היטנדיק זיך פאַר פּאַשאַן, געשיקט געלט צו זיין פאָטער, דעם פאַרשיקטן אַנטיפּאָוו. זי האָט אויך אָפּט געהאָלפן זיין מוטער, דער קרענקלעכער און קריגערישער, חוץ דעם האָט זי נאָך, אונטערן שטרענגסטן סעקרעט, אָן זיין וויסן, פאַרקלענערט די הוצאותן פון פּאַשאַן גופא, דורכדעם וואָס זי האָט געצאָלט צו זיינע באַלעבאַטים אַ געוויסע סומע פאַר זיין דירה און עסן.

פּאַשאַ, זייענדיק עטוואָס יונגער פון לאַראַ, האָט זי געליבט ביז משוגעת און האָט זי אין אַלעם געפאָלגט. נאָך זיין ענדיקן די רעאַל־גימנאַזיע, איז זי צו אים צוגעשטאַנען אַז ער זאָל זיך אָוועקזעצן אויף דערגענצונגס־קורסן, לערנען גריכיש און לאַטיין, כדי צו קאָנען אַנקומען אין אוניווערזיטעט, אויפן פילאָלאָגישן פאַקולטעט. דורך אַ יאָר צייט האָט לאַראַ געטרוימט — ווען זיי וועלן ביידע אָפּגעבן די מלוכהשע עקזאַמענס, וועלן חתונה האָבן און דערנאָך אָוועקפאָרן אויף שטעלעס, — אַלס לערער אין גימנאַזיעס דאָרט אין אַ גוברניע־שטאָט אין אוראַל.

פּאַשאַ האָט געוווינט אין אַ צימער וואָס לאַראַ האָט געהאַט פאַר אים אויסגעזוכט און געדונגען ביי שטילע בעלי־בתים, אין אַ ניי־געבויט הויז אויף דער קאַמערגערסקי, נאָנט צום קונסט־טעאַטער.

זומער, יאָר 1911, איז לאַראַ צום לעצטן מאָל געווען מיט די קאָלאָגריוואָווס אין דופּליאַנקע. זי האָט ביז גאָר ליב געהאַט דאָס דאָזיקע אָרט, מער נאָך ווי די באַלעבאַטים גופא. דאָס האָבן זיי גוט געוווּסט. האָט דעריבער געהערשט אַזאַ נישט־געשריבענער אָפּמאַך לגבי לאַראַ אין שייכות מיט אירע זומער־רייזעס. ווען דער צעגליטער און שוואַרץ־פאַרסאַזשעטער צוג וועלכער האָט זיי אַהערגעברענגט איז געפאָרן ווייטער, און אין דער דאָזיקער פאַרכאַפּנדער שטילקייט דאָ, אין דער אומענדלעכער, אַראָמאַטישער שטילקייט וואָס קעניגט דאָ — האָט

די סענסיטיווע לאַראַ פֿאַרלוירן ס׳לשון — האָבן זיי זי געלאָזט איינע אַליין אַוועקגיין צופֿוס אין גוט אַריין. דערווייל האָט מען איבערגעטראָגן די זאַכן פֿון דער דאָזיקער קליינער סטאַנציע און אָנגעלאָדן דעם באַגאַזש אויף אַ פֿורל. דעם דופּליאַנקער קוטשער אין אַן־אַרבלדיקן שפּענצער, מיט די אַרויסגעלאָזטע אַרבל פֿון רויטן העמד, האָט דערווייל דערציילט די באַלעבאַטים וואָס זענען שוין געזעסן אויפֿן פֿורל — די שטאָטישע נייעסן פֿון היינטיקן סעזאָן.

לאַראַ איז געגאַנגען אַראָפּצוצו אויף אַ שטעגל נעבן די באַן־שינעס, אַ שטעגל וואָס איז געוואָרן אויסגעטרעטן דורך וואַנדערער און גייסטלעכע, און דערנאָך אַריבער אויף די פֿעלד־סטעזשקע וואָס האָט געפֿירט צום וואַלד. דאָ האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, און פֿאַרזשמורענדיק די אויגן, האָט זי אַריינגעצויגן אין זיך דעם דאָזיקן אויסגעמישטן אַראָמאַט פֿון דער סביבה. ער איז איר געווען מער לייבלעך־נאָענט ווי דער טאַטע און מאַמע, בעסער ווי אַ געליבטער, און קלוגער ווי די ביכער. אויף איין אויגנבליק האָט זיך פֿאַר לאַראַ ווידער אַנטפּלעקט דער זין פֿון עקזיסטענץ. זי איז פֿאַראַן — האָט זי איצט באַנומען — אויף דערויף, כּדי זיך פֿאַנאַנדערצוקלייבן אין דער מטורפֿדיקער פּראַכט פֿון דער ערד. און אַלץ אָנרופֿן ביים נאָמען. און אויב עס ווועלן איר נישט קלעקן קיין כּוחות דערצו, איז פֿון ליבע צום לעבן דאַרף מען געבוירן יורשים, וועלכע וועלן דאָס טוען אָנשטאָט איר.

אין דאָזיקן זומער איז לאַראַ געקומען צו פֿאַרן אַן איבערגע־מידעטע פֿון די צופֿיל אַרבעטן וועלכע זי האָט אויף זיך גענומען. זי איז לייכט צערודערט געוואָרן.

אין איר האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַ געפֿיל פֿון חושד זיין, וואָס איז פֿריער ביי איר געווען לגמרי נישט אייגנטימלעך. דער דאָזיקער שטריך האָט פֿאַרשמעלערט לאַראַס כאַראַקטער, וואָס האָט זיך פֿון תמיד־אָן אויסגעצייכנט מיט רחבֿותדיקייט. און פֿריי געווען פֿון יעדער קליינ־לעכקייט.

די קאָלאָגריוואָווס האָבן זי נישט אָפּגעלאָזן. זי איז ביי זיי געווען אַרומגערינגלט, ווי תמיד, מיט צערטלעכקייטן. נאָר זינט דעמאָלט ווען ליפּאַ האָט זיך פֿאַרעקשנט ביי אירס, האָט לאַראַ זיך שוין געהאַלטן אין דאָזיקן הויז פֿאַר אַן איבעריקע. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון איר גע־האַלט. מען האָט עס אויף איר אַרויפֿגעצוווּנגען. און געלט איז דאָך איר געווען נייטיק, און אויסזוכן זיך עפּעס אַן אַנדערע, זעלבשטענדיקע באַ־שעפֿטיקונג מחוץ דער שטוב — איז איר געווען אומבאַקוועם, און אויך פּראַקטיש נישט אויספֿירבאַר.

לאַראַ האָט געהאַלטן איר לאַגע פֿאַר אַ פֿאַלשע און אומדערטרעגלעכע. איר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז זי איז אַלעמען צולאַסט, נאָר מען ווייזט עס איר נישט אַרויס. זי איז זיך גופֿא געווען צולאַסט. זי האָט געוואָלט, ערגעץ ווו־אַהין אַנטלויפֿן ווו די אויגן וועלן זי טראָגן, אַנטלויפֿן פֿון זיך, פֿון די קאַלאַגריוואָווס. נאָר לויט אירע באַגריפֿן — דאַרף זי אין אַזאַ פֿאַל קודם צוריקקערן דעם חוב צו די קאַלאַגריוואָווס, און ווו עס צו נעמען אין געגעבענעם מאָמענט — האָט זי נישט.

זי האָט זיך געפֿילט ווי אַ זאַקלאַדניצע, צוליב דער שולד פֿון ראָדיאָס נאַרישער געלט־פֿאַרשווענדונג. זי האָט זיך נישט געפֿונען קיין אָרט פֿון דאַזיקן מאַנטלאָזן פֿאַרדראָס.

אין אַלעם האָט זי געגומען געפֿונען סימנים פֿון לייכטשעצנדער באַציונג. אַז עס זענען זיך אַנגעפֿאָרן געסט צו די קאַלאַגריוואָווס און מען האָט איר אַרויסגעוויזן אַ צו־געהויבענע אויפֿמערקזאַמקייט, — האָט עס פֿאַר איר באַדייט — אַז מ׳באַציט זיך צו איר ווי צו אַ נעבעכל אַ „וויכאָוואַנקע״, וועלכע מ׳האָט לייכט דעראַבערט. האָט מען, ווידער, זי געלאָזט צורו, האָט עס פֿאַר איר געהייסן, אַז מען רעכנט זי בכלל נישט אַריין אין חשבון, מען באַמערקט זי נישט בכלל.

די אַטאַקעס פֿון היפּאָכאָנדריע האָבן לאַראַן נישט געשטערט אַנטיילצונעמען אין די פֿריילעכע שפּילערייען פֿון דער היפּשער געזעלשאַפֿט און געסט איך דופּליאַנקע זי האָט זיך געבאָדן און געשווומען, געפֿאָרן אויף אַ שיפֿל, זיך באַטייליקט אין די ביינאַכטיקע הוליאַנקעס ביים טייך, מיט אַלעמען צוגלייך געוואָרפֿן פֿייערווערק, געטאַנצט. זי האָט געשפּילט אין די אַמאַטאָרישע ספּעקטאַקלען, באַזונדערס זיך עמאָציאָנירט אין שיסן צום ציל פֿון קורצע מאָוזערס, און ליבערשט פֿון אַלץ האָט זי ליב געהאַט שיסן פֿון ראָדיאָס לייכטן רעוואָלווער.

זי האָט געשאָסן פֿון אים מיט אַ זעלטענער ציל־טרעפֿלעכקייט, און זי האָט שפּאַסיק באַדויערט וואָס זי איז אַ פֿרוי און עס איז פֿאַר איר פֿאַרשטעלט דער וועג פֿון אַן אוואַנטוריסט־דועליסט. נאָר וואָס מער לאַראַ האָט זיך פֿאַרווײַלט, אַלץ ערגער איז איר געוואָרן. זי האָט אַליין נישט געוווּסט וואָס אײַגנטלעך זי וויל.

באַזונדער האָט זיך דאָס דאַזיקע געפֿיל פֿאַרשטאַרקט, זינט זי האָט זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין. צו אירע, לאַראָס, אומאַנגענעמלעכקייטן, האָבן זיך נאָך אַריינגעמישט לייכטע דורכוועטלעכישן מיט פּאַשאַ. (ערנסט קריגן זיך מיט אים האָט לאַראַ אויסגעמיטן, ווייל ער איז געווען איר לעצטער שטיצפּונקט). אין דער לעצטער צייט האָט זיך באַוויזן ביי פּאַשאַ אַ געוויסע זעלבסטזיכערקייט. דער באַלערנדיקער, מענ־

טאַרישער טאָן אין זײַנע רייד, — האָט לאַראַ אויסגעזען קאָמיש, האָט זי פֿאַרביטערט.

פּאַשאַ, ליפּאַ, קאָלאָגריוואָוו, געלט — דאָס אַלץ האָט זיך עפּעס אויסגעמישט ביי איר אין מוח. דאָס לעבן איז איר, לאַראַן, מיאוס געוואָרן. זי האָט אָנגעהויבן פֿאַרלירן דעם זינען. עס האָט זי געצויגן אַוועקצווואַרפֿן אַלדאָס־באַקאַנטע און אַלץ אָנהייבן איבגאַנצן אויפֿסניי. אין דער דאָזיקער שטימונג, איז זי אין די ווייַנאַכטן יאָר 1911 געקומען צו דעם גורלדיקן באַשלוס. זי האָט באַשלאָסן אומבאַדינגט זיך צו־צעשיידן מיט די קאָלאָגריוואָווס, און אויפֿבויען איר לעבן איינזאַם־אַליין, אומאָפּהענגיק. און דאָס געלט וואָס איז דערצו נייטיק, זאָל זי בעטן ביי קאָמאַראָווסקין. לאַראַ האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נאָך דעם אַלעם וואָס איז געשען, און נאָכדעם וואָס עס האָט נאָכגעפֿאָלגט אין די יאָרן, — איר דעראָבערטע פֿרייהייט, — דאַרף ער איר ריטערלעך העלפֿן, נישט אַריינגייענדיק מיט איר אין קיין שום משא־ומתן וועגן אויפֿקלערונגען. ער דאַרף איר העלפֿן אָן שום אייגן־נוצן, אָן וועלכן עס איז שמוץ.

מיטן דאָזיקן ציל איז זי דעם 27־סטן דעצעמבער אַוועק אין אָוונט צו די פּעטראָוו־ליניעס.

פֿאַרן אַוועקגיין האָט זי אַריינגעלייגט אין מופֿטע אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער ראָדיאָס, געפֿעפֿנט דעם שיס־שיצער, — מיט דער דעה צו שיסן אין וויקטאָר איפּאָליטאָוויטשן, — אויב ער וועט איר אָפּזאָגן, אָדער וועט זי געמיין פֿאַרשטיין, אָדער וועט זי וועלן דערנידעריקן.

זי איז געגאַנגען איבער די יומטובדיקע גאַסן אין אַ מוראדיקן צושטאַנד. זי האָט אַרום גאָרנישט באַמערקט. דער פֿאַרטראַכטער שאָס האָט שוין אָפּגעהילכט אין איר נשמה, אין אַבסאָלוטער גלייכגילטיקייט צו דעם אין וועמען ער וועט זיך געריכטעט. אָט דער דאָזיקער שאָס איז געווען דאָס איינציקע וואָס זי האָט געפֿילט אין איר באַוווסטזיין. זי האָט אים געהערט דעם גאַנצן וועג, און דאָס איז דאָך אַ שאָס אין קאָמאַראָווסקין, אין איר גופֿא, אין איר אייגענעם גורל, און אין דעם דופּליאַנקער דעמב אויף דער פּאָליאַנע, מיט דעם אויסגעשניטענעם אין אים שיס־ציל.

# 8

— רירט נישט די מופֿטע! — האָט זי געזאָגט צו דער יאָכצנדיקער און קרעכצנדיקער עממאַ ערנעסטאָוונאַ, ווען יענע האָט אויסגע־

צויגן די הענט צו לאַראַן, וועלנדיק איר צוהעלפן זיך אויסטון. וויקטאָר איפּאַליטאָוויטש איז נישט געווען אינדערהיים. עממאַ ערנעסטאָוונאַ האָט געהאַלטן אין איין צורעדן לאַראַן אַריינצוגיין און אויסטון איר פוטער.

— איך קאָן נישט. איך אייל זיך. ווו איז ער?

עממאַ ערנעסטאָוונאַ האָט געזאָגט, אַז ער איז אַוועק צוגאַסט פּראָווען ווייַנאַכטן. מיט דעם אַדרעס אין האַנט איז לאַראַ אַראָפּגעלאָפן איבער די איר אַזוי גוט־באַקאַנטע, מרה־שחורהדיקע שטיגן, מיט די גע־בלומטע הערבן אויף די פענצטער. זי איז אַוועק אין דער ריכטונג פון מוטשנאַי גאַראַדאָק, צו די סווענטיצקיס.

ערשט איצט, צום צווייטן מאָל ארויסגייענדיק אויף דער גאַס, האָט לאַראַ ערשט רעכט זיך אַרומגעקוקט אין די זייטן. עס איז געווען ווינטער. עס איז געווען די שטאָט. עס איז געווען אָוונט.

עס איז געווען אַן אייזיקער פראָסט. ס׳האָט באַדעקט די גאַסן אַ שוואַרצער, דיקער אייז, ווי גלעזערנע דנאָען פון צעקלאַפּטע ביר־פלעשער. ס׳האָט זיך ווייטיקדיק געאָטעמט. די לופט איז געווען אָנגעפּראָפּט מיט שאַרען אייז־טוי און ס׳האָט זיך געדאַכט אַז ער קיצלט און צוויקט מיט זיין האַריקייט, פונקט ווי ס׳האָט געהאַריקט און געקראַכן לאַראַן אין מויל אַריין דער גרויער פוטער פון איר פאַרפרוירענעם פוטער־קאַלנער. לאַראַ איז געגאַנגען מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ איבער די פוסטע גאַסן. אויפן וועג האָבן געפּאַרעט טירן פון טיי־הייזער און גאַרקיכן. פון טומאַן־נעפּל האָבן אַרויסגעטויכט אָפּגעפרוירענע פּנימער פון די דורכגייער, רויטע ווי וורשט־קישקעלעך, און באַבערדיקטע מאָרדעס פון פערד און הינט מיט די אייז־צויטן. די הויז־פענצטער זענען באַדעקט מיט דיקע שיכטן פון שניי און אייז, ווי זיי וואָלטן געווען פאַרשמירט מיט קרייד. אויף די נישט־דורכזיכטבאַרע פענצטער־פלאַכן האָבן זיך באַוועגט געבלומטע אָפּשטראַלונגען פון די אָנגעצונדענע כאַיניקעס, און די שאָטנס פון די ווייַנאַכט־פייערער, פונקט ווי מ׳וואָלט פאַר די מענטשן אויף דער גאַס באַוויזן פון די שטובן פאַרנעפּלטע קינאָ־בילדער אויף ווייסע ליילעכער, פאַנאַנדערגעהאַנגענע פאַר די כישוף־לאַמטערנס.

אויף קאַמערגערסקי האָט לאַראַ זיך אָפּגעשטעלט. —

— איך קאָן נישט מער. איך וועל נישט אויסהאַלטן, — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן אויפן קול. — איך וועל אַרויפגיין און וועל אים אַלץ דערציילן, — האָט זי, באַהערשנדיק זיך, געטראַכט, — עפענענדיק די טיר פון דעם פאַרנעמען איינגאַנג.

# 9

פּאַשאַ, רויט פון ענגקייט, אַרויסשטעקנדיק די צונג צו דער גאַמבע, האָט ער זיך געאַמפּערט פאַרן שפּיגל, אַנטועננדיק אַ קאַלנער, און באַמיענדיק זיך דורכצושטופּן די ספּינקעס אין די שטייף־קראַכ־מאַליעטע, געשלייפטע העמדער־לעכלעך. ער האָט זיך געגרייט גיין צו־גאַסט. ער איז נאָך געווען אַזוי תמימותדיק און ריין, אַז ער האָט זיך פאַרלוירן בעת־מעשה ווען לאַראַ, אַריינגייענדיק אָן אַנקלאַפּן, האָט אים געטראָפן אין אַזאַ נישט־שלמותדיקן מצב, אַ נישט אָנגעטוענעם. ער האָט תיכף באַמערקט איר אויפרעגונג. אונטער איר האָבן זיך געוואַקלט די פיס. זי איז אַריינגעגאַנגען, האָט זיך פאַרפלאָנטערט מיט די טריט אין איר קלייד, ווי זי וואָלט עס וועלן אַריבערשפּרייזן.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס האָט פּאַסירט? — האָט ער גע־פרעגט אָן איבערגעשראָקענער, לויפנדיק איר אַקעגן.

— זעץ דיך נעבן מיר. זעץ דיך אַזוי ווי דו שטייסט־און־גייסט. פּוץ זיך נישט. איך אייל זיך. איך וועל באַלד דאַרפן אַוועקגיין. ריר נישט די מופטע. וואַרט. דריי זיך אויס אויף אַ רגע.

ער האָט געהאָרכט. לאַראַ האָט געטראָגן אַן ענגלישן קאָסטיום. זי האָט אַראָפּגענומען דעם זשאַקעט, אים אויפגעהאָנגען אויף אַ טשוואָק און איבערגעלייגט ראַדיאַס רעוואָלווער פון דער מופטע אין דער קעשענע פון זשאַקעט. דערנאָך, זיך צוריקזעצנדיק אויפן טאַפּטשאַן, האָט זי גע־זאָגט:

— אַצינד קאָנסטו קוקן. צינד אָן אַ ליכט און לעש אויס די עלעקטרי.

לאַראַ האָט ליב געהאַט רעדן אין האַלב־טונקל, ביי אָנגעצונדענע ליכט. פּאַשאַ האָט שטענדיק געהאַלטן פאַר איר אין זאַפּאַס, אַ נישט־אויפ־געפּאַקט פּעקל ליכט. ער האָט געביטן דאָס צאַנקנדיקע שטיקל ליכט אין לייכטער אויף אַ ניי גאַנץ ליכט, עס געשטעלט ביים פענצטער און אָנ־געצונדן. די פלעמלעך האָבן זיך צוגעכאַפּט צום סטעאַרין־חלב און גע־קנאַקט און געשפּריצט און געשאָסן מיט שטערנדלעך און פיילן. די שטוב איז פול געוואָרן מיט ווייכער ליכטיקייט. אין אייז פון דער שויב, אויף דער הייך פון ליכט, האָט גענומען אויפטאַיען אַ שוואַרץ אייגל.

— הער, פּאַטוליאַ, — האָט געזאָגט לאַראַ. — ביי מיר זענען פאַראַן קאָמפּליקאַציעס. מ׳דאַרף מיר צוהעלפן זיך אַרויסקריגן דערפון. שרעק זיך נישט און פרעג מיך נישט, נאָר צעשייד זיך מיטן געדאַנק — אַז מיר זענען פונקט ווי אַלע. בלייב נאָר נישט רויק. איך בין תמיד אין

סכנה. אויב דו האָסט מיך ליב און ווילסט מיך אָפּהאַלטן פון אומקום, דאַרף מען נישט אָפּלייגן, קום, לאָמיר שטעלן אַ חופה.

— נו, דאָס איז דאָך מיין שטענדיקער ווונטש, — האָט ער איר איבערגעשלאָגן. — באַשטים וואָס גיכער דעם טאָג, איך באַשטיי אויף יעדן באַליביקן טאָג, ווען דו וועסט נאָר וועלן. נאָר זאָג מיר פּשוט און קלאָר — וואָס איז מיט דיר? מאַטער מיך נישט מיט רעטענישן.

נאָר לאַראַ האָט אים פאַררעדט און אומבאַמערקט זיך אָפּגעצייגט פון אַ דירעקטן ענטפער. זיי האָבן נאָך לאַנג געשמועסט אויף טעמעס, וועלכע האָבן גאָרנישט געהאַט געמיינזאַמס מיט לאַראַס צער.

# 10

דעם ווינטער האָט יוראַ געשריבן זיין פאַרש־אַרבעט וועגן די נערוון־עלעמענטן אין דער אויגן־נעץ — צו דעם קאָנקורס אויף אַ גאָלדענעם מעדאַל אין אוניווערזיטעט. הגם יוראַ האָט געענדיקט אויף אַלגעמיינער טעראַפּיע, האָט ער געקענט דאָס אויג פּערפעקט, ווי אַ צוקונפטיקער אָקוליסט.

אין דער דאָזיקער פאַראינטערסירונג צו דער פיזיאָלאָגיע פון דער ראיה, האָט זיך אַרויסגעוויזן די צווייטע זייט פון יוראַס נאַטור, — זיינע שעפערישע אַוואַנסן; זיינע מעדיטאַציעס איבערן מהות פון קינסטלערישן בילד, און געבוי פון דער לאָגישער אידייע.

טאָניאַ און יוראַ זענען געפאָרן אין דראָזשקע־סאַנקעס צו דער יאָלקע־פייערונג צו די סווענטיצקיס. ביידע האָבן זיי געלעבט זעקס יאָר זייט ביי זייט זייערע אַלע יוגנטלעכע יאָרן ביז צום רייף ווערן. זיי האָבן ביידע זיך געקענט גענוי מיט אַלע קלענסטע קלייניקייטן. ביי זיי זענען געווען געמיינזאַמע געוווינשאַפטן, דער מאַניער פון דורכוואָרפן זיך מיט קורצע שאַרפזיניקייטן, דער מאַניער פון ענטפערן חכמהדיק־קאַפּויר. זיי זענען געפאָרן איצט שווייגנדיק, צופרעסנדיק די פראָסטיקע ליפּן, און נאָר פון צייט־צו־צייט זיך דורכגעוואָרפן מיט קורצע באַמערקונגען. יע־דער האָט זיך געטראַכט ס׳זייניקע.

יוראַ האָט זיך דערמאָנט, אַז ס׳דערנעענטערט־זיך דער טערמין פון קאָנקורס און מ׳דאַרף זיך אונטעראיילן מיטן ווערק. אין דער יום־טובדיקער בהלה פון סוף־יאָר וואָס פילט זיך אויף די גאַסן, איז ער אַריבערגעשפּרונגען פון יענע געדאַנקען אויף אַנדערע.

אויף גאָרדאָנס פאַקולטעט האָבן די סטודענטן אַרויסגעגעבן אַ העקטאָגראַפירטן זשורנאַל, גאָרדאָן איז געווען דער רעדאַקטאָר. יורא

האָט זיי שוין לאַנג געהאַט צוגעזאָגט אַן אַרטיקל וועגן בלאָקן. די גאַנצע יוגנט פון ביידע הויפטשטעט איז געווען פאַרדיבוקט מיט בלאָקן, און זיי און מישא — מער פון אַלעמען.

אָבער אויך די דאָזיקע מחשבות האָבן זיך איצט נישט לאַנג פאַרהאַלטן אין יוראַס מוח. זיי זענען געפאָרן, אַריינגעשטעקט די גאָמבעס אין די קעלנער, אָפּגעריבן די פאַרפרוירענע אויערן און געטראַכט פאַרשידנס. — נאָר אין איין געדאַנק זענען זיי זיך צונויפגעקומען.

די סצענע וואָס איז נישט לאַנג צוריק פאָרגעקומען ביי אַננאַ איוואַנאָוונאַ — האָט זיי ביידע ווי איבערגעבוירן. זיי האָבן ממש געהאַט פאַרזעען, און געקוקט איינער אויפן צווייטן מיט נייע אויגן.

טאָניאַ, די לאַנגיעריקע חברטע, אָט די באַנעמלעכע, פאַרשטענדלעכע רעאַליטעט, וואָס פאָדערט נישט קיין שום אויפקלערונגען, — האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר דעם סאַמע אומדערגרייכבאַרן און קאָמפּליצירטסטן פון אַלעם, וואָס ער, יוראַ האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, — אַלס פרוי. ביי אַ געוויסער אָנשטרענגונג פון דער פאַנטאַזיע האָט יוראַ זיך געקאָנט פאָרשטעלן ווי אַן אַרויפקלעטערער אויפן באַרג אַררט, ווי אַ העלד, אַ נביא, אַ זיגער, אַלץ נאָר וואָס ער וויל, — אָבער נישט ווי אַ — פרוי.

און אָט די דאָזיקע שווערע גאָר האַרבע אויפגאַבע האָט גענומען אויף אירע דאַרינקע און שוואַכע פּלייצעס — טאָניאַ (זי האָט זינט דעמאָלט פּלוצים גענומען יוראַן זיך אויסווייזן ווי אַ דאַרע און שוואַכע, כאָטש זי איז געווען אַ קאָמפּלעט געזונט מיידל). און ער איז פול געוואָרן מיט הייסן געפיל צו איר, מיט נישט דרייסטער באַוווּנדערונג — וואָס איז דער אָנהייב פון — ליבשאַפט־גליסטונג.

דאָס זעלבע, מיט די אַנטשפּרעכיקע ענדערונגען, איז פאָרגעקומען אין דער באַציונג פון טאָניאַ צו יוראַן. יוראַ האָט געטראַכט, אַז אַ שאָד וואָס זיי זענען אַוועקגעפאָרן פון שטוב. עס זאָל נאָר נישט עפּעס־וואָס פּאַסירן אין זייער אָפּוועזנהייט. און ער האָט זיך דערמאָנט. געוואָר ווערנדיק, אַז אַננאַ איוואַנאָוונאַ איז ערגער, זענען זיי, שוין אָנגעטוענע, אַריינגעגאַנגען צו איר און פאָרגעלייגט אַז זיי וועלן איבערבלייבן. זי האָט מיט איר שטענדיקער שאַרפקייט זיך קעגנגעשטעלט קעגן דעם, און פאַרלאַנגט אַז זיי זאָלן פאָרן צו דער ווייַנאַכטבוים־פייערונג. יוראַ און טאָניאַ זענען אַרונטער הינטערן פאָרהאַנג אין דער טיפער פענצטערנישע, כדי אַרויסצוקוקן און זען ס׳וועטער. ווען זיי זענען אַרויס פון דער נישע, האָבן ביידע טיול־פאָרהאַנגען ווי צוגעקלעבט זיך צום נייעם שטאָף פון זייערע קאָסטיומען. דער לייכטער ליין־וועב האָט זיך אויף עטלעכע טריט נאָכגעשלעפּט נאָך טאָניאַ, ווי אַ חופּה־שלייער ביי אַ

כלה. אַלע האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, אַזוי האָט עס זיך אַלעמען אין שלאָפצימער, גלייכצייטיק, אָן רייד, געוואָרפן אין די אויגן אַריין די דאָזיקע ענלעכקייט.

יוראַ האָט געקוקט אין די זייטן און געזען דאָס זעלבע, וואָס נישט לאַנג פאַר אים, האָט זיך געוואָרפן לאַראַן אין די אויגן אַריין. זייערע שליטנס האָבן אַנגעמאַכט אַן אומנאַטירלעכן, הויכן גערויש, וואָס האָט אַזוי אויסטערליש לאַנג אָפגעהילכט אונטער די פאַראייזיקטע ביי־מער אין די גערטנער און אויף בולוואַרן.

די לויכטנדיקע פון אינעווייניק פענצטער וועלכע זענען באַהאָנגען מיט אייז־צעפּלעך, זענען ענלעך צו וווּנדערלעכע כישוף־קעסטעלעך פון פאַרויכערטן שיכטן־טאָפּאַז. אינעווייניק אין די שטובן האָט מען גע־פראַוועט און געפייערט דאָס יומטובדיקע לעבן פון מאָסקווע, ס׳האָבן גע־ברענט די ווייַנאַכטס־ביימער, ס׳קומען געסט אויף געסט. מ׳שפּילט אין באַהעלטעניש. און אין „אַרומבלאָנדזשענדיקן רינגל״.

פּלוצים האָט יוראַ אַ טראַכט געטון, אַז בלאָק — דאָס איז אַ ווייַנאַכטס־דערשיינונג אין אַלע געביטן פון רוסישן לעבן, אין צפונדיקן שטאָטישן שטייגער לעבן און אין דער נייעסטער ליטעראַטור, אונטער דעם אויסגעשטערנטן הימל פון דער מאָדערנער גאַס און אַרום דער אָנגעצונדענער יאָלקע אין סאַלאָן פון אונדזער צייט. ער האָט געטראַכט, אַז מ׳דאַרף בכלל נישט קיין שום אַרטיקל וועגן בלאָקן, מ׳דאַרף פּשוט אָנשרייבן אַ רוסיש ליבגעזאַנג צו די אור־מכשפים, ווי ביי די האָלענדער, מיט אַ פראָסט, אַ וואָלף און אַ טונקעלן יאָדלע־וואַלד.

זיי זענען דורכגעפאָרן קאַמערגערסקי. יוראַ האָט געווענדעט זיין אויפמערקשאַמקייט אויף אַ שוואַרצן צעצויגענעם דורכשפּאַלט אין אייז־אָנ־וווקס אויף איינעם פון די פענצטער. דורך דעם דאָזיקן דורכשפּאַלט האָט דורכגעלויכטן דאָס פייער פון אַ ליכט, וואָס איז דורכגעדרונגען אין גאַס אַריין כמעט ווי מיט אַ צילבאַוווּסטן בליק, פּונקט ווי דער פלאַם וואָלט זיך אונטערגעקוקט נאָך די דורכפאָרנדיקע, און וואָלט ווען אָפּ־געוואַרט.

דאָס ליכט האָט געברענט אויפן טיש. ס׳ליכט האָט געברענט...״ — האָט יוראַ געשעפּטשעט פאַר זיך, — ווי דער אָנהויב פון עפּעס טרוי־עריקעס, פאַרמלאָזעס, — מיט דער האָפענונג אַז דער המשך וועט שוין קומען ווי־עס־איז פון זיך אַליין, אָן צוואַנג. עס איז נישט געקומען.

# 11

זינט שוין לאַנג־לאַנג האָט מען ביי די סוועטיצקיס געפּראַוועט די ווייַנאַכטן לויטן דאָזיקן נוסח. אַרום צען, ווען מען האָט שוין אַהיימגעשיקט דאָס קליינוואַרג, האָט מען אָנגעצונדן אַ צווייטע יאָלקע, — פאַר דער יוגנט און דערוואַקסענע, און מען האָט זיך משמח געווען ביז פאַרטאָג. די מער עלטערע מענטשן האָבן אַ גאַנצע נאַכט געשפּילט אין קאָרטן, אין דעם דריי־ווענטיקן פּאָמפּיי־סאַלאָן, וואָס איז אַ המשך פון גרויסן זאַל און אָפּגעטיילט פון אים מיט שווערע פּאָרטיערעס, אויף גרויסע, בראָנזענע רינגען. פאַרטאָג האָט מען מכבד געווען דעם גאַנצן עולם מיטן נאַכטמאָלצייט.

— פאַרוואָס זענט איר אַזוי שפּעט געקומען? — האָט אין דורכגעלויף זיי אַ פרעג־געטון זשאָרש, די סוועטיצקיס אַ פּלימעניק, דורכאיילנדיק דורכן קאָרידאָר צו דער דירה פון דעם פעטער און מומע. אויך יוראַ און טאָניאַ האָבן באַשלאָסן אַריינגיין זיך באַגריסן מיט די באַלעבאַטים, און אויסטוענדיק־זיך אין גאַנג האָבן זיי אַריינגעקוקט אין זאַל.

אַרום דער ברענענדיקער יאָלקע, אַרומגעקרייזט עטלעכע־פאַר מיטן אַרעאַל פון שיינענדיקער אויסשטראַלונג, רוישנדיק מיט די קליידער, אָנטרעטנדיק־זיך איינער־דעם־צווייטן אויף די פיס, האָט זיך באַוועגט אַ שווארצע וואַנט פון שפּאַצירנדיקע און שמועסנדיקע, וועלכע זענען נישט געווען פאַרנומען מיט טאַנצן.

אינמיטן דעם קרייז האָבן זיך שגעונ׳דיק געדרייט די טאַנצנדיקע. עס האָט זיי אַרומגעקרייזט, איינגעשטעלט פּאָרוויז, אויסגעצויגן אין אַ קייט — דער ליצייִאיסט, דער זון פון וויצע־פּראָקוראָר, קאָקאַ קאָרבאַקאָוו. ער האָט דיריגירט מיט די טענץ און געריסן זיך אויפן האַלדז פון איין עק זאַל צום צווייטן: „גראַן ראָנד! שען שינוואַז!‟ (אַ גרויסן קרייז! אַ כינעזיש קייט!), און אַלץ איז געטון געוואָרן ווי ער האָט געהייסן — „אין וואַלס — סיל ווו פּלעי!‟ (אַ וואַלץ — ביטע־שיין!) האָט ער גאָרגלענדיק געררופן צום פּיאַניסט־באַגלייטער און אַליין געפירט אין שפּיץ פון ערשטן טור זיין דאַמע. — „אַ טרואַ טאַן, אַ דע טאַן‟ (אין דריי טאַקטן, אין צוויי טאַקטן). און אַלע האָבן פאַרלאַנגזאַמט, פאַרפאַמעלעכט די טריט, ביז שוין קוים אַ באַמערקבאַרן טרעטן אויפן אָרט, וואָס עס איז שוין נישט געווען קיין וואַלץ, נאָר גיכער זיינס אַן אויסגייענדיקער עכאָ. און אַלע האָבן אַפּלאָדירט. און דעם דאָזיקן טרעטנדיקן, טומלענדיקן און רעשנדיקן עולם האָט מען צוגעטראָגן אייזקרעם און קאַלטע געטראַנקען. די צעהיצטע יונגעלייטלעך און מיידלעך האָבן אויף

אַ מינוט אויפגעהערט צו שרייען און לאַכן, אייליק און גיריק געשלונגען דעם קאַלטן אָראַנזשאַד און לימאָנאַד, און קוים באַוויזנדיק אַוועקצושטעלן דעם באָקאַל אויף דער טאַץ, האָבן זיי ווידער אויפסניי גענומען שרייען און לאַכן, צענפאַך מערער ווי פריער, ווי עס וואָלט זיי אַרומגעכאַפּט עפּעס אַ שגעון פון פרייד.

נישט אַריינגייענדיק אין זאַל אַריין, זענען טאַניאַ און יוראַ געגאַנגען צו די באַלעבאַטים אין הינטערטייל פון דער דירה.

# 12

די אינעווייניקסטע צימערן פון די סוועטיצקיס זענען געווען פאַרלייגט מיט איבעריקע זאַכן, וועלכע מען האָט געהאַט אַרויסגעטראָגן פון סאַלאָן און זאַל כדי צו מאַכן דאָרט גרוימער. דאָ איז געווען די צויבער־קיך פון די באַלעבאַטים, זייער הייליקער קאַמער. דאָ האָט געשמעקט מיט פאַרב און מיט קלעי, דאָ זענען געלעגן ראַלקעס קאָלירט פּאַפּיר, דאָ זענען אָנגעשטעלט שאַכטעלעך מיט חנאַ־שטערנדלעך און אַ זאַפּאַס פון יאָלקע־ליכטלעך.

די אַלטיטשקע סוועטיצקיס האָבן אויסגעשריבן נומערלעך צו מתנות, צעטעלעך מיט אָנגעצייכנטע ערטער צום נאַכטמאָל און בילעטן צו עפּעס אַ לאָטעריע וואָס האָט באַדאַרפט צושטאַנד קומען. זשאָרזש האָט זיי צוגעהאָלפן, נאָר ער האָט זיך אָפט טועה געווען מיט דער נומעראַציע. די אַלטע האָבן בייזע אויף אים געוואָרטשעט. די סוועטיצקיס האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט יוראַ און טאַניאַ. זיי האָבן זיי דערמאָנט ווען זיי זענען נאָך געווען קליינטשיקע. און אַן צערעמאָניעס, אָן ווייטערער גערע־דעריי, זיי אַוועקגעזעצט גלייך צו דער דאָזיקער אַרבעט.

— פעליצאַטאַ סעמיאָנאָוונאַ פאַרשטייט נישט, אַז וועגן דאָזיקן האָט מען באַדאַרפט פריער אַ טראַכט טוען? און נישט אין סאַמע מיטן מהומה,בעת די געסט זענען שוין דאָ? אַך, זשאָרזש, דו שלים־שלימזל. האָסט שוין ווידער עפּעס פאַרפּלאָנטערט מיט די נומערן! עס איז געווען אַ רייד אַז די באָמבאָניערקעס מיט די מאַרצעפּאַנעס — סאָרטירן אויפן טיש, און די ליידיקע — אויפן טעפּיך, און ביי איך איז ווידער פאַר־קערט און קאָפּויער, צעמישט און צעחושט.

— איך פריי מיך זייער, וואָס אַנעטאַן איז בעסער. מיר מיט פּיערן האָבן זיך צוליב איר זייער באַאומרויקט.

— אָבער יאָ, ליבינקע, איר איז גראָד דווקא ערגער, ערגער, —

פֿאַרשטייסט, און ביי דיר איז תמיד — „דעוואַן־דעריער" (דאָס הינטער־שטע פֿון פֿאַרנט, אַלץ פֿאַרקערט).

יוראַ און טאַניאַ זענען צוזאַמען מיט זשאַרזשן זיך פֿאַרזעסן דאָ אַ האַלבן אָוונט מיט די אַלטע אין זייערע הינטערקוליסן פֿון דער ווײַ־נאַכט־שמחה.

# 13

איבער דער גאַנצער צייט וואָס זיי זענען דאָ געזעסן מיט די סוועטיצקיס, איז לאַראַ געווען אויפֿן זאַל. כאָטש זי איז נישט געווען אָנגעטון באַל־מעסיק, און זי האָט דאָ קיינעם נישט געקענט, האָט זי געלאָזט מיט זיך, ווי אין אַ חלום, אַרומדרייען פֿון קאָקאַ קאָרנאַקאָוון אָדער גאָר סתם זיך אַרומבלאָנקען איבערן זאַל. ווי מען וואָלט זי אין וואַסער אַראָפּגעלאָזן.

לאַראַ האָט זיך שוין איינמאָל און אַ צווייט מאָל אָפּגעשטעלט אַ וואַקלדיקע, נישט־דעצידירטע, אויפֿן שוועל פֿון סאַלאָן, אין דער האָפֿע־נונג אַז קאָמאַראָווסקי, וואָס זיצט מיטן פּנים צום זאַל, וועט זי באַמערקן. נאָר ער האָט געקוקט אין זיינע קאָרטן וועלכע ער האָט געהאַלטן אין דער לינקער האַנט ווי אַ פֿאַנצער פֿאַר זיך. איז אָדער ער האָט זי פּאַקטיש נישט געזען, אָדער ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער זעט זי נישט. פֿון באַליידיקונג האָט ביי לאַראָן זיך פֿאַרהאַקט דער אָטעם — אין דאָזיקן מאָמענט איז אַריינגעקומען פֿון זאַל אין סאַלאָן אַריין, אַן אומבאַקאַנט, פֿאַר לאַראָן, מיידל. קאָמאַראָווסקי האָט אַ קוק געטון אויף דער אַריינגייענדיקער — מיט יענעם בליק וועלכן לאַראַ האָט אַזוי גוט געקענט. דעם מיידל האָט עס הנאה געטון און זי האָט צוגעשמייכלט קאָמאַראָווסקין, האָט זיך פֿאַררויטלט און צעטומלט. דערזעענדיק דאָס, האָט לאַראַ שיער נישט אויפֿגעשריגן. אַ רויטקייט פֿון בושה האָט געדיכט באַגאָסן איר געזיכט.

— עס האָט זיך פֿאַררויטלט ביי איר דער שטערן און דער האַלדז. „אַ נייער קרבן", — האָט זי אַ טראַכט געטון. לאַראַ האָט דערזעען, ווי אין שפּיגל, זיך אינגאַנצן, און איר גאַנצע געשיכטע. נאָר זי האָט זיך נאָכנישט אָפּגעזאָגט פֿונעם געדאַנק זיך דורכצושמועסן מיט קאָמאַ־ראָווסקין. זי האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן דעם פּרווו אויף אַ מער פּאַסיקער מינוט, און זי האָט זיך געצוווּנגען צו באַרויקן. זי האָט זיך צוריקגעקערט אין זאַל.

מיט קאָמאַראָווסקין ביי איין טיש האָבן געשפּילט נאָך דריי פּערזאָן.

איינער פון זיינע פּאַרטנערן, וועלכער איז געזעסן צוזאַמען מיט אים, איז געווען דער פּאַטער פון דעם פּאַצעט־ליציאַליסט, וועלכער האָט לאַראַן איינגעלאַדן צו אַ וואַלץ. דאָס האָט לאַראַ פאַרשטאַנען פון די צוויי־דריי ווערטער מיט וועלכע זי האָט זיך דורכגעוואָרפן מיטן קאַוואַליר, דורכ־גייענדיק מיט אים איבערן זאַל. און די הויכע ברונעטקע, שוואַרץ געקליידט, מיט די פיבערדיק־גליענדיקע אויגן און אומאַנגענעמען, שלאַנגעדיק אָנגעצויגענעם האַלדז, וועלכע איז יעדע ווילע דורכגעגאַנגען פון סאַלאָן אין זאַל אַריין, אויפן פעלד פון זונס טעטיקייט, און ווידער צוריק אין סאַלאָן אַריין, צום שפּילנדיקן מאַן, — איז געווען די מוטער פון קאָקאָ קאָרנאַקאָוו. ענדלעך האָט זיך צופעליק אַרויסגעוויזן, אַז דאָס מיידל, וועלכע איז געווען די סיבה פון לאַראַס קאָמפּליצירטן געפיל־אויפברויז, איז קאָקאָס אַ שוועסטער. און אַז די אַלע לאַראַס מחשבות און השערות זענען לגמרי גרונטלאָז.

— קאָרנאַקאָוו, — האָט זיך קאָקאָ אין סאַמע אָנהייב טאַנץ פאָרגעשטעלט פאַר לאַראַן. נאָר דעמאָלט האָט זי זיך נישט פאַנאַנדערגעקליבן. — קאָרנאַקאָוו, — האָט ער איבערגעחזרט בעתן לעצטן גליטשיקן טאַנץ־בויג, צופירנדיק זי צום שטול און פאַרנייגנדיק זיך. ערשט אַצינד האָט לאַראַ דעם נאָמען יאָ דערהערט. — קאָרנאַקאָוו, קאָרנאַקאָוו, — האָט זי זיך פאַרטראַכט. — עפּעס קענטלעכס, עפּעס־אַזוינס אומאַנגענעמס. דערנאָך ערשט האָט זי זיך דערמאָנט. קאָרנאַקאָוו — וויצע־פּראָקוראָר פון דער מאָסקווער געריכטס־פּאַלאַטע. ער האָט באַשולדיקט אַ גרופּע באַן־אַרבעטער, צווישן מיט זיי איז אויך געמשפּט געוואָרן טיווערזין. לאַווורענטי מיכאַילאָוויטש, אויף לאַראַס בקשה, איז געפאָרן אים אונטער־שמירן, אַז ער זאָל זיך נישט אַזויפיל צאַרענען אויפן דאָזיקן פּראָצעס, אָבער מען האָט אים נישט איינגעבראָכן. איז עס גאָר אַזוי־אָ! יאָ, יאָ, יאָ, אינטערעסאַנט. קאָרנאַקאָוו. קאָרנאַקאָוו.

## 14

עס איז געווען איינס אָדער צוויי ביינאַכט. ביי יורא איז געווען אַ גערויש אין די אויערן. נאָך דעם איבעררייס, בעת מען האָט אין עס־זאַל געטרונקען טיי מיט קליינע קיכעלעך, — פּטיפורקעס, האָבן די טענץ זיך באַנייט. ווען די ליכטלעך אויף דער יאָלקע האָבן אויסגעברענט, האָט שוין קיינער זיי נישט געביטן.

יורא איז געשטאַנען אַ צעשטרייטער אין מיטן זאַל און געקוקט אויף טאָניאַ, אַ טאַנצנדיקע מיט עפּעס אַן אומבאַקאַנטן. דורכשווימענדיק

פֿאַרביי יוראַן, האָט טאַניאַ, מיט אַ באַוועגונג פֿון פֿוס, געטון אַ שאַרץ אַוועק די נישט גרויסע שלעפּ פֿון דעם שוין צו־לאַנגן אַטלאַס־קלייד, און אַ פֿליעסקע טוענדיק, ווי אַ פֿישל, איז זי נעלם געוואָרן צווישן המון טאַנצנדיקע.

זי איז געווען גאָר פֿאַרביטערט. בעת דער פּויזע, ווען זיי זענען געזעסן אין עס־זאַל, האָט טאַניאַ זיך אָפּגעזאָגט פֿון טיי און געשטילט איר דאָרשט מיט אַן אַ שיער מאַנדאַרינקעס, וועלכע זי האָט אַן אויפֿהער אָפּגעשיילט פֿון דער שמעקעדיקער, לייכט זיך־שיילנדיקער שאָל. זי האָט יעדע רגע אַרויסגענומען פֿון פֿאַסעק אָדער פֿון אַרבל אַ באַטיסטן טיי־כעלע, אַזאַ קלייניטשיקס, ווי דאָס בליעכל פֿון אַ פּרוכטן־בוים. און אָפּ־געווישט די שטראָמעלעך שוויס ביי די ליפּן־קאַנטן און צווישן די קלע־פּיקע קליינע פֿינגער אירע. לאַכנדיק און נישט איבעררייסנדיק דעם לעבהאַפֿטן געשפּרעך, האָט זי מעכאַניש צוריק אַריינגערוקט דאָס טיכל הינטערן פֿאַסעק אָדער הינטער דער פֿאַלבאַנקע פֿון ביוסטהאַלטער.

אַצינד, טאַנצנדיק מיט אַן אומבאַקאַנטן קאַוואַליר, בעתן אַ קער־טון זיך, האָט טאַניאַ פֿאַרטשעפּעט דעם אויסמיידנדיקן און פֿאַרמרה־שחורהטן יוראַ, אים שטיפֿעריש אַ קוועטש געטון די האַנט און באַדייטפֿול געשמייכלט. ביי איינעם אַזאַ האַנטדרוק, איז דאָס טיכעלע וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט, פֿאַרבליבן ביי יורא אין האַנט. ער האָט עס צוגע־דריקט צו די ליפּן און פֿאַרמאַכט די אויגן. דאָס טיכעלע האָט אַרויסגע־געבן פֿון זיך אַ געמישטן ריח, פֿון מאַנדאַרינקע־שאָלעכץ און פֿון טאַ־ניעס הייסער האַנטפֿלאַך, ביידע האָבן אים אַלציינס באַצויבערט. דאָס איז געווען עפּעס־וואָס נייעס אין יוראָס לעבן, אַ נאַכנישט אויסגעפּרוווטס, שאַרף־דורכדרינגענדיק פֿונדערהייך אינדערנידער. דער קינדיש־נאַיווער ריח איז געווען צאַרט־פֿאַרשטענדלעך, ווי עפּעס־וואָס אַ וואָרט וואָס איז געשעפּטשעט געוואָרן אין דער טונקל. יורא איז געשטאַנען, אַריינגעטון די אויגן און ליפּן אין דער האַנטפֿלאַך מיטן טיכל און אָטעמענדיק דער־מיט. פּלוצים האָט אין הויז דערהערט זיך אַ שאָס.

אַלע האָבן אַ ווענד געטון דעם קאָפּ צו די פֿוירהאַנגען, וועלכע האָבן אָפּגעטיילט דעם סאַלאָן פֿון זאַל. אַ מינוט האָט געדויערט דאָס שווייגן. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די בהלה. אַלע האָבן אַרומגערו־דערט און געשריגן. אַ טייל האָט זיך געוואָרפֿן נאָך קאָקאַ קאָרנאַקאָווו, אויף דעם אָרט ווו עס איז געפֿאַלן דער שאָס. פֿונדאַנען איז מען שוין אָקעגנגעקומען, געדראָט, געוויינט, שפּאַרנדיק זיך און איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן.

— וואָס האָט זי אָפּגעטון, וואָס האָט זי אָפּגעטון, — האָט אין פאַרצווייפלונג איבערגעחזרט קאָמאַראָווסקי.

— באַריאַ, דו לעבסט? באַריאַ, דו לעבסט? — האָט היסטעריש געשריגן די מאַדאַם קאַרנאַקאָווא. — מען האָט געזאָגט אַז עס איז דאָ צוגאַסט דאָקטאָר דראָקאָוו. נו טאָ ווו איז ער, ווו איז ער? אַך, לאָזט צורו, ביטע! פאַר איך איז עס אַ צעדראַפּע, און פאַר מיר איז עס אַ באַזי־ניקונג פאַר מיין גאַנץ לעבן. אָ, מיין אָרעמער מאַרטירער, דער אויפדעקער פון אַלע פאַרברעכער. אָט איז זי, דער אויסוואורף, — איך וועל דיר די אויגן אויסדראַפּן, דו געמיין שטיק! נו, איצט וועסטו שוין נישט אַנטרונען! וואָס האָט איר געזאָגט, גאָספּאָדין קאָמאַראָווסקי? אין איך? זי האָט געשאָסן אין איך? ניין, איך קאָן נישט. ביי מיר איז גרויס דער צאָרן, גאָספּאָדין קאָמאַראָווסקי, באַזינט איך, איצט איז נישט די צייט אויף וויצלען זיך. — קאָקאָ, קאָקאָטשקאָ, נו וואָס וועסטו זאָגן! אויף דעם פאָטער דיינעם... יאָ... אָבער גאָטס האַנט... קאָקאָ! קאָקאָ!

דער עולם פון סאַלאָן האָט זיך אַריינגעשטופּט אין זאַל. אין מיטן איז געגאַנגען קאַרנאַקאָוו, ווײלעריש און וויצלעריש פאַרזיכערנדיק אַלע־מען אַז עס איז אים אַבסאָלוט גאָרנישט געשען, און ער האָט צוגעדריקט מיט אַ ריין טישטעכל די בלוט־טריפנדיקע לייכטע וווּנד אויף זיין לינקער האַנט. אין דער צווייטער גרופּע, אַ ביסל אין אַ זייט, האָט מען פון הינטן־צו, ביי די הענט, געפירט לאַראַן.

יורא איז פאַרציטערט געוואָרן דערזעענדיק זי. — אָט די זעלבע! און ווידער — ביי וואָסערע אויסטערלישע באַדינגונגען! און ווידער דער דאָזיקער גרוי־ווערנדיקער מאַן. אָבער אַצינד קען אים יורא. דאָס איז דער באַוווסטער אַדוואָקאַט קאָמאַראָווסקי. ער האָט געהאַט אַ שייכות צום ענין פון דער פּאָטער־ירושה. מען קאָן צו אים נישט גריסן. יורא און ער מאַכן דעם אָנשטעל אַז זיי קענען זיך נישט. און זי... יאָ, דאָס האָט זי געשאָסן? אין פּראָקוראָר? מסתמא איז זי אַ פּאָליטישע. אָרעמע! אַצינד וועט איר זיין ביטער. ווי שיין שטאָלץ זי איז! און זיי, די דאָזיקע! זיי שלעפּן זי, די טייוואָלים, אַרונטערדרייענדיק איר די הענט, ווי ביי אַ געכאַפּטער גנבטע.

נאָר גלייך האָט ער באַנומען אַז ער איז זיך טועה. לאַראַ איז גע־גאַנגען ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס. מען האָט זי געהאַלטן ביי די הענט כדי זי זאָל נישט אומפאַלן, און קוים מיט מי האָט מען זי צוגעפירט צום נאָנטסטן שטול אויף וועלכן זי איז אָוועקגעפאַלן.

יורא איז צו איר צוגעלאָפן כדי זי אָפּצומונטערן, נאָר צוליב פאָ־

סיקייט, האָט ער באַשלאָסן פריער אַרויסצוווייזן פּאַראינטערעסירונג מיטן קרבן פון אַטענטאַט.

ער איז צוגעגאַנגען צו קאַרנאַקאָוון און געזאָגט:

— מען האָט דאָ געבעטן מעדיצינישע הילף. איך קאָן זי געבן. ווייזט מיר אייער האַנט. נו, גאָט האָט אייך אָפּגעגליקט. דאָס זענען אַזעלכע קלייניקייטן, וואָס איך דאַרף אפילו נישט באַנדאַזשירן. נו, אַביסל וואַסער וועט נישט שאַטן. אָט איז פעליצאַטאַ סעמיאָנאָוונאַ, מיר וועלן בעטן ביי איר.

פרוי סוועטיצקאַ און טאַניאַ, האָבן מיט חושכדיקע פּנימער זיך גיך דערנענטערט צו יורא. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז ער זאָל אַלץ לאָזן און גיין שנעל זיך אָנטון, מען איז געקומען צו פאָרן נאָך אים, אין שטוב איז עפּעס געשען. יורא האָט זיך איבערגעשראָקן, אָננעמענדיק אַז עס איז געשען דאָס סאַמע ערגסטע, און פאַרגעסנדיק אין אַלעם אויף דער וועלט, איז ער געלאָפן זיך אָנטון.

# 15

ווען זיי זענען קוים אַריינגעלאָפן אין הויז אַריין פון סיווצעוו-געסל, ברעכנדיק דעם קאָפּ, האָבן זיי שוין נישט געטראָפן אַננאַ איוואַנאָוונאַן צווישן די לעבעדיקע. דער טויט איז געקומען צען מינוט פאַר זייער אָנקומען. די סיבה דערצו איז געווען אַ לאַנגדויערנדיקער אַטאַק פון שטיקן זיך, צוליב אַ שאַרפער, נישט-אין-צייט דערקענטער, לונגען-געשווילעכץ.

אין די ערשטע שעהן האָט טאַניאַ געשריגן ווי אַ באַנומענע און באַזעסענע, זי האָט ספּאַזמאַטיש זיך געשלאָגן, האָט קיינעם נישט דער-קענט. אויפן צווייטן טאָג האָט זי זיך איינגעשטילט, געדולדיק אויסגע-הערט וואָס עס האָבן איר געזאָגט דער פאָטער, יורא. זי האָט נישט געקאָנט אָפּענטפערן נאָר מיט קאָפּ-נייגונגען, ווייל ווי נאָר זי האָט געעפנט דאָס מויל, איז דער צער זי באַפאַלן מיט דער זעלבער פריע-רער קראַפט, און עס האָבן פון זיך אַליין גענומען זיך אַרויסרייסן פון איר געשרייען, ווי פון אַ פאַרדיבוקטער.

אין די הפסקות צווישן די פּאַניכידעס, האָט זי שעהנווייז זיך גע-שטעלט אויף די קני ביים בעט פון דער נפטרער, אַרומגענומען מיט אירע גרויסע שיינע הענט דעם ברעג פון דער טרומנע, צוזאַמען מיט דעם פּאַסטומענט אויף וועלכן די טרומנע, אַ באַדעקטע מיט בלומען, איז געשטאַנען. זי האָט קיינעם אַרום נישט באַמערקט. אָבער ווי נאָר איר

בליק האָט זיך אָנגעטראָפן מיט די אויגן פון די נאָנטע, האָט זי זיך גיך אויפגעשטעלט, מיט אײליקע טריט זיך אַרויסגעשאַרט פון זאַל. זי האָט קוים אײנגעהאַלטן די שלוכצערײען, און געשווינד געלאָפן איבער די שטיגן, צו זיך אויבן־אַרויף, און אַרײנוואַרפנדיק זיך אין בעט, האָט זי אין קישן פאַרגראָבן די אויסברוכן פון צעבושעוועטער פאַרצווייפלונג.

פון צער, פון לאַנגן שטײן אויף די פיס און נישט־דערשלאָפן, פון דעם געדיכטן געזאַנג און בלענדנדיקן ליכט פון די ליכט בייטאָג און בײנאַכט, און פון דער פאַרקילונג וואָס ער האָט געכאַפּט אין יענע טעג, — איז ביי יוראַ אין דער נשמה געווען אַ מין זיסער קאַצניאָמער, אַ מין שלווהדיק רעדן־פון־היץ, אַ יסורימדיקע דערהויבנקייט.

מיט צען יאָר צוריק, ווען מען האָט צו־קבורה־געברענגט זיין מאַמען, איז יורא געווען נאָך לגמרי אַ יונגינקער. ער געדענקט נאָך ביז היינט ווי ער האָט נחמה׳לאָז געוויינט, אַ געטראָפּענער פון דעם צער און גרויל. דעמאָלט איז דאָס עיקרדיקע געווען נישט אין אים. דעמאָלט האָט ער קוים־וואָס באַנומען וואָס עס איז אַזוינס, אײנער אַזוינער, יוראַ, וועלכער שטעלט מיט זיך עפּעס פאָר, און האָט עפּעס אַ באַזונדערן ווערט. דעמאָלט איז דאָס וויכטיקסטע געווען דערין, וואָס עס איז געווען אַרום און אַרום, אין דעם דרויסנדיקן. די אויסערלעכע וועלט האָט אַרומגערינגלט יוראַן פון אַלע זייטן, חושימדיק, אומדורכדרינגלעך, באַשטענדיק, ווי אַ וואַלד, און אָט פון דעם־אָ איז יוראַ געוואָרן אויפגעטרייסלט צוליב דער מוטערס טויט, ווייל ער האָט געהאַט פאַרבלאָנדזשעט מיט איר אין דאָזיקן וואַלד, און ראַפּטעם איז ער געבליבן אין אים אײנער אַליין, אָן איר. דער דאָזיקער וואַלד איז באַשטאַנען פון אַלע זאַכן אויף דער וועלט, פון די וואָלקנס, די שטאָטישע שילדן, די באַלאָנען אויף די פייערלעשער־טור־רעמס, די שפּרינגנדיק־רײטנדיקע צערקווע־דינער פאַר דער קאַרעטע מיט דער „מאַטקע־באָסקע״, וועלכע טראָגן אין דער אָנוועזנהייט פון אַזויפיל הייליקע, אויערן־שיצערס אַנשטאָט היטלען אויף די אַנטבלויזטע קעפּ. דער דאָזיקער וואַלד איז באַשטאַנען פון די מאַגאַזין־אויסשטעל־פענצטער אין די פּאַסאַזשן, און פון אומדערגרייכלעכן הויכן נאַכט־הימל מיט די שטערן, מיט גאָטעניו, און מיט הייליקע.

דער דאָזיקער אומדערגרייכבאַרער הויכער הימל האָט זיך אָנגעבויגן נידעריק־נידעריק צו אים, צום קינדישן קעפּעלע און צו דער פלעגערינס קלייד־פּאָלע, בעת די ניאַנקע האָט אים דערציילט עפּעס אַזוינס געטלעכס. און עס איז געווען אַזוי נאָענט און היימיש, ווי דער שפּיץ פון נוסבוים אין טאָל בעת מען בייגט אַראָפּ זיינע צווייגן, און

מען רייסט פון אים אַראָפּ די גיס. עפּעס האָט זיך דער הימל ווי אונטער־געטונקען ביי זיי אין קינדער־צימער, אין דער מידניצע, אין דער באָד־גילדעטער באָד־שיסל, און אויסבאַדנדיק זיך אין פייער און אין גאָלד, האָט עס זיך פאַרוואַנדלט, פאַרטאָג צי פאַרנאַכט, אין אַ קליין־געסלדיק צערקוועלע, וווהין די ניאַניע האָט אים געפירט. דאָרט זענען הימלדקע שטערנס געוואָרן צו לעמפּעלעך, גאָטינקע — צו אַ גלח, און אַלע האָבן זיך צעשטעלט אויף זייערע דינסט־אַמטן — לויט זייערע, מער־ווינציקער, פעיקייטן. דעמאָלט האָט יורא, מיט זיין גאַנצן האַלב־חייהשן גלויבן, גע־גלויבט אין גאָט פון דאָזיקן וואַלד, ווי אין וואַלדוועכטער.

אַ גאַנץ אַנדערער ענין איז געוועזן אַצינד. די אַלע צוועלף יאָר שולע, מיטעלע און העכערע, וואָס יורא האָט געלערנט: אַלטערטום־געשיכטע, רעליגיע, לעגענדע, פּאָעזיע, וויסנשאַפט וועגן עבר און וועגן נאַטור — דאָס איז ביי אים געווען ווי אַ פאַמיליען־כראָניק פון זיין אייגענער היים, ווי זיין אייגענער יחוס־בריוו. אַצינד האָט ער פאַר גאָרנישט שוין מורא געהאַט, נישט פאַרן לעבן, נישט פאַרן טויט. אַלץ אויף דער וועלט, אַלע זאַכן, — זענען ווערטער פון זיין ווערטערבוך. ער האָט זיך געפילט ווי ער שטייט אויף איין הויך מיטן קאָסמאָס, מיט דער אַל־וועלט און שוין גאַנץ אַנדערש זיך פאַרהאַלטן איצט, בעתן אָפּריכטן די פּאַני־כידעס נאָך אַננאַ איוואַנאָוונאַ, ווי דעמאָלט, אין יענער צייט, נאָך זיין מאַמען.

דעמאָלט האָט ער זיך לגמרי פאַרלוירן פון ווייטיק, זיך געפילט דערשלאָגן, און מתפלל געווען. און איצט האָט ער געהערט אָפּריכטן דאָס מזכיר־נשמה־זיין ווי עפּעס נאָר אַ מיטטיילונג, אוממיטלבאַר געווענדעט צו אים, האָט אַ דירעקטע שייכות צו אים. ער האָט זיך איינגעהערט אין די דאָזיקע רייד, און האָט פאַרלאַנגט פון זיי אַ זינען, אַ פאַרשטענדלעך־אויסגעדרוקטן, ווי דאָס פאָדערט זיך אין יעדן ענין. זיין געירשנט געפיל לגבי די העכערע כוחות, פון דער ערד און הימל, וועלכע ער, פונקט ווי זיינע גרויסע פאָרגייער, האָט פאַרערט, — האָט נישט קיין שום געמיינזאַמס מיט פרומקייט.

# 16

„הייליקער גאָט, הייליקער און מעכטיקער, הייליקער אומשטערב־לעכער, זיי מוחל אונדז". וואָס איז דאָס אַזוינס? ווו איז ער? שוין אַרויס־געטראָגן. מען טראָגט ערשט איצט אַרויס. מען דאַרף זיך אויפכאַפּן. ער האָט זעקסע פאַרטאָג זיך אַנידערגעוואָרפן אין אָנטועכץ אויפן דאָזיקן

טאַפּטשאַן. ער האָט אוודאי היץ. מען זוכט אים איצט איבערן גאַנצן הויז און קיינעם פאַלט נישט איין אַז ער שלאָפט מיט אַ שווערן שלאָף אין ביבליאָטעק־צימער, אין ווייטן ווינקל, הינטער די הויכע ביכער־פּאָליצעס וואָס דערגרייכן ביזן סופיט.

—יוראַ, יוראַ!" — רופט אים ערגעצוו דערנעבן דער סטרוזש מאַרקעל. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרויסטראָגן, מאַרקעל דאַרף אַראָפּטראָגן אינדערנידער, אויף דער גאַס, די בלומענקרענץ, אָבער ער קאָן זיך נישט דעריזוכן יוראַן. דערצו נאָך איז ער שטעקן־געבליבן אין שלאָפצימער, ווו עס ליגן קופעס קרענץ, און אַ צעעפנטע טיר פון קליי־דערשאַנק האָט זיך פאַרטשעפּעט אין דער טיר פון שלאָפצימער, און מאַרקעל קאָן פּשוט פון דאָרט נישט אַרויס.

— מאַרקעל, מאַרקעל! יוראַ! — רופט מען פונדערנידער. מאַר־קעל האָט מיט אַ שטאַרקן זעץ זיך געספּראָוועט מיט די שטערונגען און ער לויפט אַראָפּ מיט עטלעכע קרענץ איבער די שטיגן.

„הייליקער גאָט, הייליקער און מעכטיקער, הייליקער־אומשטערב־לעכער". — ווייעט אַ שטיל, וואָגלדיק געזאַנג פון געסל און פאַרהאַלט זיך אין אים, יוראַן, ווי מען וואָלט דורכגעפירט מיט אַ ווייכער שטרויס־פעדער אין דער לופט. און אַלץ וויגט זיך: קרענץ, באַגעגנטע־באַקאַנטע, פערד־קעפּ פאַרהילטע מיט שוואַרצע דעקעס און פעדערן, שלענגלדיקן ווייריך פון אַ בעקן אויף אַ קייטעלע אין דער האַנט פון פּאָפּ, ווייסע ערד אונטער די פיס.

— יוראַ! גאָט מיינער, ענדלעך־ענדלעך. וועק זיך אויף, ביטע, — טרייסלט אים ביי דער פּלייצע שוראַ שלעזינגער, די וועלכע האָט אים ענדלעך דערטאַפּט. — וואָס איז מיט דיר? מען טראָגט דאָך שוין אַרויס. דו גייסט מיט אונז?

— נו, אומבאַדינגט.

# 17

די הספּד־געזאַנגען האָבן זיך פאַרענדיקט. די בעטלערס, וועלכע האָבן געפרוירענע געקלאַפּט אַ פוס־אין־אַ־פוס, האָבן זיך צונויפגעדריקט ענגער אין צוויי רייעס. עס האָט זיך געכוואַליעט און קוים־קוים באַוועגט דער לוויה־צוג, דאָס איינרעדלדיקע פורל מיט די קרענץ, די קאַרעטע פון די קריוגערס. נעענטער צו דער צערקווע האָבן די קוטשערס זיך שוין צוגעאיילט. פון צערקווע איז אַרויסגעגאַנגען אַ פאַרווייינטע שוראַ שלע־זינגער, און אונטערהייבנדיק דעם פון טרערן פייכטן וואַל, האָט זי מיט

געניטשאַפּט אַ שאַרפן בליק געטון אין דער נידער אַראָפּ צו די קוטשערס. אויסזוכנדיק צווישן זיי די טרעגערס פון קבורה־ביורא, האָט זי מיט אַ ווונק זיי צוגערופן צו זיך און אַוועק מיט זיי אין צערקווע. פון צערקווע האָט אַרויסגעשטראָמט וואָס אַמאָל אַלץ אַ גרעסערער עולם.

— און אָט איז געקומען אויך שוין די ריי אויף אַננאַ איוואַנאָוונאַ. „זי האָט געהייסן גריסן". זי האָט אַרויסגעצויגן, די אָרעמע, נעבעך, אַ ווייטן בילעט.

— יאָ, זי איז אַוועקגעשפּרונגען, די אָרעמע, נעבעך, אַוועק דער גריל, אויף אָפּרו.

— ביי אייך איז אַ קוטשער, צי איר פאָרט אויפן „עלף" (גייט צופוס) ?

— די פיס זענען פאַרשטייפט געוואָרן. מיר וועלן זיך אַ קאַפּיטשקע אַדורכגיין און דערנאָך וועלן מיר פאָרן.

— איר האָט באַמערקט ווי פּופּקאָוו לעבט דאָס איבער? ער האָט אַזוי געקוקט אויף דער נפטרניצע, זיך באַגאָסן מיט אַ האָגל טרערן, די נאָז פאַרנעצט, — ווי ער וואָלט זי געוואָלט אויפעסן. און דערנעבן שטייט דאָך איר מאַן.

— ער האָט אַ גאַנץ לעבן זיינס נישט אַראָפּגעלאָזט פון איר זיינע אויגענעס.

ביי אַזעלכע מין געשפּרעכן האָט מען זי אַוועקגעפירט אויפן צווייטן עק שטאָט אויפן בית הקברות. אין דעם טאָג האָט עס געטאַ׳עט נאָך די שטאַרקע פרעסט.

דער טאָג איז געווען פול מיט אומבאַוועגלעכער שווערקייט, אַ טאָג פון אַ געלאָזטן פראָסט און פון אַן אַוועקגעגאַנגענעם לעבן. אַ טאָג, וועל־כער איז ווי פון דער נאַטור אַליין באַשאַפן געוואָרן אויף לוויות. דער פאַרבלאָטיקטער שניי האָט ווי אַדורכגעלויכטן דורך דער פאַרצויגענער שוואַרצער קרעפּע. פון פלויט אַפּויר האָבן אַרויסגעקוקט טונקעלע, ווי זילבער מיט שוואַרץ, נאַסע יאָדלעס, וועלכע זעען אויס ווי זיי וואָלטן פראווען אבילות.

דאָס איז געווען דאָס זעלבע, אַזוי־גוט־געדענקטע, בית הקברות, דאָס רואָרט פון מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ. יוראַ איז אין די לעצטע יאָרן לגמרי נישט געקומען אויף זיין מאַמעס קבר.

„מאַמאָטשקאַ", מאַמעלע מיינע, — האָט ער אַ שעפּטשע געטון, פּונקט ווי פון יענע אַמאָליקע יאָרן, ווען ער האָט פונוויטנס אַ קוק־אַהין־געטון צו יענעם אָרט דאָרט.

די מלווים זענען זיך פּייערלעך פאַנאַנדערגעגאַנגען, אפילו ביל־

דעריש, איבער די אָפּגעריייניקטע סטעזשקעס, בייגנדיק־אויסמיידנדיק, וואָס דאָס האָט גאַנץ שלעכט אַנטשפּראָכן דער טרויערנדיקער פּאַמעלעכ־קייט פון זייערע שריט. אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט געפירט טאַניאַן אונטער דער האַנט. נאָך אים זענען געגאַנגען די קריוגערס. טאַ־ניאַן האָבן גאָר געפּאַסט די טרויער־מלבושים.

אויף דער קייט מיט צלמים איבער די קופּאָלן, און אויף די ראָזע ווענט פון די מאָנאַסטירן, האָבן זיך געהאָריקט ווייס־פּרעסטלדיקע צויטן, בערדיקע, ווי שימל. אין ווייטן ווינקל פון מאָנאַסטיר־הויף זענען פון וואַנט־צו־וואַנט געווען פאַרצויגן שטריק מיט וועש צום טרוקענען, העמ־דער מיט שווערע, רוישנדיקע אַרבל, טישטעכער פון פּערסיקעס־קאָליר, מיט קרומע, שלעכט־אויסגעדרענגטע ליילעכער. יוראַ האָט זיך איינגעקוקט אין דער דאָזיקער זייט און פאַרשטאַנען, אַז אָט דאָס אָרט אויף דער מאָנאַסטירישער ערד, ווו ס'האָט אַמאָל דאָ געבושעוועט אַ זאַווייערוכע, איז פאַרביטן געוואָרן מיט נייע געביידעס.

יוראַ איז געגאַנגען אַליין, מיט זיין גיכן גאַנג אַריבערגעיאָגט די איבעריקע, זעלטן זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אויף זיי. אַלס ענטפער אויף דער פאַרוויסטונג וואָס עס מאַכט־אָן דער טויט אין דער דאָזקער פון הינטן די פּאַמעלעך־שפּרייזנדיקער געזעלשאַפט, האָט זיך אים עקשנותדיק פאַרוואָלט, פּונקט ווי אַ וואַסער וואָס ריזלט אויס ריטשקעלעך און רייסט זיך צו דער טיף, — אַזוי האָט זיך אים פאַרוואָלט טרוימען און טראַכטן, פאַרנעמען זיך מיט פאָרמירן, באַשאַפן שיינקייט. אַצינד, ווי קיינמאָל נישט, איז אים געווען קלאָר, אַז קונסט איז תמיד, נישט אויפהערנדיק, פאַרנומען מיט צוויי ענינים: זי טראַכט אומאויפהערלעך וועגן טויט, און אומאויפהערלעך שאַפט זי דאַדורך — לעבן. גרויסע, אמתע קונסט, איז דאָס וואָס רופט זיך — יאָהאַנס שכינה־אַנטפּלעקונג. און דאָס וואָס וויל צו אים דערגרייכן, אַריבערדערגרייכן.

יוראַן האָט זיך שוין אַנטפּלעקט דער פאַר־טעם דערפון, — ווען ער וועט אויף אַ טאָג־צוויי פאַרשווונדן פון פאַמיליע־קרייז און אוניווער־זיטעט־האָריזאָנט און וועט אין זיינע יזכור־שורות נאָך אַננאַ איוואַנאָוונאַ אַריינשטעלן אַלץ וואָס וועט זיך אים אין דער מינוט אונטעררוקן: אַלדאָס צופעליקע וואָס דאָס לעבן וועט אים אונטערוואַרפן: אַ צוויי־דריי פון די בעסערע שטריכן פון דער נפטר'ער; ס'בילד פון טאַניאַ אין דער טרויער־הלבשה; עטלעכע גאַסן־באַמערקונגען אויפן וועג צוריק פון בית־הקברות; די געוואַשענע וועש אויף יענעם אָרט ווו ס'האָט ווען־אַמאָל, ביינאַכט, געבושעוועט אַ זאַווייערוכע, און ער, אַ קליינער דעמאָלט, האָט געוויינט.

פערטער טייל

# צייטיק־געווארענע אומפארמיידלעכקייטן

## 1

לאַראַ איז געלעגן האַלב־באַוווסטלאָז אין שלאָפצימער אויפן בעט פון פעליצאַטאַ סעמיאָנאָוונאַ. אַרום איר האָבן זיך געשושקעט די סווענטיצקיס, דאָקטאָר דראָקאָוו, די דינערשאַפט.

דאָס פוסטע הויז פון די סווענטיצקיס איז געווען פאַרהילט אין חשכות, און נאָר אינמיטן פון דער לאַנגער אינפילאַדע צימערן, און דעם קליינעם אויפנאַם־צימער, האָט געברענט אַ מאַט־פאַרנעפּלט לעמפּל, וואָרפנדיק ליכט אויף פאָרויס און אויף צוריק איבער דער דאָזיקער גאַנצער אויסגעצויגענער לענג פון דורכגאַנג.

וויקטאָר איפּאָליטאָוויטש איז מיט בייזע און אַנטשלאָסענע שריט געגאַנגען הין־און־צוריק איבער דער גאַנצער לענג פון די אַלע צימערן — נישט ווי ער וואָלט זיין דאָ אַ גאַסט, נאָר ווי ביי זיך אינדערהיים. דאָ האָט ער אַריינגעקוקט אין שלאָפצימער, געוווּסט־ווערנדיק וואָס דאָרט הערט זיך; דאָ איז ער אַריבערגעגאַנגען צום צווייטן עק הויז. אין עסצימער, וווּ ס׳איז געשטאַנען די יאָלקע באַהאַנגען מיט זילבערנע פּאַטשערקעס, וווּ דער טיש האָט זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון די כלים מיט נישט־אַנגערירטע מאכלים, האָבן די גרינע ווייַן־באָקאַלן ציטערנדיק געקלינגלט, ווען הינטערן פענצטער, אויפן גאַס, איז פאַרביי־געפאָרן אַ קאַרעטע, אָדער אויפן טישטעך צווישן די טעלער איז דורכ־געלאָפן אַ מייזל.

קאָמאַראָווסקי האָט זיך געקאָכט און געברויזט. קעגנזעצלעכע געפילן האָבן געדריקט אין זיין ברוסט. וואָסער סקאַנדאַל און חרפּה! ער וועט מטורף ווערן. זיין לאַגע איז אין סכנה. דער דאָזיקער פאַל האָט אַרונטערגעריסן זיין רעפּוטאַציע. מ׳האָט געדאַרפט פאַר יעדן פּרייז, כל־זמן ס׳איז נאָכנישט שפּעט, — פאַרכאַפּן, איבערהאַקן די רכילות. און אויב די ידיעה האָט זיך שוין פאַרשפּרייט, — זי צונישט־מאַכן, פאַרטושן די קלאַנגען באַלד ביים סאַמע שורש. חוץ דעם, האָט ער ערשט

אויפסניי דערפאַרן ווי מוראדיק־עקשנותדיק עס איז אָט דאָס דאָזיקע ריזיקאַנטיש־פּאַרביסענע, משוגעוואָטע מיידל. ס'איז באַלד געווען צו זען, אַז זי איז נישט אַזאַ ווי אַלע אַנדערע. אין איר איז תמיד געווען עפּעס אומגעוויינלעכס. און דאָך האָט ער, זעט אויס, אַזוי פּיינלעך, אומפּאַר־בעסערלעך געשענדעט איר לעבן! ווי זי האָט זיך געראַנגלט, ווי זי האָט כסדר די גאַנצע צייט רעוואָלטירט, זיך געבונטעוועט, שטרעבנדיק צו ענדערן איר גורל, אויף אַזאַ אופן, ווי זי וויל עס, און אָנהייבן אויפּ־סניי איר עקזיסטענץ.

מען וועט דאַרפן, פון אַלע שטאַנדפּונקטן גענומען, איר אַרויסהעלפן, אפשר דינגען איר אַ צימער, נאָר בשום אופן נישט זי אָנרירן, חלילה, להיפּך, זיך געגעצלעך אָוועקרוקן זיך, אָפּרוקן אין אַ זייט, כדי נישט צו וואַרפן דעם מינדעסטן שאָטן. וואָרן זי איז דאָך אַזעלכע־און־אַזעלכע, אַ ליאַדע־וואָס — און ווער ווייסט וואָס זי קאָן אַלץ נישט אָפּטון!

און וויפל קלאָפּאָטן עס שטייען נאָך איצט פאָר! וואָרן פאַר דער דאָזיקער טאַט וועט מען זי דאָך נישט גלעטן איבערן קעפּל. ס'געזעץ שלאָפט נישט. ס'איז נאָך נאַכט, ס'זענען נאָכנישט אַדורך קיין צוויי שעה זינט ס'האָט זיך אָפּגעשפּילט די דאָזיקע געשיכטע, און שוין צוויי מאָל איז מען דאָ געווען פון דער פּאָליציי. קאָמאַראָווסקי איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך אַריין, כדי צו געבן אויפקלערונגען, און דערווייל האָט ער מיטן רעווירעאָווי ווי־עס־איז פאַרגלעטיקט.

און וואָס ווייטער־אַריין, אַלץ קאָמפּליצירטער וועט עס ווערן. ס'וועט זיך פאָדערן באַווייזן, אַז לאַראַ האָט געצילט אין אים, און נישט אין קאָרנאַקאָוון. נאָר דערמיט וועט זיך נאָכנישט דער ענין פאַרענדיקן. אַ טייל אחריות וועט פון לאַראַן ווערן אָראָפּגענומען, אָבער פאַר דער רעשט וועט זי אונטערליגן געריכטלעכער פאַרפאָלגונג. פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט מיט אַלע מעגלעכע כוחות זעען דאָס צונישטמאַכן, נאָר אויב עס וועט יאָ האַלטן ביים דערגיין צו אַ משפּט, וועט ער זען אַרויסצובאַ־קומען אַ קלאָוזולע פון אַ פּסיכיאַטרישער עקספּערטיזע — אַז לאַראַ איז בעת דעם אַטענטאַט אירן געווען אין אַ מצב פון אומפאַראַנטוואָרט־לעכקייט. ער וועט מוזן זיך דערשלאָגן דערצו, אַז די זאַך זאָל אינגאַנצן סקאַסירט ווערן.

נאָך די דאָזיקע מחשבות האָט קאָמאַראָווסקי זיך ערשט גענומען באַרויִקן. די נאַכט איז פאַריבער. פּאַסן ליכט האָבן גענומען אַריינקריכן פון איין צימער אין צווייטן אַריין, אונטערגעקוקט זיך אונטער די טישן, טעפּיכער, — ווי גנבים, אָדער לאָמבאַרד־שאַצער.

נאָכן אַריינגיין אין שלאָפצימער און איבערצייגן זיך, אַז לאַראַן

איז נישט געוואָרן בעסער, איז קאַמאַראָווסקי אַוועק פון די סוועטניצקיס און גלייך געפאָרן צו זיינס אַ באַקאַנטער, אַ יוריסטין און פרוי פון אַ פּאָליטישן עמיגראַנט — רופינאַ אַניסימאָוונאַ וואָיט־וואָיטקאָווסקאַיאַ. אַ דירה פון אַכט צימערן איז איצט געווען צופיל פאַר איר געבליבן און פאַר אירע מיטלען. האָט זי צוויי צימערן פאַרדונגען. איינס פון זיי, וואָס איז ערשט־נישט־לאַנג פריי געוואָרן, האָט קאָמאַראָווסקי אָפּגע־דונגען פאַר לאַראַן. אין עטלעכע שעה אַרום האָט מען שוין לאַראַן אַהער־געפירט, — מיט פיבערדיקער היץ און אין אַ האַלב־באַוווסטלאָזן מצב. ס'איז געווען אַ נערוון־פיבער.

## 2

רופינאַ אַניסימאָוונאַ איז געווען אַ פּראָגרעסיווע פרוי, אַ שונאַ פון פאָראורטיילן, אַ גוט־ווינטשנדיקע צו אַלץ און צו אַלעמען אַרום — ווי זי האָט געטראַכט און זיך אויסגעדריקט — וואָס איז נאָר פּאָזיטיוו און לעבנספעיק.

ביי איר אויף דער קאָמאָדע איז געלעגן אַן עקזעמפּלאַר „דאָס ערפורטער פּראָגראַם" מיט אַ צושריפט פון מחבר. אויף איינער פון די פאָטאָגראַפיעס וואָס האָבן געהאָנגען אויף דער וואַנט, איז איר מאַן — „מיין גוטער וואָיט" — געווען פאָטאָגראַפירט אויף אַ נאַציאָנאַלער הו־ליאַנקע אין דער שווייץ, — צוזאַמען מיט פּלעכאַנאָוון. ביידע זענען געווען אין לוסטרינינע מאַרינאַרקעס און פּאַנאַמע־הוטן.

רופינאַ אַניסימאָוונאַ האָט ביים ערשטן בליק נישט ליב באַקומען איר קראַנקער לאָקאַטאַרשע. זי האָט געהאַלטן, אַז לאַראַ איז אַ בייזוויליקע סימוליאַנטקע. די אָנפאַלן ביי לאַראַ מיט „רעדן פון וועג", האָבן רופינאַ אַניסימאָוונאַן זיך אויסגעוויזן ווי אַ כיטרער אָנשטעל. רופינאַ אַניסי־מאָוונאַ איז גרייט געווען צו שווערן, אַז לאַראַ שפּילט די משוגע־געוואָרענע גרעטכען אין טורמע.

רופינאַ אַניסימאָוונאַ האָט מיט רירעוודיקער לעבהאַפטיקייט אויס־געדריקט לאַראַן איר פאַראַכטונג. זי האָט געקלימפּערט און געקלאַפּט מיט די טירן, הויך געזונגען, געגאַנגען גיך ווי אַ וויכער איבער אַלע צימערן און כסדר געהאַלטן אין איין לופטערן די דירה.

איר דירה איז געווען אויף אַן אויבערשטן שטאָק פון אַ גרויס הויז אויף אַרבאַט. די פענצטער אויפן דאָזיקן שטאָק, אין יענע ווינטער־טעג ווען די זון הייבט שוין אָן שטיין העכער און לענגער, זענען פול געוואָרן מיט דעם אָפּשיין פון בלוי פון העלן הימל, ברייט ווי אַ טייך

בעת ער צעגיסט זיך. אַ האַלבן ווינטער איז שוין די דירה פול געווען מיט סימנים פון קומענדיקן פרילינג, מיט אירע בשורה־ברענגער.

דורכן לופטשיק האָט געבלאָזן אַ וואַרעמער ווינט פון דרום, פון די וואָקזאַלן האָבן דורכדרינגלעך געטרעוועט די לאָקאָמאָטיוון, און די קראַנקע לאַראַ, ליגנדיק אין בעט, האָט זיך אויף אַ צולאָג, אָפּגעגעבן צו ווייטע זכרונות.

זייער אָפט דערמאָנט זיך איר דער ערשטער אָוונט פון זייער אָנקומען פון אוראַל קיין מאָסקווע, מיט זיבן־אַכט יאָר צוריק, בעת יענע אומ־פאַרגעסלעכע קינדעריאָרן.

זיי זענען געפאָרן אין אַ בריטשקע פון וואָקזאַל דורך האַלב־טונקעלע געסלעך פון גאַנץ מאָסקווע, צו אַ האָטעל. די זיך־דערנעטערנ־דיקע און דערווייטערנדיקע לאַמטערן האָבן אָפּגעוואָרפן דעם שאָטן פון איינגעהויקערטן קוטשער — אויף די ווענט פון די געביידעס. דער שאָטן איז געוואַקסן און געוואַקסן, דערגרייכט צו אַן אומנאַטירלעכער גרויס, באַדעקט די טראָטואַרן און דעכער, — און זיך אָפּגעריסן. און אַלץ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן פון אָנהייב.

אין דער טונקל האָבן איבערן קאָפּ אָפּגעקלונגען די גלאָקן פון די מאָסקווער פערציק־מאָל־פערציק צערקוועס, מיט געקלאַנג זענען גע־פאָרן די פערד־טראַמווייען, נאָר די שרייענדיקע וויטרינעס מיט די ליכטער האָבן אויך פאַרטויבט לאַראַן, אויך ווי זיי וואָלטן אויף אַן אמת אַרויסגעגעבן זייערס אַן אייגענעם קלאַנג, פונקט ווי די גלאָקן און די רעדער.

אויפן טיש אין האָטעל־צימער האָט איר איבעראַשט דער אומ־געוויינלעך־גרויסער אַרבוז, — דאָס ברויט־און־זאַלץ פון קאָמאַראָווסקין, צו זייער חנוכת־הבית. דער אַרבוז האָט זיך לאַראַן אויסגעוויזן ווי דער סימבאָל פון קאָמאַראָווסקיס מאַכט און זיין רייכקייט. ווען וויקטאָר איפּאָליטאָוויטש האָט דערלאַנגט מיטן מעסער אַ שניט אין אַרבוז אַריין אויף צוויי העלפטן, און ס'האָט אַ זשום געטון דאָס טונקל־גרינע, קיי־לעכיקע וווּנדער מיט דעם אייז־צוקערדיקן הערצל, האָט עס ביי לאַראַן דעם אָטעם פאַרכאַפּט פון פּחד. נאָר זי האָט נישט געוואַגט אָפּצוזאָגן. זי האָט מיט גוואַלד זיך געצווונגען צו שלינגען די ריזיקע, זאַפּטיקע שטיק־לעך, וועלכע האָבן זי, מחמת איר אויפרעגונג, געקרעקט און געשטיקט.

און אָט די שעמעוודיקע שרעקעוודיקייט לגבי דעם שווערן מאכל און לגבי דער ביינאַכטיקער מעטראָפּאָליע, האָט זיך דערנאָך איבערגע־חזרט אין איר איבערגעשראָקענער נישט־דרייסטקייט לגבי קאָמאַראָוו־סקין — די הויפּט רעטעניש־לעזונג פון גאַנצן געשעענעם. אָבער איצטער

איז קאַמאַראָווסקי נישט צום דערקענען. ער האָט גאָרנישט פאַרלאַנגט, גאָרנישט דערמאָנט וועגן זיך און האָט זיך אַפילו נישט געוויזן. כסדר זיך געהאַלטן אויף אַ דיסטאַנס, און אויף דעם דעליקאַטסטן אופן איר פאַרגעלייגט זיין הילף.

גאָר לגמרי אַנדערש איז געווען דער ענין מיטן באַזוך פון קאַלאַגריוואָוון. לאַראַ האָט זיך זייער דערפרייט מיט לאַוורענטי מיכאַי־לאָוויטשן. נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען הויך, שלאַנק, נאָר אַ דאַנק דער וויטאַליטעט וועלכע האָט פון אים אַרויסגעשפּאַרט, דער טאַלאַנט זיינער. ער, דער גאַסט, האָט מיט זיינע פינקלדיקע בליקן און שכלדיקן שמייכל פאַרנומען אַ האַלב צימער. ס'איז געוואָרן אין אים ענג.

ער איז געזעסן, רייבנדיק די הענט, פאַר לאַראַס בעט. ווען מ'האָט אים געהאַט אַרויסגערופן קיין פּעטערבורג אין מיניסטאָרן־ראַט, האָט ער גערעדט מיט די הויכגעשעצטע זקנים אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיין עפּעס שטיפערישע יאַטלעך. און אָט דאָ איז פאַר אים געלעגן אַ טייל פון זיין היימישער היים פון אָט ערשט אַנומלט, עפּעס ווי אַן אייגענע, לייבלעכע טאָכטער. אָט ערשט נישט־לאַנג האָט ער זיך מיט איר דורכגעוואָרפן, ווי אויפן שפּרונג, מיט גיכע בליקן און באַמערקונגען — ווי מיט אַלע זיינע שטוב־מענטשן. (דעריין איז געלעגן דער גאַנצער חן, און די קורץ־געפּאַסטע, שאַרף־אויסדרוקלעכע קאָנטאַקטן. ביידע צדדים האָבן דאָס געוווּסט). ער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרהאַלטן לגבי לאַראַן שווער, אומדיפירענט, ווי מיט אַ דערוואַקסענער. ער האָט נישט געוווּסט וויאַזוי מיט איר צו רעדן אַז ער זאָל זי נישט באַליידיקן, און ער האָט געזאָגט, שמייכלענדיק צו איר, ווי צו אַ קינד:

— וואָס האָט איר אַזוינס, מאַמעלע, אָנגעבראַיעט? וועמען זענען נייטיק אַזעלכע מעלאָדראַמעס?

ער האָט פאַרשוויגן און גענומען זיך אַרומקוקן אויף די פייכטקייט־פלעקן אויפן סופיט, אויף די טאַפּעטן. דערנאָך, פילנדיק געוויסנביסן, האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און ווייטער געזאָגט:

— אין דיסלדאָרף עפנט זיך אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלע אויס־שטעלונג פון מאַלעריי, סקולפּטור, גערטנעריי. כ'פאַרנעם זיך אַהינ־צופאָרן. און לאַנג האָט איר אַזוי בדעה זיך צו בלאָנקען צווישן הימל און ערד? דאָ איז דאָך נישט, גאָט ווייסט וואָס, אַזאַ תענוג? די דאָזיקע וואָיטעססאַ, צווישן אונדז גערעדט, איז אַ נישקשהדיקע פּאַסקודע. איך קען זי. פאָרט אַריבער. געגוג זיך געוואַלגערט. איר האָט דורכגעקרענקט און גענוג. שוין צייט זיך אויפצוהייבן. טוישט דאָס צימער, לערנט ענינים, ענדיקט קורסן. איך האָב אַ באַקאַנטן קינסטלער. ער פאָרט אַוועק אויף

צווי יאָר קיין טורקעסטאַן. ביי אים איז דער אַטעליע איבערגעטיילט מיט שפּאַנישע ווענטלען, און פּאַקטיש גערעדט, איז דאָס אַ גאַנצע, נישט־גרויסע דירה. דאַכט זיך אַז ער איז גרייט זי איבערגעבן מיט אַלץ און אַלעם אין פּאַרטרוילעכע הענט. איר ווילט, וועל איך עס איינאָרדענען. און חוץ דעם — אַט וואָס: דערלויבט, אַז איך וועל שוין רעדן געשעפטס־מעסיק. איך האָב שוין לאַנג געוואָלט, דאָס איז מיין הייליקע פליכט... זינט דעמאָלט, ווען ליפּאַ... אַט דאָ איז אַ נישט גרויסע סומע, די באַלוי־נונג פאַר איר ענדיקן די לערע... ניין, דערלויבט, דערלויבט... ניין, איך בעט אייך, שפּאַרט זיך נישט... ניין, אַנטשולדיקט ביטע.

און אָוועקגייענדיק, האָט ער זי געצוווּנגען, — נישט געקוקט אויף איר קעגנשטעלן זיך, אויף אירע טרערן, און אפילו אויף אַזאַ מין שטיקל געשלעג־געראַנגל, — אַנצונעמען פון אים אַ באַנק־טשעק אויף צען טויזנט רובל.

נאָכן געזונט ווערן, איז לאַראַ אַריבערגעפאָרן אויף דער נייער דירה, וועלכע קאָלאָגריוואָוו האָט אַזוי אויסגעלויבט. דאָס אָרט איז געווען גאָר נאָענט פון סמאָלענסקער מאַרק. די דירה האָט זיך געפונען אויף דעם נישט־גרויסן שטיינערנעם, צווייעשטאָקיקן הויז, אַ גאַנץ אַלטער בנין. אין פּאַרטער איז געווען אַ האַנדלס־מאַגאַזין. אין הויז האָבן געוווינט פורמאַנעס. דער הויף איז געווען ברוקירט מיט „קאַצנקעפּ״־שטיינער און תמיד באַדעקט מיט צעשיטן האָבער און שמוציק היי. ס'האָבן איבערן הויף אַרומגעגענגלט וואָרקענדיקע טויבן.

ווען איבער דעם רינשטאָק און די שטיינער פון הויף האָבן גע־נומען דורכלויפן כמאָרים שטשורעס, האָבן די טויבן טשאַטעסווייז זיך אויפגעהויבן און ראַשיק געפליגן און געפלאַטערט איבער דער ערד, נישט העכער פון לאַראָס פענצטער.

## 3

אַסך פאַרביטערונג איז געווען מיט פּאַשאַ. כל־זמן לאַראַ האָט ערנסט געקרענקט, האָט מען אים נישט צוגעלאָזט צו איר. וואָס האָט ער באַדאַרפט פילן? לאַראַ האָט געוואָלט דערהרגענען אַ מענטש, לויט פּאַשאָס באַגריפן, אַ מענטש אַ גלייכגילטיקן צו איר, און דערנאָך האָט זי זיך פּלוצים געפונען אונטער דער אַפּוטראָפּסוס פון דאָזיקן מענטש, דער קרבן פון איר נישט איינגעגעבענעם אַטענטאַט. און דאָס אַלץ נאָך יענעם געדענקלעכן געשפּרעך זייערן אין דער ווייַנאַכט־חגא, ביי אַ ברע־נענדיק ליכטל. יענער האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון דער דראָענדיקער

סכנה באַשטראָפּט צו ווערן. אַ דאַנק יענעם איז זי געבליבן אויף די קורסן, אַ גאַנצע, אַן אומבאַשעדיקטע. פּאַשאַ האָט זיך פּיינלעך געמאַטערט און נישט באַנומען.

ווען איר איז געוואָרן בעסער, האָט לאַראַ ארויסגערופן צו זיך פּאַשאַן. זי האָט געזאָגט:

— איך בין אַ נישטיקע. דו קענסט מיך נישט. איך וועל דיר אַמאָל־ווען דערציילן. מיר איז שווער צו רעדן. דו זעסט, איך ווערג זיך מיט די טרערן, איז לאָז מיך, פאַרגעס מיך, איך בין דיך נישט ווערט.

און ס׳זענען אַוועק האַרצרייסנדיקע סצענעס, איינע אומדערטרעגלעכער פון דער צווייטער. די וואָיטקאָווסקאַיאַ, — ווייל דאָס אַלץ איז נאָך פאָרגעקומען אין דער צייט ווען לאַראַ האָט געוווינט אויף אַרבאַט, — די וואָיטקאָווסקאַיאַ, ביים דערזען דעם פאַרווייַנטן פּאַשאַ, האָט זי זיך אַ וואָרף געטון פון קאָרידאָר אין איר צימער אַריין, זיך אַנידערגעוואָרפן אויף דער סאָפע און געלאַכט ביז שטעכעניש, רעדנדיק צו זיך:

„אוי, כ׳קאָן נישט, אוי, כ׳קאָן נישט! אָט דאָס הייסט — קאָן מען זאָגן, פאַקטיש... כאַ־כאַ־כאַ! העלד־איינער! כאַ־כאַ־כאַ! אוי, דו יערוסלאַן לאַזאַרעוויטש!"*)

כדי צו באַפרייען פּאַשאַן פון דער בושהדיקער צוגעבונדנקייט צו איר, זי אַרויסרייסן מיטן וואָרצל און מאַכן אַ סוף צו די מאַטערנישן זיינע, האָט לאַראַ דערקלערט פּאַשאַן, אַז זי זאָגט זיך אומבאַדינגט און אַבסאָלוט אָפּ פון אים, ווייל זי האָט אים נישט ליב. אָבער זי האָט אַזוי געוויינט ביים אַרויסזאָגן אָט דעם דאָזיקן אָפּזאָג, אַז מ׳האָט עס איר נישט געקאָנט גלויבן. פּאַשאַ האָט זי חושד געווען אין כל׳ע מיני טויט־פאַרברעכנס, האָט איר נישט געגלייבט קיין איין וואָרט, ער איז גרייט געווען זי צו פאַרשעלטן און פאַראַכטן, — און זי טייוולאַניש ליב געהאַט. און ער האָט זי געאייפערט — צו אירע אייגענע געדאַנקען, צום קריגעלע פון וועלכן זי האָט געטרונקען, צום קישן אויף וועלכן זי איז געלעגן. אַז מ׳זאָל נישט אַראָפּ פון זינען, האָט מען באַדאַרפט האַנדלען אַנטשידן און גיך. זיי האָבן באַשלאָסן חתונה צו האָבן, נישט אָפּלייגנדיק, נאָך פאַרן ענדיקן די עקזאַמענס. זיי האָבן געזאָלט שטעלן די חופה אין דער וואָך פון „קראַסנאַיאַגאָרקאַ". נאָר אויף לאַראַס בקשה איז די חתונה געוואָרן אָפּגעלייגט. מען האָט זיי געפירט צו דער חופה אין חגא־טאָג דעם צווייטן טאָג פון דער הייליקער טראָיצע, ווען זיי זענען שוין געווען לגמרי זיכער אין דערפאָלג פון זייערע שול־עקזאַמענס. מיט אַלעם האָט

*) אַ פּאָפּולערער העלד פון רוסישע מעשה׳לעך.

זיך פאַרנומען און געפּאַרעט ליודמילאַ קאַפּיטאַנאָווונאַ טשעפּורקאַ, די מוטער פון טוסיאַ טשעפּורקאַ, לאַראַס אַ מיטשילערין, מיט וועמען זי האָט צוזאַמען געענדיקט. ליודמילאַ קאַפּיטאַנאָווונאַ איז געווען אַ שיינע פרוי מיט אַ הויכער ברוסט און באַסאָווער שטימע, אַ גוטע זינגערין און אַ מוראדיקע פאַנטאַזיאָרקע. אויף אַ צוגאָב צו אַלע ווירקלעכע וואָר־צייכנס און אָבערגלויבענישן, האָט זי אויפן אָרט, עקספּראָמט, געשאַפן אירע אייגענע אויסטראַכטענישן.

עס איז געווען אַ שרעקלעכע היץ אין שטאָט, ווען מען האָט לאַראַן געפירט צום מקדש זיין מיטן גאָלדענעם חופּה־רינג. ליודמילאַ קאַפּיטאַנאָווונאַ האָט מיט אַ ציגיינער־באַס זיך צוגעברומט אונטער דער נאָז, ביים אָנטון לאַראַן פאַרן אַרויספירן. די צערקווע־קופּאָלן זענען געווען דורכדרינגלעך געל־גאָלדיק, אַזוי אויך דאָס פרישע זאַמד אויף די אויגן האָט עס געפינטלט פון שאַרפן זון־ליכט. און עס האָט אויס־געוואָרן אָנגעהאָקט ערב־חגא צום טראַיצאַ־טאָג, האָט אומעטיק געהאָנגען אויף די צערקווע־פלויטן, האָט זיך געקורטשעט און צוזאַמענגעדרייט און ממש געווען ווי פאַרשורפּהט. עס איז געווען שווער צו אָטעמען און אין די אויגן האָט עס געפינטלט פון שאַרפן זון־ליכט. און עס האָט אויס־געזען ווי מען וואָלט געפּראַוועט טויזנטער חתונות אַרום־און־אַרום, מחמת אַלע מיידלעך אַרום זענען געווען געהילט אין ווייסן, ווי כלות, און די יונגעלייטלעך, צוליב דעם יום־טוב, האָבן געטראָגן שוואַרץ־אויסגע־פּאַסטע קאָסטיומען, און די האָר — געשמירט אויף אַ גלאַנץ. און אַלע זענען געווען עפּעס אויפגערעגט, און אַלעמען איז הייס געווען.

לאַגאָדינאַ, די מוטער פון אַ צווייטער חברטע לאַראַס, האָט גע־וואָרפן לאַראַן אַ פּולע זשמעניע זילבער־געלט אונטער די פיס, בעת לאַראַ איז אַרויפגעטרעטן אויף דעם חופּה־טעפּיך, ווי אַ סגולה צום רייך ווערן אין דער צוקונפט. צום זעלבן צוועק האָט ליודמילאַ קאַפּיטאַנאָווונאַ גע׳עצה׳ט לאַראַן, אַז בעת זי וועט שטיין אונטער דער חופּה, זאָל זי זיך איבערצלמען נישט מיט דער נאַקעטער, אַרויסגערוקטער האַנט, נאָר האַלב־באַדעקט מיטן ברעג פון אַ שטיקל טיול אָדער געהאַפּטנס. דערנאָך האָט זי געזאָגט, אַז לאַראַ זאָל האַלטן הויך דאָס ליכט, ס׳איז אַ סגולה צו ווערן די הויפּט־דעה־זאָגערין אין איר הויז. היות אָבער ווי זי האָט זיך געוואָלט ברענגען אַ קרבן פאַר דער צוקונפט לטובת פּאַשאַ, האָט לאַראַ געהאַלטן ס׳ליכט וואָס נידעריקער, נאָר ס׳איז גאָרנישט אַרויס דערפון, ווייל וויפל זי האָט זיך נישט געמיט, איז אַלץ אַרויס אַזוי, — אַז איר ליכט איז געווען העכער פון פּאַשאַס.

פון דער צערקווע איז מען גלייך אַוועק צו דער סעודה, אין דער

אַטעליע פון קינסטלער, וואָס פאַלט דאָך אויס צוזאַמען מיטן חנוכּת־הבית פון די אַנטיפּאָוס. די געסט האָבן געשריגן (לויטן מנהג):

„ס׳איז ביטער, ס׳טרינקט זיך נישט.״

— האָט מען פון דער צווייטער זייט טיש כאָראַל אָפּגעענטפערט:

„דאַרף מען פאַרזיסן״ — און דאָס יונגע פּאָרל, איבעראַשט און בגילופין — האָבן זיך געקושט. ליודמילאַ קאַפּיטאַנאָווּנאַ האָט אויפגעזונגען לכבוד זיי דאָס חתונה־ליד „וויינטרויבן״, מיט אַ טאָפּלטן רעפריין „זאָל אייך גאָט געבן ליבע און עצות־טובות״, און דאָס ליד „ראַספּלאַטאַי־סיאַ טרובטשאַטאַ קאַסאַ, ראַססיפּאַיטיעס רוסי וואָלאָסאַ״.

ווען אַלע זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און זיי זענען געבליבן אַליין, האָט פּאַשאַ זיך דערפילט עפּעס אומהיימלעך — צוליב דער פּלוצים־געוואָרענער שטילקייט אַרום. אויפן הויף אַקייגנאַיבער לאַראַס פענצטער, האָט געברענט אַ לאַמטערן אויף אַ סלופּ, און ווי לאַראַ האָט נישט געדיכט פאַרהאַנגען ס׳פענצטער, האָט אַלץ אַ שמאָלער זייל ליכט, ווי זעגעכץ פון אַ צעזעגט ברעט, דורכגעלויכטן דורך אַ שפּאַלט צווישן די פורהאַנגען. דער דאָזיקער ליכט־פּאַס האָט פּאַשאַן נישט צורו־געלאָזט, פּונקט ווי ס׳וואָלט אים ווער עפּעס אונטערקוקן. פּאַשאַ האָט מיט שוידער אַנטפּלעקט, אַז ער איז מיט דעם דאָזיקן לאַמטערן מער פאַרנומען ווי מיט זיך, מיט לאַראַן, און מיט זיין ליבע צו איר.

אין דערדאָזיקער נאַכט, אַ לאַנגע ווי די אייביקייט, האָט דער וואָס איז ערשט נישט לאַנג געווען דער סטודענט אַנטיפּאָוו, אָדער ווי די חברים האָבן אים גערופן „סטעפּיאַנידאַ״, אָדער „דאָס רויטע מיידל״, איז געווען אויף דער העכסטער מדרגה פון דערהויבנקייט און גליקצייטיק אויפן דנאָ פון פאַרצווייפלונג. זיינע אָנונגען און חשדים האָבן כסדר נאָכגעפּאָלגט נאָך לאַראַס זיך מתוודה זיין. ער האָט געפרעגט, און ביי יעדן ענטפער לאַראַס, — איז זיין האַרץ איינגעפאַלן, ווי ער וואָלט ממש אין אַ תהום אַראָפּגעפאַלן. זיינע פאַרוווּנדיקטע דמיונות האָבן קוים באַוויזן נאָכצופּאָלגן אירע נייע אַנטפּלעקונגען.

זיי האָבן זיך דורכגערעדט ביז פאַרטאָג — אין אַנטיפּאָווס לעבן איז נישט געווען נאָך אַזאַ פּלוצימע און אויפטרייסלענדיקע ענדערונג ווי אין דער דאָזיקער נאַכט. אינדערפרי איז ער אויפגעשטאַנען אַן אַנדערער מענטש. און ער האָט זיך כמעט געחידושט, וואָס מ׳רופט אים נאָך ביי זיין פריערדיקן נאָמען.

# 4

במשך צען טעג זענען די פריינט געקומען אויף געזעגענונגס־באַזוכן אין דאָזיקן צימער. פּאַשאַ און לאַראַ האָבן ביידע געענדיקט זייער לערנען, ביידע — גלייכצייטיק גלענצנדיק, ביידע האָבן זיי באַקומען פּאַסטנס־פאַרשלאַגן אין־איין־אין־דער־זעלבער שטאָט אַריין אויף אוראַל, וואוהין ביידע האָבן זיי שוין באַדאַרפט מאָרגן פרי אוועקפאָרן.

מ׳האָט ווידער געטרונקען, געזונגען, געטומלט, אָבער דאָס מאָל שוין נאָר יוגנט, אָן עלטערע.

הינטער דער פאַרצוימונג, וואָס האָט אָפּגעטיילט די ווין־ווינקלען פון דעם אַטעליע, ווו ס׳האָבן זיך פאַרזאַמלט די געסט, איז געשטאַנען אַ גרויסער באַגאַזש־קופערט און אַ קיישל לאַראַס פון מיטעלער גרויס, אַ וואַליזקע און אַ קעסטל מיט געשיר. אין ווינקל זענען געלעגן עטלעכע זעק. נישט געווען קיין סך זאַכן. אַ טייל פון די זאַכן האָט באַדאַרפט ווערן אוועקגעשיקט אויפן צווייטן טאָג מיט אַ געוויינלעכן, נישט־שנעל צוג. אַלץ כמעט איז געווען שוין איינגעלייגט, אָבער ס׳איז נאָכנישט געווען גענצלעך פאַרענדיקט. ס׳קעסטל און די קיישלעך זענען נאָך געשטאַנען אָפן, מ׳האָט נאָך באַדאַרפט עפּעס צולייגן ס׳זאָל פול ווערן. יעדעס מאָל האָט לאַראַ זיך דערמאָנט אין עפּעס וואָס אַנדערש, האָט איבערגעטראָגן אַ פאַרגעסענע זאַך היגטערן שפּאַנישן ווענטל, אַריינגעלייגט אין קיישל און אויסגעגלייכט די גריבלעך.

פּאַשאַ איז שוין געווען אינדערהיים מיט געסט, ווען לאַראַ, וואָס איז געהאַט געגאַנגען אין דער קורסן־קאַנצעלאַריע וועגן איר מעטריקע און אַנדערע פּאַפּירן, איז צוריקגעקומען אין באַגלייטונג פון סטרוזש, מיט ראָגזשעס און אַ קנויל מיט פעסטע גראָבע שטריק אויף אַרומצו־בינדן די באַגאַזשן, וואָס ווערן מאָרגן געשיקט. לאַראַ האָט געלאָזן שטיין דעם סטרוזש, און אַרומגייענדיק די געסט, האָט זי מיט אייניקע זיך באַגריסט מיט דער האַנט, מיט אייניקע זיך געקושט, און דערנאָך אַרונטער הינטערן ווענטל זיך איבערטוען. ווען זי איז אַריינגעקומען אַן איבערגעטוענע, האָבן אַלע גענומען פּאַטשן מיט די הענט, טומלדיק פּילדערן, זיך אַוועקזעצן ביי די טישן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ רעש, ווי מיט עטלעכע טעג צוריק אויף דער חתונה. די מער אונטער־נעמערישע האָבן זיך פאַרנומען מיט אָנגיסן בראָנפן פאַר די שכנים, אַסך הענט, באַוואָפנט מיט גאָפּלען, האָבן זיך געצויגן צום מיטן־טיש נאָך ברויט, צו די טעצלעך מיט מאכלים און פאַרבייסנס. מ׳האָט גע־

דרשנט און געדרשנט, געשוואונקט די העלזער און געוואָרפן מיט חכמות. טייל זענען לגמרי שיכור געוואָרן.

— איך בין טויט מיד, — האָט געזאָגט לאַראַ, זיצנדיק צוזאַמען מיטן מאַן. — און דו האָסט שוין אַלץ באַוויזן אָפּצוטון וואָס דו האָסט געוואָלט?

— יאָ.

— און דאָך פיל איך זיך אויסגעצייכנט גוט. איך בין גליקלעך. און דו?

— איך אויך. ס'איז מיר גוט. נאָר יענער לאַנגער געשפּרעך.

אויף דער וויעטשערינקע מיט דער קאָמפּאַניע יונגוואַרג, איז על־פּי־אויסנאַם געוואָרן צוגעלאָזן קאָמאַראָווסקי. ביים סוף פון אָוונט האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז ער ווערט פאַריתומט נאָכן אָוועקפאָרן פון זיינע יונגע פריינט, אַז מאָסקווע וועט פון איצט־אָן זיין פאַר אים אַ מדבר, אַ סאַהאַראַ, נאָר ער איז אַזוי שטאַרק סענטימענטאַל געוואָרן, אַז ער האָט זיך פאַרכליפּעט און האָט עטלעכע מאָל באַדאַרפט איבערחזרן אויפ־סניי, מחמת אויפרעגונג, די איבערגעריסענע פראַזע. ער האָט געבעטן ביי די אַנטיפּאָווס רשות זיך איבערצושרייבן מיט זיי. און אויך צו קומען צו זיי אויף באַזוך אין יוראַטין, זייער ניי וווינאָרט, — אויב ער וועט נישט קאָנען איבערטראָגן די צעשיידונג.

— דאָס איז לגמרי איבעריק, — האָט הויך און לייכטשעצנדיק זיך אָנגערופן לאַראַ. — און בכלל איז דאָס אַ נאַרישקייט — דאָס קאָרעספּאָנדירן, די סאַהאַרע, און דעסגלייכן. און קומען צו אונדז צו פאָרן — זאָלט איר אפילו נישט טראַכטן. גאָט וועט אייך העלפן אַז אויך אָן אונדז וועט איר דורכהאַלטן. מיר זענען נישט אַזאַ וואַזשנע מציאה, נישט־אמת־דען, פּאַשאַ? מסתמא וועט זיך געפינען ווער ס'זאָל פאַרטרעטן אייערע יונגע פריינט.

און געענצלעך פאַרגעסנדיק מיט וועמען און וועגן וואָס זי רעדט, האָט לאַראַ פּלוצים זיך עפּעס אַ דערמאָנט־געטון, און איילִיק אויפשטייענדיק איז זי אַוועק הינטערן צוים־ווענטל צו דער קיך. דאָרט האָט זי צעשרויפט דאָס פליישׁ־מילכל און גענומען אָריינשטופּן די פאַנאַנדערגענומענע טיילן איבער די ווינקלען פון געשיר־קעסטל. אונטערבעטנדיק מיט וויעכ־טשעס הייַ. דאַביי איז איר שיער נישט אַריין אונטערן הויט פון האַנט אַ שאַרף שפּענדל פון קאַסטן.

ביי דעם פאָרען זיך האָט זי דערווייל לגמרי פאַרגעסן אַז ביי איר זענען געסט, אויפהערנדיק זיי צו הערן, ווי פּלוצים האָבן זיי געגעבן וועגן זיך צו דערמאָנען דורך אַ הילכיקער טומלעניש, גערודער און

געשרייען פון יענער זייט שפּאַניש ווענטל. האָט לאַראַ דאָביי אַ טראַכט געטון: מיט וואָסער מי שיכורים באַמיען זיך דאָס תמיד צו באַווייזן מיט זייער שיכרות, דאָס ווערן מיט אומגעלומפּערטער אַמאַטאָרישקייט אונטערשטרייכן — אַז זיי זענען מי־יודע ווי שיכור.

אין דער זעלבער צייט האָט אַ לגמרי אַנדערער קלאַנג, וואָס איז אַריין דורכן אָפענעם פענצטער, צוגעצויגן לאַראַס אויפמערקזאַמקייט. לאַראַ האָט אָוועקגערוקט דעם פירהאַנג און זיך אַרויסגעבויגן אינדרויסן.

אויפן הויף האָט אַ לאָם געפּענטעט פערד געהאָצקעט פון אָרט־צו־אָרט. מען האָט נישט געוווסט וועמעס פערד דאָס איז און ווי אַזוי עס האָט זיך אַהער אַריינגעקריגן אין הויף אַריין, מסתמא על־פּי טעות.

עס איז שוין געווען שפּאָר ליכטיק, נאָר ווייט נאָך צום זון־אויפגאַנג. די שלאָפנדיקע און ווי געגנצלעך־געשטאָרבענע שטאָט איז געווען פאַרטונקען אין דעם גראָ־פיאָלעט פון דער פאַרטאָג־שעה. לאַראַ האָט פאַרמאַכט די אויגן. ווער ווייסט אין וואָסער דאָרפישן העק און פראַכט עס האָט זי איצט אַריבערגעטראָגן אָט דאָס דאָזיקע כאַראַקטעריסטישע און אומפאַרגלייכלעכע האָצקען און טופּען פון געשמידטן פערד.

מען האָט געקלונגען ביי דער טיר. לאַראַ האָט אָנגעשפּיצט די אויערן. פון אַרום טיש איז מען געגאַנגען עפענען. עס האָט זיך באַוויזן — נאַדיאַ! לאַראַ האָט זיך געוואָרפן באַגעגענען די אַריינגעקומענע. נאַדיאַ איז אַהערגעקומען דירעקט פון צוג, אַ פרישע, פאַררויטלטע, און איינגאַנצן ווי זי וואָלט מיט זיך מיטגעבראַנגט דעם טעמ'עדיקן גערוך פון דופּליאַנקער קאַנוואַליעס. די צוויי חברטעס זענען געשטאַנען און נישט אימשטאַנד געווען צו זאָגן אַ וואָרט אפילו, זיי האָבן נאָר געריטשעט, זיך ארומגעכאַפּט און שיער נישט זיך דערשטיקט איינע דער צווייטער.

נאַדיאַ האָט געבראַכט לאַראַן גרוסן פונדערהיים, ברכות, און אַ מתנה פון די עלטערן, אַ טייער צירונג־שטיק. זי האָט אַרויסגענומען פון רייזטאַש, געווען פאַרפּאַקט אין פּאַפּירן שקעטעלע, האָט עס אָפּגעוויקלט, אַ מאַך־אויף דאָס דעקל און איבערגעגעבן לאַראַן אַ פּרעכטיק־שיינעם האַלזבאַנד.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אַך־און־אַך־אויסרופעניש. איינער פון די שיכורים, וואָס האָט שוין עטוואָס זיך אויסגעניכטערט, האָט געזאָגט:

— אַ ראָזער היאַצינט! יאָ־יאָ, אַ ראָזער, וואָס דען מיינט איר? אַזאַ איידלשטיין וואָס איז נישט ווינציקער מיוחס — פון אַ בריליאַנט.

אָבער נאַדיאַ האָט זיך געשפּאַרט: דאָס זענען געלע סאַפּירן.

אַוועקזעצנדיק זי נעבן זיך, דערלאַנגענדיק איר כיבוד, האָט לאַראַ אַוועקגעלייגט דעם האַלזבאַנד נעבן סערוויז, געקוקט אויף אים און

ניִשט געקאָנט אָװעקנעמען דעם בליק. איינלייגנדיק עס אין פּוטליאַר אויפן פּיִאָלעט־סאַמעטן קישעלע, האָט עס געמיניעט, דאָ האָט עס אויס־געזען ווי עס פלאַמט, דאָ האָט עס זיך אויסגעוויזן ווי עס וואָלט געטריפט מיט טוי־טראָפּנס, אָדער גאָר ווי אַ קליין הענגל ווייִנטרויבן. אייניקע ביים טיש האָבן דערוויייל זיך באַוויזן שוין אויסצוניכטערן. די אויפגע־וואַכטע האָבן אויפסניי אַראָפּגעלאָזט צו גלעזלעך. דאָס שוין לכבוד נאַדיאַ, און בחברותא מיט איר. זיי האָבן גיך נאַדיאַן אָנגעטרונקען.

גיך האָט די גאַנצע שטוב מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שלאָפנדיק קעניגרייך. דער רוב, האָבנדיק פאַרגעזעען דאָס מאָרגנדיקע באַגלייטן צום וואָקזאַל, איז געבליבן נעכטיקן. אַ העלפט האָט שוין פון לאַנג, אַוועקגעפאַלענע אין די ווינקלען, געכראָפּעט און געשנאָרכט. לאַראַ אַליין האָט שוין ניִשט געדענקט וויאַזוי זי האָט פּלוצים דערוואַכט, אין אָנטור־עכץ, אויף איין סאָפע צוזאַמען מיט דער שלאָפנדיקער איראַ לאַגאָדינאַ.

לאַראַ האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דעם הויכן געשפּרעך ביי די סאַמע אויערן אירע. דאָס זענען געווען שטימען פון פרעמדע, געקומענע פון דער גאַס אין הויף אַריין זוכן זייער פאַרפאַלן־געוואָרן פערד. לאַראַ האָט געעפנט די אויגן און זיך געחידושט: „ווי דער פּאַשאַ איז דאָס אינדעראמתן אַזאַ פּלייסיקער, שטייט אינמיטן שטוב ווי אַ וועגווייזער און פּאָרעט זיך און ניִשטערט עפּעס דאָרט כסדר צווישן די זאַכן". אין דערזעלבער צייט, ווען דער וואָס האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי פּאַשאַ, האָט זיך אויסגעדרייט צו איר מיטן פּנים, האָט זי ערשט דערזעען אַז דאָס איז עפּעס גאָר אינגאַנצן אַן אַנדערער, ניִשט פּאַשאַ, נאָר עפּעס אַ געשטופּלט שרעקלעך פּרצוף מיט שראַמען און העפטן פון דער שלייף ביזן קינבאַק. דאַמאָלט ערשט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עס האָט זיך אַהער אַריינגעכאַפּט אַ גנב, אַ רויבער. זי האָט געוואָלט שרייען, נאָר עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז ניִשט בכוח אפילו אַרויסצוגעבן דעם מינדעסטן קלאַנג. און אין דער רגע האָט זי זיך פּלוצים דערמאַנט אין האַלזבאַנד. און אַביסל זיך אויפהייבנדיק אומבאַמערקט אויף אירע עלנ־בויגנס, האָט זי אַ קוק געטון זייטיק אויף דעם געדעקטן טיש.

דער האַלזבאַנד איז געלעגן אויפן אָרט, צווישן די ברעקלעך ברויט און אָפּגעביסענע קאַרמעלקעס. און אָט דער פרעכער גנב האָט עס פּשוט ניִשט באַמערקט צווישן דער קופּע עסן־רעשטלעך. ער האָט נאָר געהאַט צעוואָרפן די איינגעלייגטע וועש און אָנגעמאַכט אַ וויסטע אומאָרדענונג אין לאַראַס איינגעפּאַקטע חפצים. דער נאָך האַלב־פאַרשיכורטער און האַלב־פאַרשלאָפענער לאַראַ, וואָס האָט נאָך אַלץ קנאַפּ באַנומען די פּאַקטישע לאַגע, איז נאָר איצט געווען בלויז אַ שאָד וואָס מען האָט

צונישט געמאַכט איר איינפּאַקעכץ. פֿון אויפֿרוגונג האָט זי ווידער געוואָלט אויפֿשרייען, און ווידער נישט געקאָנט באַוועגן מיטן צונג. דאָן האָט זי מיט כּוח אַ שטויס־געטון מיטן קני אונטערן האַרץ־לעפֿעלע דער שלאָפֿנדיקער נעבן איר איראַ לאַגאָדינאַ. ערשט דאָן האָט יענע אַ געשריי געטון פֿון ווייטיק, און צוזאַמען מיט איר האָט שוין אויך אויפֿגעשריגן לאַראַ. דער גנבֿ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פּאַק מיט די אָנגעגנבֿעטע חפֿצים, און זיך אַ וואָרף געטון אָנטלויפֿן פֿון שטוב. איינער פֿון די מענער וואָס איז אויפֿגעשפּרונגען, קוים קלאָר־מאַכנדיק זיך וואָס דאָ קומט פֿאָר, האָט זיך געוואָרפֿן אים נאָכיאָגן, אָבער פֿון רויבער איז שוין קיין סימן נישט פֿאַרבליבן.

די אַנטשטאַנענע בהלה און דאָס אַרומשמועסן פֿון עולם דעם דאָזיקן פֿאַל, האָט געדינט ווי אַ צייכן צו אַלעמענס אויפֿשטיין. דאָס קנאַפּע רעשטל שיכּרות ביי לאַראַ איז ווי מיט דער האַנט געוואָרן אַוועקגענומען. די בקשות פֿון אייניקע — זיי גאָר צו לאָזן כאַפּן אַ קליינעם דרימל און וואַלגערן זיך אַביסל, — האָט לאַראַ אַנטשידן אָפּגעזאָגט. זי האָט אַלעמען אויף־גיך דערלאַנגט קאַווע צום טרינקען, און זיי אַהיימגעיאָגט, — ביז צו דער גייער באַגעגעניש אין וואָקזאַל, צום מאָמענט פֿונעם צוג־אָפּפֿאָר.

ווען אַלע זענען אַוועק, האָט די אַרבעט אויפֿגעזאָטן. לאַראַ, מיט איר אייגנטימלעכער שנעלקייט, איז גיך געגאַנגען פֿון איין רייזע־זאַק צום צווייטן, האָט אַראָפּגעשטופּט די קישנס, האָט איינגעצויגן די רימענס און זיך נאָר געבעטן ביי פּאַשאַ און דער סטרוזשקע, — אַז זיי זאָלן איר נאָר נישט צוהעלפֿן, כּדי איר דערמיט נישט צו שטערן.

אַלץ איז צוגעגאַנגען ווי געהעריק, צו דער צייט, די אַנטיפּאָווס האָבן נישט פֿאַרשפּעטיקט. דער צוג האָט גערירט פֿאַמעלעך־ריטמיש, פּונקט ווי ער וואָלט נאָכגעמאַכט די באַוועגונגען פֿון די קאַפּעלושן מיט וועלכע מען האָט געפֿאָכעט צום געזעגענען. ווען זיי האָבן אויפֿגעהערט צו פֿאָכען, און דרייפֿאַך אַ שאַל־געטון פֿונווייטן (וואָרשיינלעך „הוראַ”), איז דער צוג שוין גיכער אַוועק.

# 5

שוין דעם דריטן טאָג אַ פּאַסקודנע וועטער, דאָס איז שוין געווען דער צווייטער האַרבסט אין דער מלחמה. גלייך נאָך די דערפֿאָלגן אין ערשטן יאָר, האָבן זיך אָנגעהויבן מפּלות. די אַכטע אַרמיי ברוסילאָווס, קאָנצענטרירט אין די קאַרפּאַטן, איז גרייט געווען זיך אַראָפּצולאָזן פֿון די בערג־דורכגענג און זיך אַריינרייסן קיין אונגאַרן, אָבער אָנשטאָט

דעם, — אַוועקגעגאַנגען. אָפּגעצויגן אויף צוריק, צוזאַמען מיט דעם אַלגעמיינעם אָפּטרעטן מיר האָבן אָפּגערייניקט גאַליציע, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַרנומען אין די ערשטע חדשים פון די קריגס־אָפּעראַציעס.

דאָקטאָר זשיוואַגאָ, וועלכן מ׳האָט פריער געקענט אַלס יוראַ, און איצט האָט אים איינער נאָכן צווייטן אַלץ אָפּטער גערופן ביים פאָר־נאָמען און פאָטערנאָמען, איז געשטאַנען אין קאָרידאָר פון אַקושערישן אָפּטייל פון דער גינעקאָלאָגישער קליניק, אַקעגן דער טיר פון דער שפּיטאָל־פּאַלאַטע, אין וועלכער מען האָט אַריינגעלייגט די נאַר־וואָס דורך זיי געבראַכטע פרוי, אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. ער האָט זיך מיט איר געזעגנט און געוואַרט אויף דער אַקושערקע, כדי אָפּצורעדן זיך מיט איר וועגן דעם, וויאַזוי זי וועט אים צווויסן־טון אין פאַל פון נויטווענדי־קייט. און וויאַזוי ער וועט זיך ביי איר דערוויסן וועגן טאָניאַס געזונט־מצב. ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען, ער האָט זיך געאיילט צו זיך אין שפּיטאָל אַריין. חוץ דעם האָט ער נאָך באַדאַרפט צופאָרן צו צוויי קראַנקע מיט אַ וויזיט אין שטוב אַריין. און ער האָט דערווייל געפּטרט די טייערע צייט אויף אונטערקוקן זיך אין פענצטער אויף דעם שיפּן, געשטרייכלטן רעגן, וואָס דער וויכערדיקער האַרבסט־ווינט האָט געבראַכן זיין פלוס און אָפּגעלענקט אין אַ זייט, — פונקט ווי אַ שטורעמווינט וואַרפט־אום און פאַרפּלאָנטערט די זאַנגען אין פעלד.

עס איז נאָך נישט געווען זייער פינצטער. פאַר די אויגן פון יוראַ אַנדרייעוויטש האָבן זיך באַוויזן זייטיקע קליניק־הייפלעך, גלעזערנע וועראַנדעס, און פאַלאַצלעך אויף „דיעוויטשיע פּאָליע״, אַ זייטן־ליניע פון עלעקטרישן טראַמוויי, וואָס האָט געפירט צום הינטערשטן אַריינגאַנג צו איינעם פון די שפּיטאָל־בנינים.

דער רעגן האָט כסדר געגאָסן אומרחמנותדיק, נישט ווערנדיק שטאַרקער, נישט שוואַכער, נישט געקוקט אויף דעם בושעווען פון ווינט. דאָך האָט עס אויסגעזען אַז ער ווערט שטאַרקער, מחמת דער גלייכגילטיקייט פון דער אָנגעזאַמלטער מאַסע וואַסער אויף דער ערד. דער צע־בושעוועטער ווינט האָט געריסן די צווייגן פון אַ ווילדן וויינשטאָק, וועל־כער האָט זיך געפּלאָכטן אַרום איינער פון די וועראַנדעס. דער ווינט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרויסרייסן דאָס געוויקס מיטן וואָרצל, טרייבנדיק עס אינדערלופטן, טרייסלענדיק און שמייסנדיק, און ווי מיאוסנדיק זיך — געוואָרפן עס אינדערנידער, ווי עפּעס אַ שטיק צעריסענע שמאַטע.

פאַרביי דער טעראַסע, צו דער קליניק, איז צוגעפאָרן אַ מאָטאָר־וואַגאָן מיט צוויי וואַגאָנעטקעס. מען האָט פון זיי אַרויסגעטראָגן פאַרוווּנ־דעטע.

אין די אָן־אַ־שיִער־איבערגעפּאַקטע שפּיטעלער, באַזונדערס נאָך דער לוצקער שלאַכט, האָט מען די פאַרוואונדעטע שוין געלייגט אויף די שטיגן און קאָרידאָרן. די אַלגעמיינע איבערגעשטאָפּטקייט פון די שטאָטישע שפּיטעלער האָט שוין אָנגעהויבן זיך אָנזען אויך אויפן מצב פון די פּרויען־אָפּטיילונגען.

יוראַ אַנדרייעוויטש האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום פענצטער און געגענעצט פון מידקייט. ער האָט נישט געהאַט פון וואָס צו טראַכטן איצט. אומדערוואַרט האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם כירורגישן אָפּטייל פון קרעסטאָוואָזדוויזשענסקי שפּיטאָל, וווּ ער האָט געדינט. דאָרט איז די לעצטע טעג געשטאָרבן אַ קראַנקע. יוראַ אַנדרייעוויטש האָט פעסטגעשטעלט, אַז ביי איר איז געווען אין דער לעבער אַ עכינאָקאָך (פּאַראַזיטן־וואָרעם). אַלע האָבן זיך מיט אים געשפּאַרט. היינט וועט מען זי פּאַלמעסן. דאָס פּאַלמעסן וועט פעסטשטעלן דעם אמת. אָבער דער פּראָזעקטאָר פון זייער שפּיטאָל, אַ מוראַדיקער שיכור, גאָט־ווייסט וויאַזוי יענער וועט זיך נעמען דערצו.

עס איז גיך פינצטער געוואָרן. עס איז געווען אוממעגלעך עפּעס וואָס צו זען הינטערן פענצטער. און ווי דורך אַ צייכן מיט אַ כישוף־שטעקעלע האָט זיך אין אַלע פענצטער אָנגעצונדן עלעקטריש ליכט.

דורכן שמאָלן דורכגאַנג וואָס עס טיילט אָפּ די פּאַלאַטע פון קאָרידאָר, איז פון טאַניאַן אַרויסגעגאַנגען דער הויפּט־דאָקטאָר פון אָפּטייל. דער גינעקאָלאָג, אַ ריז, וועלכער האָט אויף אַלע פראַגן געענטפערט תמיד מיט אַן אויגן־גלאָצעניש אויפן סופיט, און אַ קוועטש מיט די פּלייצעס. די דאָזיקע באַוועגונגען האָבן אויף זיין מימיק־לשון באַדייט, אַז ווי גרויס עס איז נישט דער דערפאַלג פון דער וויסנשאַפט, זענען נאָך פאַראַן, — מיין פריינד האָראַציאָ, — רעטענישן, פאַר וועלכע די וויסנשאַפט פּאַשט. טאַבו. ער איז פאַרבייגעגאַנגען נעבן יוראַ אַנדרייעוויטש, גריסנדיק צו אים מיט אַ שמייכל. ער האָט מיט זיינע פּוכיקע פעטע הענטלעך געמאַכט אַזעלכע שווימענדיקע, ריטמישע באַוועגונגען, — געבנדיק דערמיט אָנצוגעהערן, אַז עס וועט אויסקומען צו וואַרטן און זיך אָנגורטן מיט געדולד. — און ער איז אַוועק איבערן קאָרידאָר אין אויפנעם־זאַל רייכערן.

דאַן איז צו יוראַ אַנדרייעוויטשן אַרויסגעגאַנגען די אַסיסטענטין פון יענעם קנאַפּ־רעדנדיקן גינעקאָלאָג, זי האָט דווקא יאָ חשק היפּש צו רעדן, ווי אין פולער קעגנזעצלעכקייט צו אים.

— אויף אייער אָרט וואָלט איך געפאָרן אַהיים. איך וועל מאָרגן אָנקלינגען צו אייך אין קרעסטאָוואָזדוויזשענסקי. עס וועט זיך זיכער

פריער נישט אָנהייבן. איך בין זיכער, אַז דער געבורט וועט זיין אַ נאָר־מאַלער, אָן קינסטלעכער אינערווענץ. נו, פון דער צווייטער זייט אָבער, איז זי עטוואָס צו־שמאָל געבויט אין בעקן, און דער אופן וויאַזוי עס ליגט דעם קינדס קעפל, און די קנאַפּקייט פון ווייען, מחמת מאַנגל אין ספּאַזמען פון דער געבערמוטער, — זענען יאָ פאַראַן געוויסע געפאַרן. און דאָך איז נאָך פריצייטיק פאָרויסצוזען. אַלץ איז געווענדעט אין דעם, וויפל „קוועטשעניש׳ן זי וועט אויסאַרבעטן" ביים אָנהייב פון געבורט. און דאָס וועט באַווייזן די צוקונפט.

אויפן צווייטן טאָג, ווען ער האָט אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן, איז צוגעגאַנגען צום אַפּאַראַט דער שפּיטאָל־וועכטער און אים געזאָגט, אַז ער זאָל נישט אויפהענגען ס׳טעלעפאָן־טרייבל, ווייל ער גייט אַוועק זיך דערקונדיקן. ער האָט אים געלאָזט מוטשענדיק וואַרטן בערך צען מינוט צייט, און צוריקגעקומען מיט אַן ענטפער אין אַ גאַנץ נישט־פּאַסיקער און גרוביאַנישער פאָרם:

„מ׳האָט באַוויליקט מיר צו זאָגן, — זאָג, — האָבן זיי געזאָגט, — אַז ער האָט געבערענגט זיין פרוי צו פריצייטיק, מ׳דאַרף זי נעמען צוריק."

דער ווילד־געוואָרענער יורי אַנדרייעוויטש האָט געפּאָדערט צום טעלעפאָן וועמען פון די מער־אינפאָרמירטע.

— סימפּטאָמען פאַרפירערישע — האָט אים געזאָגט אַ קראַנקנ־שוועסטער — זאָל דער דאָקטאָר, ביטע, זיך נישט אויפרעגן, ס׳וועט אויס־קומען נאָך צו ליידן אַ מעת־לעת—צוויי.

אויפן דריטן טאָג איז ער געוויר געוואָרן, אַז די געבורט־ווייען האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך ביינאַכט, אַז פאַרטאָג איז אַרויס ס׳וואַסער, און פונדערפרי־אָן האָבן נאָכנישט אויפגעהערט די שטאַרקע קורטש־ספּאַזמען.

ער האָט שיער נישט־ברעכנדיק דעם קאָפּ געיאָגט זיך גלייך אין דער קליניק אַריין, און ווען ער איז געגאַנגען איבערן קאָרידאָר, האָט ער געהערט דורך דער צופעליק האַלב־אויפגעעפנטער טיר האַרצרייסנדיקע געשרייען פון טאָניאַ, פּונקט ווי עס שרייען צעדריקטע, מיט אָפּגעריסענע אברים, וועלכע מ׳שלעפּט אַפּער פון אונטער וואַגאָן־רעדער.

מ׳האָט אים נישט אַריינגעלאָזט צו איר. ער האָט איינגעביסן ביז בלוט דעם פאַרבויגענעם פינגער, און צוגעגאַנגען צום פענצטער, הינטער וועלכן ס׳האָט געגאָסן אָט דער זעלבער שיפער רעגן, אַזויווי נעכטן און אייערנעכטן.

פון דער פּאַלאַטע איז אַרויסגעגאַנגען די שפּיטאָל־דינערין. פון דאָרט האָט זיך דערשטראָגן אַ געקוויטש פון אַ נייגעבוירנס.

— זי איז גערעטעוועט, גערעטעוועט — האָט פריידיק געדופן צו זיך אַליין יורי אַנדרייעוויטש.

— מיט אַ זונעלע! מיט אַ ייִנגל געלעגן געוואָרן! בשלום פון נאָפּל זיך אָפּגעבונדן! — האָט ניגונדיק אַ זאָג־געטון די באַדינערין. — אַצינד טאָר מען נאָכנישט. נאָר ס׳וועט קומען די מינוט און מיר וועלן ווייזן. נו, דאַן וועט מען מעגן זיך לאָזן קאָסטן און ווילגיין פאַר דער קימפּעטאָרן. זי האָט זיך אָנגעמאַטערט. ס׳איז מיטן ערשטן. מיטן ערשטן איז תמיד אַ מאַטערניש.

— אַ געראַטעוועטע, אַ געראַטעוועטע, — האָט זיך געפרייט יורי אַנדרייעוויטש, נישט־באַנעמענדיק וואָס עס האָט געזאָגט די שפּיטאָל־דינערין, און אויך דאָס, אַז מיט אירע רייד האָט זי אים אויך אַריינגערעכנט צווישן די מיטבאַטייליקטע פון דעם איצט צושטאַנדגעקומענעם. אָבער ווי־וואָס־ווען? מיט וואָס איז ער דען דערין באַטייליקט? פאָטער, זון, — ער האָט נישט געזעען קיין שום שטאָלץ אין דער דאָזיקער מתנה פון פאָטערשאַפט, און נישט געפילט גאָרנישט באַזונדערס מיט דעם, ווי פון הימל־אַראָפּגעפאַלענעם, זון. דאָס אַלץ איז געלעגן מחוץ זיין באַוווסטזיין. דער עיקר איז געווען טאָניאַ, טאָניאַ וועלכע איז אונטערגעלעגן אַ טויט־געפאַר און האָט עס מיט הצלחה אויסגעמיטן.

ער האָט געהאַט אַ קראַנקן, דאָ נישט ווייט פון דער קליניק. ער איז אַוועק צו אים אַהין, און נאָך אַ האַלבער שעה צוריקגעקומען. ביידע טירן פון קאָרידאָר צום שמאָלן דורכגאַנג־שטיבל און ווייטער, פון שמאָלן שטיבל ביז דער פּאַלאַטע, זענען שוין ווידער צעעפנט. זיך נישט אָפּגעבנ־דיק קיין חשבון וואָס ער טוט, האָט יורי אַנדרייעוויטש זיך דורכגעגליטשט אין דורכגאַנג־שטיבל.

מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע הענט איז פאַר אים אויסגעוואַקסן, ווי פון דר׳ערד אַרויס, דער ריז־גינעקאָלאָג אין ווייסן כאַלאַט: —

— וואָהין? — האָט ער זיך פאַרדישעט מיט געשעפּטש, אַז ס׳זאָל נישט הערן די קימפּעטאָרין — און פאַרשטעלט אים דעם וועג. — וואָס? איר זענט פון זינען אַראָפּ? וווּנדן, בלוט, אַנטיסעפּטיק, נישט רעדנדיק שוין וועגן דער פּסיכישער אויפטרייסלונג. וואָזשנע! און דערצו נאָך אַ דאָקטאָר!

— נו, ביין, נאָר איך... איך האָב געוואָלט נאָר מיט איין אויג אַ בליק כאַפּן. פונדאַנען, דורך דער שפּאַרונע.

— נו, דאָס איז שוין אַ צווייטער ענין. אַזוי איז עס. נאָר עס זאָל מיר... קוקט. נאָר טאָמער באַמערקט מען, הרגע איך, כ׳וועל קיין לעבעדיק אָרט נישט לאָזן!

אין דער פּאַלאַטע זענען מיט דער פּלייצע צו דער טיר געשטאַנען צוויי פּרויען אין כאַלאַטן, די אַקושערקע און ניאַנקע. אויף דער ניאַנקעס האַנט האָט געצאַפּלט און זיך געריסן אַ פּישטשענדיק און צאַרט מענטשלעך בריאהלע, איינקורטשנדיק זיך און אויסציענדיק זיך, ווי אַ שטיקל טונקל־רויטע גומע. די הייבאַם האָט פאַרלייגטביים קינד זיידענע פעדים־דרעטלעך (ליגאַטורן) אויף דעם פּעמפּיק, כדי עס אָפּצוטיילן פון נאָפּל־שנור. טאַניאַ איז געלעגן אין מיטן פּאַלאַטע אויף אַן אָפּעראַציע־בעטל מיט אַ הייב־ברעטל. זי איז געלעגן גענוג הויך. יורי אַנדרייעוויטשן, וועלכער האָט, מחמת אויפרעגונג, אַלץ געזעען פאַרגרעסערט, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי ליגט אויף דער זעלבער הויך ווי ס׳קאַנטאָר־טישל, ביי וועלכן מען שרייבט שטייענדיק.

זייענדיק פאַרטראָגן אַזוי הויך אין די עולמות, מער ווי ס׳טרעפט מיט געוויינלעכע שטערבלעכע, האָט טאַניאַ זיך געטרענקען אין דאַמפּן פון אויסגעשטאַנענע יסורים. ווי זי וואָלט זיך געדרויכערט אין אויסגע־מאַטערטער שלאָפקייט. טאַניאַ האָט זיך געטראָגן הויך אין מיטן פון דער פּאַלאַטע, ווי עס וואָלט זיך אַרויסגעזעצט אין אַ בוכטע אַ נאָר־וואָס־צוגעשווומען, אויסגעלאָדן פּראַכט־שיפל, וואָס האָט ערשט דורכגעפירט אַ סכנותדיקן דורכשווים צווישן ים פון טויט און יבשה פון לעבן, מיט נייע נשמות, וועלכע וואָגלען דאָ־אַהער־אַריבער פון אַן אומבאַוווסט ערגעצ־לאַנד. אָט האָט זי נאָר־וואָס אַדורכגעפירט אַזאַ לאַנדונג פון איינער אַזאַ נשמה, און איצט ליגט זי ביים אַנקער אויפן ברעג, אָפּאָטעמענדיק מיט דער פולער, ליידיקער פרייקייט פון אירע לייכט־געוואָרענע היפטן. צוזאַמען מיט איר, האָבן אויך אָפּגעאָטעמט די איבערגעאַרבעטע און געשעדיקטע רודערס, זעגלען און אַנדערע שיף־מכשירים; און דאָס פאַר־געסעניש — דאָס אויסגעלאָשענע געדענקען וועגן דעם, — ווי זי איז ערשט אָנומלטן געווען, איבער וואָס זי איז דורכגעשווומען, און וויאַזוי זי האָט געלאַנדעט.

און היות ווי קיינער־איינער האָט נישט געקענט די געאָגראַפיע פון דאָזיקן לאַנד, אונטער וואָס פאַראַ פאָן זי איז געשווומען, האָט מען דעריבער אויך נישט געוווּסט אין וואָסער לשון מ׳זאָל זיך צו איר ווענדן.

ביי זיין אַרבעטס־פּאָסטן האָבן אים אַלע, איינער נאָכן צווייטן, באַגריסט. ווי גיך זיי זענען דאָס געוווּיר געוואָרן, — האָט זיך יורי אַנדרייעוויטש געוווּנדערט.

ער איז אַריבערגעגאַנגען אין אָרדינאַטאָרן־קאַבינעט, וועלכעס מ׳האָט גערופן — קרעטשמע, רינשטאָק, ווייל צוליב דער ענגשאַפט, מחמת דער איבערגעלאָדנקייט מיט קראַנקע אין שפּיטאָל, האָט מען אין דאָזיקן

צימער זיך אויסגעטון, אַריינגייענדיק אין אים גלייך פון גאַס, אין די קאַלאָשן, און דאָ האָט מען פאַרגעסן פאַרשידענע זייטיקע חפצים, וואָס מען האָט אַריינגעטראָגן פון אַנדערע געביידעס. מ׳האָט דאָ אַנגעוואָרפן פאַפּיראָסן־רעשטלעך און פאַפּירן.

ביים פענצטער פון אָרדינאַטאָר־צימער איז געשטאַנען דער גראָ־בער, אַנגעבלאָזענער פּראָזעקטאָר, און אויפהייבנדיק די הענט, האָט ער באַקוקט דורכן ליכט, איבער די אויגן, עפּעס אַ מוטנע פליסיקייט אין אַ גלאָז.

— איך באַגריס, — האָט ער געזאָגט, ווייטער קוקנדיק אין דער זעלבער ריכטונג און אפילו נישט באַוויליקט אַ קוק צוטון אויף יורי אַנדרייעוויטשן.

— אַ דאַנק. איך בין גערירט.

— נישטאָ פאַרוואָס צו דאַנקען. איך האָב דערצו אַ קנאַפּע שייכות. איר׳ט געהערט? ס׳האָט אויפגעשניטן פּיטשוזשקין. אָבער אַלע זענען דערשלאָגן־איבעראַשט. עכינאָקאָק טאַקע. אָט־וואָס. מ׳זאָגט, — אַ דיאַג־נאָסטיקער! און נאָר וועגן דעם רעדט מען.

אין דער זעלבער צייט איז אין צימער אַריינגעגאַנגען דער הויפּט־דאָקטאָר פון שפּיטאָל. ער האָט זיך באַגריסט מיטביידן און געזאָגט:

— דער טייוול ווייסט וואָס. אַן אַדורכגאַנגס־הויף איז דאָ, און נישט קיין אָרדינאַטאָר־קאַבינעט. ממש סקאַנדאַליעז! יאָ, זשיוואַגאָ, שטעלט זיך פאָר, — טאַקע עכיקאָק! מיר זענען געווען נישט גערעכט. איך באַגריס אייך. און דאַבײַ, — אַן אומאַנגענעמלעכקייט. ווידער אַן איבערקוקן אייער קאַטעגאָריע. דאָס איצטיקע מאָל וועט, זעט אויס, שוין נישט געלונגען אייך צו פאַרהאַלטן ביי אונדז. אַ שרעקלעכער מאַנגל אין מיליטעריש־מעדיציניש פּערסאָנאַל. ס׳וועט אייך אויסקומען צו שמעקן פּולווער.

6

די אַנטיפּאָווס האָבן איבער אַלע דערוואַרטונגען זיך גוט איינגע־אָרדנט אין יוראַטין. די גישאַראָוו האָט מען דאָ געדענקט צום גוטן. דאָס האָט לייכטער געמאַכט פאַר לאַראַן געוויסע שוועריקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט איינאָרדענען זיך אויף אַ ניי אָרט.

לאַראַ איז כסדר געווען פאַרנומען און פאַרזאָרגט. אויף איר עול איז געלעגן דאָס הויז און זייער דריי־יעריק מיידעלע קאַטינקאַ. ווי עס האָט זיך נישט געמיט די רויטהאָריקע מאַרפוטקאַ, וועלכע האָט געדינט ביי

די אַנטיפּאָוס, איז איר הילף געווען אַ נישט־געגנוגנדיקע. לאַריסאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט אַריינגעדרונגען אין אַלע ענינים פון פּאַוועל פּאַוולאָ־וויטש. זי האָט געגעבן אירע לעקציעס אין דער מיידלשער גימנאַזיע. לאַראַ האָט געאַרבעט, נישט אָוועקלייגנדיק די הענט צום רוען, און זי איז געווען גליקלעך. דאָס איז טאַקע געווען אָט דאָס לעבן, וועגן וועלכן זי האָט געטרוימט.

ס'איז איר געפעלן געוואָרן אין יוראַטין. דאָס איז געווען איר געבוירן־שטאָט. זי איז געלעגן ביי דעם גרויסן טייך רינעוויע, אויף וועלכן ס'זענען געשווומען שיפן ביים מיטעלן און נידעריקן פלוס, און האָט זיך געפונען ביי דער ליניע פון איינעם פון די אוראַלער באַן־וועגן.

דאָס דערנענטערן זיך פון ווינטער אין יוראַטין האָט זיך געלאָזט באַמערקן דערמיט, וואָס די לאָדקעס־אייגנטימער האָבן אַראָפּגענומען די לאָדקעס פון טייך און זיי געפירט אויף פורלעך אין שטאָט אַריין. פונדאַנען האָט מען עס פאַנאַנדערגעפירט צו זיי אויף די הייף, ווו די לאָדקעס האָבן שוין געווינטערט ביז פרילינג אונטערן פרייען הימל.

די איבערגעקערטע לאָדקעס, וועלכע האָבן זיך געווייסט אויף דער ערד אין דער טיף פון די הייף, האָבן אין יוראַטין באַדייט דאָס זעלבע, וואָס אין אַנדערע ערטער עס באַדייט דער הארבסט־דורכפלי פון די באָטשאַנעס, אָדער דער ערשטער שניי.

אויף דעם הויף, וועלכן אַנטיפּאָוו האָט אַרענדירט, איז אַזאַ לאָדקע, אונטער וועלכע קאַטיענקאַ האָט זיך געשפּילט ווי אונטער אַן אויסגעבוי־געגנעם דאַך פון אַ סאַד־פּאַוויליאָן, געלעגן איבערגעקערט מיט דער ווייס־געפאַרבטער דעק אויבן־אַרויף.

לאַראַן פיאָדאָריאָוונאַ איז געווען צום געמיט און צו דער נשמה דאָס שטייגערלעבן פון אַ פּאַרוואָרפן שטעטל, ווו די אָרטיקע אינטעליגענץ טוט זיך אָן צפון־מעסיק, אין וואַיליק־שטיוול, און סערדאַקעס אויף גראָער פלאַנעל; זייער נאַיוו־תמימותדיקער צוטרוי. לאַראַן האָט גע־צויגן צו ערד און צום פשוטן מענטש.

און אויסטערליש איז דווקא דאָס, וואָס דער זון פון באַן־אַרבעטער, פּאַוועל פּאַוולאָוויטש, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אומפּאַרבעסלעכער גרויס־שטאָט־איינוווינער. ער האָט באַדייטנד שטרענגער ווי זיין ווייב זיך באַ־צויגן צו די יוראַטין־איינוווינער. אים האָט שטאַרק אויפגערעגט זייער ווילדקייט און אָפּגעשטאַנענקייט.

אַצינד ערשט האָט זיך געהאַט אַרויסגעוויזן, אַז ביי אים איז געווען אַ זעלטענע פעיקייט צו דערכאַפּן און פאַרהיטן אין זיך וויסן, ידיעות, וועלכע ער האָט געשעפּט פון דעם גיכן לייענען. ער האָט שוין

אויך פריער, טיילווייז מיט דער הילף פון לאַראַ, געהאַט אַ סך געלייענט. אין די יאָרן זינט ער איז אַוועקגעפֿאָרן אין דער פּראָווינצער פּאַרוואָרפֿנ־קייט און אָפּגעזונדערטקייט, איז זיין באַלעזנקייט אַזוי געוואַקסן, אַז אויך לאַראַ האָט אים שוין נישט געקענט... 

ער איז געווען מיט אַ קאָפּ העכער אין ווייסן פון זיין לערער־סביבה, פון גאַנצן פּערסאָנאַל דאָ, און ער האָט זיך געקלאָגט, אַז ער שטיקט זיך אין זייער סביבה. אין דער־אַ מלחמה־צייט האָט זייער שאַבלאָנער פּאַטריאָטיזם, אַ קאַזיאָנער און אַביסל אַ פֿאַרזויערטער, לגמרי נישט אַנטשפּראָכן די מער קאָמפּליצירטע געפילן, וועלכע ער, אַנטיפּאָוו, האָט געפילט.

פּאַוועל פּאַוולאָוויטש האָט געענדיקט אַ קלאַסישע שול. ער האָט געגעבן לעקציעס אין גימנאַזיע — פון לאַטיין און אַלטערטום־געשיכטע. נאָר אין אים, דעם אַמאָליקן שילער פון אַ רעאַל־שול, האָט זיך פּלוצים אויפגעוועקט די איינגעשלאָפענעליידנשאַפט צו מאַטעמאַטיק, פיזיק, און עקזאַקטע וויסנשאַפטן. אויפן וועג פון זעלבסטבילדונג האָט ער באַהערשט די אַלע קעגנשטאַנדן אין פאַרנעם פון אַן אוניווערסיטעט־פּראָגראַם. ער האָט געטרוימט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אָפּצוגעבן עקזאַמענס אין ראַיאָן, זיך אָפּגעבן צו אַ באַשטימטער מאַטעמאַטישער ספּעציאַליטעט, און דערנאָך זיך איבערציען מיט דער משפחה קיין פּעטערבורג.

מיט דער פרוי האָט ער געהאַט גוטע, אָבער גענוג קאָמפּליצירטע, באַציונגען. זי האָט אים דערדריקט מיט איר גוטסקייט און זאָרגעוודיקייט, און ער האָט זיך נישט דערלויבט זי צו קריטיקירן. ער האָט זיך אויס־געהיטן, אַז אפילו אין זיין מינדעסטער באַמערקונג זאָל זיך נישט אַרויס־הערן, אין וועלכער ס'איז פאָרם, דער כלומרשט־פאַרבאָרגענער צו איר פאַרוואורף. ער ווייסט, למשל, איר נישט זאָגן, אַז זי האָט וויסע ביינער און ער האָט שוואַרצע ביינער, פונקט ווי ער זאָגט איר נישט, אַז פאַר אים האָט זי שוין געהאַט געהערט צו אַ צווייטן. די מורא, אַז זי זאָל אים נישט חושד זיין אין אַ עפּעס־וואָס אומגערעכט־באַליידיקנדיקער זינלאָזיקייט, האָט אַריינגעטראָגן אין זייער צוזאַמענלעבן — אַ קינסטלעכ־קייט. זיי האָבן זיך געמיט קעגנזייטיק איבערשטייגן איינער דעם אַנדערן אין דערהויבענער לייטזעליקייט צווישן זיך און דווקא דאָס האָט פאַר־קאָמפּליצירט זייערע באַציונגען.

ביי די אַנטיפּאָוס זענען געווען געסט. עטלעכע חברים־לערער פּאַוועל פּאַוולאָוויטשעס, די נאַטשאַלניצע פון לאַראַס גימנאַזיע, איינער אַן אנטיילנעמער פון אַ שידס־געריכט, אויף וועלכן פּאַוועל פּאַוולאָוויטש איז איינמאָל געהאַט אַרויסגעטרעטן אין דער ראָלע פון אַ פאַרמיטלער, אַ שלום־מאַכער, און אַנדערע. אַלע זענען זיי, פון פּאַוועל פּאַוולאָוויטשעס

קוקווינקל, געווען די אמתע באַגרענעצטע טיפּן און שוטים. ער איז געווען שטאַרק פאַרחידושט אויף לאַראַן, ווי זי קאָן דאָס זיין אַזוי ליבנסווירדיק מיט אַלעמען. ער האָט נישט געגלייבט, אַז ווער־עס־איז פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט זאָל אויף אַן אמת און אויפריכטיק איר קאָנען געפעלן ווערן.

ווען די געסט זענען אַוועק, האָט לאַראַ לאַנג געלופטערט, האָט צוגעקערט די שטובן, געוואַשן אין קיך צוזאַמען מיט מאַרפוטקאַן ס׳געשיר. דערנאָך, פעסטשטעלנדיק אַז קאַטיענקאַ איז גוט צוגעדעקט, און אַז פאַוועל שלאָפט, האָט זי זיך גיך אויסגעטון, אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און זיך געלייגט דערנעבן מאַן, מיט דער נאַטירלעכקייט פון אַ קינד וואָס ווערט גענומען צו דער מאַמען אין בעט אַריין.

אָבער אינדעראמתן האָט אַנטיפּאָוו בלויז געמאַכט זיך שלאָפנדיק, — ער איז נישט געשלאָפן. ביי אים איז איצט געווען אַן אָנפאַל פון שלאָפלאָזיקייט, וואָס האָט לעצטנס גאַנץ אָפט געפלעגט מיט אים פּאַסירן. ער האָט געוווסט, אַז נאָך אַ דריי־פיר שעה וועט ער זיך אַזוי דרייען און נישט קאָנען איינשלאָפן. כדי אָנצומיען זיך אַביסל און ווערן שלעפעריק, און כדי פטור צו ווערן פון דעם טאַבאַק־רויך, וואָס די געסט האָבן דאָ געלאָזן, איז ער שטיל אויפגעשטאַנען, אָנגעטון אויף די הינטערוועש דאָס פוטערל און אַ היטל, איז ער אַרויס אויפן גאַס.

עס איז געווען אַ העלע, האַרבסטיקע, פרעסטלדיקע נאַכט. אונטער די פיס ביי אַנטיפּאָוון האָבן זיך הילכיק געקרישלט די ברעכלעכע אייז־פלאַסטן. דער אויסגעשטערנטער הימל, ווי אַ פלאַם פון ברענענדיקן ספּירט, האָט מיט אַ בלאָען, באַוועגלעכן אָפשיין באַשיינט די שוואַרצע ערד מיט דער צעטרעטענער געפרוירענער בלאָטע.

דאָס הויז, אין וועלכן עס האָבן געוווינט די אַנטיפּאָווס, האָט זיך געפונען אין דער טייל שטאָט וואָס ליגט אין צווייטן עק, ווו עס געפינט זיך דער האַפן. דאָס הויז איז געווען דאָס לעצטע אויף דער גאַס. נאָך אים האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די פעלדער. ס׳האָט זיי דורכגעשניטן די באַן־ליניע. נאָענט ביי דער ליניע איז געשטאַנען אַ וואַך־ביידל. איבער די רעלסן איז געווען דורכגעלייגט אַ דורכפאָר־וואַל.

אַנטיפּאָוו איז געזעסן איבער אַן איבערגעקערטער לאָדקע און געקוקט אויף די שטערן. מחשבות, מיט וועלכע ער האָט די לעצטע יאָרן זיך איינגעלעבט, האָבן אים אַרומגעכאַפּט מיט אַ בהלהדיקער קראַפט. ער האָט איינגעזען, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט ער דאָך סיי ווי מוזן דורכטראַכטן די דאָזיקע מחשבות ביזן סאַמע סוף, דאַן איז בעסער דאָס צו־טון טאַקע היינט.

— ס׳קאָן אַזוי ווייטער נישט אָנהאַלטן, — האָט ער געטראַכט. —

אָבער דאָס אַלץ האָט מען דאָך געקאָנט פריער פאָרויסזען, ער האָט זיך צו שפּעט געכאַפּט. פאַרוואָס האָט זי אים דערלויבט, נאָך אַ קינד זייענדיק, זיך אַזוי אין איר פאַרקוקן און זי האָט געמאַכט מיט אים וואָס זי האָט געוואָלט. פאַרוואָס האָט זיך ניִשט געפינען ביי אים גענוג שכל אויף אָפּצוזאָגן זיך פון איר אין דער וויכטיקער צייט, דעמאָלט ווען זי אַליין האָט דאָס פון אים פאַרלאַנגט, יענעם ווינטער, פאַר דער חתונה? פאַרשטייט ער דען ניִשט, אַז זי האָט ליב ניִשט אים, נאָר איר ווילטועוודיקע אויפגאַבע אין באַצוג צו אים, די פאַרקערפּערונג פון איר דערהויבענער טאַט? וואָס איז פאַראַן געמיינזאַם צווישן דער עקזאַלטירטער מיט איר איידעלער מיסיע מיט דעם איצטיקן, לויפיקן פאַמיליע־לעבן? ערגער פון אַלעם איז דאָס, וואָס ביז היינט־צו־טאָג ליבט ער זי נאָך אַלץ מיט דער זעלבער קראַפט. זי איז ביז־משוגעת שיין. און אפשר גאָר איז עס אויך ביי אים ניִשט קיין ליבע, נאָר אַ מין דאַנקבאַרע צעשטרייטקייט אין אַנבליק פון איר שיינקייט און גרויסמוטיקייט? פו!, דו אַזוינער, נו קלייב זיך פאַנאַנדער אין דאָזיקן קנויל! דאָ וואָלט דער טייוול אַליין אַ פוס געבראָכן.

איז וואָס, אויב אַזוי, טאַקע טוען אין אַזאַ פאַל? באַפרייען לאַראַן און קאַטיענקאַ פון דעם פאַלשן מצב? דאָס איז אפילו וויכטיקער ווי דאָס באַפרייען זיך אַליין. נו, אָבער וויאַזוי? גט'ן זיך? דערטרונקען זיך? פו!, וואָסער עקלדיקע זאַך — האָט ער זיך געערגערט. — איך וועל דאָך קיינמאָל ניִשט גיין טוען עפּעס אַזעלכעס. טאָ נאָכוואָס דערמאָנען אפילו אין די מחשבות אָט די דאָזיקע עפעקטפולע געמיינקייטן?

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די שטערן, פּשוט ווי ער וואָלט געפרעגט ביי זיי אַן עצה. זיי האָבן געווינקען, געטיקט זיך, שיטערע און געדיכטע, היפשע און קליינע, בלאָע און רעגנבויגנדיק־מיניעדיקע. אומדערוואַרט האָט אַ לייכט געטון מיט אַ שאַרפן, גיך־שווינדלדיקן ליכט, פונקט אַזויווי ס'וואָלט ווער געלאָפן פון פעלד צו די טויערן מיט אַ פאָכענדיקן, פלאַמיקן פאַקעל אין האַנט, פאַרבלאָסט דעם שיין פון די שטערן, און אַ באַלייכט געטון דעם הויף און דאָס הויז און די לאָדקע, אויף וועלכער ס'איז געזעסן אַנטיפאָוו. שליידערנדיק צום הימל געלע זיילן רויך דורכגעמישטע מיט פייער, איז איבערן דורכפאָר־וואַל צו מערב דורכגעפאָרן אַ מיליטערישער צוג. זינטן פאַריקן יאָר זענען זיי דאָ דורכגעגאַנגען אָן אַ צאָל ביי טאָג און ביי נאַכט.

פאַוועל פאַוולאָוויטש האָט זיך צעשמייכלט, איז אויפגעשטאַנען פון דער לאָדקע און געגאַנגען שלאָפן. דער געווינטשטער אויסגאַנג איז געפונען געוואָרן.

# 7

לאַריסאַ פּיאָדאָראָוונאַ איז דערשיטערט געוואָרן, און תּחילת אירע אויערן נישט געגלייבט ווען זי איז געוואָר געוואָרן וועגן פּאַשאַס באַשלוס. — אומזין. עפּעס אַ קאַשמאַר־אַנשיקעניש, — האָט זי געטראַכט. — נישט לייגן קיין אַכט דערויף, און ער וועט שוין ממילא אין אַלעם פאַרגעסן.

ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דעם מאַנס פאָרבערייטונגען האָבן שוין הינטער זיך אַ צווייוואָכיקן טערמין; — די פּאַפּירן זיינע ליגן שוין אין דער מיליטערישער מאָביליזיר־קאָמיסיע, אַז אין גימנאַזיע איז שוין דאָ אויף זיין אָרט אַ פאַרטרעטער, אַז פון אָמסק איז שוין אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז מ'האָט אים אָנגענומען אין דער דאָרטיקער שולע. ס'האָט זיך שוין דערנענטערט דער טערמין פון זיין אָפּפאָרן.

לאַראַ האָט זיך צעהעשעט ווי אַ פּראָסטע באַבע, און אָנכאַפּנדיק אַנטיפּאָוון ביי די הענט, האָט זי זיך געוואָרפן צו זיינע פּיס. —

— פּאַשאַ, פּאַשענקאַ, — האָט זי געשריגן, — אויף וועמען לאָזטו איבער מיך און קאַטיענקאַן? טו נישט דאָס, טו נישט דאָס! ס'איז גאָרנישט שפּעט. איך וועל אַלץ אויסגלייכן. דו האָסט זיך דאָך נאָך רעכט ביי אַ דאָקטאָר נישט באַוויזן. און מיט דיין האַרץ! וואָס, אַ חרפּה, זאָגסטו? און ברענגען פאַר אַ קרבן די אייגענע פאַמיליע, עפּעס אַ משוגענעם איינפאַל — איז נישט קיין חרפּה? אַ פרייוויליקער! אַ גאַנץ לעבן געלאַכט פון יענעם מין טיפּ אַוואַנטוריסט, און פּלוצים האָסטו אים אַליין גענומען מקנא זיין! האָט זיך אים אַליין פאַרוואָלט אויך קלינגען מיטן שווערדל און פּראַווען אָפיצירישע שטיק! פּאַשאַ, וואָס האָט פּאַסירט מיט דיר? איך דערקען דיך נישט! מ'האָט דיך פאַרטוישט צי וואָס, צי אַ נישט־גוטס האָט זיך אין דיר באַזעצט? זאָג מיר. דערבאַרעם דיך, זאָג ערלעך, ביי כריסטוסן, אָן אויסגעלערנטע פראַזן, — צי דאָס איז טאָקע נייטיק רוסלאַנד?

פּלוצים האָט זי באַנומען, אַז נישט דערין שטעקט דער טשוואָק. נישט זייענדיק אימשטאַנד אַרומצוטראַכטן פּרטימדיק, האָט זי דערכאַפּט דאָס עיקרדיקע. זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז פּאַטוליאַ האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט אין מחשבות וואָס שייך איר באַציונג צו אים. ער האָט נישט דערשאַצט דאָס מוטערלעכע געפיל, וואָס זי האָט אַזויפיל יאָרן צונויפגעמישט צוזאַמען מיט איר צערטלעכקייט לגבי אים. ער האָט נישט באַנומען אַז אַזאַ מין סאָרט ליבשאַפט איז מער ווי די געוויינלעכע פרויען־ליבע.

זי האָט פאַרביסן די ליפּן, אַלץ אין איר אינערלעך האָט זיך גע־שפּיזט, ווי אַ דערשלאָגענע, און גאָרנישט מער זאָגנדיק האָט זי שווייגנ־דיק געשלונגען די טרערן, און גענומען צוגרייטן דעם מאַן אין וועג אַריין.

ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז עס איז געוואָרן שטיל אין דער גאַנצער שטאָט, און אַפילו די קראָען האָבן ווייניקער אויפגעהערט צו פליען אונטערן הימל. —

— מאַדאַם, באַרינגיאַ, — האָט מאַרפוטקאַ נוצלאָז זי גערופן. — „מאַמאַ, מאַמאַטשקאַ" — האָט אַן אַ סוף געפלאַפּלט קאַטיענקאַ, ציענדיק זי ביי דער האַנט. — דאָס איז געווען די סאַמע ערנסטע מפּלה אין איר לעבן, די בעסטע, די ליכטיקסטע האָפענונגען אירע, זענען איינגעפאַלן!

פון די בריוו פון סיביר האָט לאַראַ געוווסט אַלץ וועגן מאַן. גיך האָט אין אים איינגעטרעטן אַן אויסלייטערונג, אַן אויפלייכטונג. ער האָט שטאַרק געבענקט נאָך דער פרוי און טעכטערל, נאָך עטלעכע חדשים האָט מען פאַוועל פאַוולאָוויטשן אַרויסגעלאָזט פאַרטערמיניק אַלס פּראַ־פּאָרטשיק און אַזוי אויך אומדערוואַרט האָט מען אים אָפּקאָמאַנדירט מיט אַ מיסיע אין דער שלאַכט־אַרמיי. ער איז דורכגעפאָרן לגמרי אין אַ זייט און ווייט פאַרביי יוראַטין, און אויך אין מאָסקווע האָט ער נישט געהאַט קיין צייט מיט ווען־עס־איז זיך צו זען.

ס'האָבן אָנגעהויבן אָנקומען זיינע בריוו פון פראָנט, שוין מער לעבעדיקער און שוין נישט אַזעלכע אומעטיקע ווי פון דער אָמסקער מיליטער־שול. אַנטיפּאָוון האָט זיך געוואָלט מיט עפּעס אויסצייכענען אויפן פראָנט, אַז ער זאָל באַקומען אַ באַלוינונג פאַר עפּעס אַ מלחמה־טאַט, אָדער אין רעזולטאַט פון עפּעס אַ לייכט פאַרוווּנדעט ווערן — דערבעטן זיך אַן אורלויב, כדי צו קאָנען זיך זען מיט זיין פאַמיליע. אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצוווייזן האָט זיך אונטערגערוקט. אין רעזולטאַט פון נישט־לאַנג־פאַרגעקומענעם דורכרייס, וועלכער איז דערנאָך באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען ברוסילאָווער, איז די אַרמיי אַריבער אין אָנ־גריף. בריוו פון אַנטיפּאָוון האָבן אויפגעהערט אָנקומען. תחילת האָט דאָס באַאומרויקט לאַראַן. פּאַשאַס שטילשווייגן האָט זיך אויסגעטייטשט מיט די פאַנאַנדערגעוויקלטע קריגס־געשעענישן און מיט דער אוממעגלעכקייט צו שרייבן בעת די מאַרשרוטן.

האַרבסט, האָט דער אַרמיי־מאַרש זיך אָפּגעשטעלט. דאָס מיליטער האָט זיך באַפעסטיקט אין די אָקאָפּעס. לאַריסאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט גענו־מען זיך שטאַרק באַאומרויקן און גענומען בעטן אינפאָרמאַציעס, תחילת ביי זיך און יוראַטין, דערנאָך אין דער פּאָסט אין מאָסקווע, און אויפן

פֿראַנט, לויט דעם פֿריערדיקן פֿעלד־אַדרעס פֿון פֿאַשאַס אָפּטיילונג. מען האָט אינערגעץ קיינעם נישט געקענט און פֿון קיין שום אָרט איז נישט אָנגעקומען קיין ענטפֿער.

ווי אַ סך אַנדערע ווױלטעטיקע דאַמען אין ראַיאָן, האָט אויך לאַריסאַ פּיאָדאָראָוונאַ, פֿון סאַמע אָנהייב קריג זיך אויסגעצייכנט מיט באַדיינענדער הילף אין שפּיטאָל, וואָס איז געוואָרן אויפֿגעשטעלט ביים זיעמסקי שפּיטאָל.

איצט האָט זי זיך ערנסט פֿאַרנומען מיט מעדיצין־לערע און זי האָט אין שפּיטאָל באַלייגט אַן עקזאַמען אויפֿן טיטול באַרמהאַרציקע שוועס־טער. און אַלס שוועסטער האָט זי זיך אָפּגעבעטן אויף אַ האַלב יאָר פֿון גימנאַזיע, האָט איבערגעלאָזט די דירה אין יוראַטין אויף דער אויפֿזיכט פֿון מאַרפֿוטקאַ, און מיט קאַטיענקאַן אויף דער האַנט איז זי אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע. דאָ האָט זי איינגעאָרדנט דאָס טעכטערל ביי ליפּאַטשקאַ, וועמעס מאַן, דער דייטשישער אונטערטאַן פֿריזענדאַנק, איז צוזאַמען מיט אַנדערע דייטשישע געפֿאַנגענע געוואָרן אינטערנירט אין אופֿאַ.

איבערצייגנדיק זיך אין דער אומנוצלעכקייט פֿון אירע נאָכזוכענישן אויף דיסטאַנסן, האָט לאַריסאַ פּיאָדאָראָוונאַ באַשלאָסן זיך איבערצוטראָגן אויפֿן אָרט פֿון די ערשט נישט־לאַנג־פֿאַרגעקומענע קריגס־אָפּעראַציעס. צוליבן דאָזיקן צוועק איז זי אַריינגעטרעטן אַלס קראַנקנשוועסטער אין אַ סאַניטאַר־צוג, וואָס איז אָפּגעפֿאָרן דורך דער שטאָט ליסקי אין מעזאָ־לאַבאָרטש, אויף דער גרענעץ פֿון אונגאַרן. אַזוי האָט זיך אָנגערופֿן דאָס אָרט, פֿונוואַנען פֿאַשאַ האָט צו איר געשריבן זיין לעצטן בריוו.

## 8

אויפֿן פֿראָנט, אין דיוויזיע־שטאַב, איז געקומען אַ באָד־באַן, איינ־געשאָפֿן פֿון די געלט־מיטלען, וועלכע עס האָט געשפּענדעט דער טאַ־טיאַנער קאָמיטעט צוהילף די פֿאַרוווּנדעטע. אין דעם קלאַס־וואַגאָן פֿון לאַנגן צוג, צונויפֿגעשטעלט פֿון קורצע נישט־שיינע לאַסט־וואַגאָנען, זענען געקומען צו פֿאָרן געסט, געזעלשאַפֿטלעכע טוער פֿון מאָסקווע, וועלכע האָבן געבראַכט מתנות פֿאַר די אָפֿיצערן און סאָלדאַטן. צווישן זיי איז אויך געווען גאָרדאָן. ער איז געוואָר געוואָרן, אַז דער דיוויזיע־לאַזאַרעט, אין וועלכן ס׳האָט, לויט זיינע ידיעות, געאַרבעט דער חבר פֿון זיינע קינדעריאָרן, זשיוואַגאָ, געפֿינט זיך אין נאָענט־ליגנדיקן דאָרף.

גאָרדאָן האָט באַקומען אַ דערלויבעניש, וואָס איז נייטיק אויף צו באַוועגן זיך אין דער ביי־פֿראָנט־זאָנע, און מיטן פֿראַפּוסק אין האַנט איז

ער געפאָרן באַזוכן דעם חבר זײַנעם, אויף אַ פּורל וואָס האָט זיך געגרייט דאָרט אַהינפאָרן.

דער פּורמאַן, אַ ווײַסרוס אָדער ליטווינער, האָט שלעכט גערעדט רוסיש. די שרעק פאַר דער שפּיאָנען־מאַניע, האָט באַגרענעצט אַלעמענס רייד בלויז צו די אָפיציעלע, קאַזיאָנע, פאַרויס־באַוווּסטע רייד־מוסטערן. די אָנגעצויגנקייט פון די הויך־פּראַזנדיקע געשפּרעכן האָט נישט באַגינסטיקט צו שמועסן. אַ גרויסן טייל וועג האָט סיי דער פּאַסאַזשיר, סיי דער פּורמאַן, געשוויגן.

אין שטאַב, ווו מ׳איז צוגעווינט צום איבערוואָרפן גאַנצע אַרמייען, און האָבן געמאָסטן די שטחים מיט הונדערט־וויאָרסטיקע מאַרשרוטן, האָט מען פאַרזיכערט, אַז דאָס דערפל ליגט אָט־דאָ נישט־ווײַט, אַ צוואַנציק, פינפאונצוואַנציק וויאָרסט. אָבער פאַקטיש האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז מער ווי אַכציק.

דעם גאַנצן וועג, צום האָריזאָנט אויף לינקס, אין דער ריכטונג פון זייער פאָרן, האָט אומפּרײַנטלעך געוואָרטשעט און געדונערט. גאָרדאָן איז קיינמאָל אין לעבן נישט געווען אַן עדות פון אַן ערדציטערניש. נאָר ער האָט ריכטיק געאורטיילט, אַז אָט דאָס אימהדיקע, און צוליב דער ווײַטקייט קוים אונטערשיידנדיקע, הילכערן פון דער פײַנטלעכער אַרטילעריע, איז מער פון אַלץ ענלעך צו די אונטערערדישע שטויסן און געברויזן פון ווולקאַנישן אָפּשטאַם. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן פאַרנאַכטיק צו טונקלען, האָט דער נידערטייל הימל אין דער זייט אויפגעפלאַקערט מיט אַ ריזיקע פלאַטערדיק פײַער, וועלכער האָט זיך שוין נישט אויסגעלאָשן ביזן סאַמע פאַרטאָג.

דער באַלעגאָלע האָט געפירט גאָרדאָנען דורך צעשטערטע דערפער. אַ טייל זענען געווען פאַרלאָזט פון אײַנוווינער. אין אַנדערע — האָבן מענטשן זיך אויסבאַהאַלטן אין בונקערס טיף אונטער דער ערד. אַזעלכע דערפער האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט בערג מיט כמאַרים מיסט און צעקרישלטע שטיינער, וועלכע האָבן זיך אַזוי געצויגן אין אַ ליניע פונקט ווי פריער זייערע הײַזער. די דאָזיקע אָפּגעברענטע ישובים האָט מען געווען פון איין עק ביזן צווייטן, פונקט ווי מען זעט מדבריות אַן געוויקסן. אויף די חורבות־קופּעס האָבן זקנות־נשרפות געזוכט, געגראָבט, יעדע אויפן אייגענעם אַש פון איר הויז, כסדר געגראָבן און געגישטערט אין אַש און אַלעמאָל עפּעס באַהאַלטן, מיינענדיק, אַז זיי זענען געשיצט פון די בליקן פון זײַטיקע מענטשן, פונקט ווי אַרום זיי וואָלטן ווידער געשטאַנען די פריערדיקע ווענט. זיי האָבן אָנגעקוקט גאָרדאָנען און אים

באַגלייט מיט אַזאַ בליק, ווי זיי וואָלטן אים געפֿרעגט: גיך שוין וועט זיך די וועלט באַזינען און אומקערן צו לעבן מיט אַ סדר און אין פֿרידן?

ביינאַכט איז די רייזנדיקע אַקייגנגעקומען אַ פּאַטרול. מ'האָט זיי באַפֿוילן זיך צוריקצוקערן, זיי זאָלן אַראָפּ פֿונעם הויפּטוועג און אַרומקרייזן די דאָזיקע ערטער דורך די זייטיקע פֿעלד־שטעגן. דער פֿורמאַן האָט נישט געקענט דעם נייעם וועג. זיי האָבן אַ שעה־צוויי געפּלאָנטערט זיך, געבלאָנדזשעט און נישט געקאָנט אַרויס. שוין פֿאַרטאָג איז דער רייזנדער מיטן אָנטרייבער אָנגעקומען אין דעם דאָרף מיט דעם נאָמען וואָס ער האָט געזוכט. דאָרט האָט מען לגמרי בכלל נישט געהערט וועגן עפּעס אַ לאַזאַרעט. גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער געגנט זענען פֿאַראַן צוויי דערפֿער מיט די זעלבע נעמען. דאָס דאָזיקע און דאָס צווייטע וואָס ער זוכט.

אינדערפֿרי ערשט האָבן זיי דערגרייכט דעם ציל. בעת גאָרדאָן איז דורכגעפֿאָרן די געגנט אַרום, וועלכע האָט זיך געלאָזט פֿילן מיט ריחות פֿון אַפּטייקערישן רימעניק און יאָדאָפֿאָרם, האָט ער געטראַכט אַז ער וועט נישט נעכטיקן ביי זשיוואַגאָ. ער וועט נאָר דאָ פֿאַרברענגען דעם טאָג אין זיין געזעלשאַפֿט. ביינאַכט וועט ער צוריק אַרויספֿאָרן צו דער באַן־סטאַנציע, צו דער רעשט חברים. די באַדינגונגען אָבער האָבן אים פֿאַרהאַלטן דאָ העכער אַ וואָך.

# 9

אין די דאָזיקע טעג האָט זיך דער פֿראָנט אַ ריר געטון. עס זענען אויף אים פֿאָרגעקומען פּלוצלינגע ענדערונגען. דרום־צו פֿון דער דאָזיקער אָרטשאַפֿט, אין וועלכער עס איז אַריינגעפֿאָרן גאָרדאָן, האָט איינע פֿון אונדזערע איינהייטן, דורך אַ געלונגענער אַטאַקע פֿון די באַזונדערע טיילן, דורכגעריסן די פֿעסטונג־ליניע פֿון די פֿיינטלעכע פּאָזיציעס. אויסברייטנדיק דעם דאָזיקן אָנגריף, האָט די אַטאַקירנדיקע גרופּע אַלץ טיפֿער זיך אַריינגעשניטן אין שונאס פּאָזיציע. נאָך זיי האָבן נאָכגעפֿאָלגט הילפֿס־כוחות, וואָס האָבן אויסגעברייטערט דעם דורכריס. כסדר אָפּשטייענדיק, האָבן זיי זיך אָפּגעריסן פֿון דער הויפּט־גרופּע. דאָס האָט דערפֿירט דערצו אַז זיי זענען געוואָרן געפֿאַנגען. ביי די דאָזיקע פֿאַרהעלטענישן איז אויך גענומען געוואָרן אין געפֿאַנגענשאַפֿט דער פּראַפּאָרשטשיק אַנטיפּאָוו, וועלכער איז געווען געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן צוזאַמען מיט זיינס אַ האַלבער ראָטע.

ס'האָבן אַרומקורסירט ווענן אים די קעגנזעצלעכסטע קלאַנגען.

מ׳האָט אים געריכנט פאַר אַן אומגעקומענעם, פאַרשיט געוואָרן מיט ערד אין אַן אויפרייסנדיקער אָקאָפּע. אַזוי האָט מען איבערגעגעבן לויט די רייד פון זיינס אַ באַקאַנטן, אַ פּאַדפּאָרוטשניק פון איין פּאָלק מיט אים, גאַליאָולין, וועלכער זאָל האָבן געזען יענעמס אומקום דורך זיין פעלד־לאָרנעטע, פונעם אָבסערוויר־פּונקט, בעת אַנטיפּאָוו האָט זיך געלאָזט מיט זיין סאָלדאַטן־גרופּע אויף אַן אַטאַקע.

פאַר גאַליאָולינס אויגן איז שוין געווען אַ געוויינלעכער ספּעקטאַקל צוצוזען גרופּן־אַטאַקעס. עס איז איר געהאַט פאַרגעשטאַנען דורכצוגיין מיט גיכע שפּריזן, כמעט לויפנדיק, דאָס האַרבסד־פעלד, וואָס האָט דורכגעטיילטביידע אַרמייען. ס׳פעלד איז געווען באַוואַקסן מיט די ביטערע, ווילדע, טרוקענע קרייטעכצער־גראָזן (פּאָלין), וועלכע דער ווינט האָט געוויגט; און מיט די אומבאַוועגלעך־שטאַרצנדיקע מויזן־דערנער, מיט די שטעכערס אַרויף.

די אַנגרייפער האָבן באַדאַרפט מיט בראַוורישער געוואַגטקייט אַרויסנאַרן דעם שונא צו דער „נאַ שטיכי״־אַטאַקע, אָדער פאַרוואַרפן זיי מיט גראַנאַטן און אומברענגען די עסטרייכער וועלכע האָבן זיך פאַרשטעקט דאָרט אין די קייגנאיבערדיקע אָקאָפּעס. די לויפנדיקע האָט זיך אויסגעדאַכט אַז ס׳פעלד האָט גאָרנישט קיין סוף. די ערד האָט זיך גערערט אונטער זייערע פיס ווי אַ וויגנדיק־זיך־שיטנדיקער, בלאָטיקער באָדן. פריער איז דער פּראַפּאָרשטשיק זייערער געלאָפן פאַרויס, דערנאָך איז ער געלאָפן צוזאַמען מיט די זעלנער, זיך אויסגעמישט, פאָכנדיק מיטן רעוואָלווער איבערן קאָפּ און שרייענדיק מיט אַן אויפגעריסן מויל אַזש ביז צו די אויערן — „הוראַ!״, — וואָס נישט ער און נישט די לויפנדיקע אַרום אים סאָלדאַטן האָבן געהערט. מיט רעגלמעסיקע פּויזעס האָבן די לויפנדיקע זיך געוואָרפן אויף דער ערד, צוזאַמען זיך אויפגעשטעלט און מיט באַנייטע געשרייען ווייטער געלאָפן.

יעדעס מאָל, צוזאַמען מיט זיי, אָבער לגמרי אַנדערש, זענען געפאַלן אין זייער גאַנצן פולן וווקס, ווי הויכע ביימער ביים פאַרשניידן אַ וואַלד, איינצלנע אונטערגעשאָסענע, וועלכע זענען מער שוין נישט אויפגעשטאַנען.

— אַריבערלויפן. קלינגט אין דער באַטעריע אַריין, — האָט געזאָגט דער צעשראָקענער גאַליאָולין דעם דערנעבן־שטייענדיקן אַרטילעריע־אָפיציר. — נו, ניין. זיי טוען ריכטיק וואָס זיי האָבן אַריבערגעטראָגן ס׳פייער טיפער־אַריין.

אין דאָזיקן מאָמענט זענען די אַטאַקירנדיקע צוגעגאַנגען נאָך נענטער צום שונא. ס׳פייער האָט אויפגעהערט. אין דער פלוצים־געוואָרענער

שטילקייט האָבן אָנגעהויבן זידן און שנעלער קלאַפּן די הערצער ביי די וועלכע זענען געשטאַנען אויף דעם אָבסערוויר־פּונקט, פּונקט ווי זיי אַליין וואָלטן עס געווען אויפן אָרט פון אַנטיפּאָוו, וואָס פירן־צו זייערע מענטשן האַרט צו דער עסטרייכישער עפּענונגען, און אין אַ מינוט אַרום דאַרפן שוין געשען די וווּנדער פון אויפטועכישקייט און העלדישקייט.

אין דאַזייקן אויגנבליק האָבן אויפגעריסן איינער נאָכן אַנדערן צוויי דייטשישע זעכצן־אינטשיקע האַרמאַטן־באָמבעס. שוואַרצע זיילן ערד און רויך האָבן צוגעדעקט אַלץ אַרום־און־אַרום.

— יאַ אַללאַ! פּאַרטיק! געענדיקט דער באַזאַר! — האָט מיט בלאָס־געוואָרענע ליפּן געשעפּטשעט גאַליאולין, האַלטנדיק דעם פּראַ־פּאַרשטשיק און אַלע זיינע סאָלדאַטן פאַר אומגעקומענע. דער דריטער סנאַריאַד איז שוין געפאַלן גאָר נאָנט פון אָבסערוויר־פּונקט. בידעריק זיך אַראָפּבייגנדיק צו דער ערד, האָבן אַלע געאיילט זיך אָפּצוטראָגן פונדאַנען וואָס ווייטער.

גאַליאולין איז געהאַט געשלאָפן אין איין אָקאָפּע מיט אַנטיפּאָוון. ווען מ׳האָט אין פּולק שלום־געמאַכט מיטן געדאַנק אַז אַנטיפּאָוו איז דערהרגעט און וועט זיך שוין נישט צוריקקערן, האָט מען גאַליאולין, וואָס האָט גוט געקענט אַנטיפּאָוון, רעקאָמענדירט צו נעמען אויף אָפּ־צוהיטן זיין פאַרמעג, כדי להבא איבערצוגעבן צו זיין ווייב, — די פּאָטאָ־גראַפיעס, וועלכע מ׳האָט אין אַ גרויסער צאָל געפונען צווישן די זאַכן אַנטיפּאָווס.

דער ערשט־נישט־לאַנג־געוואָרענער פּראַפּאַרשטשיק, אַ פרייוווילי־קער, דער מעכאַניקער גאַליאולין, דער זון פון הויף־וועכטער גימאַזעטדין, פון טיווערזין־הויף, און אין ווייטן עבר — דער שלאָסער־שילער, וועלכן כודאַלעיעוו, דער מייסטער זיינער האָט צעשלאָגן, — איז פאַר זיין אַוואַנ־סירן שולדיק אַ דאַנק — דעם געוועזענעם פייניקער זיינעם.

ווען ער האָט אַוואַנסירט אויף פּראַפּאַרשטשיק, האָט גאַליאולין, נישט ווויסנדיק וויאַזוי, און קעגן זיין ווילן, אָנגעטראָפן אויף אַזאַ וואַרעם, פאַרוואָרפענעם העק, אין איינעם פון די הינטער־פראָנטיקע, פאַרוואָר־פענע גאַרניזאָנען. דאָרט האָט ער געהאַט צו זיין קאָמאַנדע — האַלב־אינוואַלידן, וועמען עס האָבן מושטרירט אויך אַזעלכע שלאַבעריקע אינ־סטרוקטאָר־וועטעראַנען, וועלכע האָבן אַליין שוין לאַנג פאַרגעסן די מושטרע. חוץ דעם האָט גאַליאולין קאָנטראָלירט צי עס זענען ריכטיק פאַנאַנדערגעשטעלט די וואַכן ביי די אינטענדענט־מאַגאַזינען. דאָס איז געווען אַ זאָרגלאָזע לעבן. — מער האָט מען פון אים נישט פאַרלאַנגט. ראָפּטעם אָבער, צוזאַמען מיט די ניי־אָנגעקומענע צו זיין קאָמאַנדע, די

רעזערוו־מאָביליזירטע, פון די אַלטע יאָרגענג, איז אויך אָנגעקומען פון מאָסקווע דער איִם גוט־באַקאַנטער פּיאָטר כודאַלעיעוו.

— אַך, אַלטע באַקאַנטע! — האָט כמורנע־שמייכלדיק גערעדט צו זיך גאַליאַולין. —

— טאַק טאַטשנאָ, — אַזוי איז ריכטיק, — אייער וווילגעבוירן, — האָט אָפּגעענטפערט כודאַלעיעוו, אויסציִענדיק זיך און סאַלוטירנדיק.

אַזוי פּשוט האָט עס זיך נישט געקאָנט פאַרענדיקן. ביי דער ערשטער מושטרירנדיקער נאַכלעסיקייט, האָט דער פּראָפּאָרשטשיק אָנ־געשריִגן אויף דעם ניז׳עריקערן־מדרגה סאָלדאַט, און ווען ס׳האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז יענער קוקט נישט גלייך מיט ביידע אויגן אויף אים, נאָר עפּעס אַזוי אומבאַשטימט־זייטיק, האָט ער אים דערלאַנגט אַ טראַמאַסק אין די ציין אַריין און אים געהייסן אַוועקפּירן אויף צוויי מעת־לעת קאַרצער אויף ברויט מיט וואַסער.

אַצינד האָט יעדער באַוועג גאַליאַולינס געשמעקט מיט נקמה־נעמען פאַר דעם אַמאָל־געשעענעם. און דורכפירן חשבונות אויף אַזאַ אופן, אין באַדינגונגען פון שטעקן־סובאָרדינאַציע, איז געווען אַ איבערמאָ־סיקע אָן־ריזיקע שפּיל, און אַ נישט־איידעלע. וואָזשע איז געווען צו מאַכן? אַז ביידע זאָלן ווייטער פאַרבלייבן אין איין אָרט איז געווען אוממעגלעך. נאָר אונטער וואָסער אויסרייד און וואַהין האָט אָן אָפיציר געקאָנט איבער־שיקן אַ סאָלדאַט פון אַן איינהייט צו וועלכער ער איז געוואָרן צו־געטיילט, — אין אַ שטראָף־קאָמאַנדע? פון דער צווייטער זייט, — אויף וואָסער סמך און יסוד קאָן ער שטיצן זיין ווענדונג? זיך פאַרענטפערנדיק אַז ס׳איז אים אומעטיק, און אַז ער פילט זיך נוצלאָז אין זיין גאַרניזאָן־דינסט, האָט גאַליאַולין געבעטן זיך אים איבערשיקן אויפן פראָנט.

דאָס האָט אים געשטעלט אין אַ גוט ליכט, און ווען ער האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן אויך אַנדערע זיינע מעלות, האָט זיך באַשטעטיקט אַז ער איז אַן אויסגעצייכנטער אָפיציר און האָט גיך אַוואַנסירט פון אַ פּראָפּאָרשטשיק אויף אַ פּאָדפּאָרוטשניק.

גאַליאַולין האָט געקענט אַנטיפּאָוון פון די טיווערזינס צייטן. אין נײַנהונדערט פינפטן יאָר, ווען פּאַשאַ אַנטיפּאָוו האָט אַ האַלב יאָר צייט געוווינט ביי די טיווערזינס, איז יוסופּקאַ געגאַנגען צו אים צו גאַסט און אין די יום־טובים האָט ער מיט אים געשפּילט. דאַן האָט ער איינמאָל אָדער צוויי מאָל געזען ביי זיי לאַראַן. פון דעמאָלסט אָן האָט ער וועגן זיי גאָרנישט געהערט. ווען אין זייער פּאָלק איז אַריינגעפאַלן פּאַוועל פּאַוולאָוויטש פון יוראַטין, איז גאַליאַולין פאַרחידושט־איבערראַשט גע־וואָרן מיט דער ענדערונג וואָס איז פאָרגעקומען מיט זיין אַלטן חבר.

פון דעם שעמעוודיקן, ענלעכן צו אַ מיידל, און פריילעכן שטיפער, — איז געוואָרן אַן אויפגערעקטער, אַלץ־אויף־דער־וועלט־ווייסנדיקער, פאַר־אַכטנדיקער היפּאָכאָנדריקער, איז געווען קלוג, מוטיק־בראַוו, שווייגנדיק און אַפּלאַכעריש. צייטנווייז, קוקנדיק אויף אים, איז גאַליאָולין גרייט געווען צו שווערן, — אַז ער זעט אין דעם שווערן בליק אַנטיפּאָוס, ווי אין דער טיפעניש פון אַ פענצטער, עפּעס אַ צווייטע געשטאַלט, אַ פעסט־באַזעצטער אין אים רעיון, אַ בענקשאַפט צום טעכטערל, אָדער — דאָס פּנים פון זיין פרוי. אַנטיפּאָוו האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרכישופטער, ווי אין אַ מעשהלע. און אָט איז ער אויס־געוואָרן, און אויף די הענט פון גאַליאָולין זענען געבליבן פּאַפּירן און אַ פאָטאָגראַפיע פון אַנטיפּאָוו און דאָס געהיימניש פון זיין פאַרענדערונג.

פריער אָדער שפּעטער האָבן צו גאַליאָולינען באַדאַרפט דערגיין לאַראַס אָנפרעגענישן. און ער האָט זיך געגרייט איר צו ענטפערן. עס איז אָבער געווען אַ הייסע צייט. אָפּענטפערן איר ווי געהעריק — איז ער נישט געווען בכוח. און אים האָט זיך געוואָלט זי צוגרייטן צו דעם אַפּוואָרטנדיקן איר קלאַפּ. אַזוי אַז ער האָט געהאַלטן אין איין אָפּלייגן דעם פאַרנעמיקן, אַנטשפּרעכיקן בריוו צו איר, ביז ער איז נישט געוווּר געוואָרן, אַז זי איז אַליין ערגעץ אויפן פראָנט, אַלס קראַנקנשוועסטער. און מ׳האָט נישט געוווּסט וואָהין צו אַדרעסירן צו איר אַ בריוו.

# 10

— נו וויאַזוי? ס׳וועלן זיין היינט פערד? — האָט גאָרדאָן גע־פרעגט זשיוואַגאָן, ווען יענער איז געקומען צו אים בייטאָג אָפּעסן מיטאָג, אין דער גאַליצישער כאַטע ווו זיי זענען איינגעשטאַנען.

— נו וואָס פאַרא פערד דאַרטן? און וואָהין וועסטו פאָרן, אַז מ׳קאָן נישט אויף פאָרויס און נישט אויף צוריק. אַרום און אַרום אַ מוראַדיקער פּלאָנטער. קיינער פאַרשטייט גאָרנישט. אויף דרום האָבן מיר אַרומגע־קרייזט אָדער דורכגעריסן די דייטשע פּאָזיציעס אין עטלעכע ערטער, דאַביי זאָגט מען, אַז עטלעכע אונדזערע צעשטויבטע איינהייטן זענען אַריין אין אַ זאַק. און אויף צפון זענען די דייטשן אַריבער די סווענטאַ, וועלכע רעכנט זיך אין יענעם אָרט פאַר אַ נישט־דורכגאַנגבאַרע. דאָס איז די קאַוואַלעריע, אין דער צאָל פון אַ קאָרפּוס, זיי מאַכן קאַליע די באַן־ליניעס, צעשטערן מאַגאַזינען, און לויט מיר — רינגלען זיי אונדז אַרום. דו זעסט וואָסער בילד. און דו זאָגסט — פערד. נו, רירעוודיקער, קאַר־

פענקא, דעק אים דעם טיש און לעבעדיקער ריר זיך. וואָס האָבן מיר היינט? אַ, קעלבערנע פיסלעך? גרויסאַרטיק.

די סאַניטאַר־איינהייט, מיט דעם לאַזאַרעט, מיט אַלע אונטער־ליגנדע אָפּטיילונגען, זענען געווען צעוואָרפן איבערן דאָרף, וואָס איז על־פּי־נס געבליבן גאַנץ. די הייזער דאָ, וועלכע האָבן געגלאַנצט מיט די שמאָלע טאָפּלטע פענצטערלעך — לויטן מערב־שטייגער, זענען אַלע ביז איינעם נישט באַשעדיקט געוואָרן.

ס׳איז געווען אין די לעצטע העלע טעג פון הייסן גאָלד־האַרבסט. בייטאָג האָבן די דאָקטוירים און אָפיצערן צעעפנט די פענצטער, און געהרגעט די פליגן וועלכע האָבן זיך שוואַרץ געראַיעט ביי די פענצטער און אויף די ווייסע שלאַקן פון די נידעריקע סופיטן.

זיי האָבן אויסגעטון די כאַלאַטן און אונטערלייבלעך, זיך באַגיסנדיק מיט שוויס, און אָפריענדיק זיך פון די הייסע גריצן און טיי. ביינאַכט האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט טשיפּקע, די פיס אונטער־זיך, ביי די אָפענע אויוון־טירלעך, האָבן געבלאָזן אויף די זיך־לעשנדיקע קוילן אונטער דעם גאָסן, נישט־צעברענענדיקן האָלץ, און מיט אויגן פאַרטרערטע פון רויך האָבן זיי געזידלט זייערע דענטשיקעס, די אַדיוטאַנטן, וועלכע קאָנען נישט מענטשלעך איינהייצן ווי ס׳באַדאַרף־צו־זיין.

ס׳איז געווען אַ שטילע נאַכט. גאָרדאָן און זשיוואַגאָ זענען געלעגן איינער קעגן צווייטן אויף בענק בייביידע אַקעגן־ווענט. צווישן זיי איז געווען אַן עס־טיש און לאַנגע, שמאָלע פענצטער וואָס ציען זיך פון וואַנט צו וואַנט. אין שטוב הייס אָנגעהייצט און אָנגערויכערט. זיי האָבן געעפנט אין פענצטער די צוויי־זייטיקע לופטשיקעס און אַריינגעאָטעמט די נאַכטיקע, האַרבסטיקע פרישקייט, פון וועלכער די שויבן האָבן גע־שוויצט.

ווי געוויינלעך האָבן זיי געשמועסט, ווי אין אַלע די טעג און נעכט. ווי תמיד האָט ראָזאָוואַטע געפלאַמט דער האָריזאָנט אין דער זייט פון פראָנט. און ווען די גלייכמעסיקע, אויף קיין איין מינוט נישט־אויפהערנ־דיקע שיס־געדונערייען, זענען געפאַלן מער נידעריק, און מ׳האָט גע־קאָנט אונטערשיידן יעדן שאָס באַזונדער, יעדן זעץ און קלאַפּ, ווי זיי וואָלטן אָוועקגעשלעפּט דעם באָדן אין אַ זייט, אַראָפּרייסנדיק דעם טינק, און ווי איבערן דיל וואָלט אַריבער אַ שווערער, געשוויצטער קופערט, האָט זשיוואַגאָ, צוליב אַכטונג צום אָפּהילך, אויסגעהאַלטן אַ פּויזע און געזאָגט:

— דאָס איז בערטאַ, דאָס דייטשישע זעכצן־אינטשיקע און זעכציק־פּודיקע וואַג־שטיקעלע.

און דערנאָך, באַנייענדיק דעם געשפּרעך, האָט ער שוין פאַרגעסן וועגן וואָס עס איז געווען דאָס גערייד.

— מיט וואָס שמעקט דאָס אַזוי די גאַנצע צייט אין דאָרף? — האָט געפרעגט גאַרדאַן. — איך האָב עס פון ערשטן טאָג אָן באַמערקט, אַזאַ זעטיקייט אָן איבלדיקע, עקלדיקע, ווי פון מייז.

— אָ, איך ווייס וואָס דו מיינסט. דאָס זענען קאַנאַפּליעס, לייך־זאַנגען. קאַנאַפּליעס אַליין פאַר זיך גיבן אַרויס אַ מידמאַכנדיקן און דער־קוטשענדיקן ריח פון נבלה. חוץ דעם, אין ראַיאָן פון די קריגס־אָפּעראַ־ציעס, ווען צווישן דער קאַנאַפּליע בלייבן ליגן געהרגעטע, בלייבן זיי לאַנג ליגן ביז מ׳געפינט זיי אויס, און דערווייל פוילן זיי. אַ ריח פון טויטן־גופים איז דאָ גאַנץ פאַרשפּרייט, דאָס איז נאַטירלעך. ווידער בערטאַ, דו הערסט?

במשך די דאָזיקע טעג האָבן זיי איבערגעשמועסט וועגן אַלעם אויף דער וועלט. יורי אַנדרייעוויטש האָט אים דערציילט מיט וואָסערע שווע־ריקייטן ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער בלוטיקער לאָגיק פון קעגנזיי־טיקן זיך אויסמאָרדן, אין אָנגעזיכט פון די פאַרווונדעטע, באַזונדערס צו די היינטצייטיקע שוידערלעך־פאַרווונדעטע, די פאַרשענדעט־צעקאַליע־טשעטע וואָס בלייבן לעבן. די היינטיקע שלאַכט־טעכניק פאַרוואַנדלט די פאַרווונדעטע אין שטיקער געשענדעט פלייש.

יעדן טאָג איז גאָרדאָן ערגעץ־ווו געווען, בעתן באַגלייטן זשיוואַ־גאָן, און אַדאַנק אים האָט ער עפּעס־וואָס געזען. ער האָט, פאַרשטענד־לעך, זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער נישט־אָנשטענדיקייט מיט זיין פּוסטן זיך צוקוקן צו פרעמדע העלדישקייטן, און דאָס ווי אַנדערע, מיט זייערע אוממענטשלעכע אָנשטרענגונגען פון ווילן, באַזיגן די שרעק פאַרן טויט. און וויפל יענער איז זיך דאַביי מקריב און ריזיקירט. נאָר די ליידיקגייערישע און צו־גאַרנישט־פירנדיקע קרעכצענישן צוליבן דאָ־זיקן ענין, וויזן זיך אים אויך אויס אויף קיין האָר נישט מער עטיש. ער האָט געהאַלטן אַז מ׳דאַרף זיך פירן אַנטשפּרעכיק דער סיטואַציע אין וועלכער עס שטעלט זיך דאָס לעבן, — ערלעך און נאַטירלעך.

אַז מ׳קען פון בלויזן אָנקוקן פאַרווונדעטע פאַלן אין חלשות, — האָט ער זיך איבערצייגט אויף זיך אַליין, בעתן פאָרן אין צוג פון נישט־סטאַבילן אָפּטייל פון רויטן קרייץ, וועלכער איז געווען טעטיק צו מערב־זייט פון זיי, אויפן פעלד־באַנדאַזש־פּונקט כמעט ביי די סאַמע פּאָזיציעס.

זיי זענען געקומען צו פאָרן צום ראַנד פון אַ גרויסן וואַלד, אויפ־דערהעלפט צעהאַקטן פון אַרטילערישן פייער. אין צעבראָכענעם און צע־טרעטענעם קוסטאַרניק האָבן זיך געוואַלגערט איבערגעקערטע און צע־

האַקטע פּאַדערשטיק פון האַרמאַטן. צו אַ בוים איז געשטאַנען צוגעבונדן אַ רייטפערד. פון הילצערנעםביידל פון וואַלדוועכטער, איז געווען אַראָפּגע־ריסן אַ האַלבער דאַך. דער באַנדאַזשיר־פּונקט איז געווען אין קאַנטאַר פון וואַך־ביידל און אין צוויי גרויסע, גראָע געצעלטן, אויפגעשטעלטע ביים וועג צום וועכטער־ביידל, אינמיטן וואַלד.

— אַן אומזין געווען דאָס אַהערפירן דיך — האָט געזאָגט זשיוואַגאָ. — אַרום אין אַרום דאָ זענען אַקאַפּעס, אַן אַנדערהאַלבן — צוויי ווי־אָרסט פונדאַנען, און אונזערע באַטעריעס זענען אָט דאָרטן שוין הינטערן וואַלד. דו הערסט וואָס עס טוט זיך דאָס? שפּיל נישט די ראָל פון קיין העלד, איך בעט דיך, כ׳וועל נישט גלייבן. ביי דיר איז אַצינד די נשמה אין די קנעכלען, און דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך. יעדע מינוט קאָן זיך ענדערן די סיטואַציע. עס וועלן נעמען דאָ אַהערפליען סנאַריאַדן.

אויף דער ערד, ביים וואַלד־וועג, זענען געלעגן אויף די בייכער און אויף די פּלייצעס, צעשפּרייטנדיק די פיס אין שווערע שטיוול, פאַר־שטויבטע און מידע יונגע סאָלדאַטן, אין דורכגענעצטע מיט שוויס אונ־טערהעמדלעך אויף די ברוסטן און אַקסלען, — אַ רעשטל פון אַ שטאַרק שיטער־געוואָרענער אײנהייט. מ׳האָט זיי אַרויסגעפירט פון אַ שלאַכט וועלכע האָט זיך שוין געהאַט געצויגן פיר טעג דורכאַנאַנד, און מ׳האָט זיי אָפּגעשיקט אין טיל, אין הינטערלאַנד, אויף אַ קורצן אורלויב.

די סאָלדאַטן זענען געלעגן ווי שטיינערנע, זיי האָבן נישט געהאַט קיין כוח, נישט צו שמייכלען און אפילו נישט אויף פּלאַפּלען אַביסל גע־מיינע רייד. און קיינער פון זיי האָט נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ ווען פון דער טיף פון וואַלד, אויפן וועג, האָבן געהודעט עטלעכע אויף־דער־גיך זיך־דערנענטערדיקע וועגענערס אין טאַטשאַנקעס אָן־רעסאָרן, וועלכע זענען גיך געפאָרן און אונטערגעשפּרונגען און שוין די־רעשט צוצעבראָכן די ביינער ביי די אומגליקלעכע, איבערגעקערט ביי זיי די אינגעווייד, — האָבן צוגעפירט די פאַרוואונדעטע צום באַנדאַזשיר־פּונקט, ווו מ׳האָט זיי געגעבן די ערשטע הילף, אויפאינדערגיך באַנדאַזשירט, און אין געוויסע אויסנאַמפאַלן, אויך אינדערשנעל, אויף־איין־פוס, אָפּערירט. די אַלע האָט מען ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק, ווען דאָס פייער האָט זיך איינ־געשטילט אויף אַ קורצן איבעררייס, אַרויסגעטראָגן אין אַ מוראדיק גרויסער צאָל, פון שלאַכטפעלד, פאַר די אָקאָפּעס. אַ גוטע העלפט פון זיי איז געווען אין אַ באַוווסטלאָזן מצב.

ווען מ׳האָט זיי צוגעפירט צום קאַנטאַר־פליגל, זענען פון אים אַראָפּ־געקומען די סאַניטאַרן מיט טראָגבעטלעך און גענומען אויסלאָדן די טאַט־שאַנקעס. פון געצעלט־אַרויס, אונטערהאַלטנדיק מיט דער האַנט, האָט

אַרויסגעקוקט אַ קראַנקנשוועסטער. עס איז אַצינד נישט געווען איר דיזשור. זי איז געווען פריי. דער פרישער, הויכער וואַלד האָט עכאָדיק פאַנאַנדער־געטראָגן אַפּהילכן פון זייער שפּאַרעניש, נאָר קיין ווערטער האָט מען נישט געהערט. ווען מ׳האָט געברענגט צו פירן פאַרוווּנדעטע, זענען די זיך־אָמפּערנדיקע אַרויס אויפן וועג, ריכטנדיק זיך צו דער קאַנטאָר, אַ צע־היצטער, צע׳כעסטער אָפיציר האָט גשריגן אויפן דאָקטאָר פון גיכעהילף־אָפּטייל, באַמיענדיק זיך פון אים געוווּיר צו ווערן, וואָהין מ׳האָט אַרי־בערגעפירט די גאַנצע אַרטילערישע איינהייט וואָס האָט זיך פריער דאָ געהאַלטן. דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט געוווּסט, ס׳האָט צו אים קיין שום שייכות נישט געהאַט. ער האָט געבעטן דעם אָפיציר אָפּשטיין און נישט שרייען, ווייל מ׳האָט געברענגט פאַרוווּנדעטע און ער האָט געגוג וואָס צו טון. דאָס אָפיצירל האָט זיך נישט איינגעשטעלט און האָט געזידלט דעם גאַנצן רויטן קרייץ, אַלע אַרטילערישע קאַנצעלאַריעס אין ביוראָס, און אַלעמען אויף דער וועלט. צום דאָקטאָר איז צוגעגאַנגען זשיוואַגאָ. זיי האָבן זיך באַגריסט און אַוועק אויף די שטיגן פון וועכטער־ביידל. דער אָפיציר, מיט אַ קוים־קוים טאָטערישן אַקצענט, האָט ווייטער ממשיך געווען זיינע הויכע זידלערייען, אָפּגעבונדן ס׳פערד פון בוים, אַרויפגע־שפּרונגען אויפן פערד און אַוועקגעריטן אויפן וועג אין טיפן וואַלד אַריין. און די שוועסטער האָט אַלץ געקוקט און געקוקט.

פלוצים האָט זיך איר פּנים אויסגעקרומט פון גרויל. — וואָס טוט איר? איר זענט פון זינען אַראָפּ, — האָט זי געשריגן צו צוויי לייכט־פאַרוווּנדעטע, וועלכע זענען געגאַנגען אָן זייטיקער הילף צווישן די טראָגבעטלעך, צו אַן איבערבאַנדאַזשירונג. אַרויסלויפנדיק פון געצעלט האָט זי זיך געוואָרפן צו זיי אויפן וועג.

אויף אַ טראָגבעטל האָט מען געטראָגן אַן אומגליקלעכן, אַ באַזונ־דערס מוראדיק, און אויסטערליש צעשעדיקטן און צעשענדעטן. אַ שטיק פון אַ אויפרייסנדיקן גראַנאַט וועלכער האָט צעקראַוואַטשעט זיין פּנים. פאַרוואַנדלענדיק זיין צונג און ציין אין אַ בלוטיקער קאַשע, האָט אים נישט דערהרגעט, נאָר איז שטעקן געבליבן אין דער ראָם פון זיינע גאָמבע־ביינער, אויפן אָרט פון דער אַרויסגעריסענער קינבאָק. מיט אַ דינטשיק שטימעלע, נישט ענלעך אויף קיין מענטשלעכער, האָט ער אַרויסגעלאָזט צעקוועטשטע, קורצע, אָפּגעריסענע קרעכצן, וועלכער יעדער האָט געקאָנט באַנעמען ווי אַ געבעט, אַז מ׳זאָל אים שוין וואָס גיכער צוענ־דיקן, כדי איבערצורייסן שוין וואָס שנעלער זיינע אומבאַגרייפבאַרע, נאָך־געדויערנדיקע יסורים.

דער באַרמהאַרציקער שוועסטער האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אונטער

דער ווירקונג פון זיין קרעכצן, גרייטן זיך די צוויי דערנעבן־גייענדיקע, לייכט־פאַרוווּנדעטע זעלנער, צוצוגיין צו אים און מיט די בלויזע הענט אַרויסרייסן פון יענעמס מויל־חלל דעם דאָזיקן שרעקלעכן אייזן־שפּליטער.

— וואָס, איר, צו מעג מען דען אַזוי? דאָס וועט אַ כירורג טוען, מיט ספּעציעלע אינסטרומענטן. אויב מען וועט באַדאַרפן (גאָט, גאָט, נעם אים צו, צווינג מיך נישט צו צווייפלען אין דיין עקזיסטענץ!)

אין אַ מינוט אַרום, ביים אויפהייבן דאָס בעטל ביים אַרויפגיין אויף די שטיגן, האָט דער צעקריפּלטער אַ געשריי אַרויסגעלאָזט, זיך אַ קראַמף געטון מיטן גאַנצן גוף און אויסגעהויכט דעם אָטעם.

דער געשטאָרבענער צעקריפּלטער איז געווען דער רעזערוו־זעלנער גימאַזעטדין, דער שרייענדיקער אָפיציר אין וואַלד, — איז געווען זיין זון. דער פּאָדפּאָרוטשניק גאַליאולין, די באַרמהאַרציקע שוועסטער איז געווען — לאַראַ. גאָרדאָן און זשיוואַגאָ, — די עדות, אַלע זענען זיי געווען צוזאַמען, איינער נעבן אַנדערן, און איינער האָט נישט דערקענט דעם צווייטן, אַנדערע האָבן זיך, קיינמאָל נישט געקענט, און געוויסע זאַכן זענען קיינמאָל נישט געוואָרן אויפגעדעקט, אַנדערע ווידער האָבן נאָך געוואַרט אויף זייערע אויפדעקונגען, צו אַ ווייטערדיקן צופאַל, צו אַ נייער באַגעגעניש.

# 11

אין דער דאָזיקער געגנט האָבן אויף אַ וווּנדערלעכן אופן זיך אָפּ־געהיטן די דערפער. זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס אומדערקלערלעך־ניצול־געוואָרענע אינזל צווישן דעם ים פון חורבות. גאָרדאָן און זשיוואַגאָ האָבן פאַרנאַכט זיך אומגעקערט אַהיים. די זון האָט זיך געזעצט. אין איינעם פון די דערפער דורך וועלכן זיי זענען פאַרבייגעפאָרן, האָט אַ יונגער קאָזאַק, ביים גוטברודערישן געלעכטער פון די אַרומיקע, געוואָרפן אַ קופּערנע פינפער־מטבע, און געצווונגען אַן אַלטן גראָב־בערדיקן ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, צו כאַפּן די מטבע. די מטבע איז פאַרבייגעפלויגן די נעבעכדיק־אויסגעשפּרייטע הענט און אַראָפּגעפאַלן אין בלאָטע אַריין. דער אַלטער האָט זיך אַראָפּגעבויגן כאַפּן די מאַנעטע, האָט אים דער קאָזאַק דערלאַנגט אַ זעץ אין הינטן אַריין, און די אַרומשטייענדיקע האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן פון כאַכאָטשען און לאַכן. דערין איז טאַקע באַשטאַ־נען די גאַנצע פאַרווײַלונג. דערווייל איז זי נאָך געווען נישט מסוכנדיק, נאָר קיינער האָט נישט געקאָנט גאַראַנטירן, אַז עס וועט נישט אָננעמען אַ מער ערנסטערע ווענדונג. פון אַן אַקעגנאיבערדיקער שטוב איז אַרויסגע־

לאָפּן דעם אַלטנס ווייב צום וועג, מיט געשרייען אויסגעשטרעקט די הענט צום אַלטן, און ביי יעדן מאָל אויפסנייִ, מחמת פּחד, זיך פאַרשטעקט. פון פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט צווײ קליינע מיידעלעך צו זייער זיידן און האָבן געוויינט. דער פור־אַנטרייבער, וועמען די דאָזיקע סצענע האָט אויסגעזען לוסטיק־פּאַרוויילעריש, האָט איצט געפּירט זיין פערדל פּאַ־מעלכקע, כדי זיינע הערשאַפטן זאָלן האָבן גענוג צייט זיך צו פערווײלן. נאָר זשיוואַגאָ, צורופנדיק דעם קאָזאַק, האָט אים אויסגעזידלט און געהייסן איבעררייסן דאָס איזדיעקעוועץ־שפּילעריי.

— איך הער געהאָרכזאַם אייער ווילגעבוירן, — האָט דער קאָזאַק דינסטגרייט געענטפערט. — מיר־נישט־וויסן־דאָך, נאָר גלאַט אַזוי, אויף צום לאַכן.

דעם גאַנצן ווייטערדיקן וועג האָבן גאָרדאָן און זשיוואַגאָ געשוויגן.

—דאָס איז שוידערלעך, — האָט ביים דערזעען שוין דאָס אייגענע דאָרף אָנגעהויבן יורי אַנדרייעוויטש. — דו קאָנסט זיך קוים פאָרשטעלן, וואָסער כוס מיט לײדן עס האָט אויסגעטרונקען אין דאָזיקן קריג די אומ־גליקלעכע יידישע באַפעלקערונג. און דאָס אַלץ ווערט אָפּגעטון אין די באַשטימטע געביטן פון זייער געצווונגענעם וווינאָרט. און פאַר דעם אַלעם וואָס זיי שטייען־אויס, פאַר די אַריבערגעטראָגענע ליידן, קאָנטריבוציעס, קאָנפיסקאַציעס, צאָלט מען זיי נאָך אויף צולאָג, מיט פּאָגראָמען, מיט סאַדיסטישע פייניקונגען, מיט באַשולדיקן זיי, אַז ביי די דאָזיקע מענטשן איז אַ קנאַפּער פּאַטריאָטיזם. און פונוואַנען זאָל ער עס זיין, אַז ביים שונא געניסן זיי פון אַלע רעכט, און ביי אונז ווייסן זיי נאָר פון רדיפות! עס איז דערווידער דער גאַנצער האַס צו זיי, דער יסוד דערפון. עס רעגט אויף דווקא דאָס, וואָס דאַרף זיין רירנדיק און מיטפילנדיק. זייער אָרעמקייט און צונויפגעפּאַקטקייט, זייער שוואַכקייט און אומפעיקייט אָפּצוווערן זיך קעגן די קלעפּ. אומפאַרשטענדלעך, דערין שטעקט עפּעס אַ פּאַטוס, גו־רלדיקס.

גאָרדאָן האָט אים גאָרנישט־נישט אָפּגעענטפערט.

## 12

און אָט זענען זיי ווידער געלעגן אויףביידע זייטן פון לאַנגן שמאָלן פענצטער, ס׳איז געווען נאַכט, און זיי האָבן געשמועסט.

זשיוואַגאָ האָט דערציילט גאָרדאָנען, וויאַזוי ער האָט געזען אויפן פראָנט דעם צאַר. ער האָט גוט דערציילט.

דאָס איז געווען אין זיין ערשטן פרילינג אויפן פראָנט. דער שטאַב

פון דער איינהייט צו וועלכער ער איז געווען אָפּקאָמענדירט, איז גע־שטאַנען אין די קאַרפּאַטן, אין אַ קעסלטאָל, ווו די איינהייט האָט פאַר־שפּאַרט דעם אַריינגאַנג צו אַן אונגאַרישן טאָל.

אויפן דנאָ פון קעסלטאָל איז געווען אַ באַן־סטאַציע. זשיוואָגאָ האָט געשילדערט פאַר גאָרדאָנען דעם אויסערלעכן אויסזען פון דער אָרטשאַפט, די בערג, וועלכע זענען באַוואַקסן מיט ריזיקע יאָדלעס און סאָסנעס מיט צויטן וויסקייט פון די פאַרטשעפּעטע אָנן זיי וואָלקנס; די אַרויסשטאַרצנדיקע פעלזנשטיינער פון שאַרע גריפעל און גראַפיט, וועלכע האָבן זיך אויסגעשיידט צווישן די פעלדער, ווי נאַקעטע ליסינעס, אויס־געריבענע אין געדיכטע פעלן.

עס איז געווען אַ פייכטער, גראָער, ווי דער גריפעל, טונקעלער אַפּריל־פרימאָרגן, מיט אַ שווערער, טוכלער דעמפּיקייט פון אַלע הויכ־קייטן, אַן אומבאַוועגלעכער און דושנער. ס'האָט געדאַמפּט. אַ פּאַרע איז געשטאַנען איבער דעם קעסלטאָל, אַלץ האָט זיך גערויכערט, אַלץ האָט זיך געצויגן אין רויך־זיילן הויך אויף אַרויף־צו, דער לאָקאָמאָטיוו־רויך פון דער סטאַציע, די גראָע אויסדאַמפונג פון די לאָנקעס, גראָע בערג, טונ־קעלע וועלדער, טונקעלע וואָלקנס.

אין יענע טעג האָט דער צאַר באַרייזט גאַליציע. פּלוצים איז געוואָרן באַוווּסט, אַז ער וועט באַזוכן די איינהייט וואָס סטאַציאָנירט דאָ, וועמעס שעף ער איז.

ער האָט געקאָנט אָנקומען יעדע איינע מינוט. אויפן פּעראָן האָט מען אויסגעשטעלט אַן ערן־קאַראַול וואָס האָט אים באַדאַרפט באַגעגענען. עס זענען אַדורך איין שעה נאָך דער צווייטער אין אָנגעשטרענגטער דער־וואַרטונג. דערנאָך זענען געשווינד אַדורך, איינער נאָכן צווייטן, צוויי צוגן מיט זיין סוויטע. נישט לאַנג דערנאָך, איז אָנגעקומען דער צאַרישער צוג.

אין באַגלייטונג פון גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, איז דער צאַר דורכגעגאַנגען די אין־סטראַי־שטייענדיקע גרענאַדירן. מיט יעדן וואָרט פון זיין שטילער באַגריסונג, האָט ער אַרויסגערופן שאַלן און פליעסקערייען, ווי אַ הוידנדיק וואַסער אין אַ וויגנדיקן עמער, און אַ קאָלערנדיקן, דונערדיקן הוראַ.

דער טרויעריקלעך־שמייכלענדיקער צאַר האָט געמאַכט אַן איינ־דרוק פון אַ מער עלטערן און אויסגעמאַטערטן ווי אויף די רובעלס און מעדאַליען. ביי אים איז געווען אַ פאַרוועלקט, אָנגעשוואָלן פּנים. ער האָט יעדע ווײַלע ווי שולדיק געוואָרפן אַ בליק אויף ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן, נישט וויסנדיק וואָס עס פאַרלאַנגט זיך פון אים אין געגעבענעם מאָמענט, און ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, ערנמעסיק זיך אָנבויגנדיק צו זיין אויער,

אפילו נישט מיט ווערטער, נאָר מיט אַ באַוועג פון די ברעמען אָדער אַקסל, אים אַרויסגעפירט פון זיין פאַרלעגנהייט.

ער האָט דערוועקט מיטגעפיל אין יענעם גראַען, וואָרעמען און באַרגיקן פרימאָרגן. און עס איז געווען אימהדיק ביים אַ טראַכט־טון, אַז אַזאַ פּחדנותדיקע צוריקגעהאַלטענקייט און שעמעוודיקייט, קאָן זיין דער מהות פון אַזאַ אונטערדריקער, וואָס מיט דער־אַ שוואַכיקייט — פירט מען אויס טויט אורטיילן און מען באַגנעדיקט, מען בינדט און מען הענגט.

— ער זאָל האָבן עפּעס געזאָגט אַזוינס ווי דער שטייגער: איך, מיין שווערד און מיין פאָלק, ווי ווילהעלם, אָדער עפּעס ענלעכס וואָס אין דאָזיקן גייסט. אָבער אומבאַדינגט וועגן פאָלק, דאָס איז אומפאַרמיידלעך. נו, פאַרשטייסט דו דאָס, ער איז געווען, אויפן רוסישן אַרט, נאַטירלעך און טראַגיש העכער פון דער דאָזיקער וווּלגאַרקייט. ווייל אין רוסלאַנד איז אומדענקבאַר אַזאַ טעאַטראַלישקייט. וואָרן דאָס איז דאָך טעאַטערשטיק, נישט אמת דען? איך פאַרשטיי נאָך וואָס אַזוינס עס זענען געווען פעלקער ביי צעזאַרן, די גאַלן, אָדער דאָרט די סוועווין אָדער איליריער. אָבער זינט יענע צייטן איז דאָך דאָס אַליץ נאָר אַן אויסטראַכטעניש, וואָס עקזיסטירט נאָר בלויז דערצו, אַז צאַרן, עסקנים און קעניגס זאָלן האַלטן רעדעס: פאָלק, מיין פאָלק.

— אַצינד איז דער פראָנט פאַרפלייצט מיט קאָרעספּאָנדענטן און זשורנאַליסטן. מען פאַרשרייבט „אָבסערוווירונגען”, ווערטלעך פון פאָלקס־חכמה, מען באַקוקט די פאַרוווּנדעטע, און מען בויט אויף נייע טעאָריעס וועגן נאַציאָנאַלן שטאָלץ. דאָס איז אַזאַ מין סאָרט נייער דאַל *, אַזאַ מין אויסגעטראַכטער, אַ מין לינגוויסטישע גראַפאָמאַניע פון שפּראַכלעכן באַדאָסן זיך. דאָס איז איין טיפּ. ס'איז נאָך פאַראַן אויך אַ צווייטער. אַן אָפּגעהאַקטע רעדע, „שטריכן און בילדלעך”, סקעפּטיציזם, מיזאַנטראָפּיע, צום ביישפּיל, ביי איינעם (איך האָב עס אַליין געלייענט) אַזעלכע סענטענצן: „אַ גראָער טאָג, ווי נעכטן. פון פרימאָרגן אָן אַ רעגן, אַ בלאָטע. איך קוק דורכן פענצטער צום וועג. אויף אים ציט זיך אָן אומענדלעכע קייט פון געפאַנגענע. מען פירט פאַרוווּנדעטע. עס שיסט אַ האַרמאַט. מען שיסט שוין ווידער, היינט, ווי נעכטן, מאָרגן, ווי היינט, און אַזוי יעדן טאָג און יעדער שעה...” דו גיב נאָר אַ טראַכט ווי דורכדרינגלעך און שאַרפזיניק! דאָך, פאַרוואָס באַליידיקט ער זיך אויפן האַרמאַט? וואָס איז דאָס פאַר אַן אויסטערלישע פאָדערונג צו פאַרלאַנגען פון האַרמאַט —

* וולאַדימיר איוואַנאָוויטש דאַל (1801—1872), רוסישער שרייבער, עטנאָגראַף, לינגוויסט, מחבר פון ביכער וועגן אַלט־רוסישע ווערטלעך און אידיאָמען.

פֿאַרשידנאַרטיקייט! פֿאַרוואָס נישט בעסער, אַנשטאָט אויף דעם האַרמאָט, זיך וווּנדערן אויף זיך אַליין, וואָס שיסט אַזוי טאָגטעגלעך מיט אויס־רעכענונגען, מיט קאַמאַס, מיט פֿראַזן! פֿאַרוואָס נישט אָפּשטעלן דאָס שיסן מיט זשורנאַליסטישער מענטשן־ליבע, אַזאַ זיך איילנדיקע ווי דאָס שפּרונגען פֿון אַ פֿלוי? פֿאַרוואָס פֿאַרשטייט ער נישט, אַז נאָר ער, און נישט דער האַרמאָט, דאַרף זיין ניי און זיך נישט איבערחזרן? אַז פֿון די אָנגעטריפּטע איך בלאָקנאָט אַן אַ שיער זינלאָזיקייטן, קאָן קיינמאָל נישט זיך באַקומען עפּעס לייטישעס? אַז פֿאַקטן האָבן קיין קיום נישט — כּל־זמן דער מענטש האָט נישט אַריינגעטראָגן אין זיי עפּעס־וואָס אַזוינס. עפּעס אַ חלק פֿון דעם פֿרייען מענטשלעכן זשעני, עפּעס פֿון אַ מעשׂהלע.

— איבעראַשנדיק ריכטיק, — האָט אים איבערגעריסן גאָרדאָן. — אַצינד וועל איך דיר ענטפֿערן איך שייכות מיט דער סצענע וועלכע מיר האָבן היינט געזען. אָט דער דאָזיקער קאָזאַק, וועלכער האָט זיך געלאָזט ווילגיין איבער דעם אָרעמען פּאַטריאַרך, פּונקט ווי אין טויזנטער אַנדערע אַזעלכע פֿאַלן, דאָס, נאַטירלעך, זענען דאָך ביישפּילן פֿון דער געמיינסטער נידעריקייט, צוליב וועלכן מען פֿילאָזאָפֿירט נישט, נאָר מען דער־לאַנגט, פּשוט, אַין מאָרדע אַריין. נאָר צום פּראָבלעם וועגן יידן אינגאַנצן גענומען, איז די פֿילאָזאָפֿיע צוגעפּאַסט, און דאָן דערשיינט זי פֿון אַ לגמרי אומדערוואַרטער זייט. נאָר דערין וועל איך דאָך דיר נישט אַנט־פּלעקן קיין שום נייעס. די אַלע געדאַנקען, ביי מיר, ווי ביי דיר — זענען פֿון דיין פֿעטער.

וואָס איז אַזוינס פֿאָלק? — פֿרעגסט דו. — צי דאַרף מען זיך ניאַנטשען מיט אים, און צי טוט נישט פֿאַר אים מער יענער דווקא, וואָס נישט טראַכטנדיק וועגן אים, שוין מיט דער בלויזער שיינקייט און פֿייער־לעכקייט פֿון זיינע מעשׂים, — ציט ער אים מיט מיט זיך אין אַלפֿאַלקיש־קייט, און מאַכנדיק אים באַרימט — פֿאַרייביקט ער אים? נו, אומבאַדינקט, אומבאַדינקט. און אייגנטלעך, וועגן וואָס פֿאַראַ פֿעלקער קאָן דען זיין אַ רייד אין דער קריסטלעכער צייט? וואָרן דאָס זענען דאָך נישט, פּשוט, פֿעלקער, נאָר ניי־באַקערטע, איבערגעשאַפֿענע פֿעלקער, און דער גאַנצער ענין, פֿאַקטיש, באַשטייט אין דעם איבערפֿאַרוואַנדלען, און נישט אין דער געטריישאַפֿט צו די אַלטע יסודות. לאָמיר דערמאָנען די עוואַנגעליע. וואָס האָט זי געזאָגט אויף דער דאָזיקער טעמע? ראשית־כּל איז זי נישט געווען קיין אַקסיאָמאַטישע: אַזוי־און־אַזוי דווקא. זי איז געווען אַ פֿאָר־שלאָג — אַ נאַיווער און נישט־דרייסטער. זי האָט פֿאָרגעלייגט: ווילט איר לעבן אינגאַנצן אויפֿסניי, ווי עס איז נאָכנישט געווען, ווילט איר די

דערהויבנקייט פון גייסט? און אַלע האָבן אָנגענומען דעם פאָרשלאָג, פאַר־כאַפּטע אויף יאָרטויזנטער.

ווען זי האָט געזאָגט אַז אין גאָטס מלכות איז נישטאָ העלעניאָ (גריכנלאַנד) און נישט יודעאַ, איז דען דערמיט נאָר געמיינט געוואָרן צו זאָגן, אַז פאַר גאָט זענען אַלע גלייך? ניין, אויף דערויף האָט זיך דאָס נישט פאַרלאַנגט, דאָס האָבן געוווסט אויך ביז איר די פילאָזאָפן פון גריכנלאַנד, די רוימישע מאָראַליסטן, די נביאים פון אַלטן טעסטאַמענט. נאָר זי האָט געזאָגט: דעריין, אין דעם האַרץ־פאַרטראַכטן נייעם אופן פון קיום און נייעם אופן פון צונויפלעבן, וועלכעס רופט זיך מלכות אלוהים, נישט פעלקער, נאָר יחידישקייט פאַראַן, פערזענלעכקייט.

אָט האָסטו געזאָגט, אַז פאַקט איז אַן קיום, אויב מ׳טראָגט נישט אין אים אַריין קיין זינען. קריסטנטום, די מיסטעריע פון יחיד־פערזענלעכ־קייט, — איז טאַקע אָט־אָ דאָס וואָס מ׳דאַרף אַריינטראָגן אין פאַקט, כדי ער זאָל באַקומען זיין באַדייט פאַרן מענטש.

און מיר האָבן גערעדט וועגן מיטלמעסיקע עסקנים, וועלכע האָבן גאָרנישט וואָס צו זאָגן דעם לעבן און דער וועלט אַלס גאַנצעס. וועגן צווייטראַנגיקע כוחות, פאַראינטערעסירטע אין צמצום, וועגן דעם אַז די גאַנצע צייט זאָל נאָר זיין די רייד וועגן עפּעס־וואָס אַ פאָלק, געוווּנטשן, אַ קליין פאָלק, אַז עס זאָל ליידן, אַז מ׳זאָל קאָנען משפּטן און באַפעלן און פּראָפּיטירן אויף דעם רחמנות. אַ פולער און אומצעטיילבאַרער קרבן פון דער דאָזיקער סטיכיע — איז דאָס יידנטום.

דער נאַציאָנאַלער געדאַנק האָט אַרויפגעלייגט אויף אים די טויט־טנדיקע נויטווענדיקייט צו זיין און צו בלייבן אַ פאָלק, און נאָר אַ פאָלק, במשך דורי־דורות, בעת מיט זיין כוח, וואָס איז אַמאָל אַרויס פון זיינע רייען, איז די גאַנצע וועלט געוואָרן אויסגעלייזט פון דער דאָזיקער דער־נידערנדיקער אויפגאַבע. ווי דערשטוינענדיק דאָס איז! וויאַזוי האָט אַזעל־כעס געקאָנט פּאַסירן? דער דאָזיקער יום־טוב, דאָס אויסלייזן פון דער טייוואָלישקייט, פון דורכשניטלעכקייט, דער דאָזיקער שוווּנג־פלי איבער דער קליין־השגחהדיקער טאָגטעגלעכקייט, דאָס אַלץ איז געבוירן געוואָרן אויף זייער ערד, האָט גערעדט אויף זייער לשון און געהערט צו זייער שבט. און זיי האָבן דאָס געזעען און געהערט און דאָס דורכגעלאָזן? וויאַזוי האָבן זיי געקאָנט לאָזן אַוועקגיין פון זיך אַזאַ נשמה פון אַזאַ אומגעהויערער שיינקייט און קראַפט? וויאַזוי האָבן זיי געקאָנט טראַכטן, אַז מיטן אויפגיין פון איר טריומף און הערשאַפט, וועלן זיי בלייבן און עקזיסטירן אין דער פאָרם פון אַ ליידיק הייטל פון דאָזיקן נס, דורך זיי אַמאָל אַוועקגעוואָר־פענעם? לטובת וועמען איז די דאָזיקע פרייוויליקע מאַרטירערשאַפט?

וועמען איז דאָס נייטיק אַז זיי זאָלן דורך יאָרהונדערטער זיין באַדעקט מיט שפּאָט און זאָלן אָפּגיין אין בלוט פון אַזויפיל אין גאָרנישט שולדיקע זקנים, פרויען און קינדער. אַזעלכע אײדעלע און פעיקע צו גוטע מעשים און האַרציקע באַציונגען! נאָכוואָס אַזויפיל פויל־שלימזלדיקע שרייבע־רישע פאַלקסליבהאָבער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן? פאַרוואָס־דאָס זענען די אַנפירנדיקע מוחות פון דאָזיקן פאָלק, נישט אַוועק ווייטער פון דער דאָזיקער שוין צופיל זיך־לייכט־גיביקער פאָרם פון וועלטשמערץ און איראָניזירנדיקער קלוגשאַפט? פאַרוואָס־דאָס, ריזיקירנדיק צו ווערן אויפ־געריסן פון דער אומפאַרמײדלעכקייט פון דערפילן זיין חוב, פונקט ווי עס רייסן זיך דאַמף־קעסלען פון אונטערן דרוק, האָבן זיי נישט פאַנאַנ־דערגעלאָזט אָט דעם באַטאַליאָן וועלכער ווייסט נישט פאַרוואָס ער ווערט געשלאָגן? פאַרוואָס־דאָס האָבן זיי נישט געזאָגט:

„באַזינט אייך. געגוג. מען דאַרף נישט מער. איר הייסט נישט מער ווי איר האָט פריער געהייסן. דרענגט זיך נישט צונויף אין אַ קופּע, גייט זיך פאַנאַנדער. זייט מיט אַלעמען. איר זענט עס די ערשטע און די בעסטע קריסטן אין דער וועלט. איר זענט טאַקע אָט יעניקע וואָס עס האָבן אייך אָקעגנגעשטעלט די סאַמע ערגסטע און שוואַכסטע פון אייך.

# 13

אויפן צווייטן טאָג, קומענדיק צו מיטאָג, האָט זשיוואַגאָ געזאָגט:

— אָט דיר אומגעדולדיקט זיך אָפּצופאָרן, און דו האָסט דערמיט אַרויסגערופן דעם שטן. איך קאָן נישט זאָגן „דיין גליק", וואָרן וואָס איז דאָס פאַר אַ גליק אויב מען דריקט אונדז ווידער צו אַלץ ענגער און ענגער, אָדער מען צעקלאַפּט אונדז? דער וועג אויף מזרח איז פריי, און פון מערב קוועטשט מען. פאַראַן אַ באַפעל צו אַלע מיליטעריש־סאַניטאַרישע אינסטיטוציעס זיך אָפּצוטראָגן. מיר וועלן רירן מאָרגן אָדער איבערמאָרגן. ווו־אַהין, — איז אומבאַוווּסט. — און די וועש פון מיכאיל גריגאָריעוויטש, קאָרפּענקאָ, איז נאָך פאַרשטייט זיך, נישט געוואַשן. די אייביקע געשיכטע. קומעס און קומעס. פרעג אים וואָס עס טוט זיך מיט אים — ווייסט ער נישט פון זיינע הענט און פיס, דער גולם.

ער האָט נישט געהערט וואָס דער דענשטשיק־סאַניטאַר האָט עפּעס געבולבעט, געמורמלט, אויף צו פאַרענטפערן זיך, און ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף גאָרדאָנען, וואָס איז געווען פאַרביטערט ווייל ער פאַרברודיקט זשיוואַגאָס וועש וואָס ער האָט געטראָגן. און ער פאָרט אַוועק אין זיין העמד. זשיוואַגאָ האָט ממשיך געווען.

— עד, אַ וואַגלדיק לעבן אונדזערס, אַ ציגײַנעריש וואַנדערן. ווען מען איז דאָ אַהערגעקומען, איז עפּעס אַלץ געווען מאָדנע. דער אויוון דאָ, און דער נידעריקער סופיט, און שמוץ, און דושנעקייט. און איצט, כאָטש הרגע, קאָן איך שוין נישט געדענקען ווי מיר האָבן פֿאַר דעם סטאַציאָנירט. און עס דאַכט זיך, ווי דו וואָלסט שוין מי־יודע ווי לאַנג דאָ געוווינט, קוקנדיק אויף דעם ווינקל פֿון אויוון, מיט דער זון אויף די קאַפּליעס, און דער וויגנדיקער אויף אים שאָטן פֿון בוים ביים וועג.

זיי זענען געשטאַנען, נישט אײַלנדיק זיך, און געפּאַקט זייערע זאַכן.

בײַנאַכט האָט זיי אויפֿגעוועקט אַ גערויש פֿון געשרייען, אַ שיסערײַ און אַ לויפֿעניש. דאָס דאָרף איז געווען באַלויכטן עפּעס מיט אַ ליכט וואָס האָט פֿאַרגעזאָגט שלעכטס. פֿאַרבײַ דעם פֿענצטער האָבן זיך דורכגעשאַרט שאָטנס. —

— לויף אַראָפּ אויף דער גאַס, קאַרפּענקאָ, און פֿרעג צוליב וואָס עס איז דער גערודער — האָט געזאָגט יורי אַנדרייעוויטש.

גיך איז אַלץ באַוווּסט געוואָרן. זשיוואַגאָ אַליין, שנעל זיך אָנטוענדיק, איז אַוועק אין לאַזאַרעט כדי צו קאָנטראָלירן די קלאַנגען און זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר ריכטיק. די דײַטשן האָבן דורכגעבראָכן אויפֿן דאָזיקן אָפּשניט דעם ווידערשטאַנד. די פֿאַרטיידיקונגס־ליניע האָט זיך איבערגערוקט נענטער צום דאָרף און האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט. דאָס דאָרף איז געווען אונטערן פֿייער־ציל. דעם לאַזאַרעט און די ביוראָען האָט מען גיך אַרויסגעפֿירט, נישט וואַרטנדיק אויף קיין עוואַקואַציע־באַפֿעל. מען האָט פֿאַרגעזען אַלץ צו פֿאַרענדיקן ביז פֿאַרטאָג.

— דו וועסט פֿאָרן מיטן ערשטן עשאַלאָן, עס גייט איצט אַוועק אַן עקיפּאַזש, איך האָב געהייסן מען זאָל אויף דיר צוּוואַרטן. נו, זײַ געזעגנט. איך וועל דיך באַגלייטן און וועל אַ קוק טאָן ווי מען זעצט דיך אַוועק.

זיי זענען געלאָפֿן צום צווייטן עק דאָרף, וווּ מען האָט אויסגעשטאַט דעם צוריק־טריט. דורכלויפֿנדיק פֿאַרבײַ די הײַזער, האָבן זיי זיך אַראָפּגעבויגן, באַהאַלטנדיק אונטער די מויערן. אויף דער גאַס האָבן געזומקען און געזשומעט די קוילן. פֿון די דורכקרייצן וועלכע האָבן דורכגעשניטן די פֿעלדער, איז געווען צו זען די פֿאַלנדיקע, אויפֿרײַסנדיקע שראַפּנעלן וועלכע האָבן זיך אָנגעצונדן ווי פֿלאַם־שירמס.

— און דו וויאַזוי — האָט אין לויף געפֿרעגט גאָרדאָן.

— איך, דערנאָך. מען וועט נאָך דאַרפֿן זיך צוריקקערן אַהיים, נאָך די זאַכן. איך וועל פֿאָרן מיט דער צווייטער פּאַרטיע.

זיי האָבן זיך געזעגנט ביים ראַנד פון דאָרף. עטלעכע וועגעלעך און וואָגנס פון וועלכע עס איז באַשטאַנען דער טאַבאָר, זענען אַדורכגעפאָרן, אַרויפפאָרנדיק איינער אויפן צווייטן און זיך צוריקגעצויגן, וואַרטנדיק אויס־צוגלייכן די ריי. יורי אַנדרייעוויטש האָט אַ פּאָכע געטון מיט דער האַנט צום אָפּפאָרנדיקן חבר. זיי האָט באַלויכטן דאָס פייער פון אַ ברענענדיקן שפּייכלער.

באַמיענדיק זיך צו גיין האַרט ביי די כאַטעס, זיך שיצנדיק אונטער זייערע דעכלעך, האָט יורי אַנדרייעוויטש זיך געריכטעט אויף אַהיים צו זיך. מיט אַ צוויי הייזער פאַר זיין דירה, האָט אים אומגעוואָרפן פון די פיס אַ מעכטיקע לופטכוואַליע פון אַן אויפרייס און אַ שראַפּנעל־קויל האָט אים פאַרוווּנדעט. יורי אַנדרייעוויטש איז אַוועקגעפאַלן אין מיטן וועג, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט און פאַרלירנדיק דאָס באַוווּסטזיין.

# 14

דאָס עוואַקואירטע שפּיטאָל איז שטעקן געבליבן ערגעץ אין איי־נעם פון די שטעטעלעך אין מערב־געביט, ביי אַ באַן־סטאַציע, אין שכנות מיטן שטאַב. עס זענען געווען וואַרעמע טעג פון סוף פעברואַר. אין דער אָפּיצירן־פּאַלאַטע פאַר רעקאָנוואַלעסצענטן, האָט יורא אַנדרייעוויטש, וועלכער האָט זיך דאָ געפונען אויף אויסצוהיילן, געהאַט געבעטן, — אַז דאָס פענצטער ביי זיין געלעגער זאָל זיין אָפן.

עס האָט זיך דערנענטערט די שעה פון מיטאָג. די קראַנקע האָבן ווי־עס־איז פאַרטריבן די שעה וואָס איז נאָך פאַרבליבן ביז צו מיטאָג. מען האָט זיי געזאָגט אַז אין שפּיטאָל אַריין איז אָנגעקומען אַ נייע שוועס־טער און היינט וועט זי דאָס ערשטע מאָל אַרומגיין די קראַנקע. דער ליגנ־דיקער אַקעגנאיבער יורי אַנדרייעוויטשן, גאַליאַולין, האָט דורכגעקוקט די נאָר־וואָס־באַקומענע צייטונגען „ריעטש", „רוסקאָיע סלאָוואָ", און געהאַט פאַרדרוס צוליב די ווייסע צענזור־פלעקן אין די צייטונגען.

יורי אַנדרייעוויטש האָט געלייענט בריוו פון טאַניאַ, וועלכע ער האָט באַקומען פון דער פעלדפּאָסט אין אַזאַ צאָל אויף וויפיל זיי האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַמלט. אַ ווינט האָט געווינטלט איבער די זייטלעך פון די בריוו און די בלעטלעך פון די צייטונגען. עס האָבן זיך דערהערט לייכטע טריט. יורי אַנדרייעוויטש האָט אויפגעהויבן די אויגן פון די בריוו. אין דער פּאַלאַטע איז אַריינגעגאַנגען לאַראַ.

יורא אַנדרייעוויטש און דער פּאָדפּאָרוטשניק, נישט וויסנדיק איינער

פון דעם צווייטן האָבן זי דערקענט. זי האָט קיינעם פון זיי נישט געקענט. זי האָט געזאָגט:

— זייט געגריסט! פאַרוואָס איז דאָס פענצטער אָפן? איז אייך נישט קאַלט? — און זי איז צוגעגאַנגען צו גאַליאולינען.

— אויף וואָס קלאָגט איר זיך? — האָט זי געפרעגט און אים אָנגענומען ביי דער האַנט, כדי צו ציילן דעם פולס, נאָר אין דער זעלבער מינוט האָט זי די האַנט צוריק אַרויסגעלאָזט און אַ פאַרדאַגהטע זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול ביי זיין געלעגער.

— וואָסער אומגעריכטקייט לאַריסאַ פיאָדאָראָוונאַ, האָט געזאָגט גאַליאולין. — איך האָב געדינט אין איין פאָלק צוזאַמען מיט אייער מאַן און איך האָב געקענט פּאַוועל פּאַוולאָוויטשן. ביי מיר זענען צונויפגענומען פאַר אייך זיינע זאַכן.

— עס קאָן נישט זיין, עס קאָן נישט זיין. — האָט זי איבערגעחזרט — וואָסער אויסטערלישע צופעליקייט. האָט איר אים, הייסט עס געקענט? דערציילט־זשע וואָס גיכער, וויאַזוי איז דאָס אַלץ געווען? ער איז דאָך אומגעקומען, פאַרשיט געוואָרן מיט ערד? גאָרנישט זאָלט איר נישט אויסבאַהאַלטן, האָט נישט קיין מורא. וואָרעם איך ווייס דאָך אַלץ.

— ביי גאַליאולין האָט אויסגעפעלט מוט צו באַשטעטיקן אירע ידיעות, וועלכע זי האָט צונויפגעקליבן פון די קלאַנגען. ער האָט באַשלאָסן צו זאָגן ליגנט, כדי צו באַרויקן זי.

— אַנטיפּאָוו איז אין געפאַנגענשאַפט, — האָט ער געזאָגט. — ער האָט זיך פאַרנומען צו ווייט פאָרויס מיט זיין אָפּטייל, אין דער צייט פון אָנגריף און האָט זיך פּלוצים דערזען איינער אַליין. מען האָט אים אַרומגערינגלט. ער איז געווען געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן.

אָבער לאַראַ האָט נישט געגלייבט גאַליאולינען. די איבערראַשנדיקע פּלוצימדיקייט פון געשפּרעך האָט זי אויפגעטרייסלט.

זי האָט נישט געקאָנט באַהערשן אירע אַנפליסנדיקע טרערן, אָבער זי האָט נישט געוואָלט וויינען אין דער אַנוועזנהייט פון זייטיקע. זי איז גיך אויפגעשטאַנען און אַרויסגעגאַנגען פון פּאַלאַטע, כדי צו באַהערשן זיך אין קאָרידאָר.

אין אַ מינוט אַרום האָט זי זיך צוריקגעקערט אויסערלעך אַ באַרויקטע. זי האָט בכיוון נישט געקוקט אין גאַליאולינס ווינקל, אַז זי זאָל זיך נישט אויפסנייי פונאַנדערוויינען. צוגייענדיק גלייך צום געלעגער פון יורי אַנדרייעוויטש, האָט זי געזאָגט צעשטרייט און ווי אויסגעלערנט:

— זייט געגריסט. אויף וואָס קלאָגט איר זיך?

יורי אַנדרייעוויטש האָט נאָכגעפאָלגט איר אויפרעגונג און טרערן,

ער האָט זי געוואָלט פרעגן וואָס מיט איר איז, ער האָט איר געוואָלט דער־ציילן ווי ער האָט זי צוויי מאָל אין לעבן שוין געזען, אַלס גימנאַזיסט און אַלס סטודענט, ער האָט זיך אָבער באַטראַכט, אַז דאָס וועט אַרויסקומען צו־פאַמיליאַריש און זי וועט אים נישט ריכטיק באַנעמען. דערנאָך האָט ער זיך פּלוצים דערמאָנט די טויטע אַננאַ איוואַנאָוונאַ אין דער טרומנע און טאָניאָס געשרייען דעמאָלט אין סיווצעוו, און ער האָט זיך איינגעהאַלטן און אנשטאָט דעם אַלעם האָט ער איר געזאָגט:

— איך באַדאַנק אייך. איך בין אַליין אַ דאָקטאָר און היילן זיך מיט די אייגענע כוחות. איך נייטיק זיך נישט אין גאָרנישט.

פאַרוואָס האָט ער זיך אויף מיר באַליידיקט? — האָט לאַראַ גע־טראַכט, און האָט פאַרחידושט אַ קוק געטון אויף דעם אומבאַקאַנטן מיטן פאַרריסענעם נעזל, וועלכער צייכנט זיך מיט גאָרנישט אויס.

עטלעכע טעג איז דאָס וועטער געווען אומזיכער און נישט איינ־געשטעלט. אַ וואַרעמער מורמלענדיקער ווינט האָט געבלאָזן דורך די נעכט, וועלכע האָבן געשמעקט מיט פייכטער ערד.

דורך אַלע די טעג זענען אָנגעקומען מאָדנע ידיעות פון שטאַב. עס האָבן זיך דערטראָגן באַאומרויקענדיקע קלאַנגען פון דער היים. פון טיפן הינטערלאַנד. די טעלעגראַפישע פאַרבינדונג מיט פעטערבורג איז געוואָרן איבערגעריסן. אומעטום, אין אַלע ווינקעלעך האָט מען געפירט פאָליטישע שמועסן.

בעת איר יעדער דיזשור האָט די שוועסטער אַנטיפּאָוואַ געמאַכט צוויי אַרומגענג, איינדערפרי און אינאָוונט, און צוגעוואָרפן אומבאַדיי־טנדיקע באַמערקונגען די קראַנקע פון אַנדערע פאַלאַטעס, גאַליאַולינען און יורי אַנדרייעוויטשן. — אַ מאָדנער טשיקאַווער מענטש, — האָט זי געטראַכט. — אַ יונגער און אַן אומהעפלעכער. ער האָט אַ פאַרריסענע נאָז און מען קאָן נישט זאָגן, אַז ער איז איבעריקס שיין. ער איז אָבער קלוג אין בעסערן זין פונעם וואָרט, זיין שכל איז אַ לעבעדיקער און באַצווינגענדיקער. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר. דער ענין באַשטייט אין דעם, אַז זי דאַרף וואָס שנעלער פאַרענדיקן די אַרבעט דאָ און אַוועק קיין מאָסקווע, נענטער צו קאַטיענקאַן. אין מאָסקווע דאַרף זי מאַכן באַ־מיונגען צו באַפרייען זיך פון דער אַרבעט אַלס קראַנקנשוועסטער און אומקערן זיך אַהיים קיין יוראַטין, צו איר באַשעפטיקונג אין דער גימ־נאַזיע. דער ענין מיטן אומגליקלעכן פּאַטולעטשקען איז דאָך שוין איינ־גאַנצן קלאָר. נישטאָ שוין די מינדסטע האָפענונג. עס האָט דעריבער נישט קיין זין צו בלייבן אַ פראַנט־העלדין, ווייל בלויז צוליבן זוכן אים האָט זי דאָס אַלץ דאָך אָפּגעטאָן.

וואָס טוט איצט דאָרט קאַטיענקאַ? אָרעמע יתומה (זי האָט אָנגעהויבן וויינען). אין דער לעצטער צייט זענען פאָרגעקומען זייער שאַרפע און קענטיקע ענדערונגען. ערשט נישט לאַנג האָבן נאָך עקזיסטירט דער הייליקער חוב לגבי דעם פאָטערלאַנד, די העלדישקייט אויפן פראָנט, די דערהויבענע געזעלשאַפטלעכע געפילן. אָבער די מלחמה איז געוואָרן פאַרשפּילט, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע אומגליק, דערפון נעמען זיך אַלע אַנדערע זאַכן, אַלץ איז געוואָרן הפקר — נישטאָ מער קיין הייליקע זאַך.

אַלץ האָט מיטאַמאָל זיך געביטן: דער טאָן, די לופט. מען ווייסט נישט וויאַזוי צו טראַכטן און וועמען צו פאָלגן. פונקט ווי מען וואָלט זי אַ גאַנץ לעבן געפירט פאַרן הענטל, ווי אַ קינד. און פלוצים האָט מען עס אָפּגעלאָזט — לערן זיך גיין אַליין. און אַרום איז קיינער נישטאָ, נישט קיין קרוב און נישט קיין אויטאָריטעט. דעמאָלט ווילט זיך אָנטרויען דעם סאַמע עיקר — דעם כוח פון לעבן אָדער דער שיינקייט אָדער דעם אמת, אַז זיי, נישט די אומגעשליידערטע מענטשלעכע באַשטימונגען, זאָלן דיך פירן זיכער און אומגעוואַקלט, זיכערער ווי דאָס איז געווען אין דער נאָרמאַלער פרידלעכער צייט, וואָס האָט זיך אַ וואקל געטאָן און צעשטערט געוואָרן. אָבער אין דעם פאַל מיט איר, — האָט לאַראַ באַצייטנס זיך געכאַפּט — איז אַזאַ אויסגעשפּראָכענער ציל נאָר קאַטיענקאַ. איצט, אָן פּאַטולעטשקען, איז זי בלויז אַ מוטער און אַלע אירע כוחות וועט זי אָפּגעבן דער אומגליקלעכער יתומה קאַטיענקאַן.

יורי אַנדרייעוויטש האָט באַקומען אַ בריוו, אַז גאָרדאָן און דודאָראָוו האָבן אָן זיין דערלויבעניש אַרויסגעגעבן זיין בוך, אַז מען לויבט עס און מען זאָגט אים פאַר אַ גרויסע ליטעראַרישע צוקונפט. מען שרייבט אים אויך, אַז אין מאָסקווע איז איצט זייער אינטערעסאַנט און אומרויק. עס וואַקסט די אומצופרידנקייט פון די פאָלקס־מאַסן און עס קומען אָן וויכטיקע פּאָליטישע געשעענישן.

עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. יורי אַנדרייעוויטשן האָט באַהערשט אַ שרעקלעכע שלעפעריקייט. ער האָט געדרימלט און כסדר זיך איבערגעוועקט. ער האָט געטראַכט, אַז צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך אויפגערעגט בייטאָג קאָן ער איצט נישט איינשלאָפן, אַז ער שלאָפט נישט. אויף יענער זייט פענצטער האָט געגענעצט און געדרייט זיך דער שלעפעריקער, איינשלעפערנדיקער ווינט. דער ווינט האָט געוויינט און געשעפּטשעט: „טאָניאַ, שוראָטשקאַ, איך בין אַזוי אויסגעבענקט נאָך אייך. איך וויל אַזוי שטאַרק זיך אומקערן צו דער היים און צו מיין אַרבעט!". אינעם געמורמל פון ווינט איז יורי אַנדרייעוויטש געשלאָפן, געוועקט זיך און איינגעשלאָפן אין האַסטיקן איבערבייט פון גליק

און ליידן — אַן אייליקער און אומרויקער איבערבייט, וואָס איז ענלעך געווען צו אַט דעם זיך ענדערנדיקן וועטער, צו אַט דער קאַפּריזנער נאַכט.

לאַראַ האָט געטראַכט: „ער האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל זאָרג ביים פאַרהיטן אַט דעם אָנדענק — פּאַטולעטשקעס אָרעם ביסל חפצים — און איך בין אַזאַ חזיר, איך האָב אפילו נישט געפרעגט אים ווער ער איז און פונוואַנען".

בעת איר באַזוך צומאָרגנס אינדערפרי האָט זי פאַרריכט איר פעלער און באַמיט זיך צו פאַרגלעטן דעם שפּור פון איר אומדאַנק־באַרקייט. זי האָט אויסגעפרעגט גאַליאַולינען וועגן אַלץ און געגרעדט אַ דערשטוינטע:

„גאָט מיינער, הייליק איז דיין נאָמען! ברעסקער־גאַס אַכט און צוואַנציק, די שטוב פון טיווערזין, דער רעוואָלוציע־ווינטער פונעם יאָר טויזנט נײַנהונדערט פינף! יוסופּקאַ? ניין, יוסופקען האָט זי נישט געקאָנט אָדער נישט געדענקט. אַנטשולדיקט מיר. אָבער דאָס יאָר און דעם הויף! דאָס איז דאָך אמת, אַט דער הויף און אַט דאָס יאָר זענען דאָך געווען!". אַך, מיט וואָסער שאַרפקייט האָט זי ווידער אָנגעהויבן שפּירן דאָס אַלץ. די שיסעריי און דאָס... ווי אַזוי האָט זי דאָס געקאָנט פאַרגעסן, יאָ, „די מיינונג פון כריסטאָס"! ווי שטאַרק זענען די ערשטע קינדערשע איינדרוקן און ווי אָפט קומען זיי צוריק! „אַנטשולדיקט מיר, פּאָדפּאָרוטשניק, ווי איז אייער נאָמען? יאָ, יאָ, איר האָט מיר שוין גע־זאָגט. אַ דאַנק, אַ גרויסן דאַנק אייך, אָסיפּ גימאַזעטדינאָוויטש, פאַר די זכרונות און געדאַנקען וואָס איר האָט אין מיר אויפגעוועקט!".

דעם גאַנצן טאָג איז איר נשמה פול געווען מיט „יענעם הויף". זי האָט געגרעדט און כמעט געטראַכט אויפן קול.

„באַנעם נאָר אַליין, ברעסקער־גאַס אַכט און צוואַנציק! די שיסעריי און די פּחדים דאָ זענען איצט זיבנפאַכיק גרעסער. אָבער נישט די יינגלעך שיסן דאָ, די יינגלעך זענען אויסגעוואַקסן און זיי אַלע געפינען זיך דאָ, אין מיליטער, אַלע פּשוטע פאָלקס־מענטשן פון יענע הייף און פון די דערפער, וואָס זענען ענלעך צו זיי. וווּנדערלעך! וווּנדערלעך!"

קלאַפּנדיק מיט די שטעקנס און קוליעס זענען איילנדיק אָרייַנ־געקומען די אינוואַלידן און די אַרומגייענדיקע חולאים פון די דער־בייאיקע פּאַלאַטעס. זיי האָבן געשריגן און פאַרהילכט איינער דעם אַנדערן:

„געוואַלדיקע געשעענישן. אין פּעטערבורג קומען פאַר גאַסן־קאַמפן. דער פּעטערבורגער גאַרניזאָן איז צוגעשטאַנען צו די אויפ־שטענדלער. אַ רעוואָלוציע".

פינפטער טייל

# געזעגענונג מיטן אלטן

## 1

דאָס שטעטל האָט געהייסן מעליוזייעוו און געשטאַנען אויף שוואַרצערד. ווי אַ היישעריק־כמאַרע איז איבער די דעכער געהאַנגען אַ שוואַרצער שטויב, וואָס עס האָבן אויפגעהויבן דאָס מיליטער און די טאַבאָרן. זיי האָבן מאַרשירט פון אינדערפרי ביזן אָוונט איןביידע ריכ־טונגען, פון דער מלחמה און אויף דער מלחמה, און עס איז געווען שווער צו דערגיין אַ טאָלק, צי קומט זי נאָך פאַר, אָדער זי האָט זיך שוין פאַרענדיקט.

יעדן טאָג זענען אָן אַן אויפהער אויסגעוואַקסן ווי שוואָמען, נייע פונקציעס. די גאַנצע טרחה האָט מען אַרויפגעלייגט אויף זיי: אויף אים, דעם פּאַרוטשניק גאַליאולין און די שוועסטער אַנטיפּאָוו, און נאָך אויף עטלעכע פּערזאָן פון זייער קאָמפּאַניע, אַלע איינוווינער פון גרויסע שטעט, מענטשן קלוגע און דערפאַרענע.

זיי האָבן פאַרנומען די פּאָסטנס אין דער שטאָטישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג און געווען קאָמיסאַרן אויף קליינע פלעצער אין דער אַרמיי און אין די סאַניטאַרע אָפּטיילונגען. זיי האָבן זיך באַצויגן צו דעם בייטן זיך פון אָט די פונקציעס, ווי צו פאַרווײלונגען אויף דער פרייער לופט, ווי צו אַ שפּיל אין „באַהעלטערלעך”. אָבער אַלץ אָפטער האָט זיך זיי געוואָלט אוועק פון די „באַהעלטערלעך” אַהיים, צו זייערע נאָרמאַלע באַשעפטיקונגען.

אין דער אַרבעט האָבן גאַנץ אָפט זיך אָנגעטראָפן זשיוואַגאָ מיט אַנטיפּאָוואַ.

## 2

דער רעגן האָט דעם שוואַרצן שטויב פון שטאָט פאַרוואַנדלט אין אַ טונקל־ברוינער בלאָטע פון קאַווע־קאָליר און פאַרדעקט מיט איר די גאַסן, מערסטנס נישט קיין ברוקירטע.

דאָס שטעטל איז געווען נישט גרויס. פון יעטוועדן אָרט האָט זיך אַנטפּלעקט דער כמורנער סטעפּ, דער טונקעלער הימל, די ווייטקייטן פון מלחמה, די ווייטקייטן פון רעוואָלוציע.

יורי אַנדרייעוויטש האָט געשריבן צום ווייב:

— די צעפאַלונג און די אַנאַרכיע אין דער אַרמיי דויערן ווייטער. מען נעמט אָן מיטלען אויפצוהייבן ביי די סאָלדאַטן די דיסציפּלין און דעם קאַמף־גייסט. איך האָב באַזוכט די מיליטערישע איינהייטן, וואָס געפינען זיך אין דער סביבה.

צום סוף, אַנשטאָט אַ פּאָסטסקריפּטום, הגם וועגן דעם וואָלט איך דיר געקאָנט שרייבן פריער, — איך אַרבעט האַנט־ביי־האַנט מיט אַ געוויסער אַנטיפּאָווא, אַ באַרעמהאַרציקע שוועסטער פון מאָסקווע, אַ געבוירענע פון אוראַל. געדענקסט ווי בעת דער יאָלקע אין דער שרעקלעכער נאַכט פון דיין מאַמעס טויט האָט אַ מיידל געשאָסן אין פּראָקוראָר? מ'האָט זי, דאַכט זיך, דערנאָך געמשפּט. איך דערמאָן זיך, איך האָב דיר דעמאָלט טאַקע געזאָגט, אַז אָט די קורסיסטקע האָבן מיר, איך מיט מישאַן געטראָפן בעת זי איז נאָך געווען אַ גימנאַזיסטקע, אין די אָפּגעלאָזענע האָטעל־צימערן, וווהין מיר זענען געפאָרן אין באַגלייטונג פון דיין טאַטן, איך געדענק נישט צוליב וואָס, ביינאַכט אין אַ קנאַקנדיקן פראָסט. מיר ווייזט זיך איצט אויס, אַז דאָס איז געווען בעת דעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד אויף פּרעסניע. — דאָס איז טאַקע די אַנטיפּאָווא.

— עטלעכע מאָל האָב איך זיך שוין געריסן אַהיים צו פאָרן, אָבער דאָס איז נישט אַזוי פּשוט. עס פאַרהאַלטן דאָ דער עיקר נישט די ענינים, וועלכע מיר וואָלטן אָן שאָדן געקאָנט איבערגעבן עמיצן אַנדערש. די שוועריקייטן באַשטייען אין דער רייזע גופא. אָדער עס גייען בכלל נישט קיין באַנען, אָדער זיי גייען אַדורך אַזעלכע איבערגעלאָדענע, אַז עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט איינצושטייגן.

— פונדעסטוועגן קאָן עס זיך נישט ציען אַזוי ביז אין דער אומענד־לעכקייט. און דערפאַר האָבן עטלעכע פּערזאָן, רעקאָנוואַלעסצענטן, באַפרייטע און אַוועקגעגאַנגענע פון דינסט, צווישן זיי איך, גאַליאַולין און אַנטיפּאָווא באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז צו צעפאָרן זיך אין דער קומענדיקער וואָך, און פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון איינשטייגן אין צוג — אַוועקפאָרן איינציקווייז און אין פאַרשידענע טעג.

— אַ ליאַדע טאָג קאָן איך אַראָפּפאַלן אומגעריכט, דאָך וועל איך זיך באַמיען שיקן אַ טעלעגראַמע.

אָבער נאָך פאַרן אָפּפאָרן האָט יורי אַנדרייעוויטש באַוויזן צו קריגן אַן ענטפער פון אַנטאָנינא אַלעקסאַנדראָוונאַ.

אין אָט דעם בריוו, אין וועלכן די שלוכצן האָבן צעשטערט דעם זאַץ־געבוי און אָנשטאָט פּונקטן זענען געווען שפּורן פון טרערן און טינט־פלעקן, האָט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ צוגערעדט דעם מאַן, אַז ער זאָל זיך נישט אומקערן קיין מאָסקווע, נאָר פאָרן גלייך קיין אוראַל מיט אָט דער וווּנדערלעכער שוועסטער, וואָס שפּאַנט דורכן לעבן אין דער באַגלייטונג פון אַזעלכע זעלטענע און אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען, מיט וועלכע עס קאָן זיך נישט פאַרמעסטן איר, טאָניאַס באַשיידענער לעבנס־וועג.

— וועגן סאַשענקאַן און זיין צוקונפט דאַרפסטו זיך נישט באַ־אומרויִקן, — האָט זי געשריבן. — דו וועסט זיך נישט דאַרפן שעמען מיט אים. איך זאָג דיר צו, צו דערציִען אים לויט יענע פּרינציפּן, וואָס דו האָסט אַלס אַ קינד געזען ביי אונדז אין הויז.

— דו ביסט פון זינען אַראָפּ, טאָניאַ, — האָט יורי אַנדרייעוויטש זיך געאײַלט איר צו ענטפערן. — וואָס פאַר אַ חשדים! צו ווייסטו דען נישט, אָדער צי ווייסטו נישט גענוג גוט, אַז דו, דער געדאַנק וועגן דיר און די טריישאַפט צו דיר און צום הויז האָבן מיך געראַטעוועט פון טויט און פאַרניכטונג אין משך פון אָט די צוויי גרויזאַמע און פאַרניכטנדיקע מלחמה־יאָרן? איבעריקנס, וואָס פאַר אַ ווערטער האָבן דען ווערטער. אינ־גיכן וועלן מיר זיך זען, עס וועט זיך צוריק אָנהייבן דאָס פריערדיקע לעבן, אַלץ וועט זיך אויפקלערן.

— אָבער דאָס וואָס דו האָסט געקאָנט אַזוי מיר ענטפערן, שרעקט מיך צוליב עפּעס אַנדערש. אויב איך האָב דיר געגעבן אַ גרונד פאַר אַזאַ ענטפער, איז מעגלעך אַז מיין אויפפירונג איז נישט קיין ריכ־טיקע, און דאַן בין איך שולדיק אויך לגבי דער דאָזיקער פרוי, וואָס איך פיר אַריין אין אַ טעות, און איך וועל דאַרפן פאַר איר זיך אַנטשולדיקן. איך וועל עס טאָן ווי נאָר זי וועט זיך אומקערן פון איר באַזוך איבער עטלעכע שכנותדיקע דערפער. די זיעמסטווא, וואָס האָט פריער עקזיס־טירט בלויז אין די גובערניעס און קרייז־שטעט ווערט איצט איינגעפירט אויך אין ראַיאָנען, אין קלענערע פונקטן. אַנטיפּאָוואַ איז אָוועקגעפאָרן צו העלפן איר באַקאַנטע וואָס אַרבעט אַלס אינסטרוקטאָר טאָקע ביים איינ־פירן אָט די נייע געזעצן.

— כאַראַקטעריסטיש, אַז וווינענדיק מיט דער אַנטיפּאָוואַ אין איין הויז, ווייס איך ביז איצט נישט, ווו עס געפינט זיך איר צימער און קיינמאָל האָב איך דערמיט זיך נישט אינטערעסירט.

# 3

פון מעליוזייעוו זענען אויף מזרח און מערב אַוועק צוויי גרויסע וועגן. איינער פון זיי אַ זאַמדיקער, האָט דורכן וואַלד געפירט אין דעם שטעטעלע פון תבואה־האַנדל, זיבושינאַ, וואָס איז אַדמיניסטראַטיוו געווען אונטערגעאָרדנט מעליוזייעוו, אָבער אין אַלע הינזיכטן איר איבער־געשטיגן. דער צווייטער וועג, אַ באַשאָטענער מיט דראָבנע שטיינדלעך, איז געווען אויסגעטראָטן צווישן בלאָטיקע לאָנקעס, וואָס האָבן אויסגעטרוקנט זומער־צייט און געפירט קיין בירויטשי, די קנופּ־סטאַציע פון צוויי זיך קרייצנדיקע באַן־ליניעס נישט ווייט פון מעליוזייעוו.

אין יוני האָט צוויי וואָכן צייט זיך געהאַלטן די אומאָפּהענגיקע זיבושינער רעפּובליק, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דורכן זיבושינער מילנער בלאַזשעיקאָ.

די רעפּובליק האָט זיך געשטיצט אויף די דעזערטירן פונעם צוויי־הונדערט צוועלפטן פיעכאָטע־פּולק, וואָס האָבן מיט געווער אין האַנט פאַרלאָזן די פּאָזיציעס און דורך בירויטשי געקומען קיין זיבושינאָ אין מאָמענט פון דער איבערקערעניש.

די רעפּובליק האָט נישט אָנערקענט די מאַכט פון דער צייטוויי־ליקער רעגירונג און זיך אָפּגעטיילט פונעם איבעריקן רוסלאַנד. דער סעקטאַנט בלאַזשעיקאָ, וואָס האָט אין זיין יוגנט אָנגעהאַלטן אַ בריוו־אויס־טויש מיט טאָלסטאָי, האָט פּראָקלאַמירט אַ נייע טויזנטיאָריקע זיבושינער מלוכה, אויף געמיינזאַמקייט פון אַרבעט און פאַרמעגן, און געביטן דעם נאָמען פון „ראַיאָן־פאַרוואַלטונג" אויף „אַפּאָסטאָלאַט".

זיבושינאָ איז תמיד געווען אַ קוואַל פון לעגענדעס און גוזמא־מע־שות. דאָס שטעטעלע איז געלעגן צווישן אוראַלטע וועלדער און דער־מאָנט געוואָרן אין דאָקומענטן פון אומרויקע צייטן. אין דער אומגעגנט האָט געראַיעט מיט באַנדיטן אויך אין די שפּעטערדיקע צייטן. עס האָבן קורסירט וווּנדערלעכע געשיכטעס וועגן דער פאַרמעגלעכקייט פון די זיבושינער סוחרים און דער פאַנטאַסטישער פרוכטבאַרקייט פון זיין באָדן. געוויסע אַבערגלויבענישן, מנהגים און אייגנטימלעכקייטן פון דער אויס־שפּראַך, וועלכע האָבן געהערשט אין דער דאָזיקער מערבדיקער הינטער־פראָנטיקער געגנט, זענען געקומען טאַקע פון זיבושינאַ.

איצט האָט מען אַזעלכע נישט געשטויגענע מעשיות דערציילט וועגן בלאַזשעיקאָס ערשטן געהילף. מען האָט דערציילט, אַז אָט אַ דער געבוירענער טויבשטומער ווערט רעדעוודיק אונטער דער השפּעה פון אַ

באַגייסטערונג און נאָכדעם ווי די זעונג פאַרשווינדט — פאַרלירט ער ווידער דאָס לשון.

אין יולי איז די זיבושינער רעפּובליק געפאַלן. אין שטעטל איז אַריין אַ מיליטערישע איינהייט, וואָס איז טריי געבליבן דער צייטווייליקער רעגירונג. די דעזערטירן זענען געוואָרן אַרויסגעטריבן פון זיבושינאָ און האָבן זיך צוריקגעצויגן קיין בירױטשי.

דאָרט, הינטער די וועגן אויף עטלעכע וויאָרסט אַרום, האָבן זיך געצויגן אויסגעהאַקטע וועלדער, אין וועלכע עס האָבן געשטאַרצט וואָרצלען, באַוואַקסענע מיט רויטע יאַגדעס, זענען געשטאַנען די אַלטע נישט אַרויסגעפירטע ביימער, וואָס העלפט איז דערווייל צעגנבעט געוואָרן. עס זענען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן די ערד־שטיבלעך פון די סעזאָן־וואַלדהעקער, וואָס האָבן דאָ אַמאָל געאַרבעט. דאָ טאַקע האָבן זיך באַזעצט די דעזערטירן.

## 4

דער שפּיטאָל, וווּ דער דאָקטאָר זשיוואַגאָ איז געלעגן, שפּעטער — געאַרבעט, און איצט זיך געגרייט אים צו פאַרלאָזן, האָט זיך געפונען אין דער ווילע פון דער גרעפין זשאַברינסקאַיאַ, וואָס איז גלייך פון אָנהייב דער מלחמה איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער אייגנטימערין לטובת די פאַרוווּנדעטע.

די צווייסטאָקיקע ווילע האָט פאַרנומען איינס פון די בעסטע פּלעצער אין מעליוזייעוו. זי איז געשטאַנען דאָרט, וווּ עס קרייצן זיך די הויפּט־גאַס מיט דעם צענטראַלן שטאָט־פּלאַץ, וווּ פריער פלעגט מען מאַכן מיליטערישע איבונגען און איצט זענען אין די אָוונטן דאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן מיטינגען.

אַדאַנק דעם קרייץ־וועג, עפענען זיך פון עטלעכע זייטן גוטע אויסבליקן. אויסער דער הויפּט־גאַס און דעם פּלאַץ, האָט מען פון דער ווילע געקאָנט זען דעם שכינותדיקן הויף, — אַן אָרעמע פּראָווינציאַלעווירטשאַפט, וואָס האָט מיט גאָרנישט זיך אונטערגעשיידט פון אַ דאָרפישער.

פאַר דער זשאַברינסקאַיאַ האָט די ווילע קיינמאָל נישט מיט זיך פאָרגעשטעלט קיין באַזונדערן ווערט. צו איר האָט אין דער קרייז־שטאָט געהערט דאָס גרויסע גוט „ראַזדאָלנאָיע”. דאַקעגן דאָס הויז אין מעליוזייעוו האָט איר געדינט בלויז אַלס סטאַנציע פאַר געשעפטלעכע רייזעס אין

שטאַט, און אויך ווי אַ זאַמל־פונקט פאַר די געסט, וועלכע זענען זומער־צייט צונויפגעפאָרן זיך פון אַלע זייטן צו דער גרעפין אין גוט.

איצט האָט זיך אין דעם הויז געפונען אַ שפּיטאָל און די אייגנטימערין איז געווען אַרעסטירט אין פעטערבורג, איר שטענדיק וווינאָרט.

פון דער אַמאָליקער דינערשאַפט אין דער ווילע זענען געבליבן צוויי טשעקאַווע פרויען, — די אַלטע גוווערנאַנטקע פון די גרעפישע טעכטער, איצט שוין חתונה־געהאַטע, — מאַדמואַזעל פלערי, און די געוועזענע הויפט־קעכין פון דער גרעפין, אוסטיניאַ.

די גרויע זקנה מיט ראָזע באַקן מאַדמואַזעל פלערי איז אין אירע לויזע לאַטשן און אין ברייטן קאַפטל אַרומגעגאַנגען אַן אָפגעלאָזענע און אַ צעטראָגענע איבערן גאַנצן שפּיטאָל אין וועלכן זי האָט זיך איצט געפילט גאָר היימיש, פונקט ווי אַמאָל מיט די קינדער פון די זשאַברינסקיס. מיט אַ צעבראָכן לשון האָט זי עפעס דערציילט, איינשלינגענדיק דעם סוף פון די רוסישע ווערטער אויפן פראַנצויזישן שטייגער. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע, געפאָכעט מיט די הענט און צום סוף פון דער פלוידעריי זיך פאַנאַדערגעוויינט כיכיקענדיק הייזעריק און געענדיקט מיט אַ פאַרצויגענעם אומאויפהערלעכן הוסט.

די מאַדמואַזעל האָט געוווּסט אַלע סודות פון דער שוועסטער אַנטיפּאָוואַ. זי האָט געטראַכט, אַז דער דאָקטאָר און די שוועסטער דאַרפן זיך זיין געפעלן. צוליב דער שדכנות־ליידנשאַפט, וואָס איז טיף איינגעוואָרצלט אין דער ראָמאַנישער נאַטור, האָט די מאַדמואַזעל זיך געפרייט, ווען זי פלעגט זיי ביידע טרעפן צוזאַמען, פילדייטיק געדראָט זיי מיטן פינגערל און ווילעריש אונטערגעווונקען. אַנטיפּאָוואַ האָט געשטוינט, דער דאָקטאָר האָט זיך אויפגערעגט, אָבער די מאַדמואַזעל האָט, ווי אַלע משונהדיקע באַשעפענישן מער פון אַלץ ליב געהאַט אירע פאַנטאַזיעס און בשום אופן נישט געוואָלט זיך אָפזאָגן פון זיי.

אַ מער נאָך טשיקאַווערע נאַטור האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אוסטיניאַ. דאָס איז געווען אַ פרוי מיט אַ אומנאָרמאַלער פיגור, וואָס האָט זיך אויבנצו פאַרשמעלערט. דאָס האָט זי געמאַכט ענלעך צו אַ קוואָקע. אוסטיניאַ איז געווען טרוקן און ניכטער ביז דורכגעטריבנקייט. אָבער מיט דער אויסגערעכנטקייט אירער האָט זי פאַרייניקט פאַנטאַזיע, וואָס איז טיילווייז נישט געווען פריי פון אָבערגלויבן.

אוסטיניאַ האָט געקענט אַ מאַסע פאָלקס־אָפשפרעכענישן און זי האָט נישט געשטעלט קיין טריט, זי זאָל נישט אָפזאָגן דעם כישוף פונעם פייער אין אויוון און נישט אָפשפרעכן דעם שליסל־לאָך, אַלס אַ סגולה קעגן שדים, ווען זי פלעגט אַרויס פון שטוב. זי איז געווען אַ געבוירענע

פון זיבושינא. מען האָט געשמועסט, אַז זי איז די טאָכטער פון אַ דאָרפישן מכשף.

אוסטיניאַ, — כל זמן עס האָט זי נישט אַ נעם־געטאָן — האָט זי געקאָנט שווייגן יאָרן, האָט זי אָבער באַקומען אַן אַנפאַל, — דעמאָלט האָט מען זי שוין נישט געקאָנט אָפּשטעלן. איר ליידנשאַפט איז געווען צו קעמפן פאַרן אמת.

נאָכן פאַלן פון דער זיבושינער רעפּובליק האָט דער מעליור־זייעווער אויספיר־קאָמיטעט אָנגעהויבן פירן אַ קאַמפּאַניע קעגן די אַנאַרכיסטישע ווינטלעך, וואָס האָבן געבלאָזן פון שטעטל. יעדן אָוונט זענען אויפן פּלאַץ אַנטשטאַנען פון זיך אַליין פרידלעכע קליינצאָליקע מיטינגען, אויף וועלכע די ווייניק באַשעפטיקטע מעליוזייעווער זענען זיך צונויפגעקומען, כדי צו זיצן אַביסל אונטערן פרייען הימל ביי דעם פייערלעשער־טויער, פונקט ווי אין די אַמאָליקע צייטן זומער. דער מעליוזייעווער קולט־פראַסוויעט האָט אונטערגעהאַלטן די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען און געשיקט צו זיי אירע אייגענע אָדער דורכפאָרנדיקע טוערס אַלס אָנפירערס פון אָט די שמועסן. די דאָזיקע טוערס האָבן געהאַלטן פאַר אומגעלומפּערט נאַריש די זיבושינער מעשיות וועגן דעם רעדנדיקן טויב־שטומען. אָבער די קליינע מעליוזייעווער באַלמעלאָכעס, סאָלדאַטלעך און די אַמאָליקע פּרי־צישע דינערשאַפט זענען געווען אין אַ אַנדערער מיינונג. דער רעדנדיקער טויב־שטומער האָט זיי נישט אויסגעזען פאַר לויטער אומזין. זיי האָבן זיך פאַר אים אָנגענומען.

צווישן די אָפּגעהאַקטע אויסרופן וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דער מאַסע אין זיין פאַרטיידיקונג, האָט זיך אָפט געהערט די שטים פון אוס־טיניאַ. לכתחילה איז זי נישט געווען דרייסט אַרויסצוטרעטן, ווייבערישע בושה האָט זי צוריקגעהאַלטן. אָבער ביסלעכווייז האָט זי אָנגענומען מוט און אָנגעהויבן אַלץ אָפענער וואָרפן זיך אויף די רעדנער מיט נישט־געוויינלעכע אין מעליוזייעוו מיינונגען. כמעט אומבאַמערקט איז זי געוואָרן אַ געניטע רעדנערין אויף דער טריבונע.

פונעם אָפענעם פענצטער אין דער ווילע האָט מען געקאָנט הערן דאָס צונויפגעגאָסענע געריויש פון די קולות אויפן פּלאַץ, און אין באַ־זונדערס שטילע נעכט — אויך שטיקלעך פון רעדעס. אָפטמאָל, בעת אוסטיניאַ האָט גערעדט פלעגט די מאַדמואַזעל קומען צו לויפן און צו־רעדן די אַנוועזנדיקע זיי זאָלן זיך צוהערן און קאַלעטשענדיק די ווערטער האָט זי גוטמוטיק אָפּגעשפּעט:

— ראַספּו! ראַספּו; סאַרש בריאַן! זיבוש! טויבשטום! פאַרעט! פאַרעט?

אין האַרצן איז די מאַדמואַזעל געווען שטאָלץ מיט אַט דער קאָמפּס־לוסטיקער און שאַרפֿזיניקער פֿרוי. די פֿרויען זענען געווען שטאַרק צו־געבונדן צו זיך און אַן אַן אויפֿהער געוואָרטשעט איינע קעגן דער אַנדערער.

## 5

יורי אַנדרייעוויטש האָט ביסלעכווייז זיך געגרייט צום אָפּפֿאָר. ער האָט וויזיטירט די הייזער און אינסטיטוציעס כּדי צו געזעגענען זיך און אַרויסגעשיקט נייטיקע פּאַפּירן.

אין דער זעלבער צייט האָט אויפֿן וועג צום פֿראָנט זיך אָפּגעשטעלט אין שטאָט דער נייער קאָמיסאַר פֿון דעם דאָזיקן פֿראָנט־אָפּשניט. וועגן אים האָט מען דערציילט, אַז ער איז נאָך לגמרי אַ יינגל.

דאָס זענען געווען די טעג ווען מען האָט געגרייט אַ נייעם גרויסן אָנגריף. מען האָט זיך באַמיט צו דערגרייכן אַן איבערברוך אין די שטי־מונגען פֿון די סאָלדאַטישע מאַסן. מען האָט שטייפֿער געמאַכט די דיס־ציפּלין. עס זענען געשאַפֿן געוואָרן מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערע געריכטן און עס איז צוריק איינגעפֿירט געוואָרן טויט־שטראָף, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געהאַט אָפּגעשאַפֿט געוואָרן.

פֿאַרן אָפּפֿאָר האָט דער דאָקטאָר געדאַרפֿט זיך מעלדן צום קאָ־מענדאַנט. די דאָזיקע פֿונקציע האָט אין מעליוזייעוו אויסגעפֿירט דער קרייז־נאַטשאַלניק.

געוויינלעך פֿלעגט זיך ביי אים אַ שרעקלעך געדראַנג. פֿאַר די מענ־טשן האָט נישט געסטייעט קיין אָרט אין די קאָרידאָרן און אין הויף און זיי האָבן פֿאַרנומען אַ האַלבע גאַס פֿאַר די פֿענצטער פֿון דער מיליטער־רישע קאָמיסיע. מען האָט נישט געקאָנט צובאַקומען זיך צו די טישן. צוליבן גערויש פֿון הונדערטער קולות האָט איינער דעם צווייטן נישט פֿאַרשטאַנען.

אין יענעם טאָג האָט מען נישט אויפֿגענומען קיין מענטשן. אין דער ליידיקער און שטילער קאַנצעלאַריע האָבן די שרייבער, אומצו־פֿרידענע פֿון דער כּסדר זיך קאָמפּליצירנדיקער אַרבעט, שווייגנדיק גע־שריבן און זיך איבערגעקוקט מיט איראָניע. פֿון נאַטשאַלניקס קאַבינעט זענען דערגאַנגען פֿריילעכע קולות, ווי מען וואָלט דאָרט צעשפּילעט די מונדירן און זיך אָפּגעפֿרישט מיט קילע געטראַנקען.

פֿון דאָרט איז אַרויסגעקומען גאַליאולין. דערזעענדיק זשיוואַגאָ, האָט ער מיט אַ באַוועגונג פֿונעם גאַנצן קערפּער, פּונקט ווי ער וואָלט

זיך געקליבן אַוועקלאָזן אין אַ וועטגעלויף, אָנגעלאָקט דעם דאָקטאָר אַז ער זאָל זיך באַטייליקן אין דער פּריילעכער אויפגעלעבטקייט וואָס האָט געהערשט אין קאַבינעט.

דער דאָקטאָר האָט סיי־ווי געדאַרפט אַרייַנגיין אין קאַבינעט נאָך דער אונטערשריפט פון נאַטשאַלניק. אַרייַנקומענדיק האָט ער געטראָפן אַלץ אין אַ קאָמפּלעטער קינסטלערישער אומאָרדענונג.

די סענסאַציע פון שטעטל און דער העלד פון טאָג, דער נייער קאָמיסאַר, אנשטאָט ממשיך צו זיין צום באַשטימונגס־ציל האָט ער זיך געפונען דאָ, אין קאַבינעט, וואָס האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט די לעבעדיקע אָפּטיילונגען פונעם שטאָב און נישט מיט אָפּעראַטיווע ענינים. ער איז געשטאַנען פאַרן אַדמיניסטראַטיוון מיליטעריש־פּאַפּי־רענעם קעניגרייך און געדרשנט.

„און אָט איז נאָך איין שטערן אונדזערער", האָט דער קרייז־נאַ־שטאַלניק געזאָגט און פאַרגעשטעלט דעם דאָקטאָר פאַרן יונגן קאָמיסאַר, וואָס האָט אפילו נישט קיין קוק געטאָן אויף אים, אינגאַנצן אַן אַרייַנגעטו־ענער אין זיך, דאַקעגן דער קרייז־נאַטשאַלניק, בייטנדיק די פּאָזע בלויז כדי אונטערצושרייבן דעם דאָקומענט האָט מיט אַ ליבלעכער האַנט־באַווע־גונג אָנגעוויזן זשיוואַגאָן אויף אַ נידעריקן וויכן פּאָטעלכל אינמיטן צימער.

פון אַלע אַנוועזנדיקע איז בלויז דער דאָקטאָר געזעסן אין קאַבינעט ווי אַ מענטש. די איבעריקע זענען געזעסן איינער אויסטערלישער און נאַכלעסיקער פונעם צווייטן. דער קרייז־נאַטשאַלניק איז, אונטערשפּאַ־רנדיק דעם קאָפּ מיט דער האַנט, אין אַ פּיעטשאָרין־פּאָזע האַלב־געלעגן ביים שרייב־טיש. זיין געהילף האָט זיך צעלייגט קעגנאיבער אויפן זייטיקן וואַלעק פון דיוואַן מיט אַראָפּגעהאָנגענע פיס, ווי פון אַ דאַמען־זאָטל. גאַליאולין איז געזעסן רייטנדיק אויף אַ שטול, אַרומגענומען דעם אָנלען און אָנגעשפּאַרט אויף אים דעם קאָפּ און דער יונגינקער קאָמיסאַר האָט אַ ווייל זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פענצטער און באַלד צוריק אַראָפּגע־שפּרונגען. ווי אַן אָפּגעלאָזט וועלפל האָט ער קיין איין מינוט נישט גע־שוויגן און די גאַנצע צייט געווען אין באַוועגונג, אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער מיט שנעלע קליינע טריטלעך, ער האָט גערעדט אָן איבערייס. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די ביריוטשעווער דעזערטירן.

די קלאַנגען וועגן קאָמיסאַר האָבן זיך באַשטעטיקט. ער איז געווען אַ שלאַנקער און שטאַלטנער יונגערמאַן, וואָס קיין פעדערל האָט נאָך אויף אים נישט געשפּראָצט. ער האָט געברענט אינעם פייער פון די סאַמע העכסטע אידעאַלן. מען האָט געשמועסט, אַז ער שטאַמט פון אַ גוטער פאַמיליע, אפשר אַ זון פון אַ סענאַטאָר און אַז אין פעברואר האָט ער

פון די ערשטע געפירט זיין ראַטע קעגן דער מלוכהשער דומע. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען גינצע אָדער גינץ — פאַרן דאָקטאָר האָט מען זיין נאָמען אָנגערופן נישט קלאָר בעת מען האָט זיי באַקענט. דער קאָמיסאַר האָט געהאַט אַ ריכטיקע פעטערבורגער אויסשפּראַך, אַ פּינקטלעכע־איבער־פּינקטלעכע, עטוואָס אַ באַלטישע.

ער האָט געטראָגן אַן ענגן פרענטש. אים איז געווען אומבאַקוועם אין זיין יונגן אויסזען און בכדי אויסצוזען עלטער האָט ער מיט פאַראַכטונג געקרימט דאָס פּנים און אָנגעצויגן אויף זיך אַ געמאַכטע סטאַטעטשנעקייט. צו דעם צוועק האָט ער אַריינגעלאָזט די הענט טיף אין די קעשענעס פון די גאַליפע־הויזן און אונטערגעהויבן די אַקסל־ווינקלען. מיט די נייע שטייפע שליפעס. דערפון האָט זיין פיגור זיך אויסגעגלייכט אויף אַ באמת קאַוואַלעריסטישן שטייגער אַזוי, אַז פון די פּלייצעס ביז צו די פיס האָט מען זי געקאָנט אָנצייכענען מיט צוויי ליניעס, וואָס גייען זיך אונטן־צו צונויף.

— אויף דער אייזנבאַן־ליניע, עטלעכע סטאַנציעס פון דאַנען, געפינט זיך אַ קאַזאַקישער פּולק אַ רויטער, אַן איבערגעגעבענער. — זאָל מען זיי איינלאַדענען, די בונטשאַוושטשיקעס אַרומרינגלען — און דער ענין איז געענדיקט. דער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר פאָדערט, אַז מען זאָל זיי וואָס שנעלער אַנטוואָפענען, — האָט אינפאָרמירט דער קרייז־נאַטשאַלניק.

— קאַזאַקן? בשום־אופן נישט! — האָט דער קאָמיסאַר אויסגעשריגן. — אָט האָט איר אַ מין ניינהונדערט פינפט יאָר, פאַררעוואָלוציאָנערע רעמיניסצענצן! מיר שטייען אויף צוויי פּאָלוסן, אייערע גענעראַלן האָבן זיך איבערגעקליגלט.

— מען האָט נאָך גאָרנישט געטאָן. דאָס זענען בלויז השערות. אַלץ איז נאָך אין פּלאַן.

— עס איז דאָ אַ הסכם מיט דער מיליטערישער קאָמאַנדשאַפט נישט אַריינצומישן זיך אין די אָפּעראַטיווע פאַרראָרדענונגען. איך וועל די קאַזאַקן נישט אָפּרופן. אין אָרדענונג. אָבער איך פון מיין זייט וועל אָננעמען באַרעכנטע פאָרזונפטיקע שריט. פאַראַן דאָרט ביי זיי אַ באַפעסטיקטער לאַגער?

— אויב מען קאָן עס אַזוי אָנרופן. אַלנפאַלס אַ לאַגער.

— אויסגעצייכנט. איך וועל פאָרן צו זיי. לאָמיך נאָר זען אָט די שרעקלעכע, אָט די וואַלד־באַנדיטן. זיי מעגן זיין בונטאָוושטשיקעס, אפילו דעזערטירן, אָבער דאָס איז דאָך דאָס פאָלק, מיינע הערן, און דעם האָט איר פאַרגעסן. און דאָס פאָלק איז ווי אַ קינד. מען דאַרף עס קענען, מען דאַרף קענען זיין פסיכיק. דאָ פאָדערט זיך אַ באַזונדערער צוגאַנג.

מען דאַרף וויסן ווי אַזוי אַנצורירן זײַנע בעסערע פּילבאַרע סטרונעס, אַזוי אַז זיי זאָלן אַ קלונג־טאָן.

איך וועל פֿאָרן צו זיי אין די וועלדער און שמועסן מיט זיי פֿון האַרץ צו האַרץ. איר וועט זען אין וואָס פֿאַר אַ מוסטערהאַפֿטער אָרדענונג זיי וועלן זיך אומקערן צו די פֿאַרלאָזענע פּאָזיציעס. איר ווילט גיין אין געוועט? איר גלייבט נישט?

— עס איז צווייפֿלהאַפֿט. זאָל גאָט העלפֿן!

— איך וועל זיי זאָגן: „ברידער, גיט אַ קוק אויף מיר. אָט בין איך אַן אײן־און־איינציקער זון, די האָפֿענונג פֿון דער משפּחה. מיר איז גאָרנישט קיין שאָד געווען, איך האָב מקריב געווען מײַן נאָמען, מײַן פּאָזיציע, די ליבשאַפֿט פֿון די עלטערן, כדי אויסצוקעמפֿן פֿאַר אײַך די פֿרייהייט, פֿון וועלכער עס געניסט נישט קיין אײן פֿאָלק אין דער וועלט. דאָס האָב איך געטאָן און נאָך אַ סך יונגע מענטשן ווי איך, נישט רעדנדיק שוין וועגן דער אַלטער גוואַרדיע פֿון די באַרימטע פֿאַרגייער, די קאַטאָרזש־ניקעס־נאַראָדניקעס און די שליסלבורגער אַרעסטאַנטן נאַראָדאָוואָלצעס. צי האָבן מיר דאָס געטאָן פֿאַר זיך? צי איז דאָס אונדז געווען נייטיק? איצטער זענען מיר שוין נישט קיין פּשוטע זעלנער ווי פֿריער, נאָר קעמפֿער פֿון דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי אין דער וועלט. גיט זיך נאָר אַ פֿרעג, צי זייט איר באַרעכטיקט צו טראָגן דעם הויכן ראַנג? אין דער זעלבער צייט וואָס אונדזער היימלאַנד גייט אָפּ אין בלוט און באַמיט זיך מיט דעם לעצטן אָנשטרענג אַראָפּצושליידערן פֿון זיך דעם שונא, וואָס איז ווי אַ הידרע אַרומגעוויקלט אַרום אונדז, האָט איר זיך געלאָזט פֿאַרנאַרישן פֿון אַ באַנדע אומבאַוווסטע לומפּן און זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אומבאַוווסטזיניקן פּעבל, אין אַ צונויפֿגעלויף פֿון איבערגעפֿירטע אויסוווּרפֿן, וועלכע האָבן זיך איבערגעפֿרעסן מיט דער פֿרייהייט און וואָס זאָלסט זיי נישט געבן איז זיי צו ווייניק, אַקוראַט ווי מען זאָל לאָזן אַ חזיר אונטערן טיש, וועט ער מיט זײַנע חזיר־פֿיס אַרויף אויפֿן טיש — אָ, איך וועל זיי דורכוואַשן און צושערן!

— ניין, ניין, דאָס איז ריזיקאַליש — האָט דער קרייז־נאַטשאַל־ניק געפּרוווט אָפּאָנירן און אומבאַמערקט פֿילבאַדייטנדיק זיך איבערגע־קוקט מיט זײַן געהילף.

גאַליאולין האָט אָפּגערעדט דעם קאָמיסאַר פֿון זײַן זינלאָזן אײַנפֿאַל. ער האָט גוט געקענט די קעפּ־שניידער פֿונעם צווייהונדערט צוועלפֿטן פּולק וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער זעלבער דיוויזיע ווו ער האָט אַמאָל געדינט. אָבער דער קאָמיסאַר האָט אים נישט געהערט.

יורי אַנדרייעוויטש האָט די גאַנצע צייט געוואָלט זיך אויפֿהייבן

און אָוועקגיין. די נאַיוויטעט פונעם קאָמיסאַר האָט אים איריטירט. אָבער נישט אַ סך בעסער איז געווען דאָס כיטרע אָנציען פון קרייז־נאַטשאַלניק מיט זיין געהילף, — די צוויי אָפּלאַכער און באַהאַלטענע קאָמבינאַטאָרן. אָט די נאַיוויטעט און די כיטרעקייט האָבן איין פּנים געהאַט. און דאָס אַלץ איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ מבול פון רייד — איבעריקע, נישט־וויזנטלעכע, נישט־רעאַלע, פון וועלכע דאָס לעבן אַליין וויל פּטור ווערן.

אַ, ווי עס ווילט זיך טיילמאָל אַנטלויפן פון דער אומגעלומפּערט־דערהויבענער האָפענונגסלאָזער מענטשלעכער גערעדעריי צו דער מכלומרשטער שווייגעניש פון דער נאַטור, צו דער קאַטאַרזשנער קלאַנגלאָזיקייט פון לאַנגער פליסיקער מי, צו דעם וואָרטלאָזן טיפן שלאָף, צו עכטער מוזיק פון שטילן האַרץ־באַריר וועלכע איז שטום פון נשמה־דערהויבנקייט!

דער דאָקטאָר האָט זיך דערמאָנט, אַז אים שטייט נאָך פאָר אַ אומאַנגענעמער שמועס מיט אַנטיפּאָוואַ. ער איז געווען צופרידן פון דער נויטווענדיקייט זי צו זען, אַפילו פאַר אַזאַ פּרייז. אָבער ווער ווייסט, צי זי איז שוין צוריקגעקומען? אויסנוצנדיק דעם ערשטן באַקוועמען מאָמענט האָט דער דאָקטאָר זיך אויפגעהויבן און אומבאַמערקט אַרויס פון קאַבינעט.

# 6

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז שוין אין שטוב. וועגן איר אָנקום האָט דער דאָקטאָר צווישן געטאָן די מאַדמואַזעל און צוגעגעבן, אַז לאַריסאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט זיך אומגעקערט אַ מידע, שנעל אָפּגעגעסן אָוונטברויט און אַריין צו זיך, אָנזאָגנדיק, אַז מען זאָל איר נישט שטערן. „איבריקנס, קלאַפּט אָן צו איר“, — האָט געעצהט די מאַדמואַזעל. — „זיכער שלאָפט זי נאָך נישט“. — „און ווי אַזוי גייט מען צו איר“? — האָט געפרעגט דער דאָקטאָר און מיט דער פראַגע אַרויסגערופן ביי דער מאַדמואַזעל אַן אומגעהויערע פאַרוווּנדערונג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַנטיפּאָוואַ וווינט אין דער הייף, ביים סוף קאָרידאָר, נעבן די צימערן, ווּהין מען האָט אונטער אַ שלאָס מאַגאַזינירט זשאַברינסקאַיאַס גאַנצן היגן אינווענטאַר. אַהין האָט דער דאָקטאָר קיינמאָל נאָכנישט אַריינגעקוקט.

דערווייל איז שנעל טונקל געוואָרן. אין די גאַסן איז געוואָרן ענגער. די הייזער און הייף האָבן אין דער פאַרנאַכטלעכער טונקלקייט זיך צו־נויפגעשלאָגן אין איין מאַסע. די ביימער האָבן זיך פון די הויף־ווינקלען דערנענטערט צו די פענצטער, צו די ברענענדיקע לאָמפּן. עס איז געווען

אַ הייסע און דעמפּיקע נאַכט. יעדע מינדסטע באַוועגונג האָט אַרויפגעבּרענגט שווייס. די פּאַסן פון נאַפט־ליכט, וואָס זענען געפאַלן אין הויף אַריין, זענען אַראָפּגעפלאָסן איבער די שטאַמען פון די ביימער אין שטראָמען פון שמוציקע אויסדאַמפונגען.

אויפן לעצטן טרעפּל האָט דער דאָקטאָר זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז אַ קלאַפּ אין טיר ביי אַ מענטשן וואָס איז אויסגעמאַטערט פון וועג איז אויך צודרינגלעך. בעסער וועט זיין אָפּצולייגן דעם שמועס אויפן אַנדערן טאָג. אין דער צעשטרייטקייט, וואָס באַגלייט תמיד יעדן צו נישט געוואָרענעם באַשלוס, איז ער דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר ביזן צווייטן עק. דאָרט האָט זיך געזען אַ פענצטער, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין שכנותדיקן הויף. זשיוואַגאָ האָט זיך דערנענטערט און זיך אַרויסגעבויגן פון אים.

די נאַכט איז פול געווען מיט שטילע סודותדיקע קלאַנגען. דער נעבן אין קאָרידאָר האָט געקאַפּעט דאָס וואַסער פון קראַן פּאַמעלעך און רעגלמעסיק, ערגעץ־דאָרט הינטערן פענצטער האָט מען זיך געשעפּטשעט. ערגעץ־דאָרט, ווו עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גערטנער, האָט מען באַגאָסן די אוגערקעס אויף די בייטן, איבערגיסנדיק דאָס וואַסער פון איין עמער אין צווייטן און געקלונגען מיט דער קייט ביים שעפּן וואַסער פונעם ברונעם.

עס האָט געשמעקט מיט ריחות פון אַלע בלומען פון דער וועלט צוזאַמענגענומען, פונקט ווי די ערד וואָלט בייטאָג נישט געווען ביים זינען און איצט איז זי מיטן כח פון די ריחות געקומען צום באַוווסטזיין. און פון דורות־אַלטן גרעפישן גאָרטן, — וואָס איז פאַראומרייניקט געוואָרן מיט אַראָפּגעפאַלענע בלעטער און פאַרטרוקנטע צווייגן ביז צום נישט קענען אַדורכגיין — איז אָנגעשוומען אין דער גאַנצער הויף פון די ריזיקע ביימער, ווי די וואַנט פון אַ גרויסער געביידע, אַ שטויביק צעפוילטער כישוף־ריח פון אַן אַלטער צעבליטער ליפּע.

פון דער רעכטער זייט פלויט האָבן זיך דערטראָגן געשרייען פון גאַס. דאָרט האָט געהוליעט אַ סאָלדאַט אויף אורלויב. עס האָט געקלאַפּט אַ טיר און ברעקלעך פון עפּעס אַ ליד האָבן געפלאַטערט מיט זייערע פליגל.

פון הינטער די וואָראָנע־נעסטן אין גרעפישן גאָרטן האָט זיך באַוויזן די שוואַרצלעך צונטערנע לבנה אין אויסטערלישע פאָרמען. פון אָנהייב איז זי געווען ענלעך צו די ציגל פון דער פאַרע־מיל אין זיבושינא, דערנאָך איז זי געוואָרן געל, ווי די וואַסער־פּלומפּ פון דער בירויטשעווער אייזנבאַן־סטאַציע.

אונטערן פענצטער אין הויף האָט דער ריח פון דער נאַכט־שיינהייט זיך אויסגעמישט מיט דעם געדיכטן ריח פון פרישן היי, ווי טיי פון אויפגעבריטע בלומען. אַהער האָט מען ערשט נישט לאַנג גע־בראַכט אַ קו, וואָס מען האָט געקויפט אין אַ ווייטן דאָרף. מען האָט זי געפירט אַ גאַנצן טאָג, זי איז מיד געוואָרן, געבענקט צו דער סטאַדע און נישט געוואָלט נעמען קיין שפייז פון דער האַנט פון דער נייער באַלע־באָסטע, צו וועלכער זי איז נאָך נישט געווען צוגעוווינט.

— „נו־נו, קאַפּריזעווע נישט, בהמה, איך וועל דיר ווייזן, טייוול, אַ שטויסן זיך", — האָט די באַלעבאָסטע שעפּטשענדיק זי אונ־טערגעמונטערט, אָבער די קו האָט געוואָרפן מיטן קאָפּ אַהין און אַהער, אָדער זי האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז און געמוקעט אָפּגעריסן און טרויעריק, און הינטער די מעליוזייעווער שטאַלן האָבן געפינקלט שטערן, און פון זיי האָבן זיך געצויגן צו דער קו פעדעם פון נישט־זעעוודיקן מיט־געפיל, פונקט ווי דאָס וואָלטן געווען בהמישע הייף פון אַנדערע וועלטן, וווּ מען האָט זי באַדויערט.

אַלץ אַרום האָט געברויזט, איז געוואַקסן און אויפגעגאַנגען אויף די צויבער־הייוון פון קיום. דאָס אַנטציקן זיך מיטן לעבן איז געגאַנגען מיט אַ ברייטע כוואַליע, ווי אַ שטילער ווינט, נישט לייגנדיק קיין אַכט וווהין, איבער פעלד און שטאָט, דורך ווענט און פּלויטן, געהילץ און לייב און אַרומגענומען מיט ציטערניש אַלדינג אויפן וועג. בכדי צו פאַרטויבן די ווירקונג פון אָט דעם שטראָם איז דאָקטאָר זשיוואַגאָ אַוועק אויפן פּלאַץ אויסצוהערן די שמועסן אויפן מיטינג.

# 7

די לבנה איז שוין געשטאַנען הויך אינעם הימל. אַלץ איז געווען פאַרפלייצט מיט איר געדיכטער ווייסער שיין, ווי מיט ווייסער פאַרב.

ביי די שוועלן פון די מלוכהשע שטיינערנע געביידעס מיט קאָלומ־נעס, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם פּלאַץ זענען זייערע ברייטע שאָטנס געלעגן אויף דער ערד ווי שוואַרצע דיוואַנעס.

דער מיטינג איז פאַרגעקומען אויף דער אַנטקעגנאיבערדיקער זייט פונעם פּלאַץ. אויב מען זאָל וועלן זיך איינהערן, האָט מען דורכן פּלאַץ געקאָנט דערגיין אַלץ, וואָס מען האָט דאָרט גערעדט. אָבער דאָס פּרעכטיקע בילד האָט פאַרכאַפּט דעם דאָקטאָר. ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק ביים טויער פון די פייערלעשער, נישט צוהערנדיק זיך צו די קולות,

וואָס האָבן זיך דערטראָגן איבער וועג — און אָנגעהויבן באַטראַכטן דעם אַרום.

פון אַלע ווינקלען האָבן אינעם פלאַץ זיך אַריינגעגאָסן קליינע טויבע געסלעך. פון זייערע טיפענישן האָבן זיך אַרויסגעזען די שוואַכע געהויקערטע הייזלעך, אויף אָט די געסלעך איז געווען אַ געדיכטע בלאָטע, ווי אין אַ דאָרף. פון דער בלאָטע האָבן אַרויסגעשטאַרצט לאַנגע פלויטן, געפלאָכטענע פון ווערבע־ריטלעך, פונקט ווי דאָס וואָלטן געווען שפענער אַוועקגעוואָרפענע אין אַ סאַזשעלקע, אָדער איינגעזונקענע קיישלעך, מיט וועלכע מען פאַנגט ראַקעס.

אין די הייזקעס האָבן אונטערגעגלאַנצט די פאַרנעפלטע שייבעלעך אין די ראַמען פון די צעעפנטע פענצטערלעך. אין די צימערן האָט זיך געצויגן פון די גערטלעך די שווייסיקע העלקעפיקע קוקורודזע, מיט גלאַנציקע בערשטעלעך און בערדלעך, ווי זיי וואָלטן געווען איינגעטונקען אין אייל. פון צווישן די אַרונטערהענגענדיקע צווייגן האָבן געקוקט אין די ווייטן פאַראיינזאַמטע בלייכע און אויסגעדאַרטע מאַלוועס, וואָס זענען ענלעך געווען צו דאָרפישע מיידלעך אין די העמדער, ווען די היץ האָט אַרויסגעטריבן פון די דעמפיקע כאַטעס, כדי צו אָטעמען מיט פרישער לופט.

די לבנה־באַלויכטענע נאַכט איז געווען אַ וווּנדערלעכע, ווי די באַרמהאַרציקייט, אָדער ווי דאָס געשאַנק פון העלזעען. און פלוצים האָבן פון דער שטילקייט אין אָט דעם ליכטיקן פינקלדיקן מעשהלע אָנגעהויבן פאַלן נישטיקע אָפגעהאַקטע קלאַנגען פון עמיצנס אַ באַקאַנטער, ווי נאָרוואָס געהערטער שטים. די שטים איז געווען אַ שיינע, אַ הייסע און אַ איבערצייגנדיקע דער דאָקטאָר האָט זיך צוגעהערט און תיכף דערקענט ווער דאָס איז. דאָס איז געווען קאָמיסאַר גינץ, וואָס האָט גערעדט אויפן פלאַץ.

די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אוודאי אים געבעטן אונטערצוהאַלטן זיי מיט זיין אויטאָריטעט, און ער האָט מיט אַ סך געפיל פאַרגעוואָרפן די מעליוזייעווער דעזאָרגאַניזירטקייט, אַז זיי גיבן זיך לייכט אונטער דעם דעמאָראַליזירנדיקן איינפלוס פון די באָלשעוויקעס, די אמתע שולדיקע, ווי ער האָט פאַרזיכערט, אין די זיבושינער געשעענישן. אין דעם זעלבן גייסט ווי ער האָט גערעדט ביים נאַטשאַלניק פון קאַבינעט, האָט ער דערמאָנט וועגן גרויזאַמען און מעכטיקן שונא און וועגן דער שעה פון נסיון וואָס האָט איצט אויסגעשלאָגן פאַרן פאָטערלאַנד. אין מיטן דער רעדע האָט מען אים אָנגעהויבן איבעררייסן.

די בקשות נישט איבערצורייסן דעם רעדנער זענען געגאַנגען גע־

פֿאַרט מיט קעגנערישע אויסגעשרייען. די פּראָטעסטירנדיקע קולות זענען געוואָרן אַלץ אָפּטער און העכער. עמיצער, וואָס האָט באַגלייט גינצן און גענומען אויף זיך די אויפֿגאָבע פֿון פּאָרזיצער, האָט געשריגן, אַז באַ־מערקונגען וועלן נישט דערלאָזט ווערן און גערופֿן צו אָרדענונג. טייל האָבן געפֿאָדערט, אַז מען זאָל געבן דאָס וואָרט אַ בירגערין פֿון המון, אַנדערע האָבן באַרויקט און געבעטן נישט צו שטערן.

צום איבערגעקערטן קאַסטן וואָס האָט געדינט פֿאַר אַ טריבונע האָט דורכן המון זיך דורכגעשטופּט אַ פֿרוי. זי האָט גאַרנישט בדעה גע־האָט אַרויפֿצוקריכן אויפֿן קאַסטן. צוקומענדיק האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט נעבן אים. די פֿרוי האָט מען געקענט. עס איז געוואָרן שטיל. די פֿרוי האָט באַהערשט די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿאַרזאַמלטע. דאָס איז געווען אוסטיניאַ.

— אָט זאָגט איר, זיבושינא, חבר קאָמיסאַר, און דערנאָך מכוח אויגן, אויגן זאָגט איר, דאַרף מען האָבן און נישט אַריינפֿאַלן אין שווינדל, און דערביי אַליין — איך האָב אייך געהערט, — ווייסט איר בלויז צו וואַרפֿן זיך מיט באָלשעוויקעס־מענשעוויקעס, באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, עפּעס אַנדערש הערט מען נישט פֿון אייך. און אַז מען זאָל מער נישט מלחמה־האַלטן און אַלץ זאָל זיין ווי צווישן ברודער, דאָס הייסט ווי גאָט האָט געבאָטן, און נישט די מענשעוויקעס, און אַז די פֿאַבריקן און זאַוואָדן זאָל מען אַוועקגעבן פֿאַר די אָרעמע, דאָס איז נישט קיין באָל־שעוויקעס, נאָר אַ מענטשלעכער פֿאַרלאַנג. און מיט דעם טויב־שטומען שטעכט מען אונדז די אויגן אָן אייך, ס'האָט שוין דערעסן צו הערן. ער האָט אייך דערלאַנגט, ריכטיק. און מיט וואָס האָט ער אייך דאָס אַזוי אָנגערירט? וואָס עס איז זיך אַרומגעגאַנגען אַ שטומער, און פּלוצים, נישט פֿרעגנדיק ביי קיינעם, האָט ער געעפֿנט ס'מויל? האָסטו געהערט אַ מעשה? נישט נאָר אַזעלכע זאַכן געשען! אָט די אייזעליכע למשל, די באַוווסטע. „בלעם, בלעם, זאָגט זי, איך בעט דיך מיט גוטן, גיי נישט אַהין, וועסט אַליין באַדויערן". נו, ס'איז אַ באַקאַנטע זאַך, ער האָט נישט געפֿאָלגט און געגאַנגען. אַ שטייגער ווי איר: „טויב־שטומער". ער טראַכט זיך, וואָס וועט ער איר הערן, — אַן אייזעליכע, אַ בהמה. ער האָט זיך געמיאוסט מיט איר. און ווי האָט ער דערנאָך חרטה געהאַט. טאַטע זיסער, איר ווייסט גאַנץ גוט מיט וואָס דאָס האָט זיך געענדיקט.

— מיט וואָס? — איז מען געווען נייגיריק פֿון פּובליקום.

— נישקשה, — האָט אוסטיניאַ שאַרף אָפּגעענטפֿערט, — דו וועסט אַלץ געוויר ווערן, ווען דו וועסט אַלט ווערן.

— ניין, אַזוי פירט זיך נישט. דו זאָג מיט וואָס דאָס האָט זיך געענדיקט, — האָט זיך נישט באַרויקט די זעלבע שטים.

— מיט וואָס און מיט וואָס, פאַרשלעפּטע קרענק! ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאָלפּן זאַלץ.

— דו פלאָנטערסט, ליבינקע. דאָס איז לוט, לוטס ווייב, — האָבן זיך דערהערט געשרייען. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. דער פאָרזיצער האָט גערופן די פאַרזאַמלונג צו אָרדענונג. דער דאָקטאָר איז געגאַנגען שלאָפן.

# 8

אויפן צווייטן טאָג אין אָוונט האָט ער זיך געזעגנט מיט אַנטיפּאָווא. ער האָט זי געטראָפן אין בופעט־צימער. פאַר לאַריסאַ פיאָדאָראָוונאַ איז געלעגן אַ בינטל געמאַנגלטע וועש. זי האָט געפּרעסט.

דאָס בופעט־צימער איז געווען פון די לעצטע אין דער הייך און איז אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטן. אין דעם צימער האָט מען געשטעלט די סאַמאָווארן, צעלייגט אויף די טעלער די מאכלים, וואָס מען האָט אויפגעהויבן פון דער קיך מיט אַ האַנט־ווינדע, אַראָפּגעלאָזן די שמוציקע כלים דער געפּעס־וואַשערין. אין בופעט־צימער האָט מען געפירט די מאַגאַזין־חשבונות פונעם שפּיטאָל. דאָ האָט מען קאָנטראָלירט די כלים און די וועש לויט רשימות, אָפּגערוט אין די פרייע שעהן און באַשטימט זיך ראַנדעוווען.

די פענצטער אין גאָרטן אַריין זענען געווען אָפן. אין בופעט־צימער האָט געשמעקט מיט ליפּע־בליעכץ, מיט קימל־ביטערקייט פון אַלטע צווייגן, ווי אין אַלטע פּאַרקן, און מיט אַ לייכטן טשאַד פון די צוויי פּרעס־אייזנס, מיט וועלכע לאַריסאַ פיאָדאָראָוונאַ האָט געפּרעסט לויט דער ריי, אַריינשטעלנדיק איינס דערנאָך דאָס צווייטע אין קוימען אויף אָנצוואַרעמען.

— פאַרוואָס האָט איר נעכטן נישט אָנגעקלאַפּט? די מאַדמואַזעל האָט מיר דערציילט. איבריקנס, האָט איר ריכטיק געהאַנדלט. איך האָב זיך שוין געהאַט געלייגט און נישט געקאָנט אייך אַריינלאָזן. נו, גוט־מאָרגן. פאַרזיכטיק, שמירט זיך נישט אויס. דאָ האָבן קוילן זיך צעשאָטן.

— ווייזט אויס אַז איר פּרעסט וועש פאַרן גאַנצן שפּיטאָל?

— ניין, צווישן זיי איז פאַראַן אַ סך מיינע. איר האָט זיך כסדר מיט מיר גערייצט, אַז איך וועל קיינמאָל פון דאַנען זיך נישט אַרויסקריגן. דאָס מאָל מיין איך עס אויף ערנסט. איר זעט, איך קלייב זיך צונויף, לייג זיך איין. כ׳וועל אַלץ צונויפנעמען — און געפאָרן. איך אויף אוראַל, — איר קיין מאָסקווע. און דערנאָך וועט עמיצער פרעגן יורי אַנ־

דרייעוויטשן: „וועגן אַזאַ שטעטעלע ווי מעליוזייעוו, האָט איר נישט גע־הערט?״ — „עפּעס קאָן איך זיך נישט דערמאָנען״. — „און ווער איז דאָס אַנטיפּאָווואַ?״ — „איך האָב נישט קיין אנונג״.

— נו, דאָס איז נאָך אַ פראַגע. — ווי איז זיך אייך געפאָרן איבער די ראַיאָנען? עס איז אנגענעם אין דאָרף?

— אַזוי אין צווייַ ווערטער איז שווער צו דערציילן. — ווי שנעל די פּרעס־אייזנס קילן זיך אָפּ. גיט מיר אַ פרישן, זייט אַזוי גוט, אויב אייך איז נישט שווער. דאָרט אין קוימען איז ער. און דעם — צוריק אין קוימען. אַזוי. אַ דאַנק. — פאַרשידענע דערפער. אַלץ ווענדט זיך אין די איינ־וווינער. איין טייל באַפעלקערונג אַ פלייסיקע, אַן אַרבעטנדיקע. דאָרט איז נישקשה. און אין אנדערע זענען פאַראַן כמעט בלויז שיכורים. דאָרט איז אַן אָפּגעלאָזנקייט. אויף די דערפער איז אַ שרעק אַ קוק צו טאָן.

— נאַרישקייטן. וואָסערע שיכורים? איר פאַרשטייט. ס'איז פּשוט קיינער נישטאָ, אַלע מענער האָט מען צוגענומען אין מיליטער. נו, גוט, און ווי זעט אויס די נייַע רעוואָלוציאָנערע זיעמסטוואָ?

— וואָס שייך די שיכורים זענט איר נישט גערעכט. איך בין מיט אייך נישט מסכים. און די זיעמסטוואָ? מיט דער זיעמסטוואָ וועט לאַנג זיין צרות. די אינסטרוקציעס זענען נישט צוגעפּאַסט, אין ראַיאָן איז נישטאָ מיט וועמען צו אַרבעטן. אין איצטיקן מאָמענט אינטערעסירט דעם פּויער בלויז די פראַגע וועגן ערד. — כ'בין פאַרפאָרן קיין ראַזדאָלנאָיע. דאָרט איז אַ פּראַכט! איר וואָלט געמעגט צופאָרן אַהין. אין פרילינג האָט מען אַביסל געברענט, גערויבט. עס איז פאַרברענט געוואָרן אַ שטאַל, פּרוכט־ביימער זענען געוואָרן פאַרקוילט, אַ טייל פונעם פּאַסאַד איז קאַליע געוואָרן פון דער סאַדזע. און אין זיבושינאָ בין איך נישט געווען. ס'איז נישט אויסגעקומען. פונדעסטוועגן פאַרזיכערט מען אומעטום, אַז די מעשה מיטן טויב־שטומען איז נישט קיין אויסגעטראַכטע. מען שילדערט ווי ער זעט אויס. מען זאָגט, אַז ער איז יונג און געבילדעט.

— נעכטן אויפן פּלאַץ האָט אוסטיניאַ זיך פאַר אים שטאַרק אָנגענומען.

— נאָרוואָס איז פון ראַזדאָלנאָיע ווידער געקומען אַ גאַנצער וואָגן מיט גראַטעס. וויפל מאָל האָב איך געבעטן, אַז מען זאָל צורו לאָזן. מיר האָבן ווייניק אייגענע גראַטעס? און היינט אין דער פרי איז געקומען דעם קאָמענדאַנטס וועכטער מיט אַ בריוועלע פונעם קרייז־נאַטשאַלניק. דאָס זילבערנע טיי־געפעס און די ווייַן־קרישטאָלן פון דער גרעפין איז זיי אומבאַדינגט נייטיק. בלויז אויף איין אָוונט, זיי וועלן צוריקשיקן.

מיר קענען שוין דאָס דאָזיקע צוריקשיקן. אַ העלפּט זאַכן וועט מען נישט אָפּגעפינען. מען שמועסט, אַ הוליאַנקע. עפּעס אַ צוגערייזטער.

— אַ, איך שטויס זיך אָן. עס איז געקומען צו פאָרן אַ נייער קאָמיסאַר פון פראָנט. איך האָב אים צופעליק געזען. ער קלייבט זיך אַ נעם צוטאָן צו די דעזערטירן, אַרומרינגלען זיי און אַנטוואָפענען. דער קאָמיסאַר איז נאָך אינגאַנצן אַ גרינער, אַ יונגינקער אין די ענינים. די היגע לייגן פאַר קאַזאַקן, אָבער ער מיינט צו נעמען מיט אַ טרער. דאָס פאָלק, זאָגט ער, איז אַ קינד, און אַזוי ווייטער, און ער מיינט, אַז דאָס אַלץ איז אַ קינדער־שפּיל. גאַליאָולין בעט זיך, וועקט נישט, זאָגט ער, די חיה, לאָזט דאָס איבער פאַר אונדז. אָבער צי קאָן מען אַזעלכן איבער־רעדן, אַז ער האָט זיך דאָס אריינגעקלאַפּט אין קאָפּ. הערט מיך אויס. לאָזט אָפּ אויף אַ מינוט די פּרעס־אייזנס און הערט מיך אויס. אינגיכן וועט זיך דאָ אָפּשפּילן אַ שרעקלעכע הריגה. אויסמיידן זי איז נישט אין אונדזערע כוחות. איך וואָלט אַזוי וועלן, אַז איר זאָלט אַוועקפאָרן פאַר אַט דער קאַשע!

— עס וועט גאָרנישט זיין. איר טרייבט איבער. אָבער איך פאָר דאָך טאַקע אַוועק. אָבער מען טאָר נישט אַזוי, כאַפּ־לאַפּ און זייט מיר געזונט. מען דאַרף אָפּגעבן דעם אינווענטאַר לויט דער רשימה, אויב נישט וועט מען קאָנען מיינען, אַז איך האָב עפּעס צוגעגנבעט. און וועמען זאָל איך עס אָפּגעבן? דאָס איז דאָך די פראַגע. וויפל האָב איך זיך אָנגעליטן מיט דעם אינווענטאַר, און אַלס לוין — בלויז פאַרווורפן. איך האָב פאַרשריבן זשאַברינסקאַיאַס פאַרמעגן לטובת דעם שפּיטאָל, וואָרים אַזוי איז געווען דער זין פון דעקרעט. און איצט קומט אויס, אַז איך האָב כלומרשט אַלץ געטאָן מיט אַ כיוון, כדי אויף אַזאַ אופן אָפּהיטן דאָס פאַרמעגן פון דער אייגנטימעריין. וואָס פאַר אַ מיאוסקייט!

— אַך, גיט שוין אַ שפּיי אויף אָט די דיוואַנעס און פאָרצעלייען, זאָלן זיי פאַרכאַפּט ווערן. פאַראַן פון וואָס זיך איבערצונעמען! יאָ, יאָ, עס איז אין דער העכסטער מאָס פאַרדריסלעך, וואָס איך האָב מיט אייך נעכטן זיך נישט געזען. איך בין געווען אין אַזאַ מין שטימונג! איך וואָלט אייך דערקלערט די גאַנצע הימלישע מעכאַניק, געענטפערט אויף אַלע פאַרשאָלטענע פראַגן! ניין, אָן שפּאַס, עס האָט מיך אַזוי אונטערגע־הויבן אויסצורעדן זיך. צו דערציילן וועגן ווייב, וועגן זון, וועגן מיין לעבן. דער טייוול זאָל עס נעמען, נישט שוין־זשע טאָר אַ דערוואַקסענער מאַנסביל נישט שמועסן מיט אַ דערוואַקסענער פרוי, אַז מען זאָל גלייך נישט חושד זיין אין עפּעס „בייזע כוונות״? בר־ר־ר! צום טייוול אָט די אַלע חשדים און „כוונות״!

איר פרעסט, פרעסט, ביטע, פרעסט די וועש און לייגט נישט קיין אַכט אויף מיר, און איך וועל רעדן. איך וועל רעדן לאַנג.

גיט נאָר אַ טראַכט וואָסער צייט עס איז איצט! און מירביידע לעבן אין אָט די טעג! בלויז איין מאָל אין אַן אייביקייט געשעט אַזאַ אומגעוויינלעכקייט. גיט נאָר אַ טראַכט: פון גאַנץ רוסלאַנד האָט עס אַראָפּגעריסן דעם דאַך, און מיר מיטן גאַנצן פאָלק געפינען זיך אונטערן פרייען הימל. און קיינער קוקט נישט אונטער, פרייהייט! אַן אמתדיקע, נישט אין ווערטער און אין פּאַדערונגען, נאָר פון הימל אַן אַראָפּגעפאַלענע פרייהייט, איבער יעדער דערוואַרטונג. פרייהייט פון אַ צופאַל, פון אַ מיספאַרשטענדעניש.

און ווי אַלץ איז צעשטרייט־ריזיק! איר האָט באַמערקט? ווי יעדער איינער וואָלט געוואָרן דערדריקט פון זיך אַליין, פון די אייגענע אַנטפּלעקטע העלדישקייטן.

נו, איר פרעסט אייך ווייטער. איך בעט אייך. שווייגט. אייך איז נישט לאַנגווייליק? — איך וועל אייך בייטן דאָס פרעס־אייזן.

נעכטן האָב איך אָבסערווירט אַ נאַכט־מיטינג. אַ דערשיטערנ־דיק בילד. עס האָט זיך אַ ריר געטון מוטערל־רוסלאַנד, זי קאָן נישט איינשטיין אויף אַן אָרט, ווייסט פון קיין מידקייט אין איר גאַנג, זי רעדט, זי קאָן זיך נישט זאַט־רעדן. און דאָס רעדן נישט בלויז מענטשן. עס זענען זיך צונויפגעקומען און עס שמועסן שטערן אוןביימער, עס פילאָזאָפירן נאַכט־בלומען און עס האַלטן אָפּ מיטינגען שטיינערנע גע־ביידעס. דאָס איז עפּעס וואָס פון דער עוואַנגעליע, נישט אמת? ווי אין די צייטן פון די אַפּאָסטאָלן. איר געדענקט, ביי פּאַולוסן? „רעדט מיט די צינגער און זאָגט נביאות. טוט תפילה פאַר דער גאָב פון פאַר־שטאַנד".

— וואָס שייך דאָס רופן מיטינגען דורך ביימער און שטערן — פאַרשטיי איך. איך ווייס, וואָס איר ווילט זאָגן. ביי מיר גופא איז עס געשען.

— אַ העלפט האָט געמאַכט די מלחמה, דאָס איבעריקע האָט פאַר־ענדיקט די רעוואָלוציע. די מלחמה איז געווען אַ קורצער קינסטלעכער איבעררייס פונעם לעבן, פונקט ווי מען וואָלט די עקזיסטענץ געקאָנט אָפּלייגן אויף אַ צייט (וואָס פאַר אַ זינלאָזיקייט!). די רעוואָלוציע האָט זיך אַרויסגעריסן קעגן ווילן, ווי אַ צו־לאַנג איינגעהאַלטענער זיפץ. יעדער איינער האָט אויפגעלעבט, איז איבערגעבוירן געוואָרן, ביי אַלעמען איז אַן אומוואַנדלונג, אַן איבערקערעניש. מען וואָלט געקאָנט זאָגן, אַז מיט יעדן איינעם זענען געשען צוויי רעוואָלוציעס, איינע אַן אייגענע,

אַ פּערזענלעכע, און די צווייטע אַן אַלגעמיינע. מיר דאַכט זיך, אַז סאָ־ציאַליזם איז אַ ים, אין וועלכן עס דאַרפן, ווי שטראָמען, זיך צונויפגיסן אַלע אָט די אייגענע, באַזונדערע רעוואָלוציעס, אַ ים פון זעלבסט־עקזיסטענץ, אַ ים פון לעבן, פון אָט דעם לעבן, וואָס מען קאָן זען אויף בילדער, פונעם לעבן, וואָס איז גענעראַליזירט, פונעם לעבן וואָס איז שעפעריש באַרייכערט. אָבער איצט האָבן די מענטשן באַשלאָסן, אויסצו־פּרובירן עס נישט אין די ביכער, נאָר אויף זיך אַליין, נישט אַבסטראַקט, נאָר אין מעשים.

דער אומדערוואַרטער ציטער אין זיין שטים האָט אויסגעגעבן די זיך אָנהייבנדיקע אויפרעגונג פון דאָקטאָר זשיוואַגאָ. לאַריסאַ פיאָדאָ־ראָוונאַ האָט איבערגעריסן אויף אַ מינוט דאָס פּרעסן און אַ קוק געטאָן אויף אים ערנסט און פאַרוווּנדערט. ער האָט זיך פאַרלוירן און פאַר־געסן וועגן וואָס ער האָט גערעדט. נאָך אַ קורצער און שווערער פּויזע האָט ער ווידער אָנגעהויבן רעדן. נישט באַטראַכטנדיק זיך, האָט ער געמאָלן, גאָט ווייסט וואָס. ער האָט געזאָגט:

— אין אָט די טעג איז פאַראַן אַזאַ חשק צו לעבן ערלעך און אַר־בעטזאַם! עס ווילט זיך אַזוי זיין אַ טייל פון דער אַלגעמיינער באַגייס־טערונג! אָבער צווישן אָט די פריידן, וואָס האָבן אַלעמען אַרומגעכאַפּט, באַגעגן איך אייער געהיימנישפולן נישט־פריילעכן בליק, וואָס בלאָנזשעט ערגעץ־ווו, אין דעם נישט־געשטויגענעם קעניגרייך, און דער נישט־געפלויגענער מלוכה. וואָס וואָלט איך אַלץ נישט געגעבן, אַז אָט דער בליק זאָל מער נישט זיין, אייער פּנים זאָל דערציילן, אַז איר זענט צו־פרידן מיטן גורל און אַז איר דאַרפט פון קיינעמען גאָרנישט. אַז וועלכער עס איז אייך נאָענטער מענטש, אייער פריינד אָדער מאַן (צום בעסטן וואָלט געווען, אַז דאָס זאָל זיין אַ מיליטער־מאַן) זאָל מיך אָננעמען ביי דער האַנט און בעטן, אַז איך זאָל זיך נישט באַאומרויקן צוליב אייך און אייך נישט באַלעסטיקן מיט מיין אויפמערקזאַמקייט. און איך וואָלט אַרויסגעריסן די האַנט, וואָלט זיך פאַרמאָסטן, און... אָך, איך האָב זיך פאַרגעסן! אַנטשולדיקט מיר.

די שטים האָט ווידער פאַראַטן דעם דאָקטאָר. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מיט אַ געפיל פון אַן אומבפאַרבעסערלעכער אומגעלומפּערטקייט איז ער אויפגעשטאַנען און אַוועק צום פענצטער. ער איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום צימער, אונטערגעשפּאַרט די באַק מיט דער האַנט — מיטן עלנבויגן אויפן פענצטער־ברעט — און פאַרזונקען אין דער טיף פון פינצטערן גאָרטן דעם צעשטרייטן, נישט־זעענדיקן בליק, וואָס האָט געזוכט פאַרשטענדעניש.

לאַריסאַ פיאָדאָראָװנאַ איז פאַרבײַ דאָס פּרעס־ברעט, װאָס איז געװען איבערגעװאָרפן צװישן טיש און ברעג פונעם צװײטן פענצטער און אָפּגעשטעלט זיך עטלעכע טריט פון דאָקטאָר, הינטער אים, אינמיטן צימער. — אַך, װי שטאַרק האָב איך פאַר דעם תמיד זיך געשראָקן! — האָט זי שטילערהייט, װי פאַר זיך אַליין, געזאָגט. — װאָס פאַר אַ גורל־דיקער טעות! הערט אויף, יורי אַנדרײיעװיטש, מען דאַרף נישט. — אַך, װאָס איך האָב צוליב אײַך אָפּגעטאָן! — האָט זי הויך אויסגע־שריגן און צוגעלאָפן צום ברעט. אונטערן פאַרגעסענעם פּרעסל האָט זיך געצויגן אַ דין שנירל ביטערלעכער רויך פון דער דורכגעברענטער בלוזקע.

— יורי אַנדרײיעװיטש, — האָט זי פאַרגעזעצט, אָװעקשטעלנ־דיק מיט אַ בייזן קלאַפּ דאָס פּרעס־אײַזן — יורי אַנדרײיעװיטש, זײַט אַ קלוגער, גייט אַרויס אויף אַ מינוט צו דער מאַדמואַזעל, טרינקט אויס אַ גלאָז װאַסער, ליבינקער, און קומט צוריק אַהער אַזאַ, װי איך בין צוגעװוינט און װי איך װאָלט אײַך װעלן זען. איר הערט, יורי אַנדרײי־עװיטש? איך װייס, אַז איר זענט דאָס בכוח צו טאָן. פאָלגט מיך, איך בעט אײַך.

מער האָבן זיך שוין צװישן זיי אַזעלכע שמועסן נישט איבער־געחזרט. אין אַ װאָך אַרום איז לאַריסאַ פיאָדאָראָװנאַ אָװעקגעפאָרן.

9

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט זשיװאַגאָ זיך אָנגעהויבן גרייטן אין װעג אַריין. אַ נאַכט פאַר זײַן אָפּפאָר איז אין מעליוזײיעװו געװען אַ שרעקלעכער שטורעם.

דער רעש פונעם הוראַגאַן האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן גערויש פונעם גאָס־רעגן, װעלכער האָט צײַטנװײַז מיט זײַן גאַנצן כח זיך גע־װאָרפן אויף די דעכער און באַלד דערנאָך, אונטערן דרוק פונעם װינט, װאָס האָט זיך געביטן — אָװעק אין דער טיף פון די גאַסן, װי ער װאָלט אײַנגענומען טראַט נאָך טראַט מיט זײַנע פלייצנדיקע שטראָמען.

אַ דונער נאָך אַ דונער האָט זיך געקײַקלט אָן איבעררײַס און אי־בערגעגאַנגען אין איין גלײַכמאָסיקן גערויש. ביים אויפלײַכטן פון די אָפטע בליצן האָט זיך באַװיזן די גאַס, אָן אַנטלויפנדיקע אין דער טיף, מיט אײַנגעבויגענע ביימער, װאָס זענען געלאָפן אין דער זעלבער ריכטונג.

בײַנאַכט איז די מאַדמואַזעל פלערי אויפגעװעקט געװאָרן פון אַן אומרויקן קלאַפּ אין דער פראָנט־טיר. אַן איבערגעשראָקענע האָט זי זיך

אויפגעזעצט אין בעט און זיך איינגעהערט. דאָס קלאַפּן האָט נישט אויפגעהערט.

נישט שוין־זשע וועט אין גאַנצן שפּיטאָל זיך נישט געפינען קיין לעבעדיקער נפש וואָס זאָל אַרויסגיין און אויפמאַכן די טיר? — האָט זי געטראַכט, — פאַר אַלץ אין לעבן דאַרף זי איינע, אַן אומגליקלעכע זקנה, זיין פאַראַנטוואָרטלעך, בלויז דערפאַר, ווייל די נאַטור האָט איר באַשאַפן אַן ערלעכע און מיט אַ פליכט־געפיל?

נו, גוט, די זשאַברינסקיס זענען געווען רייכע, אַריסטאָקראַטן. אָבער דער שפּיטאָל איז דאָך זייערער, ער געהערט דאָך צום פאָלק. אויף וועמען־זשע האָבן זיי אים איבערגעלאָזט? אינטערעסאַנט, למשל, צו וויסן, ווו זענען די סאַניטאַרן פאַרפאַלן געוואָרן? אַלע זענען זיך צע־לאָפן, נישט קיין נאַטשאַלסטווע, נישט קיין שוועסטער, נישט קיין דאָק־טוירים. און עס זענען דאָך נאָך פאַראַן פאַרווונדעטע, צוויי אַנפּיסיקע, אויבן אין כירורגישן, ווו אַמאָל איז געווען דער גאַסט־זאַל, און אַ פולער לאַגער מיט דעזינטעריע־קראַנקע אונטן, נעבן דער וועשעריי. און אוס־טיניאַ איז אַוועק ערגעץ־ווו צוגאַסט. זי האָט געזען, די נאַרישע, אַז עס קלייבט זיך אויף אַ שטורעם, אָבער דער טייוול האָט זי אַוועקגעטראָגן. איצט וועט זי האָבן אַ גוטן אויסרייד צו נעכטיקן ביי פרעמדע.

נו, גאָט צו דאַנקען, זיי האָבן אויפגעהערט, מיד געוואָרן. אַוועק־געגאַנגען. נאָר דער טייוול טראָגט אַן עמיצן אין אַזאַ וועטער. און אפשר גאָר איז דאָס אוסטיניאַ? ניין, זי האָט איר אייגענעם שליסל. גאָט מיינער, ווי שרעקלעך, מען קלאַפּט שוין ווידער!

פונדעסטוועגן איז עס אַ חזיריי! לאָמיר זאָגן, אַז פון זשיוואַגאָ קאָן מען נישט פאַרלאַנגען. מאָרגן פאָרט ער אַוועק און ער איז שוין מיטן קאָפּ אין מאָסקווע אָדער אין וועג. אָבער דער גאַליאולין! ווי אַזוי קאָן ער פּאָפן, אָדער רויק ליגן, הערנדיק אַזאַ טראַסקעריי, און וואַרטן ביז זי, אַ שוואַכע און אומבאַהאָלפענע זקנה, וועט זיך אויפהייבן און גיין אויפשליסן די טיר פאַר אַן אומבאַקאַנטן אין אַט דער שרעקלעכער נאַכט פון אַט דעם שרעקלעכן לאַנד.

גאַליאולין — האָט זי זיך פּלוצים געכאַפּט. — וואָס פאַר אַ גאַ־ליאולין? אַזאַ שטות האָט איר געקאָנט קומען אין קאָפּ נאָר פאַרשלאָ־פענערהייט! וואָס פאַר אַ גאַליאולין, אַז פון אים איז שוין קיין זכר נישטאָ? צי האָט זי דען נישט אַליין מיט זשיוואַגאָן אים אויסבאַהאַלטן און איבערגעטאָן אין ציווילן, און דערנאָך אים אויסגעמשלט די וועגן און דערפער ווו ער האָט צו לויפן. דאָס איז געווען בעת יענעם שרעקלעכן זעלבסט־געריכט אויף דער סטאַציע ווען מען האָט דער־

הרגעט גינצן, דעם קאָמיסאַר, און גאַליאַולינען האָט מען נאָכגעיאָגט פֿון בירױטשי, אַזש ביז מעליױזייעוו, אים נאָכגעשאָסן פֿון הינטן און געזוכט אים איבער דער גאַנצער שטאָט. גאַליאַולין!

ווען נישט יענע מאָטאָציקליסטן, וואָלט פֿון דער שטאָט נישט געבליבן קיין שטיין אויף אַ שטיין. די געפּאַנצערטע דיוויזיע איז צו־פֿעליק אַדורכגעגאַנגען די שטאָט, זיי האָבן זיך אָנגענומען פֿאַר די איינוווינער, אָנגעלערנט די לאַבוזעס.

דער שטורעם איז שוואַכער געוואָרן. דער דונער איז געוואָרן זעלטענער. דער רעגן האָט צייטנווייז זיך אָפּגעשטעלט, דאָס וואַסער איז שטיל געפֿלאָסן. שטילע בליצן־אָפּשיינען זענען אַריינגעפֿאַלן אין מאַדמו־אַזעלס צימער, באַלויכטן אים און פֿאַרהאַלטן זיך אַ ווייל, פּונקט ווי זיי וואָלטן עפּעס געזוכט.

פּלוצים האָט דאָס איבערגעריסענע קלאַפּן אין טיר ווידער זיך באַנייט. עמיצער האָט זיך געניײטיקט אין הילף און געקלאַפּט אַלץ אָפּטער און פֿאַרצווייפֿלטער. דער ווינט האָט אויפֿסניי אָנגעהויבן יאָגן. ווידער האָט אַ גאָס געטאָן דער רעגן.

— באַלד! — האָט די מאַדמואַזעל אַ געשריי־געטאָן, נישט־וויסנדיק צו וועמען און אַליין זיך איבערגעשראָקן פֿאַר איר אייגענער שטים.

אַן אומגעריכטע השערה האָט אין איר אויפֿגעבליצט. זי האָט אַראָפּ־געלאָזט די פֿיס פֿון בעט און אַריינגעשטעקט זיי אין די טופֿל, אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך דעם כאַלאַט און געלאָפֿן וועקן זשיוואַגאָ, כדי עס זאָל איר נישט זיין שרעקלעך אַליין צו עפֿענען. אָבער אויך ער האָט געהערט דאָס קלאַפּן און איז שוין אַליין אַראָפּגעגאַנגען מיט אַ ליכט אין האַנט, ביי ביידן איז געווען די זעלבע השערה.

— זשיוואַגאָ, זשיוואַגאָ! מען קלאַפּט אין דער דרויסן־טיר, איך האָב מורא אַליין צו גיין עפֿענען, — האָט זי געשריגן אויף פֿראַנצויזיש, און אויף רוסיש האָט זי צוגעגעבן: „איר'ט זען, דאָס איז לאַר אָדער פֿאַרוטשניק גאַיול".

אויך יורי אַנדרייעוויטשן האָט אויפֿגעוועקט דאָס קלאַפּן, אויך אים איז איינגעפֿאַלן, אַז דאָס איז אומבאַדינגט עמיצער אַן אייגענער: אָדער דאָס איז גאַליאַולין, וואָס האָט צוליב עפּעס אַ שטערונג זיך אומגעקערט אין זיין פֿריערדיקער באַהעלטעניש, אָדער דאָס איז די שוועסטער אַנטי־פּאָוואַ, וואָס איז צוריקגעקומען פֿון דער רייזע צוליב וועלכע עס איז שטערונגען.

אין קאָרידאָר האָט דער דאָקטאָר געגעבן דער מאַדמואַזעל צוצו־

האַלטן דאָס ליכט און אַליין האָט ער אויפגעדרייט דעם שליסל אין טיר און אָפּגערוקט דעם ריגל. דער אימפּעט פונעם ווינט האָט אַרויסגעריסן די טיר פון זיינע הענט, פאַרלאָשן דאָס ליכט אוןביידן אָפּגעגאָסן מיט קאַלטע רעגן־שטראָמען פון דרויסן.

— ווער איז? ווער איז? איז עמיץ דאָ פאַראַן? — האָבן די מאַדמואַזעל און דער דאָקטאָר געשריגן איינער נאָכן צווייטן אין דער פינצטער. אָבער קיינער האָט זיי נישט געענטפערט. פּלוצים האָבן זיי דערהערט דאָס זעלביקע קלאַפּן אין אַן אַנדער אָרט, פון הינטערשטן אַריינגאַנג, אָדער, ווי עס האָט זיך זיי אָנגעהויבן אויסדאַכטן, אין פענצטער פון גאָרטן.

— ווייזט אויס, אַז דאָס איז דער ווינט — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — אָבער צוליב אַ ריין געוויסן גייט איר צו צום הינטערשטן אַריינגאַנג זיך איבערצייגן און איך וועל דאָ צוואַרטן, כדי מיר זאָלן זיך נישט אויסמיידן, אויב דאָס איז באמת אַ מענטש און נישט עפּעס אַנדערש.

די מאַדמואַזעל האָט זיך דערווייטערט אין דער טיפעניש פונעם הויז און דער דאָקטאָר איז אַרויס אין דרויסן, אונטערן דעכל פון אַריינגאַנג. זיינע אויגן, וואָס האָבן זיך צוגעוווינט צו דער פינצטערניש, האָבן אויפגעכאַפּט די סימנים פון אָנהייב טאָגן.

איבער דער שטאָט האָבן, ווי האַלב־וואַנזיניקע, זיך שנעל געטראָגן די כמאַרעס, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געראַטעוועט פון אַ געיעג. די קנוילן זענען אַדורכגעלאָפן אַזוי נידעריק, אַז זיי האָבן כמעט זיך פאַרטשעפּעט אין די ביימער, זיי האָבן אויסגעזען, ווי איינגעבויגענע בעזעמער, וואָס קערן אויס דעם הימל. דער רעגן האָט אָפּגעוואַשן די הילצערנע וואַנט פונעם הויז און זי איז געוואָרן פון גראָ — שוואַרץ.

— נו וואָס? — האָט דער דאָקטאָר איבערגעפרעגט די מאַדמואַזעל ווען זי איז צוריקגעקומען.

— איר זענט גערעכט. עס איז קיינער נישט. — זי איז אַרומגעגאַנגען דאָס גאַנצע הויז. אין בופעט־צימער איז געוואָרן אויסגעהאַקט אַ שויב דורך אַ שייטל פון אַ ליפּע און אויפן דיל זענען קאַליוזשעס־וואַסער, דאָסזעלבע אין לאַראַס צימער, אַן אמתער ים, אַ גאַנצער אָקעאַן.

— און דאָ האָט דער לאָדן זיך אָפּגעריסן און קלאַפּט אין דער ראָם. זעט איר? אַלץ האָט זיך אויפגעקלערט.

זיי האָבן נאָך אַ ביסל געשמועסט, פאַרשלאָסן די טיר און זיך צעגאַנגען שלאָפן. באַדויערנדיק וואָס דער אַלאַרם האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פאַלשן.

זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז עפנענדיק די פראָנט־טיר וועט אין

הויז זיך באַוויזן די גוט־באַקאַנטע פּרוי, אַן אויסגעוויקטע און אַן אויס־געפּרוּירענע. זיי וועלן זי באַשיטן מיט פראַגן. בעתן קומען צו זיך. דער־נאָך וועט זי קומען אַן איבערגעטוּענע, טריקענען זיך ביים נעכטיקן נאָך־נישט אָפּגעגאַנגענעם פייער פון אויוון און וועט זיי דערציילן וועגן אירע אַנצאָליקע פּאַסירונגען אין וועג. זי וועט זיך פאַריכטן די האָר און לאַכן.

זיי זענען דערין געווען אַזוי זיכער, אַז ווען זיי האָבן פאַרשלאָסן די טיר זענען שפּורן פון דער דאָזיקער זיכערקייט איבערגעבליבן מחוץ דעם הויז, אויף דער גאַס, אין דער געשטאַלט פון אַ וואַסער־צייכן, אָדער אַ דמיון פון יענער פרוי, וואָס האָט אַן אויפהער געמיניעט פאַר זיי פונ־וויטן.

# 10

אַלס אומדירעקט שולדיקן אין די זעלנערישע אומרוען אויף דער סטאַנציע האָט מען געהאַלטן דעם ביריוטשעווער טעלעגראַפיסט קאַליאַ פראָלענקאָ.

קאַליאַ איז געווען דער זון פון אַ באַקאַנטן מעליוזייעווער זייגער־מאַכער. דאָרטן האָט מען אים געקענט נאָך פון די וויקעלעך. אַלס יינגל פלעגט ער קומען צוגאַסט צו עמיצן פון דער ראַזדאָלנאַיער הויף־דינער־שאַפט, און אונטער דער אויפזיכט פון דער מאַדמואַזעל, האָט ער זיך געשפּילט מיט די טעכטערלעך פון דער גרעפין. די מאַדמואַזעל האָט גוט געקענט קאַליאַן. דעמלט האָט ער אָנגעהויבן פאַרשטיין אַ ביסל פראַנ־צויזיש.

אין מעליוזייעוו איז מען געווינט געווען צו זען קאַליאַן ביי יעדן וועטער אַ לייכט־אָנגעטוענעם, אָן אַ היטל, אין זומערדיקע לייוונטענע טופל, אויף אַ וועליסאָפּעד. נישט האַלטנדיק ביים רודער, אָן איבערגע־בויגענער אויף הינטן, די הענט פאַרלייגט אויף דער ברוסט, איז ער געפלויגן איבערן שאָסיי, איבער דער שטאָט, געקוקט אויף די סלופּעס און דראָטן קאָנטראָלירנדיק דעם צושטאַנד פון דער נעץ.

געוויסע הייזער אין שטאָט זענען געווען פאַראייניקט מיט דעם אייזנבאַן־טעלעפאָן. די פאַרוואַלטונג פון דער אָפּטיילונג האָט זיך געפונען אין קאַליאַס הענט אין דער אַפּאַראַטור אויפן וואָקזאַל.

אַרבעט איז דאָרט ביי אים געווען איבערן קאָפּ: דער אייזנבאַן־טעלעגראַף, דער טעלעפאָן, און טיילמאָל, בעת דער קורצער אָפּוועזנקייט פונעם סטאַנציע־נאַטשאַלניק פּאָוואַריכין, אויך די סיגנאַליזאַציע און בלאָ־

קירונג, מכשירים, וואָס האָבן זיך אויך געפונען אין דער אַפּאַראַטור־אָפּטיילונג.

די גויטוועדיקייט נאָכצופאָלגן מיט איינמאָל די טעטיקייט פון עט־לעכע מעכאַניזמען האָט געשאַפן ביי קאַליאַ אַ באַזונדערן מאַניר פון רעדן, אַ טונקעלן, אַן אָפּגעריסענעם און אַ פולן מיט רעטענישן, אַ מאַניר, וואָס קאַליאַ האָט באַנוצט בעת ער האָט נישט געהאַט קיין חשק עמיצן צו ענטפערן, אָדער ווען ער האָט נישט געוואָלט מיט עמיצן זיך אַריינלאָזן אין אַ געשפרעך. מען האָט דערציילט, אַז אינעם טאָג פון די אומרוען האָט ער איבערטריבן מיט דעמדאָזיקן אָרט רעדן.

מיט זיינע פאַרשוויגענישן האָט ער טאַקע צונישט געמאַכט אַלע גוטע כוונות פון גאַליאולין, וואָס האָט געקלונגען פון שטאָט, און, מעגלעך, נישט ווילנדיק געגעבן דעם גורלדיקן גאַנג פון די קומענדיקע געשעענישן.

גאַליאולין האָט געבעטן צורופן צום אַפּאַראַט דעם קאָמיסאַר, וועל־כער האָט זיך געפונען ערגעצווו אויפן וואָקזאַל אָדער דערנעבן, כדי אים צו זאָגן, אַז ער פאָרט תיכף אַרויס צו אים אין וואַלד און בעטן צו־וואַרטן אויף אים און אַן אים זאָל ער גאָרנישט טאָן. קאַליאַ האָט אָפּ־געזאָגט גאַליאולינען אַרויסצורופן גינצן מיטן אויסרייד, אַז די ליניע איז ביי אים פאַרנומען מיטן איבערגעבן די סיגנאַלן פון אַ צוג, וואָס גייט אין דער ריכטונג צו בירויטשי און אַליין האָט ער מיט אַלע כשרע און פסולע מיטלען פאַרהאַלטן אויף די שכנותדיקע רעלסן דעם דאָזיקן צוג, וואָס האָט געפירט קיין בירויטשי די אַרויסגערופענע קאָזאַקן.

ווען דער עשאַלאָן איז פאָרט אָנגעקומען האָט קאַליאַ נישט געקאָנט באַהאַלטן זיין אומצופרידנקייט.

דער לאָקאָמאָטיו האָט זיך פּאַמעלעך צוגעשלעפּט הינטערן פּעראָן־אָפּדאַך און שטיין געבליבן אַקוראַט קעגנאיבער דעם ריזיקן פענצטער פון דער אַפּאַראַטור־אָפּטיילונג. קאַליאַ האָט האַסטיק אָפּגערוקט דאָס שווערע וואָקזאַל־פאָרהענגל פון טונקל־בלויען טוך מיט די אויסגעהאַפּטענע אייזנ־באַן־איניציאַלן. אויפן שטיינערנעם פענצטער־פאַראַפּעט איז געשטאַנען אַ ריזיקע קאַראַפקע מיט וואַסער און אַ גראָב געפינגערט גלאָז אויף אַ טעצל. קאַליאַ האָט אָנגעגאָסן וואַסער אין גלאָז, אָפּגעטרונקען עטלעכע שלוק און אַ קוק געטאָן אין פענצטער.

דער מאַשיניסט האָט דערזען קאַליאַן און פון זיין אָפּטייל חבריש צו אים אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „אוך, פּאַסקודע פאַרשטונקענע, דו געהילך־וואַנץ!" — האָט קאַליאַ אַ טראַכט געטאָן מיט שנאה, אַרויסגע־שטעקט דעם מאַשיניסט די צונג און געדראָט אים מיט דער פויסט. דער מאַשיניסט האָט נישט בלויז פאַרשטאַנען קאַליאַס מימיק, נאָר אַליין באַ־

וויזן — מיט אַ צי די אַקסלען און אַ דריי דעם קאָפּ אין דער וואַגאָן־זייט, אים געגעבן צו פאַרשטיין: „וואָס זאָל איך טאָן. פּראָביר אַליין. ער האָט די מאַכט“. — „אַלץ איינס, ביסט אַ גאָרנישט און אַ נבלה“ — האָט מימיש געענטפערט קאַליאַ.

מען האָט אָנגעהויבן ארויספירן די פערד פון די וואַגאָנען. זיי האָבן זיך געעקשנט, נישט געוואָלט גיין. די טויבע קלאַפּעריי פון קאָפּיטעס איבערן אויסגעפּלאָסטערטן הילצערנעם אַראָפּגאַנג־בריקל איז איבער־געגאַנגען אין אַ קלינגעריי פון פּאָדקאָוועס איבער די שטיינער פון פּעראָן. די פערד האָבן זיך געשטעלט דיבאָם בעתן אַריבערפירן זיי איבער די רעלסן.

די רעלסן האָבן זיך פאַרענדיקט מיט צוויי רייען אויסבראַקירטע וואַגאָנען אויף צוויי פאַרזשאַווערטע, מיט גראָז פאַרוואַקסענע ליניעס. דאָס צעפּאָלענע האָלץ, פון וועלכן די רעגנס האָבן אָפּגעוואַשן די פאַרב און איז צעפרעסן געוואָרן פון ווערים און פייכטקייט, האָט צוריקגעגעבן די צעקלאַפּטע וואַגאָנען די אַמאָליקע קרובהשאַפט מיטן רויען וואַלד, וואָס אויף יענער זייט פונעם באַן־טאַבאָר, מיט די שוואָמען, פון וועלכע די בעריאָזע האָט געליטן, מיט די וואָלקנס, וואָס האָבן איבער זיי זיך גע־קנוילט.

ביים וואַלד־־ראַנד האָבן די קאָזאַקן לויטן באַפעל זיך איינגעזעצט אין די זאָטלען און אַוועקגאַלאָפּירט טיף אין וואַלד.

זיי האָבן אַרומגערינגלט די אויפשטענדלער פונעם צווייהונדערט און צוועלפטן פּולק. רייטער צווישן ביימער זעען תמיד אויס העכער און אימפּאָנירנדיקער, ווי אויף אַן אָפענעם פּלאַץ. זיי האָבן געמאַכט אַן איינ־דרוק אויף די סאָלדאַטן, הגם זיי אַליין האָבן געהאַט ביקסן אין די אָקאָפּעס. די קאָזאַקן האָבן אַרויסגעצויגן די שווערדן.

אינמיטן פון דער קאַוואַלעריע־קייט אויף דעם צונויפגעלייגטן גע־הילץ איז אויפגעשפּרונגען גינץ און געווענדט זיך מיט אַ רעדע צו די אַרומגערינגלטע.

ער האָט ווידער לויט זיין שטייגער גערעדט וועגן דער זעלנערישער פּליכט, וועגן דער באַדייטונג פון פאָטערלאַנד און פיל אַנדערע הויכע זאַכן.

דאָ האָבן די דאָזיקע באַגריפן נישט געפונען קיין פאַרשטענדעניש. דאָס אָנגעלויף וואָס איז געווען צאָלרייך איז באַשטאַנען פון מענטשן מידע און אָנגעליטענע בעת דער מלחמה. זיי זענען געוואָרן פאַרגרעבט און די ווערטער, וואָס גינץ האָט געוואָרפן, זענען זיי שוין דערעסן געוואָרן. דאָס פיר־חדשימדיקע חנפענען זיי פון רעכטס און פון לינקס האָט דעמאָראַ־

ליזירט דעם המון. זיי איז דערווידער געווען דער נישט־רוסישער פאַמי־
ליע־נאָמען פונעם רעדנער און זיין אָסטזעישע אויסשפּראַך.

גינץ האָט געפילט, אַז ער רעדט צו לאַנג און איז געווען אומצו־
פרידן פון זיך. ער האָט אָבער געמיינט, אַז דערמיט דערנענטערט ער צו
זיך די צוהערער, וואָס אנשטאָט מיט דאַנקבאַרקייט צאָלן זיי אים אָפּ
מיט אויסדרוקן פון גלייכגילטיקייט און אומפריינדלעכער לאַנגווייליקייט.
ווערנדיק אַלץ מער אויפגערייצט האָט ער באַשלאָסן אַ רעד טאָן צו אָט
דעם פובליקום מיט אַ האַרטערע שפּראַך און לאָזן אין גאַנג די דראונגען,
וועלכע ער האָט ביז איצט געהאַלטן אין רעזערוו. נישט הערנדיק דעם
טומל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן, האָט ער דערמאָנט די סאָלדאַטן, אַז
עס זענען טעטיק די קריגס־רעוואָלוציאָנערע געריכטן, און אונטער דער
שרעק פון טויט האָט ער געפאָדערט לייגן דאָס געווער און אַרויסגעבן די
אָנפירערס. אויב זיי וועלן דאָס נישט טאָן, האָט גינץ געזאָגט, וועט ער
באַווייזן, אַז זיי זענען געמיינע פאַרעטער, אומבאַוווסטזיניקע אויסווורפן,
זעלבסטבאַרימערישע כאַמעס. פון אַזאַ טאָן זענען די מענטשן שוין געווען
אָפּגעוווינט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גערעוועריי פון עטלעכע הונדערט קולות:
„ער האָט שוין אָפּגערעדט. אין אָרדענונג" — האָבן זיך געהערט הויכע
באַס־שטימען כמעט אָן בייזוויליקייט. אָבער עס האָבן זיך אויך דערהערט
היסטערישע אויסגעשרייען, פיינדלעכע סאָפּראַן־קולות. צו זיי האָט מען
זיך צוגעהערט. די דאָזיקע האָבן געשריגן:

— איר הערט, חברים, ווי מען איז אונדז מכבד? אויפן אַלטן פאַ־
סאָן! מען האָט נישט אָפּגעשאַפט די אָפּיצירישע מנהגים! זענען, הייסט
עס, מיר דאָס די פאַרעטער? און דו אַליין פון וואָסערע ביסטו, אייער
ווילגעבוירנקייט? אָבער צוואָס דאַרף מען זיך מיט אים צאַצקען. זעסט
דען נישט, אַז דאָס איז אַ דייטש, אַן אונטערגעשיקטער. העי, דו, באַווייז
נאָר די דאָקומענטן, בלוי בלוט! און איר, אָרדענונג־היטער, וואָס האָט
איר צעעפנט די מיילער? נאַט, בינדט, פרעסט אונדז!

אָבער אויך די קאָזאַקן איז גינצס שלימזלדיקע רעדע נישט גע־
פעלן געוואָרן. „אַלע זענען ביי אים בלויז כאַמעס און חזירים. אָט האָסטו
דיר אַ פריץ!" — האָבן זיי צווישן זיך געשעפּטשעט. לכתחילה איינציק־
ווייז און שפּעטער אין אַלץ גרעסערע צאָלן האָבן זיי אָנגעהויבן אַריינצו־
לייגן די שווערדן אין די שיידלען. איינער נאָכן צווייטן זענען זיי אַראָפּ
פון די פערד. ווען אַ גרעסערע צאָל איז אַראָפּגעשטיגן, זענען זיי אין
אומאָרדענונג אַוועק אינמיטן פּלאַץ אַנטקעגן דעם צווייהונדערט און

צוועלפטן פולק. אַלץ האָט זיך אויסגעמישט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרברידערונג.

„איר מוזט פאַרשווונדן פון דאַנען אומבאַמערקט" — האָבן די באַ־אומרויקטע קאָזאַקישע אָפיצירן געטענהט צו גינצן. — „ביים אַדורכפאָר־פּונקט שטייט אייער מאַשין. מיר וועלן שיקן זאָגן, אַז מען זאָל זי צופיר־נעענטער. גייט אַוועק וואָס שנעלער".

גינץ האָט טאַקע אַזוי געטאָן, אָבער היות אָפּציען בגנבה האָט זיך אים אויסגעוויזן נישט שיין, איז ער אָן דער נייטיקער פאַרזיכטיקייט, כמעט אָפענערהייט אַוועק צו דער סטאַציע. ער איז געגאַנגען אין אַ שרעקלעכער דענערווירטקייט און מחמת שטאַלץ געצוווּנגען זיך צו גיין רויק און נישט געאײַלט.

עס איז געווען שוין נאָענט צו דער סטאַציע, ביים וואַלד־ראַנד, ווען מען האָט שוין אָנגעזען די וועגן, האָט ער צום ערשטן מאָל זיך אומגעקוקט. נאָך אים זענען געגאַנגען זעלנער מיט ביקסן. „וואָס ווילן זיי?" — האָט גינץ אַ טראַכט געטאָן און צוגעאײַלט דעם טראָט.

דאָסזעלבע האָבן געטאָן זיינע פאַרפאָלגער. דער מהלך צווישן אים און די נאָכיאָגער האָט זיך נישט געביטן. פון פאָרנט האָט זיך באַוויזן די צוויליאַקע וואַנט פון די צעבראָכענע וואַגאָנען. ווען גינץ איז אַריבערגע־גאַנגען הינטער זיי, האָט ער אָנגעהויבן לויפן. דער צוג וואָס האָט גע־בראַכט די קאָזאַקן איז געוואָרן אָפּגעפירט אין טאַבאָר. די רעלסן זענען געווען פריי. גינץ האָט לויפנדיק, זיי איבערגעשניטן.

אין געלויף איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויפן הויכן פּעראָן. אין זעלבן מאָמענט זענען פון הינטער די צעקלאַפּטע וואַגאָנען אַרויסגעלאָפן די סאָלדאַטן וואָס האָבן אים נאָכגעיאָגט. פּאָוואַריכין און קאָליאַ האָבן עפּעס וואָס געשריגן צו גינצן און געמאַכט אים צייכנס, אַז ער זאָל אַריין אינעווייניק אין וואָקזאַל, וווּ זיי וואָלטן אים געראַטעוועט.

אָבער ווידער האָט אים פאַרצוימט דעם וועג צום ראַטעווען זיך דאָס זינט דורות שטאָטיש־דערצויגענע געפיל פון ערע. מיט אַן אוממענטש־לעכער אָנשטרענגונג פון ווילן האָט ער זיך באַמיט איינצוהאַלטן דאָס פלאַטערן פון צעוויגטן האַרץ. — מ'באַדאַרף צו זיי אַ געשריי־טאָן: „ברידער, באַרויקט זיך, וואָס פאַר אַ שפּיאָן בין איך" — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. — עפּעס אַזוינס האַרציקס, וואָס זאָל זיי אויסניכטערן, וואָס זאָל זיי צוריקהאַלטן.

אין די לעצטע חדשים האָט ביי אים דאָס געפיל פון העלדישקייט, דער רוף פון דער נשמה אובאַוווּסטזיניק געבונדן זיך מיט פּאַדיומס,

טריבונעס און שטולן, פון וועלכע מען האָט געקאָנט וואָרפן צו פאַר־זאַמלטע עפּעס אַ רוף, עפּעס אָנצינדנדיקס, ווערטער וואָס באַגייסטערן.

ביי די טירן פון וואָקזאַל, אונטערן סטאַציע־גלאָק, איז געשטאַנען אַ הויכער פייערלעשער־פּאַס. ער איז געווען פעסט פאַרמאַכט. גינץ איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן דעקל פון פּאַס און זיך געווענדט צו די זיך דער־נעענטערנדיקע סאָלדאַטן מיט עטלעכע ווערטער וואָס נעמען אָן ביים האַרצן, ווערטער אוממענטשלעכע און זינלאָזע. די וואָנזיניקע דרייסטקייט פון זיין ווענדונג, צוויי טריט פון די וואָקזאַל־טירן, וווהין ער האָט געקאָנט אַזוי לייכט אַריינלויפן, האָט צעטומלט די סאָלדאַטן און זיי צוגעשמידט צום אָרט. זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט דאָס געווער.

אָבער גינץ איז געשטאַנען אויפן ברעג פונעם דעקל און עס איבער־געקערט. איין פוס איז אים אַריין אין וואַסער, דער צווייטער איז אים געבליבן הענגען אויפן ראַנד פון פּאַס. ער איז געזעסן רייטנדיק אויפן רוקן פון פּאַס.

די סאָלדאַטן האָבן אויפגענומען אָט די אומגעלומפּערטקייט מיט אַן אויפרייס פון געלעכטער. דער ערשטער פון פאַרנט האָט מיט אַ שאָס אין האַלדז אַריין אויפן אָרט דערהרגעט דעם אומגליקלעכן. די אַנדערע האָבן זיך געוואָרפן מיט די שטיקעס צו דערשטעכן דעם טויטן.

# 11

די מאַדמואַזעל האָט טעלעפאָנירט צו קאָליאַ, אַז ער זאָל איינאָרדנען דעם דאָקטאָר אין צוג ווי צום באַקוועמסטן. אין קעגנפאַל האָט זי אים געדראָט מיט אויפדעקן אומאַנגענעמע פאַר אים זאַכן.

ענטפערנדיק דער מאַדמואַזעל האָט קאָליאַ ווי געוויינלעך געפירט עפּעס אַן אַנדער טעלעפאָניש געשפּרעך און אורטיילנדיק לויט די דעצי־מאַל־ברוכצאָלן מיט וועלכע עס האָט געגלאַנצט זיין שפּראַך, האָט ער איבערגעגעבן אויפן טעלעגראַף אין אַ דריט אָרט עפּעס אַ שיפרירטן ענין.

— פּסקאָוו, קאָמסיעוו, דו הערסט מיך? וואָסערע בונטאָווטשיקעס, וואָסער האָנט? וואָס רעדט איר, מאַמזעל? שקרים, כיראָמאַנטיע. הערט אויף, לייגט אַוועק דאָס טרייבל, איר שטערט מיר. פּסקאָוו, קאָמסיעוו, פּסקאָוו. דרייסיק זעקס קאָמאַ נול נול פופצן. אַך, זאָלן אייך די הינט אויפפרעסן, איבערגעריסן די לענטע. האַ? האַ? כ׳הער נישט. דאָס זענט איר ווידער, מאַמזעל? איך האָב דאָך אייך געזאָגט אויף רוסיש, מ׳טאָר

נישט, איך קאָן נישט. ווענדט זיך צו פּאַוואַריכינען. שקרים, כיראַמאַנטיע. דרייסיק זעקס... אַך, טייוול... הערט אויף, שטערט נישט, מאַמזעל.

און די מאַדמואַזעל האָט גערעדט:

— דו, שיט מיר נישט קיין זאַמד אין די אויגן מיט קיראָמאַן, פּסקאָוו, פּסקאָוו, קיראָמאַן. איך זע דיך דורך־און־דורך ווי לויטער וואַסער. דו ווילסט מאַרגן אַריינזעצן דעם דאָקטאָר אין וואַגאָן און מער רעד איך נישט מיט קיין מערדער און מיטן קליינעם יודאַש־פּאַרעטער.

## 12

נאָך יורי אַנדרייעוויטשס אַוועקפאָרן איז געוואָרן דעמפּיק. עס האָט ווידער זיך געקליבן אויף אַ שטורעם, ווי מיט דריי טעג צוריק.

די ליימענע הייזלעך און די געגנדז אין ישוב ביים וואָקזאַל, וואָס איז באַשפּיגן מיט סאָגעטשניק־קערלעך, האָבן צעשראָקענע זיך געוויסט אונטערן אומבאַוועגלעכן בליק פונעם שוואַרצן שטורמישן הימל.

נעבן דער געביידע פון דער סטאַנציע איז געלעגן אַ ברייטע לאַנקע, וואָס האָט זיך געצויגן ווייט איןביידע זייטן. דאָס גראָז אויף איר איז געווען אויסגעטראָטן און איינגאַנצן איז זי געווען באַדעקט מיט אַן אומצאָליקע מאַסע מענטשן, וועלכע האָבן וואָכנווייז געוואַרט אויף צוגן אין די פאַרשידענע ריכטונגען.

אינעם המון זענען געווען זקנים און גרויע קאַפּטאַנעס. זיי זענען אונטער דער ברענענדיקער זון געגאַנגען פון געזעמל צו געזעמל נאָך קלאַנגען און ידיעות. שווייגנדיקע פערצן־יאָריקע ייִנגלעך זענען געלעגן מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אויף אַ זייט מיט ריטלעך אין האַנט, פונקט ווי זיי וואָלטן געפּאַשעט פי. מיט פאַרשאַרצטע העמדלעך זענען געקראָכן אונטער די פיס זייערע ייִנגערע ראַזהיטנדיקע ברידערלעך און שוועסטערלעך. מיט אויסגעצויגענע ענג צונויפגערוקטע פיס זענען געזעסן זייערע מוטערס מיט די זויג־קינדער, איינגעבאַבלטע אין די בוזעמס פון די קרום־צונויפגעניטע סוקמאַנעס.

— ווי די באַראַנעס זענען זיי זיך צעלאָפן איינציקווייז ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די שיסעריי. עס איז זיי נישט געפעלן! — האָט אומפריינדלעך גערעדט דער סטאַציע־נאַטשאַלניק פּאַוואַריכין, בעת ער האָט צוזאַמען מיט דאָקטאָר אין אַ זיגזאַגיקן אַרומגאַנג זיך דורכגעשלאָגן דורך די רייען קערפּערס, וואָס זענען געלעגן אויסגעצויגן איינדרויסן פאַר די טירן און איינעווייניק אויפן דיל פון וואָקזאַל.

— פלוצלינג איז די לאַנקע געוואָרן אָפּגעליידיקט! מען האָט ווידער

דערזען וואַסער פּנים די ערד האָט. זיי האָבן זיך דערפרייט! פיר חדשים זענען זיי דאָך נישט געווען ביי דעם טאַבאָר, — זיי האָבן פאַרגעסן. — אָט דאָ איז ער געלעגן. אַ מאָדנע זאַך, זינט דער מלחמה האָב איך זיך שוין אָנגעזעען מיט פאַרשידענע שוידערלעכקייטן, עס וואָלט שוין צייט געווען זיך צוצוגעוווינען. אָבער דאָ איז מיך באַפאַלן אַזאַ מין ווייטיק! דער עיקר — דער אומזין. פאַר וואָס? וואָס האָט ער זיי שלעכטס געטאָן? אָבער צי זענען דאָס דען מענטשן? מען שמועסט, אַז ער איז געווען דער ליבלינג פון דער משפחה. און איצט רעכטס, יאָ, יאָ, זייט אַזוי גוט, צו מיר אין קאַבינעט. אויף אָט דעם צוג טראַכט נישט אפילו, מען וועט אייך פאַרדרעגנגען צום טויט. איך וועל אייך איינאָרדענען אויף אַן אַנדערן. פון אָרטיקער פאַרבינדונג. מיר שטעלן אים אַליין צונויף, באַלד וועלן מיר אים אָנהייבן פאָרמירן. אָבער ביזן איינשטייגן — אַ וואָרט נישט צו קיינעמען! ווייל אין קעגנפאַל וועט מען אַלץ צעטראָגן אויף שטיקלעך נאָך פאַרן איינשפּאַנען. ביינאַכט וועט איר איבערשטייגן אין סוכיניטש.

## 13

ווען מען האָט בסוד צוזאַמענגעשטעלט דעם צוג און אים אָנגעהויבן אַריבערצופירן פון הינטער דער דעפּאָ־געביידע צו דער סטאַנציע, האָט דער גאַנצער עולם אויפן פּלאַץ זיך מיטאַמאָל געוואָרפן מיט שטורעם אויף די וואַגאָנען, וואָס זענען פּאַמעלעך געקראָכן אויף צוריק. ווי אַרבעס האָבן מענטשן זיך אַראָפּגעשאָטן פון די בערגלעך און געלאָפן, געשפּרונגען אינמיטן גאַנג פון צוג אויף די בופערן און טרעפּלעך, אַנדערע האָבן באַזעצט די פענצטער און די דעכער פון די וואַגאָנען. דער צוג איז אין איין אויגנבליק געוואָרן פול פאַרפּראַפּט, און בעתן צופירן אים אויפן פּעראָן איז ער שוין געווען ענג געפּאַקט, פון אַלע זייטן באַהאָנגען מיט מענטשן.

מיט ניסים האָט דער דאָקטאָר זיך אַדורכגעשטופּט אין איינגאַנג און גאַנץ אומפאַרשטענדלעך איז געווען זיין אַריינבאַקומען זיך אין קאָרידאָר פון וואַגאָן, וווּ ער איז ביז סוכיניטשי געזעסן אויף זיינע פּעקלעך.

די שטורעם־כמאַרעס זענען זיך שוין לאַנג צעגאַנגען. איבער די פעלדער, פאַרגאָסענע מיט ברענענדיקע זון־שטראַלן, האָט זיך געקייקלט פון ראַנד צו ראַנד דאָס רוישיקע ציקעריי פון די פעלד־פערדלעך, וואָס האָט פאַרטויבט דעם גאַנג פון צוג.

די פּאַסאַזשירן, וואָס זענען געשטאַנען ביי די פענצטער, האָבן פאַרשטעלט דאָס ליכט פאַר די איבעריקע. אויפן דיל, אויף די בענק און אויף

די וועגטלעך זענען געפֿאַלן זייערע לאַנגע שאָטנס, צונויפֿגעלייגטע אין צווייַען און אין דרייַען. זיי זענען געלאָפֿן אונטערשפּרינגנדיקע צוזאַמען מיטן שאָטן פֿונעם גאַנצן צוג.

אַרום האָט מען געמאַכט קולות, געגאָרגלט לידער, געזידלט זיך און געשפּילט אין קאָרטן. אויף די סטאַציעס האָט זיך צום איניוויניקסטן סדום זיך נאָך פֿאַראייניקט דאָס דרויסנדיקע גערויש פֿון המון, וואָס האָט באַלאַגערט דעם צוג. דער רויש פֿון די קולות איז געווען ענלעך צו אַ ים־שטורעם. און פּונקט ווי אויפֿן ים, איז פּלוצלינג אַרייַנגעטראָגן אַן אומפֿאַרשטענדלעכע שטילקייט. מען האָט געהערט שנעלע טריט אויף דער פּלאַטפֿאָרם איבער דער גאַנצער לענג פֿונעם צוג. אַ לויפֿעריי און אַן אַמפּער־ניש ביים באַגאַזש־וואַגאָן, אָפּגעריסענע ווערטער פֿון באַגלייטער, דאָס שטילע קוואָקען פֿון הינער און דאָס שעפּטשען פֿון די ביימער אין סטאַציע־גערטל.

און דאַן איז, ווי אַ טעלעגראַמע וואָס מען גיט אָפּ אין צוג, אָדער ווי אַ גרוס פֿון מעליוזייעוו, אַנגעשוומען אין פֿענצטער אַ באַקאַנטער שמעקנדיקער ריח, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַדרעסירט צו יורי אַנדרייעוויטש. ער האָט זיך אַנטפּלעקט ערגעץ־ווו אין דער זייט און געקומען פֿון די הייכן, מיט אַזאַ באַזונדערקייט, וואָס איז אומגעוויינלעך פֿאַר בלומען אויף פֿעלדער און בייטן.

צוליבן געדראַנג האָט דער דאָקטאָר נישט געקאָנט צוגיין צום פֿענצטער. אָבער נישט קוקנדיק האָט ער אין זיין פֿאָרשטעלונג געזען אָט די ביימער. זיי זענען מסתמא געוואַקסן גאָר נאָענט און רויק אויסגע־שטרעקט צו די וואַגאָן־דעכער די צעהאָנגענע צווייַגן, פֿאַרשטויבטע פֿון געדראַנג אויף די סטאַציעס, מיט געדיכטע בלעטער, וואָס זענען געווען באַשאָטן מיט שטילע וואַקסענע שטערנדלעך פֿון דער פֿינקלדיקער צע־בליטקייט.

דאָס האָט זיך איבערגעחזרט דעם גאַנצן וועג. אומעטום האָט דער המון גערוישט. אומעטום האָבן געבליט די ליפּעס.

דער אומעטומיקער אָטעם פֿון אָט דעם ריח האָט אַרומ־געהילט דעם צוג, וואָס איז געגאַנגען אויף צפֿון, פּונקט ווי עפּעס אַ קלאַנג וואָלט זיך צעגאַנגען איבער אַלע סטאַציעס און וואַך־ביידלעך און די פֿאַסאַזשירן האָבן אים אומעטום געטראָפֿן אַ באַשטעטיקטן און אַלץ מער זיך פֿאַרשפּרייטנדיקן.

# 14

ביינאַכט אין סוכיניטשי האָט אַ העפּלעכער באַן־טרעגער פון אַלטן טיפּ אַדורכגעפירט דעם דאָקטאָר איבער נישט־באַלויכטענע רעלסן און אים אַריינגעזעצט דורך דער הינטערשטער זייט אין אַ וואַגאָן צווייטער קלאַס פון עפּעס אַ נאַרוואַס צוגעקומענעם צוג, אַ נישט־פאַרויסגעזעענעם לויטן פּלאַן.

ווי נאָר דער באַן־טרעגער האָט מיטן קאָנדוקטאָר־שליסל געעפנט דאָס הינטערשטע טירל און אַריינגעוואָרפן אין איינגאַנג דעם דאָקטאָרס באַגאַזש, האָט ער באַלד געהאַט אויסצושטיין אַ קורצע שלאַכט מיטן קאָנ־דוקטאָר, וועלכער האָט מאָמענטאַל אָנגעהויבן זיי אַרויסוואַרפן. אָבער יורי אַנדרייעוויטש האָט אים באַרויקט מיט זיין ליבלעכקייט. דער קאָנ־דוקטאָר האָט זיך צוריקגעצויגן און איז פאַרשוווּנדן ווי אין דער ערד אַריין.

דער געהיימער צוג איז געווען אַ ספּעציעלער און איז געגאַנגען גענוג שנעל און מיט קורצע אָפּשטעלן. ער איז געווען באַוואַכט. אין וואַגאָן איז געווען ווייניק מענטשן.

די קופּע וווּהין זשיוואַגאָ איז אַריין איז געווען באַלויכטן פון אַ טריפנדיק ליכט, וואָס איז געשטאַנען אויפן טישל. די שטראָמען לופט פון האַלב־אַראָפּגעלאָזטן פענצטער האָבן געוויגט דעם פלאַם.

דאָס ליכט האָט געהערט צום איינציקן פּאַסאַזשיר אין דער קופּע. דאָס איז געווען אַ בלאָנדער יונגערמאַן, מסתמא פון זייער הויכן וווּקס — אורטיילנדיק לויט זיינע לאַנגע הענט און פיס. זיי האָבן זיך ביי אים צו־לייכט באַוועגן און אויסגעבויגן, אַזויווי שלעכט פאַרפעסטיקטע צונויפלייג־חפצים. דער יונגערמאַן איז געזעסן אַן אָנגעלענטער אויף דער קאַנאַפּע ביים פענצטער. ווען זשיוואַגאָ האָט זיך באַוויזן האָט יענער זיך העפלעך אויסגעגלייכט און געביטן זיין האַלב־ליגנדיקע פּויזע אויף אַ מער פיינערער, זיצנדיקער.

אונטער דער קאַנאַפּע האָט זיך געוואַלגערט עפּעס ענלעכס צו אַ דיל־שמאַטע. פּלוצלינג האָט דער שמאַטע־עק זיך אַ באַוועג־געטאָן, און פון אונ־טערן דיוואַן איז אַרויסגעקראָכן מיט אַ מין זאַרגפעלטיק פאַרען זיך אַ יאַגד־הונט מיט לאַנגע אויערן. ער האָט באַשמעקט און באַקוקט יורי אַנדרייע־וויטשן, אָנגעהויבן לויפן איבער דער קופּע פון ווינקל צו ווינקל און געוואָרפן מיט די לאַפּעס אַזוי עלאַסטיש, ווי זיין לאַנגפיסיקער באַלעבאָס האָט פאַרוואָרפן אַ פוס אויף אַ פוס. אויף זיין פאָדערונג איז איינגיכן דער

הונט פאַרזיכטיק אַרונטערגעקראָכן אונטערן דיוואַן און ווידער באַקומען זיין פריערדיקן אויסזען פון אַ צונויפגעקנייטשטער דיל־שמאַטע.

ערשט איצט האָט יורי אַנדרייעוויטש באַמערקט די צווייערייקע ביקס אין טשעכאָל, דעם לעדערנעם פּאַטראָן־טאַש און דאָס יאַגד־קיישל, וואָס איז געהאָנגען אויפן הענגער אין קופּע און געווען פול מיט געשאָסענע פייגל.

דער יונגערמאַן איז געווען אַ יעגער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער באַרעדעוודיקייט און מיט אַ ליבלעכן שמייכל האָט ער געוואָלט אַריינפירן דעם דאָקטאָר אין אַ שמועס. דערביי האָט ער די גאַנצע צייט, אין פשוטן זין פונעם וואָרט, געקוקט דעם דאָקטאָר אין מויל.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יונגערמאַן האָט אַן אומאָנגענע־נעמע הויכע שטים, וואָס פאַלט אַריין ביי די שטאַרקע טענער אין פאַלצעט. נאָך אַן אויסטערלישקייט: אין זיין גאַנצן רוסיש האָט ער איין וואָקאַל, די „y" אַרויסגעזאָגט אויף אַ מאָדנעם געקליגלטן אופן. ער האָט זי פאַר־וויכערט ענלעך צו דער פראַנצויזישער „u" אָדער דער דייטשישער „ü" נאָך ווייניק דאָס, האָט די קאַליע־געמאַכטע „y" אים געקאָסט אַ סך מי. ער האָט מיט אַ שרעקלעכער אָנשטרענגונג, אַ ביסל אונטערפּייפנדיק, אַרויסגערעדט דעם דאָזיקן קלאַנג העכער פון אַלע אַנדערע.

צייטנווייז, ווען ער האָט מער אכטונג געגעבן אויף זיך, איז ער בייגעקומען דעם דאָזיקן פעלער, אָבער ווי נאָר ער האָט זיך פאַרגעסן, האָט ער זיך ווידער אויסגעגליטשט.

„וואָס פאַר אַ אויסטערלישקייט? — האָט זשיוואַגאָ געטראַכט, — איך האָב עפּעס געלייענט, אַלס דאָקטאָר דאַרף די טעמע מיר זיין באַ־קאַנט, נו, אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ. עפּעס אַ מוח־דערשיינונג, וואָס רופט אַרויס אַ דעפעקט אין דער אַרטיקולאַציע. נאָר אָט דאָס אונטערפייפן איז אַזוי קאָמיש, אַז עס איז שווער צו בלייבן ערנסט. עס איז אַבסאָלוט אוממעגלעך צו רעדן. איך וועל בעסער אַרויפקריכן אין דער הייך און זיך צולייגן".

אַזוי האָט דער דאָקטאָר טאַקע געטאָן. ווען ער האָט אָנגעהויבן זיך איינצואָרדענען אויף דער אייבערשטער באַנק, האָט דער יונגערמאַן געפרעגט, צי ער זאָל נישט אויסלעשן דאָס ליכט, וואָס וועט מסתמא שטערן יורי אַנדרייעוויטשן. דער דאָקטאָר האָט מיט דאַנקבאַרקייט אָנ־גענומען דעם פאָרשלאָג. דער שכן האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט. עס איז געוואָרן פינצטער, דאָס פענצטער איז געווען האַלב אָפן.

— דאַרף מען אפשר פאַרמאַכן דאָס פענצטער? — האָט יורי אַנדרייעוויטש געפרעגט. — איר האָט נישט קיין מורא פאַר גנבים?

דער שכן האָט גאָרנישט געענטפערט. יורי אַנדרייעוויטש האָט הויך איבערגעחזרט די פראַגע, אָבער יענער האָט ווידער זיך נישט אָנגערופן.

דעמאָלט האָט יורי אַנדרייעוויטש אָנגעצונדן אַ שוועבעלע כדי צו זען, וואָס עס איז מיט זיין שכן, צי איז ער נישט אַרויס פון דער קופּע אין משך פון אַזאַ קורצער ווייל אָדער צי שלאָפט ער נישט. דאָס וואָלט געווען נאָך מער אומוואַרשיינלעך.

אָבער ניין, יענער איז געזעסן מיט אָפענע אויגן אויף זיין פּלאַץ און געשמייכלט צום דאָקטאָר, וואָס האָט זיך אַראָפּגעבויגן פון אויבן.

דאָס שוועבעלע איז פאַרלאָשן געוואָרן. דער דאָקטאָר האָט אָנגעצונדן נאָך איינס און ביי זיין שיין האָט ער צום דריטן מאָל איבערגעחזרט זיין פראַגע.

— טוט ווי איר פאַרשטייט, — האָט אָן אַ פּויזע געענטפערט דער יעגער. — ביי מיר איז נישטאָ וואָס צו גנבענען. איבעריקנס, בעסער נישט צו פאַרמאַכן. עס איז דושנע.

„אַזאַ מין פאַרשוין גאָר! האָט דער דאָקטאָר אַ טראַכט געטאָן. — אַ טשודאַק, ווייזט אויס, ער איז צוגעוווינט צו רעדן נאָר ביים פולן ליכט. און ווי קלאָר ער האָט איצט אַלץ אַרויסגעזאָגט, אָן זיינע גרייזן! נישט צו באַגרייפן מיטן שכל"!

# 15

דער דאָקטאָר האָט זיך געפילט צעבראָכן צוליב די געשעענישן פון דער פאַריקער וואָך, די אויפרעגונגען פאַרן אָפּפאָר, די באַגעגענישן אין וועג און פון פרימאָרגנדיקן איינשטייגן אין צוג. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט איינשלאָפן וויבאַלד ער וועט זיך אויסציען אויף אַ באַקוועם אָרט. געווען איז אָבער אַנדערש. די אומגעוויינלעכע אויסגעמאַטערטקייט האָט אָנגעיאָגט אויף אים אַ שלאָפלאָזיקייט. ער איז איינגעשלאָפן ערשט פאַרטאָג.

ווי כאַאָטיש עס זאָלן נישט האָבן געראָיעט די געדאַנקען אין משך פון אָט די לאַנגע שעהן, זענען זיי פאַרט געווען פון צוויי קרייזן, צוויי נישט אָפּגעבונדענע קנוילן, וועלכע האָבן זיך כסדר פאַרוויקלט און אָפּגעוויקלט.

איין קרייז איז געווען די מחשבות וועגן טאָניען, דער

שטוב און דעם פריערדיקן איינגעאָרדענטן לעבן, אין וועלכן אַלץ איז, ביז די קלענסטע פּרטים, געווען איינגעהילט אין פּאָעזיע און אַדורכגע־זאַפּט מיט האַרציקייט און ריינקייט. דער דאָקטאָר האָט געציטערט איבער דער גאַנצקייט און פאַרהיטנקייט פון אָט דעם לעבן. איילנדיק מיטן ביינאַכטיקן שנעל־צוג האָט ער מיט אומגעדולד זיך געריסן צוריק צו אָט דעם לעבן נאָך אַ צעשיידונג פון מער ווי צוויי יאָר.

די טרייהייט דער רעוואָלוציע און די אַנטציקונג מיט איר איז אויך געווען אין דעם דאָזיקן קרייז. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציע אין דעם זין, ווי עס האָבן זי אויפגענומען די מיטעלע קלאַסן, אין דער אינ־טערפּרעטאַציע פון דער שטודירנדיקער יוגנט פון ניינהונדערט פינפטן יאָר, יענע יוגנט וועלכע האָט פאַרערט בלאָקן.

אין אָט דעם קרייז, דעם אייגענעם און צוגעווינטן, זענען אויך אַריינגעגאַנגען די צייכנס פון נייעם, די צוזאָגן און בשורות, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויפן האָריזאָנט ערב דער מלחמה, צווישן די צוועלפער און פערצענער יאָרן, אין רוסישן געדאַנק, אין דער רוסישער קונסט און אין רוסישן גורל, דער גורל דער אַלגעמיין־רוסישער און זיין אייגענער, דער זשיוואַגישער.

נאָך דער מלחמה האָט זיך געוואָלט צוריק צו די דאָזיקע ווינטן, כדי זיי צו באַנייען און פאַרצוזעצן, ווי עס האָט געצויגן פון דער צעשיידונג צוריק אַהיים.

דאָס נייע איז אויך געווען דער קעגנשטאַנד אין די געדאַנקען פון צווייטן קרייז, אָבער אַזוי אַנדערש, אַזוי באַזונדערס ניי! דאָס נייע איז געווען נישט קיין אייגנס, צוגעוווינטס און צוגעגרייט פונעם אַלטן, נאָר אַ סטיכישס, אַן אומאָפּווענדנדיקס. דאָס נייע איז געווען אויפגע־צוווּנגען פון דער רעאַליטעט און אומגעריכט ווי אַן אויפטרייסלונג.

אַזאַ נייעס איז געווען די מלחמה, איר בלוט און שוידערלעכקייט, איר היימלאָזיקייט און פאַרווילדערונג. אַזאַ נייעס זענען געווען אירע נסיונות און די לעבנס־חכמה, וואָס די מלחמה האָט געלערנט. אַזאַ נייעס זענען געווען די פאַרוואָרפענע שטעט, וווהין די מלחמה האָט זיך אַריינ־געריסן, און די מענטשן, מיט וועלכע זי האָט צונויפגעפירט. אַזאַ נייעס איז געווען די רעוואָלוציע, נישט קיין אוניווערזיטעטיש־אידעאַליזירטע פון ערב דעם ניינהונדערט פינפטן יאָר, נאָר אָט־די, די איצטיקע, אַ געבוירענע פון דער מלחמה, אַ בלוטיקע, אַ סאָלדאַטישע רעוואָלוציע, וואָס רעכנט זיך נישט מיט גאָרנישט און ווערט אָנגעפירט דורך די קענערס פון דער דאָזיקער סטיכיע, די באָלשעוויקעס.

אַזאַ נייעס איז געווען די שוועסטער אַנטיפּאָוואַ, וועלכע די מלחמה

האָט פֿאַרוואָרפֿן, גאָט ווייסט וווּהין, פֿון אַ לעבן, וואָס איז אים לחלוטין נישט געווען באַוווּסט; די שווערסטע אַנטיפּאָדע, וואָס איז קיינעם אין גאַרנישט נישט געווען אונטערטעניק און איר אַנאָנימקייט איז כמעט ווי אַ פֿאַרוואָרף. אַזאַ סודותדיקע, ווייניק־ווערטערדיקע און אַזאַ שטאַרקע אין איר שווייגן. אַזאַ נייעס איז געווען דאָס ערלעכע באַמיען זיך מיט אַלע כּוחות פֿון יורי אַנדרייעוויטש נישט ליב צו קריגן זי, אַזוי ווי ער האָט אַ גאַנץ לעבן זיך באַמיט צו באַציען זיך מיט ליבע צו אַלע מענטשן, נישט רעדנדיק שוין וועגן דער משפּחה און די נאָענטע.

דער צוג האָט זיך געטראָגן אויף דער גאַנצער פּאַרע. דער אַנט־קעגנדיקער ווינט דורכן האַלב־אַראָפּגעלאָזטן פֿענצטער האָט צעשויבערט און פֿאַרשטויבט יורי אַנדרייעוויטשס האָר. בעת די נאַכטיקע אָפּ־שטעלן איז פֿאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס ביי די בייטאָגיקע, דער המון האָט געבושעוועט און די ליפּעס האָבן געשעפּטשעט.

צייטנווייז זענען פֿון דער נאַכט־טיפֿעניש צו די סטאַציעס צוגע־פֿאָרן מיט אַ טראַסקערײַ וועגענער און בריטשקעס. די קולות און דאָס דונערן פֿון די רעדער האָט זיך אויסגעמישט מיטן גערויש פֿון די ביימער.

אין אָט די מינוטן האָט זיך אויסגעוויזן פֿאַרשטענדלעך, וואָס עס האָט געצווונגען די נאַכט־שאָטנס צו שעפּטשען און צו בייגן זיך איינער צום צווייטן און וואָס זיי פֿליסטערן צווישן זיך, באַוועגנדיק קוים מיט די שלעפֿעריקע, אַראָפּשווערנדיקע בלעטער, ווי מיט פֿאַרפּלאָנטערטע, שטאַמלענדיקע צינגער. וועגן דעמזעלבן, וואָס עס האָט געטראַכט יורי אַנדרייעוויטש, בעת ער האָט זיך געדרייט אויף דער אויבערשטער באַנק, דאָס איז געווען די בשורה וועגן די אומרוען וואָס האָבן זיך אַלץ מער פֿאַרשפּרייט און אַרומגענומען רוסלאַנד, די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע, די ידיעה וועגן איר גורלדיקער און שווערער שעה, וועגן איר וואַרשיינלעכער אומבאַדינגטער דערהויבנקייט.

## 16

אויף דעם אַנדערן טאָג האָט דער דאָקטאָר שפּעט זיך אויפֿגע־וועקט. עס איז שוין געווען די צוועלפֿטע שעה. „מאַרקיז, מאַרקיז!״ — האָט דער שכן מיט אַ שטילער שטים איינגעהאַלטן זיין טומלדיקן הונט. צו דער פֿאַרוווּנדערונג פֿון יורי אַנדרייעוויטשן, איז ער מיטן יעגער געבליבן אַליין אין דער אַפּטיילונג, קיינער איז אַהער נישט איינגעשטיגן אין וועג. עס האָבן זיך געטראָפֿן נעמען פֿון סטאַציעס, וואָס זענען

געווען באַקאַנט נאָך פון דער קינדהייט. דער צוג איז אַרויס פון דער קאַלוגער גובערניע און אַריינגעשניטן זיך אין דער מאָסקווער.

דער דאָקטאָר האָט געמאַכט זיין וועג־טואַלעט מיט אַ פאַרמלחמה־דיקער באַקוועמלעכקייט און אומגעקערט זיך אין דער קופּע צום פרישטיק וואָס עס האָט אים פאַרגעלייגט זיין טשיקאַווער מיטפאָרער. איצט האָט יורי אַנדרייעוויטש בעסער זיך צוגעקוקט צו אים.

די באַזונדערע שטריכן פון דער דאָזיקער פּערזאָן זענען געווען: אויסערגעוויינלעכע באַרעדעוודיקייט און באַוועגלעכקייט. דער אומבאַקאַנטער האָט ליב געהאַט צו רעדן, און דערביי איז ביי אים נישט געווען דער עיקר דאָס אויסבייטן מיינונגען, נאָר די טעטיקייט גופא פון רעדן, דאָס אַרויסזאָגן ווערטער און אַרויסגעבן קלאַנגען. בעתן רעדן איז ער אונטערגעשפּרונגען אויף דער קאַנאַפּע, ווי אויף פּרוזשינעס, געלאַכט הילכיק און אָן שום סיבה, שנעל־שנעל געריבן זיך די הענט פון צופרידנקייט, און אַז אויך דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר נישט גענוגנדיק אויף אויסצודריקן זיין אַנטציקונג, האָט ער זיך געקלאַפּט מיט די האַנט־פלאַכן איבער די קני געלאַכט ביז טרערן.

דער שמועס האָט זיך באַנייט מיט אַלע נעכטיקע אויסטערליש־קייטן. דער אומבאַקאַנטער איז געווען מאָדנע נישט קאָנסעקווענט. אָט האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין נשמה־אויסגיסענישן, וועלכע קיינער האָט ביי אים נישט געבעטן, און אָט — אָן אַ פּינטל מיטן אויג נישט געגעבן קיין ענטפער אויף די סאַמע אומשולדיקסטע פראַגעס.

ער האָט אַרויסגעוואָרפן אַ גאַנצע קופּע ידיעות וועגן זיך, די סאַמע פאַנטאַסטישע און זינלאָזע. מסתמא אַ ביסל צוגעליגנערט. ער האָט אָן שום צווייפל געשלאָגן אויפן עפעקט פון דער עקסטרעמקייט פון זיינע אנשויאונגען און פון זיין אָפּוואַרפן אַלץ, וואָס איז אַלגעמיין אָנגענומען.

דאָס אַלץ האָט דערמאָנט עפּעס פון לאַנג שוין באַקאַנטס. אין גייסט פון אַזאַ ראַדיקאַליזם האָבן גערעדט די ניהיליסטן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און עטוואָס שפּעטער געוויסע העלדן פון דאָסטאָ־יעווסקין, און דערנאָך, ערשט גאָרנישט לאַנג, זייער דירעקטער המשך, דאָס הייסט די גאַנצע געבילדעטע רוסישע פּראָווינץ, וועלכע איז אָפט געגאַנגען פאָרויס פאַר די הויפּטשטעט, אַדאַנק דער גרינטלעכקייט, וואָס האָט זיך איינגעהאַלטן אין דער טויבער פּראָווינץ און איז דאַקעגן אין די הויפּשטעט געוואָרן פאַרעלטערט און אַרויס פון דער מאָדע.

דער יונגערמאַן האָט דערציילט, אַז ער איז אַ פּלימעניק פון איינעם פון די באַרימטע רעוואָלוציאָנערן, די עלטערן דאַקעגן זענען פאַרפאַלענע

רעאַקציאָנערן, זובּרעס, וו ער האָט זיך אויסגעדריקט. אין אַ בּייפראַנ־טיקער געגנט האָבּן זיי געהאַט אַ נישקשהדיק גוט. דאָרט טאַקע איז דער יונגערמאַן אויסגעוואַקסן. זיינע עלטערן מיטן פעטער זענען אַ גאַנץ לעבּן געווען אויף מעסער־שטעך, אָבּער ער דערמאָנט זיי נישט צום שלעכטן און מיט זיינע איינפלוסן ראַטעווען ער זיי פון אַ סך אומ־אנגענעמלעכקייטן.

ער אַליין איז מיט זיינע איבּערצייגונגען גערעטן אין פעטער — האָט דער בּאַרעדעוודיקער פּאַרשוין מיטגעטיילט — אַן עקסטרעמיסט־מאַקסימאַליסט אין אַלעמען: אין די ענינים פון לעבּן, פּאָליטיק און קונסט. עס האָט ווידער אַ שמעק געטאָן מיט פּיעטינקע ווערכאָווענסקין נישט אין זינען פון ליִנקקייט, נאָר אין זין פון פאַרדאַרבּנקייט און פוסטער פלוידעריי. „בּאַלד וועט ער זיך רעקאָמענדירן אַלס אַ פוטוריסט”, — האָט יורי אנדרייעוויטש אַ טראַכט געטאָן, און ווירקלעך, ער האָט אָנ־געהויבּן רעדן וועגן די פוטוריסטן. „און בּאַלד וועט ער רעדן וועגן ספּאָרט”, — האָט דער דאָקטאָר ווייטער געפרווט טרעפן, — „וועגן פערד־געיעג, סקעטינג־רינג, אָדער וועגן בּאָקס־קאַמף”. און ריכטיק, דער שמועס איז איבּערגעגאַנגען אויף יאַגד.

דער יונגערמאַן האָט דערציילט, אַז ער איז געגאַנגען אויף יאַגד אין דער געגנט ווו ער איז געבּוירן, און גערימט זיך, אַז ער איז אַן אויסגעצייכנטער שיסער, און ווען נישט זיין פיזישער פעלער וואָס האָט געשטערט מ׳זאָל אים נעמען צום מיליטער, וואָלט ער אויף דער מלחמה זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פּינקטלעכן שיסן.

אויפכאַפּנדיק זשיוואַגאָס צווייפלענדיקן בּליק האָט ער אויס־געשריגן:

— וואָס? איר האָט גאָרנישט נישט בּאַמערקט? איך האָבּ געמיינט, אַז איר האָט זיך אָנגעשטויסן אויף מיין פעלער.

און ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע און איבּערגעגעבּן יורי אַנדרייעוויטשן צוויי קאַרטלעך. איינס פון זיי איז געווען זיין וויזיט־קאַרטע. ער האָט געהאַט אַ דאָפּלטן פאַמיליע־נאָמען. מען האָט אים גערופן מאַקסים אַריסטאַרכאָוויטש קלינצאָוו־פּאָגאָרעוושיך, אָדער פּשוט: פּאָגאָרעוושיך, אַזוי האָט ער געבּעטן אָנרופן אים לכבוד דעם פעטער, וועלכער האָט טאַקע אַזוי געהייסן.

אויפן אַנדערן קאַרטל איז געווען אַ טאַבּעלע פאַנאַנדערגעטיילט אין קעסטעלעך מיט פאַרשידענע אופנים פון פאַראייניקטע הענט מיט צונויפגעלייגטע פינגער אין כל־ערליי פּאָזיציעס. דאָס איז געווען אַ

האַנט־אַלף־בית פאַר טויבשטומע. מיטאַמאָל איז אַלץ אויפגעקלערט געוואָרן.

פּאַגאַרעווּשיך איז געווען אַ פענאָמענאַל־פעיקער תלמיד פון האַרט־מאַנס אָדער אַסטראַגאַדסקיס שול, דאָס הייסט אַ טויבשטומער, וואָס האָט מיט אַן אומגלויבלעכער שלימות זיך אויסגעלערנט רעדן נישט אויפן געהער, נאָר אויף די אויגן, לויט דער באַוועגונג פון די האַלדז־מוסקולן, און אויף אַזאַ אופן אויפנעמען יענעמס רייד.

צונויפשטעלנדיק אין דמיון פון וואַנען ער שטאַמט און אין וואָסערע ערטער ער איז געגאַנגען אויף יאַגד, האָט דער דאָקטאָר דעמלט געפרעגט:

— אַנטשולדיקט פאַר מיין דרייסטקייט, אָבער איר האָט אַ ברירה נישט צו ענטפערן: זאָגט מיר, צי האָט איר נישט געהאַט קיין שייכות צו דער זיבושינער רעפּובליק און צו איר אַנטשטיין?

— פון וואַנען... דערלויבט... האָט איר געקענט בלאַזשעיקאַ?... געהאַט, געהאַט! זיכער געהאַט, — האָט פּאַגאַרעווּשיך אָנגעהויבן פריי־לעך צו פּלוידערן, געכיכיקעט, וויגנדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער פון איין זייט אין דער צווייטער און קלאַפּנדיק ווילד זיך איבער די קניען. און אויפסניי איז אַוועק אַ פאַנטאַסמאַגאָריע.

פּאַגאַרעווּשיך האָט געזאָגט, אַז בלאַזשעיקאַ איז געווען פאַר אים בלויז אַ סיבה, און זיבושינאַ — אַ צופעליקער פּונקט פאַרן אַרויס־ברענגען זיינע אייגענע אידעען. יורי אַנדרייעוויטשן איז שווער געווען נאָכצופאָלגן זיין געדאַנקען־גאַנג. פּאַגאַרעווּשיכס פילאָזאָפיע איז באַשטאַ־נען אין דער העלפט פון אַנאַרכיסטישע פּרינציפּן און אין דער העלפט פון פּשוטע יעגערישע בלאָפערייען.

פּאַגאַרעווּשיך האָט מיט אַ זיכערן טאָן פון אַן אָראַקול פאָרויס־געזאָגט שרעקלעכע אויפטרייסלונגען אין דער נאָענטסטער צייט. יורי אַנדרייעוויטש האָט אין האַרצן מסכים געווען, אַז אפשר זענען זיי טאַקע נישט צום אָפּוועגדן, אָבער אים האָט אויפגערעגט די אויטאָראַטיווע רויקייט, מיט וועלכער אָט דאָס אומאַנגענעמע יינגל האָט דורכגעזייט זיינע פאָרויסזאָגונגען.

— וואַרט נאָר, וואַרט, — האָט ער נישט דרייסט אָפּאָנירט. — דאָס אַלץ קאָן טאַקע אַזוי געשען. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז עס איז נישט די צייט פאַר אַזעלכע ריזיקאַלישע עקספּערימענטן אין מיטן פון אונדזער כאַאָס און אַנאַרכיע, אין אַנבליק פונעם אָנגרייפנדיקן שונא. מען דאַרף לאָזן דאָס לאַנד קומען אַ ביסל צו זיך, אָפּאָטעמען פון איין איבערקערעניש, איידער מען גייט זיך דעצידירן אויף אַ צווייטער. מען

דאַרף אָפּוואַרטן אויף אַ וואַסער נישט איז, כאַטש אַ פאַרהעלטנישמעסיקע באַרויקונג און אָרדענונג.

— דאָס איז נאַיוו, — האָט פּאַגאַרעווושיך געפרעדט. — דאָס וואָס איר רופט אָן כאַאָס, איז פּונקט אַזאַ נאָרמאַלע דערשיינונג ווי אייער גערימטע און באַליבטע אָרדענונג. אָט די רוּיִנירונגען זענען אַן אָרגאַנישער פּרעווענטיווער טייל פון אַ מער ברייטערן שעפערישן פּלאַן. די געזעלשאַפט איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן נאָך נישט גענוגנדיק. עס איז נייטיק, אַז זי זאָל זיך פאַנאַנדערפאַלן ביז צום סוף, און דאַן וועט די אמתע רעוואָלוציאָנערע מאַכט צונויפקלייבן זי שטיקלעכווייז אויף לחלוטין אַנדערע יסודות.

יורי אַנדרייעוויטשן איז געוואָרן אומהיימלעך. ער איז אַרויס אין קאָרידאָר.

דער צוג האָט מיט אַ פאַרשטאַרקטער שנעלקייט זיך געטראָגן איבער דער געגנט הינטער מאָסקווע. אָפּטמאָל זענען אַנטקעגן די פענצטער אונטערגעלאָפן און פאַרבייגעטראָגן זיך בערעזענע וועלדלעך מיט ענג־צעשטעלטע דאַטשעס. עס זענען פאַרביי שמאָלע פּלאַטפאָרמעס אָן דעכלעך מיט דאַטשניקעס, וועלכע זענען אָפּגעפלויגן אין אַ זייט אינעם שטויב־וואָלקן, וואָס דער צוג האָט אויפגעהויבן, און געדרייט זיך ווי אויף קאַרוזעלעס. דער צוג האָט אַרויסגעלאָזן אַ פייף נאָך אַ פייף, און מיט זיין פייף האָט ער זיך פאַרכלינעט און ווייט פאַנאַנדערגעטראָגן זיין שאַלנדיקער אויסגעהוילטער וואַלד־עכאָ.

פּלוצים האָט יורי אַנדרייעוויטש צום ערשטן מאָל אין די דאָזיקע טעג באַגריפן מיט דער גאַנצער קלאָרקייט ווו ער איז, וואָס מיט אים איז אין וואָס עס וועט אים באַגעגענען אין אַ שעה אָדער צוויי אַרום.

דריי יאָר פון ענדערונגען, אומבאַוווסטקייט, וואַנדערונגען, מלחמה, רעוואָלוציע, אויפטרייסלונג, שיסערייען, סצענעס פון אומקום און טויט, אויפגעריסענע בריקן, פאַרוויסטונגען, שריפות — דאָס אַלץ איז מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיק פּוסט אָרט אָן שום אינהאַלט. דאָס ערשטע עכטע געשעעניש נאָך אַ לאַנגן איבעררייס איז געווען דאָס איצטיקע קאָפּשווינדלדיקע דערנענטערן זיך אין צוג צו דער היים, וואָס איז גאַנץ און איז נאָך פאַראַן אויף דער וועלט, ווו עס איז טייער יעדעס שטיינדעלע, אָט וואָס איז געווען לעבן, אָט וואָס עס איז געווען איבערלעבונג, אָט צוליב וואָס עס האָבן זיך געיאָגט די זוכערס פון אַוואַנטורעס, אָט וואָס עס האָט געהאַט אויפן אויג די קונסט — דאָס

קומען צוריק צו די נאָענטע, דאָס אומקערן זיך צו זיך, דאָס באַנייען פון דער המשכדיקייט.

די וועלדלעך האָבן זיך געענדיקט. דער צוג האָט זיך אַרויסגע־ריסן פון דער גרין־בלעטערדיקער ענגשאַפט אויף דער פריי. אַן אַנ־געבויגענע וואַלד־פּאַליאַנע איז מיט אַ ברייטן שיפּוע אַוועק אין דער ווייט. זי איז געווען באַדעקט אינגאַנצן מיט לענגלעכע בייטן פון טונקל־גרינע קאַרטאָפל. אויף דער הויכקייט פון דער פּאַליאַנע, ביים סוף פון קאַרטאָפל־פעלד, זענען געלעגן אויף דער ערד גלעזערנע ראָמען אַרויס־גענומענע פון די אינספּעקטן. אַנטקעגנאיבער דער פּאַליאַנע, הינטערן עק פון גייענדיקן צוג איז אין האַלבן הימל געשטאַנען אַ ריזיקע שוואַרץ־לילאָווע כמאַרע. פון הינטער איר האָבן זיך אַרויסגעריסן די זון־שטראַלן, זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין אַ ראָד איבער אַלע זייטן און אויפן וועג האָבן זיי פאַרטשעפּעט די אינספּעקטן־ראָמען, אָנצינדנדיק זייערע גלע־זער מיט אַן אומגעוויינלעך ליכט.

פּלוצים האָט פון דער כמאַרע קרום זיך אַ שאָט געטאָן אַ גראָבער שוואָמען־רעגן, וואָס האָט געפינקלט אין דער זון. ער איז געפאַלן מיט שנעלע טראָפּנס אין דעם זעלביקן טעמפּאָ, מיט וועלכן דער יאָגנדיקער צוג האָט געקלאַפּט מיט די רעדער און געדונערט מיט די שרויפן, פּונקט ווי ער וואָלט זיך באַמיט אים צו דעריאָגן אָדער מורא געהאַט פון אים אָפּצושטיין.

דער דאָקטאָר האָט רעכט נישט באַוויזן צו לייגן אַכט דערויף, און פון הינטער די בערג האָט זיך שוין באַוויזן די צערקווע פון כריס־טוסן דעם רעטער און אין אַ מינוט שפּעטער — די קופּאָלן, דעכער, הייזער און קוימענס פון דער גאַנצער שטאָט.

— מאָסקווע, — האָט ער געזאָגט אַריינקומענדיק צוריק אין דער אָפּטיילונג — שוין צייט צונויפנעמען די זאַכן.

פאַגאָרעווישיך איז אויפגעשפּרונגען, אָנגעהויבן גראַבלען אין דעם יאַגד־קיישל און אויסגעקליבן דאָרט אַ גרעסערע קאַטשקע.

— נעמט, — האָט ער געזאָגט. — אויף אַן אנדענק. דעם גאַנצן טאָג האָב איך פאַרבראַכט אין אַזאַ אַנגענעמער געזעלשאַפט.

ווי דער דאָקטאָר האָט נישט געפּרוווט אָפּזאָגן זיך, האָט אים גאָר־נישט געהאָלפן. — נו, גוט, — איז ער געווען געצוווּנגען איינצושטי־מען, — איך נעם עס אַן ביי אייך ווי אַ מתנה פאַר מיין פרוי.

— פאַר דער פרוי! פאַר דער פרוי! אַ מתנה פאַר דער פרוי, —

האָט פּאַגאַרעוושיך מיט פרייד איבערגעחזרט. פּונקט ווי ער וואָלט דאָס וואָרט געהערט צום ערשטן מאָל און אָנגעהויבן דריגען מיטן גאַנצן גוף און לאַכן, און דער אַרויסגעשפּרונגענער מאַרקיז האָט אויך אָנטייל גענומען אין זיין פרייד.

דער צוג האָט זיך דערנענטערט צום פּעראָן. אין וואַגאָן איז גע־וואָרן טונקל ווי ביינאַכט. דער טויבשטומער האָט דערלאַנגט דעם דאָק־טאָר די ווילדע קאַטשקע, אַן איינגעוויקלטע אין אַ שטיק פּאַפּיר פון עפּעס אַ געדרוקטן אויפרוף.

ז ע ק ס ט ע ר   ט י י ל

# דער מאסקווער עטאפ

## 1

צוליב דעם אומבאַוועגלעכן זיצן אין דער ענגשאַפט האָט אין וועג זיך אויסגעדאַכט, אַז גיין גייט בלויז דער צוג. די צייט שטייט אויף אַן אָרט און עס איז נאָך אַלץ מיטנטאָג.

אָבער עס איז שוין געוואָרן טונקל ווען די דראָזשקע מיטן דאָק־טאָר און זיינע פעקלעך האָט מיט שוועריקייטן זיך אַרויסבאַקומען פון דעם אומצאָליקן ריזיקן המון אויפן סמאָלענסקער מאַרק.

מעגלעך, אַז אַזוי איז עס פאַקטיש געווען, און עס קאָן אויך זיין, אַז אויף די דעמלטיקע איינדריקן פונעם דאָקטאָר האָט זיך אָנגעהויפט די דערפאַרונג פון די וויטערדיקע יאָרן, אָבער שפּעטער אין די דערי־נערונגען האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז שוין דאַן האָט מען זיך געשטופּט אויפן מאַרק בלויז צוליב געוווינהייט, אַז עס איז נישט געווען קיין סיבה פאַרן געדראַנג, ווייל די זאַלוזעס אויף די ליידיקע קראָמען זענען געווען אַראָפּגעלאָזט און אפילו נישט אָנגעהאָנגען מיט שלעסער. עס איז שוין נישט געווען מיט וואָס צו האַנדלען אויפן פאַראומרייניקטן פּלאַץ, פון וואַנען מען האָט נישט אויסגעקערט דעם שמוץ און דעם אָפּפאַל.

אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז שוין דעמלט האָט ער געזען אַרומשלייכן זיך אויף די טראָטואַרן דאַרע, בכבודיק־אָנגעטועטע זקנות און זקנים, וועלכע האָבן געקוקט מיט שטומען פאַרוואורף אויף די פאַר־בייגייער, און פאַרגעלייגט צו פאַרקויפן עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער האָט נישט גענומען און קיינעמען איז עס נישט געווען נייטיק: קינסטלעכע בלומען, קיילעכדיקע ספּירט־מאַשינקעלעך פאַר קאַווע מיט גלעזערנע דעקלעך און פּייפּלעך, אָוונט־טואַלעטן פון שוואַרצע טיול, מונדירן פון אָפּגעשאַפטע אַמטן.

דער פּשוטער עולם האָט געמסחרט מיט מער לעבנסוויכטיקע זאַכן: מיט צוגעדאַרטע שוואַרצע רעפטלעך פּאַיאָק־ברויט, מיט שמוציקע,

איינגענעצטע שטיקלעך צוקער און מיט דורכגעשניטענע האַלב־אָפּטלדיקע פּעקלעך מאַכאָרקע.

איבערן גאַנצן מאַרק איז געגאַנגען דער מסחר מיט כל מיני בראַכוואַרג, וואָס איז געשטיגן אין פּרייז מיט יעדן מאָל איבערגיין פון האַנט צו האַנט.

די דראָזשקע האָט פאַרקערעוועט אין איינעם פון די געסלעך ביים פּלאַץ. פון הינטן האָט זיך געזעצט די זון און געפאַלן זיי אין פּלייצע. פאַרויס פון זיי האָט געטראַסקעט אַ פורמאַן אויף אַ ליידיקער אונטער־שפּרונגענדיקער פור. ער האָט אויפגעהויבן זיילן שטויב, וואָס האָבן ברוין געגליט אין די שקיעה־שטראַלן.

ענדלעך איז זיי געלונגען איבערצויאָגן דעם פורמאַן, וואָס האָט זיי פאַרשטעלט דעם וועג. זיי האָבן אָנגעהויבן פאָרן שנעלער. דעם דאָקטאָר האָבן דערשטוינט די קופּעס ציימונגען און אַפּישן, אָראָפּגעריסענע פון די הייזער און פּלויטן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויפן ברוק און איבער די טראָטואַרן. דער ווינט האָט זיי געשלעפּט אין איין ריכטונג, און די פערד־קאָפּיטעס, רעדער און פיס פון די פאָרער און דורכגייער — אין אַ צווייטער.

נאָך עטלעכע קרייצונגען האָט אינגיכן זיך באַוויזן אויפן ראָג פון צוויי געסלעך דאָס אייגענע הויז. די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

ביי יורי אַנדרייעוויטשן האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם און דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן הויך קלאַפּן, בעת ער איז צוגעגאַנגען צו דער פראָנט־טיר און אָנגעקלונגען. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. יורי אַנדרייעוויטש האָט געטאָן נאָך אַ קלונג. ווען אויך דער פּרווו האָט צו גאָרנישט נישט דערפירט, האָט ער מיט אַ שטייגנדיקן אומרו אָנגעהויבן קלינגען איין מאָל נאָכן אַנדערן און ווען דער אַריינגאַנג האָט זיך געע־עפנט, האָט ער דערזען זיין פרוי אַן אָנגעשפּאַרטע אין דער אויפגעפּראַלטער טיר. פון אומגעריכטקייט זענען זיי ביידע אין ערשטן אויגנבליק ווי פאַרגליווערט געוואָרן און האָבן נישט געהערט די אייגענע אויסגעשרייען. אָבער אין דער אויפגעפּראַלטער טיר האָט ער דערזען די אויסגעשפּרייטע אָרעמס פון אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, און די פאַר־גליווערטקייט איז אָפּגעטרעטן. ווי וואַגזיניקע האָבן זיי זיך געוואָרפן איינער דעם אַנדערן אויפן האַלדז. אין משך פון אַ מינוט האָבן זיי גערעדט צוזאַמען, איבערגעריסן איינער דעם אַנדערן.

— ראשית כל: זענען אַלע געזונט?

— יאָ, יאָ, באַרויק זיך. אַלץ איז אין אָרדענונג. איך האָב דיר געשריבן שטותים. זיי מוחל, אָבער מען וועט דאַרפן אַ שמועס טאָן.

פאַרוואָס האָסטו נישט טעלעגראַפירט? באַלד וועט דיר מאַרקעל אַריינ־טראָגן די זאַכן. איך פאַרשטיי, אַז דיך האָט באַאומרויקט פאַרוואָס נישט די יעגאַראָוונאַ האָט געעפנט די טיר? די יעגאַראָוונאַ איז אין דאָרף.

— דו ביסט מאָגער געוואָרן. אָבער וואָס פאַר אַ יונגע און שלאַנקע! איך וועל באַלד אַוועקשיקן דעם איזוואָשטשיק.

— די יעגאַראָוונאַ איז געפאָרן נאָך מעל. די איבעריקע האָט מען אָפּגעלאָזט. איצט איז דאָ בלויז איינע אַ בייע, דו קענסט זי נישט, אַ מיידל ניוּשאַ, ביי סאַשענקאַן, און מער קיינער. מען האָט אַלעמען צוזויסן גע־טאָן, אַז דו דאַרפסט קומען צופאָרן, אַלע זענען אומגעדולדיק. גאָרדאָן, דודאָראָוו, אַלע.

— וואָס מאַכט סאַשענקאַ?

— נישקשה, דאַנקען גאָט. ער האָט נאָרוואָס זיך אויפגעוועקט. ווען דו וואָלסט נישט געוועזן גלייך פון וועג, וואָלט מען שוין געקאָנט אַריינגיין צו אים.

— דער טאַטע איז אינדערהיים?

— האָט ער דען דיר נישט געשריבן? פון אינדערפרי ביזן שפּעטן אָוונט זיצט ער אין דער קרייז־דומע. ער איז פאָרזיצער. יאָ, שטעל זיך פאָר! האָסטו באַצאָלט דעם דראָזשקאַזש? מאַרקעל! מאַרקעל!

זיי זענען געשטאַנען מיטן קויש און מיטן טשעמאָדאַן אינמיטן טראָטואַר און פאַרצוימט דעם וועג. די פאַרבייגייער האָבן באַקוקט זיי פון קאָפּ ביז די פיס און לאַנג געגאַפט אויף דער אָפּפאָרנדיקער דראָזשקע און אויף דער ברייט־צעעפנטער טיר, אָפּוואַרטנדיק וואָס עס וועט ווייטער געשען.

דערווייל איז פון טויער שוין געלאָפן צו די יונגע הערשאַפטן מאַרקעל אין אַ וועסטל איבערן סיצענעם העמד, מיטן וועכטער־היטל אין האַנט און געשריגן:

— גאָט אין הימל, איז דאָס טאַקע יוראָטשקאַ? נו, ווי דען! טאַקע ער, דער אָדלערל! יורי אַנדרייעוויטש, ליכט אונדזערס, האָסט נישט פאַרגעסן אין אונדז, מיר האָבן דאָך פאַר דיר גאָט געבעטן. געקומען צוריק צו דער היימישער נעסט! און איר וואָס דאַרפט? נו? וואָס גאַפּעט איר? — האָט ער זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די נייגעריקע. — גייט זיך געזונטערהייט. אויסגעגלאָצט די קוקערס!

— וואָס מאַכסטו, מאַרקעל? לאָמיר זיך צעקושן. נו, טו שוין אָן, טשודאַק, דאָס היטל. וואָס הערט זיך עפּעס גוטס? וואָס מאַכן דאָס ווייב, די טעכטער?

— וואָס גייט עס זיי אָן. זיי וואַקסן. עס איז זיי וויל. און נייעס —

ווען דו האָסט דאָרט געפּראַוועט העלדישקייטן, האָבן מיר אויך נישט געגענעצט. מען האָט אָנגעמאַכט אַזאַ משוגעים־הויז, אַז עס עקלט שוין אפילו די שדים, ברודערקע. אוממעגלעך זיך פאַנאַנדערצוקלייבן! די גאַסן קערט מען נישט, די דעכער פאַרריכט מען נישט, די הייזער קאַלעכט מען נישט, אין די בייכער איז, ווי אין אַ תענית, ריין, ציכטיק, אָן אַנעקסיעס און קאָנטריבוציעס.

— איך וועל זיך באַקלאָגן אויף דיר, מאַרקעל, פאַר יורי אַנדריי־עוויטשן. שטענדיק, יוראָטשקאַ, איז ער אַזאַ. איך קאָן נישט פאַרטראָגן זיין שוטהוואָטן טאָן. דאָס סטאַרעט ער זיך מסתמא צוליב דיר, ער וויל דיר אַנטקעגנקומען. און פאַר זיך, פונדעסטוועגן, האָט ער שכל. הער אויף, הער אויף, מאַרקעל, פאַרענטפער זיך נישט. דו ביסט אַ טונקעלער פאַרשוין, מאַרקעל. עס איז שוין צייט אַ ביסל קלוגער צו ווערן. דו לעבסט דאָך נישט צווישן הענדלערס.

בעת מאַרקעל האָט אַריינגעטראָגן די זאַכן אין קאָרידאָר און פאַר־קלאַפּט די פראָנט־טיר האָט ער ווייטער פאַרגעזעצט שטיל און פאַר־טרוילעך:

— אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ בייזערט זיך, איר האָט גע־הערט. און אַזוי תמיד. מען שמועסט, זאָגט זי, אַז דו, מאַרקעל, ביסט אינגאַנצן שוואַרץ פון אינעווייניק, ווי סאַזשע אין קוימען. איצט, זאָגט זי, איז נישט דאָס וואָס אַמאָל, איצט איז אפילו אַ מאָפּס אָדער אַ שטוב־הינטל אויך געוואָרן קלאָרער אויפן געדאַנק. דאָס איז אוודאי ריכטיק, ווער שפּאַרט זיך? נאָר יוראָטשקאַ, גלייב־יאָ, גלייב־נישט, אָבער באַ־האַוונטע מענטשן האָבן געזען דאָס ביכל — וועגן דעם קומענדיקן מאַסאָן, הונדערט מיט פערציק יאָר איז עס אָפּגעלעגן אונטער אַ שטיין. און איצט מיין איך, אַז מען האָט אונדז, יוראָטשקאַ, פאַרקויפט! דו פאַר־שטייסט, פאַרשאַכערט, פשוט פאַרקויפט, פאַר אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, פאַר קיין שמעק טאַביק נישט. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ וועט מיך, ווי דו זעסט, נישט לאָזן קיין וואָרט אַרויסרעדן, זי פאָכעט ווידער מיטן הענטל.

— און ווי זאָל מען נישט פאָכען. נו גוט. לאָז איבער די זאַכן אויפן דיל און אַ דאַנק, גיי זיך, מאַרקעל. אויב מען וועט דאַרפן, וועט יורי אַנדרייעוויטש דיך ווידער רופן.

## 2

— ער איז סוף־כל־סוף מיד געוואָרן, זיך אָפּגעטשעפּעט. דו גלייב אים, גלייב. עס איז אַן אמתער באַלאַגאַן. לגבי אנדערע מאַכט ער זיך תמעוואַטע און אַליין, בסוד, שאַרפט ער אויף יעדן פאַל אַ מעסער. ער האָט נאָך בלויז, דער יתום, נעבעך, נישט דעצידירט קעגן וועמען.

— נו, איך גלייב, אַז דו טרייבסט איבער. איך מיין, אַז ער איז פשוט שיכור, פּאַיאַצעוועט ער, מער גאָרנישט.

— און דו זאָג מיר בעסער ווען ער איז ניכטער? נו, זאָל ער טאַקע גיין צום טייוול. איך האָב מורא, אַז סאַשענקאַ זאָל ווידער נישט איינשלאָפן. ווען נישט אָט דער באַן־טיפּוס... דו ביסט נישט פאַרלייזיקט?

— איך רעכן, אַז נישט. איך בין געפאָרן מיט קאָמפּאַרט, ווי פאַר דער מלחמה. אפשר זאָל איך זיך אַ ביסל אַרומוואַשן? אַבי־ווי, און שפּעטער, — גרינטלעכער. אָבער ווו גייסטו? פאַרוואָס נישט דורכן גאַסט־צימער? איר גייט איצט אַרויף דורך אַן אַנדער זייט?

— אָך, יאָ! דו ווייסט דאָך גאָרנישט. מיר האָבן מיטן טאַטן גע־טראַכט, געטראַכט, און אַ טייל פון אונטערשטן שטאָק איבערגעגעבן דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. סיי ווי איז דאָך ווינטער אוממעגלעך אַליין צו באַהייצן. דער אייבערשטער שטאָק איז פאַר אונדז צו גרויס. מיר לייגן זיי פאָר אויך אַ טייל פון אים. דערווייל נעמען זיי נישט. זיי האָבן דאָ זאַמען־קאָלעקציעס. זאָלן זיי נאָר נישט אָנברענגען קיין שטשורעס. ווי עס זאָל נישט זיין איז עס דאָך תבואה. דערווייל האַלטן זיי די צימערן אין אָרדענונג. איצט רופט מען דאָס וווין־שטח. אַהער, אַהער. כאַפּסט זיך נישט! מען דאַרף אַרומגיין איבער די הינטערשטע טרעפּ. פאַרשטאַ־נען? גיי מיר נאָך, איך וועל דיך פירן.

— איר האָט זייער גוט געטאָן, וואָס איר האָט אָפּגעטראָטן די צימערן. איך האָב געאַרבעט אין אַ שפּיטאָל, וואָס איז אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ פּריצישער ווילע. אַמפילאַדעס אָן אַ סוף, דער פאַרקעט איז ערטערווייז געבליבן גאַנץ. די פּאַלמעס האָבן ביינאַכט פאַנאַנדערגעשפּרייט זייערע פינגער איבער די בעטלעך ווי האַליצונאַציעס. עס האָט געטראָפן, אַז די פאַרוואונדעטע האָבן זיך געשראָקן און געשריגן פון שלאָף. אגב, זענען דאָס געווען נישט קיין פולשטענדיק נאָרמאַלע, קאָנטוזירטע. מען האָט געמוזט די פּאַלמעס באַזייטיקן. איך האַלט, אַז אינעם לעבן פון די רייכע איז געווען, וואָס אַן אמת, עפּעס נישט קיין גאַנץ געזונטס. אַ תהום פון איבעריקייטן. איבעריק מעבל און איבעריקע צימערן אין הויז, איבע־ריקע געפיל־סובטעלקייטן, איבעריקע אויסדרוקן. איר האָט גוט געטאָן, וואָס

איר האָט זיך אַ ביסל איינגעקוועלט. אָבער עס איז נאָך ווייניק. מען דאַרף מער.

— וואָס אַזוינס רוקט זיך ביי דיר אַרויס פונעם פעקעלע? אַ פויגלשער שנאַבל, אַ קאַטשענער קאָפּ. וואָס פאַר אַ פּראַכט! אַ ווילדע קאַטשקע! פונוואַנען? איך גלייב נישט די אייגענע אויגן! היינטיקע צייטן איז דאָס אַ גאַנץ פאַרמעגן!

— אין וואַגאָן האָט מען מיר עס געשענקט. עס איז אַ לאַנגע געשיכטע, שפּעטער וועל איך דיר דערציילן. ווי מיינסטו, אויפּפּאַקן עס און איבערלאָזן אין קיך?

— יאָ, געוויס. כ׳וועל באַלד אַריינשיקן ניושאַן, אַז זי זאָל עס אָפּצופּן און אויסרייניקן. מען זאָגט פאַרויס אויפן ווינטער אַלערליי גרוילן, הונגער, קעלט.

— יאָ, וועגן דעם רעדט מען אומעטום. פריער האָב איך געקוקט אין פענצטער פון וואַגאָן און געטראַכט: וואָס קאָן זיין העכער פון רו אין דער פאַמיליע און אַרבעט? דאָס איבעריקע ליגט נישט אין אונדזער מאַכט. אמת, זיכער איז פאַרצווזען אומגליק. געוויסע מיינען צו ראַטעווען זיך אויף דרום, אויף קאַווקאַז, זיי פּרובירן אַדורכקריגן זיך ערגעץ־ווו ווייטער. דאָס איז נישט לויט מיינע פּרינציפּן. אַ דערוואַקסענער מאַנסביל דאַרף צונויפדריקן די ציין און טיילן דעם גורל פון אייגענעם לאַנד. מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. אַנדערש איז דער ענין מיט אייך. ווי וואָלט איך געוואָלט פאַרהיטן אייך פון צרות און אַוועקשיקן אייך ערגעץ־ווו אין אַ ווייטן אָרט, קיין פינלאַנד, למשל. אָבער אויב מיר וועלן אַזוי שטיין צו האַלבע שעה אויף יעדן טרעפּל, וועלן מיר קיינמאָל אין דער הייך נישט אַרויפקומען.

— וואַרט. הער. אַ נייעס. און וואָסערע! איך האָב גאָר פאַרגעסן. ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז געקומען צופאָרן.

— וואָסער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש?

— דער פעטער קאָליאַ!

— טאָניאַ, דאָס קאָן נישט זיין! דורך וואַנען?

— אָט, ווי דו זעסט. פון דער שווייץ. מיט אַן אומוועג אויף לאָנדאָן, דורך פינלאַנד.

— טאָניאַ! דו לאַכסט נישט? איר האָט אים געזען? ווו איז ער? צי קאָן מען אים נישט תיכף זען?

— ווי אומגעדולדיק! ער געפינט זיך הינטערן שטאָט ביי עמיצן אויף דאַטשע. ער האָט צוגעזאָגט אומצוקערן זיך איבערמאָרגן. ער האָט

זיך זייער געענדערט, ווערסט זיך אַנטוישן. אַדורכפּאַרנדיק איז ער גע־בליבן שטעקן אין פּעטערבורג און האָט זיך באַלשעוויזירט. דער טאַטע אמפּערט זיך מיט אים ביז הייזעריקייט. אָבער פאַרוואָס פאַרהאַלטן מיר זיך טאַקע אויף יעדן טראָט? קום. הייסט עס, אויך דו האָסט געהערט, אַז עס איז נישטאָ קיין גוטס צו דערוואַרטן, שווערקייטן, געפאַרן, אומ־זיכערקייט?

— איך אַליין מיין אויך אַזוי. נו, וואָס זאָל מען טאָן. מען וועט קעמפן. נישט אַלע מוזן דאָך אומקומען. מיר וועלן זען וואָס אַנדערע וועלן טאָן.

— מען שמועסט, אַז מען וועט בלייבן אָן האָלץ אָן וואַסער, אָן ליכט. מען וועט ס'קאַסירן ס'געלט. ס'וועט איבערגעריסן ווערן דער צו־פיר. מיר שטייען שוין ווידער. לאָמיר גיין. הער, מען לויבט די פּלאַטשיקע אייזערנע אייוועלעך פון אַרבאַטער וואַרשטאַט. אויפן פּלאַם פון צייטונג־פּאַפּיר קאָן מען אַ מיטאָג אָפּקאָכן. מ'האָט מיר געשאַפן דעם אַדרעס. מ'דאַרף קויפן נאָך איידער מען האָט זיי צעכאַפּט.

— ריכטיק, מיר וועלן קויפן, ביסט אַ חכמה, טאַניאַ! אָבער פּעטער קאַליאַ, פּעטער קאַליאַ! דו גיב נאָר אַ טראַכט! איך קאָן נישט קומען צו זיך!

— איך האָב אַזאַ פּלאַן. אויסטיילן אין דער הייך אַ וועלכן עס איז ווינקל, פּאָר אונדז ביידע מיטן טאַטן, סאַשענקאַ און ניושאַ זאָלן זיך, לאָמיר זאָגן, אַריינציען אין צוויי אָדער דריי צימערן, וועלכע זאָלן אומבאַדינגט זיך פאַראייניקן ערגעץ־ווו ביים סוף שטאָק, און אָפּזאָגן זיך לחלוטין פון איבעריקן טייל הויז, אָפּצוימען זיך פון דער גאַס. אַזאַ אייזערן אייוועלע אינמיטן צימער, אַ רער אין לופטשיק, וואַשן, קאָכן, עסן, אויפ־נעמען געסט, אַלץ אינאיינעם דאָ, כדי געהעריק אויסצונוצן די באַהייצונג, און אפשר וועט גאָט געבן און מיר וועלן איבערווינטערן.

— ווי זשע אַנדערש? פאַרשטייט זיך, אַז מיר וועלן איבערווינטערן. אויסער יעדן ספק. דו האָסט עס אויסגעצייכנט צוגעטראַכט. ביסט אַ בריה. ווייסטו גאָר וואָס? לאָמיר פייערן דאָס אָננעמען דיין פּלאַן. מיר וועלן אָפּבראָטן די קאַטשקע און רופן דעם פּעטער קאַליאַ אויפן חנוכת־הבית.

— אויסגעצייכנט! און גאָרדאָנען וועל איך בעטן ברענגען ספּירט. ער באַקומט עס פון די לאַבאַראַטאָריעס. און איצט גיב אַ קוק. אָט איז דאָס צימער וואָס איך האָב אויסגעקליבן. געפעלט עס דיר? שטעל אַוועק די וואַליזע אויפן דיל און גיי אַראָפּ נאָכן קויש. חוץ דעם פּעטער און גאָרדאָנען קאָן מען אויך פאַרבעטן אינאָקענטיען און שורא שלעזינגער.

האָסט נישט דאַקעגן? האָסט נאָך נישט פֿאַרגעסן ווי עס איז אונדזער וואַש־צימער? באַשפּריץ זיך דאָרט מיט עפּעס אַ דעזינפֿעקציע־מיטל. איך וועל אַריין צו סאַשענקאַן, אַראָפּשיקן גיִושען אונטן און אין געהעריקן מאָמענט וועל איך דיך רופֿן.

# 3

די וויכטיקסטע נייעס אין מאָסקווע איז פֿאַר אים געווען אַט דאָס ייִנגל. ווי נאָר סאַשענקאַ איז געבוירן געוואָרן האָט מען יורי אַנדריי־עוויטשן מאָביליזירט. וואָס האָט ער געוואָסט וועגן זון?

שוין זייענדיק מאָביליזירט איז יורי אַנדרייעוויטש איינמאָל געקומען צו טאָניען אין קליניק. ער איז גראָד אָנגעקומען צו דער צייט ווען מען קאָרמעט די קינדער. מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזט צו איר.

ער האָט זיך צוגעזעצט אַפּוואַרטן אין פֿאָדער־צימער. אין דעם מאָמענט האָט פֿון וווייטן קינדערישן קאָרידאָר, וואָס האָט זיך גע־צויגן פֿאַזע דעם אַקושערישן, זיך געלאָזט הערן אַ וויינענדיקער כאָר פֿון צען אָדער פֿופֿצן קינדערישע קולות. די פֿלעגערינס האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז, כדי נישט צו פֿאַרקילן די פּיצלעך נייגעבוירענע, איבער־טראָגן זיי צו די מוטערס צום אָנזייגן — צו צוויי אונטערן אָרעם, — ווי גרויסע פּעקלעך איינגעקויפֿטע זאַכן.

— אואַ, אואַ, — האָבן כמעט אָן געפֿיל, ווי דאָס וואָלט געווען זייער פּליכט, געפּישטשעט די קליינטשיקע אויף איין טאָן, און בלויז איין שטים האָט זיך אויסגעטיילט פֿון דעם אוניסאָן. דאָס קינד האָט אויך גע־שריגן „אואַ, אואַ”. און אויך אָן אַ ניואַנס פֿון ליידן, אָבער, ווי עס האָט זיך אויסגעדאַכט, נישט צוליב פּליכט, נאָר מיט אַ מין באַוווּסטזיניקער, אומעטיקער אומפֿריינדלעכקייט, וואָס איז אַריינגעפֿאַלן אין אַ באַס.

יורי אַנדרייעוויטש האָט שוין דעמלט באַשלאָסן אָנצורופֿן דעם זון אויפֿן שווערס נאָמען אַלעקסאַנדער. נישט באַוווּסט פֿאַרוואָס האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז זיין ייִנגל שרייט דאָס אַזוי, דערפֿאַר ווייל דאָס איז געווען אַ געוויין מיט אַ פֿיזיאָנאָמיע, וואָס אַנטהאַלט שוין אין זיך דעם קומענ־דיקן כאַראַקטער און גורל פֿונעם מענטש. אַ געוויין מיט אַ קלאַנגלעכער באַפֿאַרבונג, וואָס איז כולל אין זיך דעם ייִנגלס נאָמען, דעם נאָמען אַלעקסאַנדער.

יורי אַנדרייעוויטש האָט זיך נישט טועה געווען. ווי עס האָט שפּעטער זיך אַרויסגעוויזן, האָט דאָס אויף אָן אמת געווײנט סאַשענקאַ. דאָס איז די די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געוווּסט וועגן זון.

די ווייטערדיקע באַקאַנטשאַפֿט מיט אים האָט יורי אַנדרייעוויטש פֿאַרגעזעצט דורך די פֿאָטאָגראַפֿיעס וואָס מען האָט אים אַרייַנגעלייגט אין די בריוו אויפֿן פֿראָנט. אויף זיי האָט מען געזען אַ פֿריילעכן שיינעם יאָט מיט אַ גרויסן קאָפּ און מיט ליפּן ווי אַ שלייפֿעלע. ער איז געשטאַנען מיט צענומענע פֿיס אויף אַן אויסגעשפּרייט ליילעך און אויפֿגעהויבן ביידע הענטלעך אין דער הייך, ווי ער וואָלט געטאַנצט מיט אַ צוזיץ. דעמלט איז ער אַלט געווען אַ יאָר און געלערנט זיך גיין, איצט איז ער שוין אַלט צוויי יאָר און ער האָט שוין אָנגעהויבן רעדן.

יורי אַנדרייעוויטש האָט אויפֿגעהויבן דעם טשעמאָדאַן פֿון דיל און נאָכן פֿאַנאַדערלאָזן די פֿאַסקעס, אַוועקגעלייגט אים אויפֿן קאָרטן־טישל ביים פֿענצטער. וואָס איז דאָס געווען אַמאָל פֿאַר אַ צימער? דער דאָקטאָר האָט ניט דערקענט. ווייזט אויס, אַז טאַניאַ האָט אַרויסגענומען פֿון דאַנען מעבל אָדער זי האָט די צימער־טאַפּעטן איבערגעקלעפּט פֿון דאָס ניי.

דער דאָקטאָר האָט געעפֿנט די וואַליזע, כּדי אַרויסצונעמען פֿון דאָרט די ראַזיר־מכשירים. צווישן די זיילעכלעך פֿון גלאָקן־טורעם אויף דער צערקווע קעגנאיבער דעם פֿענצטער האָט זיך באַוויזן אַ העלע, פֿולע לבֿנה. ווען איר שיין איז געפֿאַלן אינעווייניק אין דער וואַליזע אויף די פֿאַנאַנדערגעלייגטע וועש, ביכער און טואַלעט־קליייניקייטן, איז דאָס צימער באַלויכטן געוואָרן עפּעס אויף אַן אַנדער שטייגער און דער דאָקטאָר האָט עס דערקענט.

דאָס איז געווען די קאַמער פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער אַננאַ איוואַנאָוונאַ. אין די אַמאָליקע צייטן האָט זי דאָ געהאַלטן די צעבראָכענע טישן און שטולן, דאָס אומנייטיקע קאַנצעלאַרישע אַלטוואַרג. אין דער קאַמער איז געווען איר פֿאַמיליע־אַרכיוו און אויך די קופֿערס, אין וועלכע מען האָט באַהאַלטן אויף איבערן זומער די ווינטערדיקע זאַכן. ווען די פֿאַרשטאָרבענע האָט נאָך געלעבט זענען די ווינקלען פֿונעם צימער געווען פֿאַרלייגט ביזן סופֿיט און אַהער האָט מען געווייַנלעך נישט אַרייַנגעלאָזט. אָבער בעת גרויסע יום־טובֿים, און די טעג ווען מחנות קינדער זענען זיך צונויפֿגעפֿאָרן צו זיי אין געסט און מען האָט זיי דערלויבט ווילדעווען און אַרומלויפֿן איבערן גאַנצן צווייטן שטאָק, האָבן זיי אויפֿגעמאַכט אויך דאָס דאָזיקע צימער און זיך דאָ געשפּילט אין גזלנים, באַהאַלטן זיך אונטער די טישן, אויסגעשמירט זיך מיט אָנגעברענטן קאָרעק און איבערגעטאָן זיך ווי אויף אַ מאַסקאַראַד.

אַ שטיקל צייט איז דער דאָקטאָר געשטאַנען, בעת ער האָט זיך דאָס אַלץ דערמאָנט, דערנאָך איז ער אַראָפּגעגאַנגען אין נידעריקערן קאָרידאָר נאָך דעם קויש, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט.

אונטן אין קיך איז ניושאַ, אַן אומדרייסט און שעמעוודיק מיידל, געשטאַנען אין אַראָפּגעבויגענע און גערייניקט פאַר דער קיך־פּליטע די קאַטשקע איבער אַן אויסגעשפּרייטער צייטונג. ווען זי האָט דערזען יורי אַנדרייעוויטשן האָט זי מיט דער קאַטשקע אין די הענט זיך אַנגעצונדן ווי מאַן, זיך אויסגעגלייכט מיט אַ פלינקער באַוועגונג, אַראָפּגעשאָקלט פון פאַרטעך די צוגעקלעפּטע פעדערן און געפרעגט, צי איז אים נישט נייטיק איר הילף. דער דאָקטאָר האָט געדאַנקט און געזאָגט, אַז ער וועט אַליין אַרויפטראָגן דעם קויש.

ווי נאָר ער איז אַריין אין אַמאָליקן קאַמער פון אַנגאַ איוואַנאָווגאַ, האָט אים דאָס ווייב גערופן פון צווייטן אָדער פון דריטן צימער:

— מ'קאָן, יורא!

ער איז אַוועק צו סאַשענקאַ.

דאָס איצטיקע קינדער־צימער האָט זיך געפונען דאָרט, וווּ עס איז פריער געווען זייער, זיינס און טאָניאַס, קלאַס־צימער. דאָס יינגל אין בעטל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאָרנישט אַזאַ שיינינקן, ווי ער האָט אויסגעזען אויף די בילדער, דערפאַר אָבער איז ער געווען ווי אַן אמתע קאָפּיע פון יורי אַנדרייעוויטשס מוטער, דער פאַרשטאָרבענער מאַריאַ איי־וואַנאָווגאַ זשיוואַגאָ, אַ שטוינענדיקע קאָפּיע, וואָס איז געווען מער ענלעך צו איר פון אַלע געבליבענע בילדער.

— דאָס איז דער פּאַפּאַ, דאָס איז דיין פּאַפּאַ, מאַך דעם פּאַפּעלע מיטן הענטעלע, — האָט געזאָגט אַנטאַנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ און אַראָפּ־געלאָזט די נעץ פונעם בעטל, כדי עס זאָל זיין באַקוועמער דעם פאָטער צוצוקומען צום יינגל און נעמען אים אויף דער האַנט.

סאַשענקאַ האָט צוגעלאָזט נאָענט צו זיך דעם אומבאַקאַנטן און נישט געגאַלטן מאַנסביל, וואָס האָט אים געשראָקן און אָפּגעשטויסן, און ווען יענער האָט זיך אַנגעבויגן, איז ער ענערגיש אויפגעשטאַנען, אַנגעכאַפּט זיך פאַר דער מאַמעס בלוזקע און בייז אַ האַסטיקן קלאַפּ געטאָן אים איבערן פּנים. זיין אייגענע דרייסטקייט האָט אַזוי סאַשענקאַן איבערגע־שראָקן, אַז ער האָט תּיכף געוואָרפן זיך דער מוטער אויף דער ברוסט, איינגעגראָבן זיין פּנים אין איר קלייד און זיך צעכליפּעט מיט ביטערע קינדערשע טרערן.

— פע, פע, — האָט אַנטאַנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אים געמוסרט. — מ'טאָר נישט אַזוי, סאַשענקאַ. דער פּאַפּאַ וועט מיינען, אַז סאַשאַ איז נישט קיין גוטער, אַז סאַשאַ איז אַ שלעגער. באַווייז ווי אַזוי דו קושסט, גיב דעם פּאַפּאַ אַ קוש. וויין נישט, מ'דאַרף נישט וויינען, וואָס וויינסטו, נאַרעלע?

— לאָז אים צורו, טאָניאַ, — האָט דער דאָקטאָר געבעטן. —

מאַטער אים נישט און דענערווירט זיך נישט אַליין. איך ווייס, וואָס פאַר אַ שטות עס קריכט דיר אין קאָפּ אַריין. אַז דאָס איז נישט פּשוט, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן. נאַרישקייטן. ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך. דאָס קינד האָט מיך קיינמאָל נישט געזען. מאָרגן וועט ער זיך צוכאַפּן, וועסטו אים מיט קיין צוואַנגען נישט אָפּרייסן.

אָבער ער אַליין איז אַרויס פונעם צימער ווי אַן אָפּגעגאָסענער, מיט אַ געפיל פון אַ שלעכטער פאַרויסאַנונג.

# 4

אין פאַרלויף פון די נאָענטע עטלעכע טעג האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי ווייט איינזאַם ער איז. ער האָט דערין קיינעמען נישט באַשולדיקט. נישט אַנדערש, ווי ער אַליין האָט דאָס געוואָלט.

זיינע פריינד זענען געוואָרן שרעקלעך אומאינטערעסאַנט און פאַרב־לאָז. ביי קיינעם פון זיי איז נישט געבליבן די אייגענע וועלט, די זעלבסט־שטענדיקע מיינונג. זיי האָבן אויסגעזען אַ סך אינטערעסאַנטער אין זיינע זכרונות. ווייזט אויס, אַז ער האָט זיי אַמאָל איבערגעשעצט.

כל זמן דער שטייגער לעבן האָט געגעבן די מעגלעכקייט די איינגעפּונדעוועטע צו ווילן זיך און צו הולינען אויפן חשבון פון דער אָרעמקייט, איז אַזוי גרינג געווען אָנצונעמען פאַר אָריגינעל און אור־שפּרינגלעך די דאָזיקע פּוסטקייט און די רעכט אויפן צעבאַלעוועטן לעבן, מיט וועלכער עס האָט זיך באַנוצט די מינדערהייט, בעת די מערהייט האָט געליטן.

אָבער ווי נאָר די אונטערשטע שיכטן האָבן זיך אויפגעהויבן און די פּריווילעגיעס פון דער עליטע זענען מיטאַמאָל ליקווידירט געוואָרן זענען זיי שנעל פאַרבלאָסט און אָפּגעבליאַקעוועט געוואָרן און אַן צער זיך צעשיידט מיט זייער זעלבשטענדיקן אַרט דענקען, וואָס איז, ווייזט אויס, ביי קיינעם קיינמאָל נישט געווען!

יורי אַנדרייעוויטשן זענען איצט נאָענט צום האַרצן געווען נאָר מענטשן אָן פראַזן און פּאַטאָס, די פרוי און דער שווער, און אויך צוויי־דריי דאָקטוירים־קאָלעגן, באַשיידענע האָרעפּאַשניקעס, פּשוטע אַרבעטער.

דער אָוונט מיט קאַטשקע און ספּירט איז פאַרגעקומען, לויטן פּלאַן, אויפן צווייטן אָדער דריטן טאָג צו זיין קומען. ער האָט שוין פריער באַוויזן צו זען זיך מיט די איינגעלאַדענע, אַזוי אַז דאָס איז נישט געווען זייער ערשטע באַגעגעניש. די פעטע קאַטשקע איז געווען אַן אויסער־געוויינלעכער לוקסוס אין יענע צייטן פון הונגער, אָבער דאָס פעלן פון

ברויט האָט זינלאָז געמאַכט די גרויסאַרטיקייט פון דעליקאַטעס ביז צו אויפרעגונג.

גאָרדאָן האָט געבראַכט ספּירט אין אַ הערמעטיש פאַרמאַכט אַפּטייק־פלעשל. ספּירט איז געווען דאָס באַליבטע טויש־מיטל פון די ספּעקו־לאַנטן. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט נישט אַרויסגעלאָזט דאָס פלעשל פון האַנט און לויט איר איינזען האָט זי דעם ספּירט צעמישט מיט וואַסער אין נישט גרויסע פּאָרציעס. אָפּהענגיק פון דער שטימונג, אַמאָל צו שטאַרק, אַמאָל צו שוואַך. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די נישט גלייכע מי־שונג פון דער פליסיקייט ווירקט שלעכט און איז גורם שיכרות.. אויך דאָס האָט אויפגערעגט.

אָבער אומעטיקער פון אַלץ איז געווען צוליב דעם, וואָס זייער סעודה האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ דיסאָנאַנס אין יענע באַדינגונגען. עס איז נישט געווען צו ברענגען אויפן געדאַנק, אַז אין געסל, אין די שטובן קעגנאיבער זאָל מען איצט אויך אַזוי טרינקען און פאַרבייסן. הינטער די פענצטער איז געלעגן דאָס שטומע, פאַרפינצטערטע און הונ־געריקע מאָסקווע. די געוועלבער זענען געווען ליידיק און וועגן ווילדע קאַטשקעס און בראָנפן האָט מען אפילו נישט געחלומט.

און אָט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָר דאָס לעבן, וואָס איז ענלעך צום לעבן פון די אַרומיקע און ווערט פאַרזונקען אין אים אָן שום שפור — דאָס איז דאָס אמתדיקע לעבן, אַז דאָס גליק פון אָפּגעזונ־דערטע איז קיין גליק נישט. אַז די קאַטשקע און דער ספּירט, וועלכע זענען זיכער די איינציקע אין דער שטאָט, זענען נישט קיין ספּירט און נישט קיין קאַטשקע... דאָס האָט זיי דערדריקט מער פון אַלץ.

אויך די געסט האָבן אַרויפגעפירט אויף טריבע געדאַנקען. גאָרדאָן איז געווען אַנגעגעסן, כל זמן ער האָט שווער געטראַכט און גערעדט אומעטיק און אומבאַהאָלפן. ער איז געווען יורי אַנדרייעוויטשס בעסטער חבר. אין גימנאַזיע האָט מען אים ליב געהאַט. אָבער ער האָט אויפגעהערט געפעלן זיך אַליין און אָנגעהויבן אַריינ־ברענגען אין זיין מאָראַליש געשטאַלט נישט קיין איינגעגעבע־נע אויסבעסערונגען. ער האָט זיך געמאַכט הייטער, געשפּילט אַ פריילעכן, די גאַנצע צייט מיט פּרעטענזיעס אויף שאַרפזיניקייט, און אָפט געזאָגט „אינטערעסאַנט" און „קאָמיש", ווערטער נישט פון זיין שפּראַך־אוצר, ווייל גאָרדאָן האָט קיינמאָל נישט תופס געווען לעבן ווי אַ פאַר־ווײַלונג.

איידער דודאָראָוו איז געקומען האָט ער דערציילט אַ קאָמישע גע־

שיכטע וועגן דודאַראָוס חתונה. די מעשה איז אַרומגעגאַנגען צווישן די חברים, יורי אַנדרייעוויטשן איז זי געווען אומבאַקאַנט.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דודאַראָוו איז געווען פאַרהייראַט בערך אַ יאָר צייט און דערנאָך איז ער זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיטן ווייב. דאָס עיקר אויסטערלישע פון אָט דער געשעעניש איז באַשטאַנען אין פאָלגנדיקן:

על פּי טעות האָט מען דודאַראָוון מאָביליזירט. ערשט אין דער צייט פון זיין דינען האָבן זיך אויפגעקלערט די מיספאַרשטענדעגישן. דערווייל איז דודאַראָוו כסדר באַשטראָפט געוואָרן פאַר גאַפּען און נישט סאַלוטירן אין גאַס. לאַנג נאָך זיין באַפרייען אים, פלעגט זיין האַנט אַרויפשפּרונגען ווי נאָר ער האָט דערזען אַן אָפיציר, עס האָט אים געפינקלט פאַר די אויגן און אומעטום האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס גלאַנצן עפּאָלעטן.

אין יענעם פּעריאָד האָט ער אַלצדינג געטאָן אומגעלונגען, געמאַכט פאַרשידענע אומגעלומפּערטקייטן און געליטן דורכפאַלן. טאָקע אין דער צייט זאָל ער זיך האָבן באַקענט אויף איינער פון די וואָלגער פּאָרטן מיט צוויי שוועסטער, וועלכע האָבן געוואַרט אויף דער זעלבער שיף. און ווייזט אויס צוליב זיין צעשטרייטקייט, אַ רעזולטאַט פון די פיל אַנגעווענדיקע מיליטערלייט און פון זיינע איבערלעבענישן מיטן זעלנערישן סאַלוטירן, האָט ער זיך נישט גוט איינגעקוקט און אויפן ערשטן בליק זיך איינגעליבט און אין איילעניש געמאַכט אַ חתונה־פאַרשלאַג דער ייִנגערער שוועסטער. „אינטערעסאַנט, נישט אמת?" — האָט גאָרדאָן געפרעגט. אָבער ער האָט געמוזט פאַרטושן דעם סוף פון דער שילדערונג. הינטער דער טיר האָט זיך דערהערט די שטים פונעם העלד אין דער דערציילונג. אין צימער איז אַריינגעקומען דודאַראָוו.

מיט אים איז פאָרגעקומען אַ פאַרקערטע ענדערונג. דער אַמאָליקער נישט־שטאַנדהאַפטיקער און צעפלויגענער לאַ־יוצלח האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנצענטרירטן געלערנטן.

ווען מען האָט אים אין דער יוגנט אויסגעשלאָסן פון גימנאַזיע פאַר באַטייליקן זיך אין צוגרייטן אַ פּאָליטישע פּליטה, האָט ער אַ שטיק צייט זיך אַרומגעוואָלגערט איבער פאַרשידענע קינסטלערישע לערן־אַנשטאַלטן. אָבער סוף־כל־סוף האָט ער זיך דערשלאָגן צו אַ קלאַסישן ברעג. מיט אַ פאַרשפּעטיקונג לגבי זיינע חברים האָט דודאַראָוו געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין די מלחמה־יאָרן און אַטעסטירט געוואָרן אויף צוויי קאַטעדרעס, פון רוסיש און אַלגעמיינע געשיכטע. אויף דער ערשטער האָט ער געשריבן עפּעס אַ זאַך וועגן דער אַגראַר־פּאָליטיק פון איוואַן דעם גרויזאַמען, און אויף דער צווייטער — אַן אַרבעט וועגן סען־זשיסט.

וועגן דעם אַלעם האָט ער איצט העפלעך דערציילט מיט אַ נישט הויכער און ווי צוגעקילטער שטים. ער האָט דערביי טרוימעריש געקוקט אין איין פונקט, נישט אַראָפּגעלאָזט און נישט אויפגעהויבן די אויגן, פּונקט ווי ביים לייענען אַ לעקציע.

צום סוף פון אָוונט, ווען שוראַ שלעזינגער האָט זיך אַריינגעריסן מיט איר געפּילדער, און אַלע אַנוועזנדיקע, וואָס זענען שוין אָן דעם געוועז צעהיצט, האָבן איבערגעשריגן איינער דעם צווייטן, האָט אינאָקענטי, מיט וועמען יורי אַנדרייעוויטש איז געווען נאָך פון די שול־יאָרן אויף „איר", עטלעכע מאָל געפרעגט:

— איר האָט געלייענט „מלחמה און שלום" און די „פּליט חוט־השדרה"?

יורי אַנדרייעוויטש האָט אים שוין לאַנג געהאַט געזאָגט, וואָס ער טראַכט וועגן דעם ענין, אָבער דודאָראָוו האָט עס נישט דערהערט צוליב דעם אַלגעמיינעם הייסן וויכוח. האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום אים ווידער געפרעגט:

— איר האָט געלייענט „די פּליט חוט־השדרה" און „מענטש"?

— איך האָב אײַך דאָך שוין געענטפערט, אינאָקענטי. עס איז אײַער שולד, וואָס איר האָט נישט געהערט. נו, זאָל זײַן, כ'וועל זאָגן נאָכאַמאָל. מאַיאַקאָווסקי איז מיר שטענדיק געפעלן געוואָרן. ער איז אַ מין המשך פון דאָסטאָיעווסקין, אָדער ריכטיקער, דאָס איז ליריק, געשריבן דורך עמיצן פון זײַנע ייִנגערע בונטעווענדיקע פּערסאָנאַזשן פונעם טיפּ איפּפּאָליט, ראַסקאָלניקאָוו אָדער דעם העלד פון „יונגלינג". וואָס פאַר אַ מיטרייסנדיקע קראַפט פון באַגאַבונג! ווי אַזוי דאָס איז געזאָגט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אומרחמנותדיק און קאָנסעקווענט! און דאָס וויכטיקסטע, מיט וואָס פאַר אַ דרייסטן פאַרנעם ווערט דאָס אַלץ געשליידערט אין פּנים פון דער געזעלשאַפט און ערגעץ־ווו ווייטער נאָך, אין רוים!

אָבער דער הויפּט־טשוואָק פונעם אָוונט איז, נאַטירלעך, געווען דער פעטער. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך טועה געווען, בעת זי האָט געזאָגט, אַז ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש געפינט זיך אויף דאַטשע. ער האָט זיך אומגעקערט אין דעם זעלבן טאָג ווען דער פּלימעניק איז געקומען צופאָרן און זיך געפונען אין שטאָט. יורי אַנדרייעוויטש האָט אים שוין געהאַט געזען צוויי אָדער דריי מאָל, און באַוויזן מיט אים זיך אָנצורעדן און אָנצולאַכן.

זייער ערשטע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין אָוונט פון אַ גרויען, פאַרכמאַרעטן טאָג. אַ רעגנדל האָט געשפּריצט מיט אַ דראָבנעם וואַסער־

דיקן שטויב. יורי אַנדרייעוויטש איז געקומען צו ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן אין האָטעל־צימער. אין די האָטעלן האָט מען שוין אָנגענומען בלויז לויט דער רעקאָמענדאַציע פון דער שטאָטישער מאַכט. אָבער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן האָט מען אומעטום געקענט. ער האָט געהאַט אַלטע פאַרבינדונגען.

דער האָטעל האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ משוגעים־הויז, פון וועלכן די אַדמיניסטראַציע איז זיך צעלאָפן. אַ ליידיקייט, אַ כאַאָס, אַ באַלעבאַטישקייט פון צופאַל אויף די טרעפּ און אין די קאָרידאָרן.

אינעם גרויסן פענצטער פון דעם נישט צוגערוימטן צימער האָט אַריינגעקוקט דער ריזיקער פּוסטער פּלאַץ פון יענע משוגענע טעג, און געשראָקן מיט עפּעס, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געוויזן ביינאַכט אין שלאָף, ווי ער וואָלט נישט געלעגן אויף אַן אמת פאַר די אויגן, הינטערן פענצטער פון האָטעל.

דאָס איז געווען אַ דערשיטערנדיקע, אומפאַרגעסלעכע, ווונדערלעכע באַגעגעניש! דער אָפּגאָט פון זיין קינדהייט, דער האַר פון זיינע יוגנטלעכע חלומות איז ווידער געשטאַנען פאַר אים אַ לעבעדיקער.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן האָט זייער געפּאַסט די גרויקייט. דער אויסלענדישער ברייטער אַנצוג איז גוט געלעגן אויף אים. אויף זיינע יאָרן איז ער נאָך געווען מונטער און אויסגעזען זייער שיין.

געוויס האָט ער אויפן פאָן פון די אומגעהויערע געשעענישן אַ סך פאַרלוירן. די געשעענישן האָבן אים פאַרשטעלט. אָבער יורי אַנדרייעוויטשן איז אַפילו נישט איינגעפאַלן צו מעסטן אים מיט אַזאַ מאָס.

אים האָט פאַרוווּנדערט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשס רויקייט, זיין קאַלטבלוטיקער שפּאַסיקער טאָן, מיט וועלכן ער האָט גערעדט אויף פּאָליטישע טעמעס. זיין פעיקייט צו האַלטן זיך האָט איבערגעשטיגן די איצטיקע רוסישע מעגלעכקייטן. אין אָט דעם שטריך איז געקומען צום אויסדרוק דער צוגערייזטער. דער דאָזיקער שטריך האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן, אויסגעזען אַלטמאָדיש און אַרויסגערופן אומבאַקוועמקייט.

אָך, אָבער נישט דאָס, אַבסאָלוט נישט דאָס האָט אָנגעפילט די ערשטע שעהן פון זייער באַגעגעניש, האָט זיי געצווונגען צו וואָרפן זיך אויפן האַלדז, וויינען און, שטיקנדיק זיך פון גערירטקייט, איבעררייסן טימ אָפטע פויזעס די שנעלקייט און הייסקייט פונעם ערשטן שמועס.

עס האָבן זיך באַגעגנט צוויי שעפערישע כאַראַקטערן, פאַרבונדענע מיט משפּחהדיקער נאָענטקייט. און הגם עס איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן דאָס פאַרגאַנגענע, זכרונות האָבן אָנגעפליצט און ס׳זענען אַרויסגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך געשעענישן, פאָרגעקומענע בעת זייער

צעשיידקייט — אָבער ווי נאָר עס איז געקומען צו רייד וועגן עיקר, וועגן זאַכן, וועלכע זענען באַוווּסט בלויז מענטשן מיט אַ שעפערישער סטרוקטור, זענען גלייך פאַרשווונדן אַלע פאַרבינדונגען, אויסער דער דאָזיקער איינציקער. עס האָט נישט עקזיסטירט מער קיין פעטער, קיין פּלימעניק, נישט דער אונטערשיד אין זייער עלטער, איבערגעבליבן איז בלויז די נאָענטקייט פון סטיכיע מיט סטיכיע, פון ענערגיע מיט ענערגיע, פון אור־קראַפט מיט אורקראַפט.

אין משך פון לעצטן יאָרצענדליק האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש נישט געהאַט, ווי איצט, קיין געלעגנהייט צו רעדן וועגן דעם צויבער פון אויטאָרישקייט און דעם וועזן פון שעפערישער באַשטימונג מיט אַזאַ אַדעקוואַטקייט פון די אייגענע געדאַנקען. פון דער אַנדערער זייט איז נאָך יורי אַנדרייעוויטשן נישט אויסגעקומען צו הערן מיינונגען, וואָס זאָלן זיין אַזוי דורכדרינגלעך פּינקטלעך און אַזוי באַפליגלדיק־צוציענדיק, ווי אָט דער אַנאַליז.

צייטנווייז האָבן זיי ביידע אויפגעשריגן און געלאָפן איבערן צימער, כאַפנדיק זיך פאַרן קאָפּ צוליב דער טרעפלעכקייט פון זייער ביידנס מיינונגען. אָדער זיי זענען אַוועק צום פענצטער און שווייגנדיק האָבן זיי געפּויקט מיט די פינגער איבערן גלאָז, אויפגעטרייסלטע פון זייער קעגנזייטיקער פאַרשטענדעניש.

אַזוי האָט עס אויסגעזען בעת זייער ערשטער באַגעגעניש, אָבער דערנאָך האָט דער דאָקטאָר געזען עטלעכע מאָל ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן אין געזעלשאַפט, און צווישן מענטשן איז דער פעטער געווען אַן אַנדערער, נישט צום דערקענען.

אין מאָסקווע האָט ער זיך געפילט ווי אַ גאַסט און נישט געוואָלט זיך צעשיידן מיטן דאָזיקן באַוווּסטזיין. צי האָט ער דערביי געהאַלטן פאַר זיין היים פעטערבורג אָדער וועלכע עס איז אַנדערע שטאָט, איז שווער געווען צו דערגיין. אים איז געפעלן די ראָל פון אַ פּאָליטישן שיינרעדער און אַ געזעלשאַפטלעכן באַצויבערער. אפשר האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז אין מאָסקווע וועלן זיך עפענען פּאָליטישע סאַלאָנען, ווי אין פּאַריז פאַרן קאָנווענט ביי מאַדאַם ראָלאַן.

ער פלעגט באַזוכן זיינע פריינדינס, די גאַסטפריינדלעכע איינוווינער פון די שטילע מאָסקווער געסלעך, און זייער חנוודיק אויסגעלאַכט זיי און זייערע מענער — צוליב דער האַלבקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, צוליב זייער געוווינהייט צו משפּטן וועגן אַלץ לויט זייער אייגענעם קלייזל. ער האָט איצט קאָקעטירט מיט זיין אָנגעלייענטקייט פון צייטונגען, פּונקט ווי אַמאָל מיט אפּיקורסישע ביכלעך און אָרפיסטישע טעקסטן. מען האָט גע־

שמועסט, אַז איך דער שוויץ האָט ער איבערגעלאָזט אַ פרישע יונגע לײדנשאַפט, אַ נישט פאַרענדיקט װערק, אַ נישט דערשריבן בוך. ער װעט זיך בלויז אָפּטובלען אין צעשטורעמטן פאָטערלענדישן קעסל, און שפּעטער, אויב ער װעט ארויפּטויכן אַ גאַנצער, װעט ער װידער אַװעק צו זײנע אַלפּן, אַז מען װעט אים קוים געדענקען.

ער האָט געהאַלטן מיט די באָלשעװיקעס און אָפּט האָט ער אָנגערופן די נעמען פון צװײ אידײע־חברים, לינקע עסערן, — אַ זשורנאַליסט מיטן פּסעװדאָנים מיראשקא פּאָמאָר און אַ פּובליציסטקע סילװיאַ קאָטערי.

אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָװיטש האָט װאָרטשענדיק אים פּאָר־געװאָרפן:

— ס׳איז פּשוט שרעקלעך, װוהין איר זענט פאַרפאָרן, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעװיטש! אָט די מיראָשקעס אײערע. װאָס פּאַר אַ גרויל! און דערנאָך די לידיא פּאָקאָרי.

— קאָטערי, — האָט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעװיטש פאַריכט. — און — סילװיאַ.

— נו, אַלץ אײנס, פּאָקאָרי צי פּאָפּורי, פון אַ װאָרט װעט קײנעם גאָרנישט נישט געשען.

— פונדעסטװעגן, אַנטשולדיקט, קאָטערי — האָט ניקאָלאַי ניקאָ־לאַיעװיטש געדולדיק איבערגעחזרט. ער און אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָ־װיטש האָבן געלאָזט הערן אײנער פאַרן צװײטן אַזעלכע רעדעס:

— איבער װאָס אַמפּערן מיר זיך? אַזעלכע זעלבסטפאַרשטענדלעכ־קײטן איז פּשוט אַ חרפּה צו באַװײזן. דאָס איז אלף־בית. דער װיכטיקסטער שיכט פון פאָלק האָט יאָרהונדערטער געפירט אַן אומדערטרעגלעך לעבן. נעמט דאָס ערשטע־בעסטע לערנבוך פון געשיכטע. װי מען זאָל דאָס נישט אָנרופן, פעאָדאַליזם און לײבאײגנטום־רעכט, אָדער קאַפּיטאַליזם און פאַבריק־אינדוסטרי, האָט מען שוין פון לאַנג געזען די אומגערעכטיקײט און נישט־נאַטירלעכקײט פון אַזאַ אָרדענונג און ס׳איז שוין פון לאַנג צוגעגרײט געװאָרן די איבערקערעניש, װאָס װעט אַרויספירן דאָס פאָלק צו ליכט און אַלץ אַװעקשטעלן אויפן געהעריקן אָרט.

— איר װײסט, אַז דאָס טײלװײזע באַנײען דאָס אַלטע װעט נישט העלפן. עס איז נײטיק, אַז מען זאָל צעברעכן ביזן יסוד. קאָן זײן, אַז דאָס װעט צעשטערן דעם גאַנצן בנין. נו איז װאָס? דערפון, אַז דאָס איז שרעקלעך דרינגט נאָך נישט אַרויס, אַז דאָס װעט נישט געשען! דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צײט. װי קאָן מען דאָס אָפּװענדן?

— ע, אָבער נישט װעגן דעם איז די רײד, צי האָב איך דאָס

געמיינט? וואָס האָב איך דען געזאָגט? — האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנ־דראָוויטש זיך געבייזערט און דער וויכוח האָט זיך פאַרשאַרפט:

— אייערע פּאָפּוררים און מיראָשקעס זענען מענטשן אַן געוויסן, זיי רעדן איינס און טוען דאָס צווייטע, אָן קיין שום צוזאַמענהאַנג. ניין, וואַרט צו, איך וועל אייך באַלד וויזן.

און ער האָט אָנגעהויבן אויסזוכן עפּעס אַ זשורנאַל מיט אַ סתירהדיק אַרטיקל. ער האָט הילכיק אַריין און אַרויסגערוקט די שופלאָדן פון שרייב־טיש און מיט אָט דעם הויכן פאַרעַן זיך צערייצט זיין עלאָקווענץ.

אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט ליב געהאַט, אַז עפּעס־וואָס זאָל אים שטערן ביים שמועס, אַז די שטערונגען זאָלן באַרעכטיקן זיינע שטאַמלענדיקע פּויזעס. די באַריידעוודיקייט פלעגט אים באַפאַלן אין די מאָמענטן ווען ער האָט געזוכט עפּעס אַ פאַרלוירענע זאַך, למשל ביים אָפּזוכן דעם צווייטן קאַלאָש אין דער טונקלקייט פון פאָדערצימער, בעת ער איז געשטאַנען מיטן האַנטעך איבערן אַקסל אויף דער שוועל פון באָד־צימער, ביים דערלאַנגען אַ שווערע כלי אויפן טיש, אָדער ווען ער האָט אָנגעגאָסן דעם ווייַן פאַר די געסט.

יורי אנדרייעוויטש האָט מיט פאַרגעניגן געהערט דעם שווער. ער האָט פאַרגעטערט אָט די גוט־באַקאַנטע אַלטמאָסקווער זינגענדיקע שפּראַך מיט די ווייכע האַלדז־רישן ענלעך צום מרוקען פון אַ קאַץ, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די גראָמעקאָ־מענטשן.

די אייבערשטע ליפּ פון אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן מיט די אונטערגעשוירענע וואָנסעלעך האָבן עטוואָס אַרויסגעשטאַרט איבער דער אונטערשטער ליפּ. פּונקט אַזוי איז זיין שמעטערלינג־שלייף אָפּגעשטאַנען פון דער ברוסט. עס איז געווען עפּעס בשותפותדיקס צווישן אָט דער ליפּ און דער שלייף, און דאָס האָט צוגעגעבן אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָ־וויטשן עפּעס רירנדיקס, צוטרוילעך־קינדערישס.

שפּעט ביינאַכט, כמעט שוין פאַרן אַוועקגיין פון די געסט האָט זיך באַוויזן שוראַ שלעזינגער. זי איז גלייך פון עפּעס אַ פאַרזאַמלונג געקומען אין זשאַקעטל און וואַכעדיקן היטעלע, אַריין אין צימער מיט דעצידירטע טריט, און לויט דער ריי דערלאַנגט יעדן די האַנט, תיכף ביים באַגריסן זיך האָט זי אָנגעהויבן מאַכן פאַרוואורפן און באַשולדיקונגען.

— גוטן־אָוונט, טאַניאַ. גוטן־אָוונט, סאַניעטשקאַ. פונדעסטוועגן וועט איר מסכים זיין, אַז עס איז אַ חזירייַ. אומעטום הער איך, אַז ער איז גע־קומען, וועגן דעם רעדט גאַנץ מאָסקווע, און איך ווער עס פון אייך געוווירער די לעצטע. גייט צו אַלדע טייוול. ווייזט אויס, אַז איך האָב זיך נישט פאַר־דינט. ווו איז ער, דער לאַנג־דערוואַרטער? לאָזט מיך צו צו אים. זיי האָבן

אים אַרומגערינגלט ווי מיט אַ וואַנט, נו, זיי באַגריסט, העלד! איך האָב געלייענט. איך פאַרשטיי גאָרנישט, אָבער דאָס איז געניאַל. דאָס זעט מען באַלד. גוטן־אָוונט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. איך קום באַלד צו דיר צוריק, יוראָטשקאַ. איך וועל האָבן מיט דיר אַ לאַנגן, באַזונדערן געשפרעך. גוטן־אָוונט, יונגע מענטשן. און דו ביסט אויך דאָ, גאַגאָטשקאַ? גענדזלעך, גענדזלעך גאַ־גאַ־גאַ, עסן ווילט איר, יאַ־יאַ־יאַ?

דער לעצטער אויסרוף איז געווען געווענדט צו גראָמעקאָס אַ וויטן קרוב, צו גאַגאָטשקאַ, וואָס איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון יעדער אויפשטייגנדיקן כוח. צוליב זיין טפשות און קאָמישקייט האָט מען אים גערופן אַקולאַ, און צוליב זיין הויכקייט און דאַרקייט — באַנדוואָרעם.

— און איר דאָ טרינקט און פאַרבייסט? איך וועל אייך באַלד דעריאָגן. אַך, מיינע הערן, איר ווייסט גאָרנישט, איר האָט נישט קיין שום אָנונג! וואָס אויף דער וועלט טוט זיך! וואָס פאַר אַ זאַכן עס געשעען! גייט אויף דער ערשטער בעסטער פאַרזאַמלונג פון אמתע פאָלקס־מענטשן מיט נישט־אויסגעטראַכטע אַרבעטער, מיט נישט־אויסגעטראַכטע זעלנער, נישט פונעם ביכל אַרויס. פּראָבירט נאָר דאָרט אַ וואָרף־טאָן אַ וואָרט וועגן אַ מלחמה ביזן זיגרייכן סוף. מען וועט אייך דאָרט דערלאַנגען אַ זיגרייכן סוף! איך האָב איצט געהערט רעדן אַ מאַטראָס! יוראָטשקאַ, דו וואָלסט משוגע געוואָרן! וואָס פאַר אַ ליידנשאַפט! וואָס פאַר אַ שלימות!

די פאַרזאַמלטע האָבן איר איבערגעריסן. אַלע האָבן געמאַכט קולות, ווער בוידעם, ווער קלאָץ. זי האָט זיך צוגעזעצט צו יורי אַנדרייעוויטשן, אָנגענומען אים פאַר דער האַנט און דערנעענטערט צו אים דאָס פּנים, כּדי איבערצושרייען די אַנדערע. זי האָט געשריגן אָן העכערע און נידעריקערע טענער, ווי אין אַ טעלעפאָן־טרייבל:

— קום אַמאָל מיט מיר, יוראָטשקאַ. איך וועל דיר וויזן מענטשן. דו מוזט, דו מוזט, פאַרשטייסט, ווי אַנטעוס, קומען אין באַרירונג מיט דער ערד. וואָס האָסטו אויסגעגלאָצט אויף מיר די אויגן? דו חידושסט זיך אויף מיר? ווייסטו דען נישט יוראָטשקאַ, אַז איך בין אַן אַלט שלאַכט־פערד, אַן אַמאָליקע אָנהענגערין פון בעסטוזשעוו? איך בין געזעסן אין אַרעסט. איך האָב זיך געשלאָגן אויף באַריקאַדן. זיכער! וואָס האָסטו געמיינט? אָ, מיר קענען נישט דאָס פאָלק! איך קום נאָרוואָס פון דאָרט, פון דער געדיכטעניש. אַ ביבליאָטעק אָרדן איך זיי איין.

זי האָט שוין געהאַט אַ זופּ־געטאָן און זי איז בפירוש געווען שיכור. אָבער אויך יורי אַנדרייעוויטשן האָט געטרויסט אין קאָפּ. ער האָט נישט באַמערקט ווי עס איז געשען, אַז שוראַ שלעזינגער האָט זיך געפונען אין

איין ווינקל פון צימער, און ער איז אַנדערן, ביים סוף פון טיש. ער איז געשטאַנען און לויט אַלע סימנים געגומען רעדן אומגעריכט פאַר זיך אַליין: נישט באַלד האָט ער גובר געווען דעם טומל.

— חשובע געסט... איך וויל... מישאַ! גאַגאַטשקאַ!... וואָס זאָל איך טאָן, טאַניאַ, אַז זיי הערן נישט? מיינע הערן, לאָזט מיר זאָגן צוויי ווער־טער. עס רוקן זיך אָן אומגעהערטע און אומגעזעענע געשעענישן. און איידער זיי וועלן אונדז דערגרייכן וויל איך אייך ווינטשן, אַז ווען זיי וועלן אָנקומען, זאָל אונדז גאָט העלפן, אַז מיר זאָלן נישט פאַרלירן איינער דעם צווייטן און מיר זאָלן אויך נישט פאַרלירן די נשמה. גאַגאַטשקאַ, איר וועט שפּעטער שרייען הוראַ. איך האָב נאָך נישט געענדיקט. רייסט איבער די שמועסן אין די ווינקעלעך און הערט אויפמערקזאַם.

אין דריטן יאָר פון דער מלחמה האָט זיך געשאַפן אין פאָלק די איבערצייגונג, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט פאַרווישט ווערן די גרענעץ צווישן פראָנט און הינטערלאַנד, דער ים פון בלוט וועט דערגרייכן יעדן און פאַרפלייצן די, וואָס דרייען זיך אַרויס און צוימען זיך אַרום. די דאָזיקע פאַרפלייצונג איז די רעוואָלוציע.

בעת זי וועט פאַרקומען וועט זיך אייך ווי אונדז אויפן פראָנט דאַכטן, אַז דאָס לעבן איז געוואָרן איבערגעריסן, אַז אַלדאָס פּערזענלעכע האָט זיך געענדיקט, אַז עס געשעעט קיין שום זאַך מער אויף דער וועלט, רק מען הרגעט און מען שטאַרבט. און אויב מיר ווילן דערלעבן און לייע־נען די זכרונות וועגן דער דאָזיקער צייט, וועלן מיר זיך איבערצייגן, אַז מיר האָבן אין משך פון די פינף אָדער צען יאָר איבערגעלעבט מער, ווי אַנדערע אין פאַרלויף פון אַ גאַנצן יאָרהונדערט.

איך ווייס נישט, צי דאָס פאָלק גופא וועט אויפשטיין און גיין פאַרויס ווי אַ מויער, אָדער אַלץ וועט געטאָן ווערן אין זיין נאָמען. פון אַזאַ מעכטיקער געשעעניש פאַרלאַנגט מען נישט קיין באַווייזן, ווי עס פאָדערט זיך פון דראַמעס. איר וועט איך אויך אָן דעם גלויבן. ס'איז קליינלעך צו נישטערן זיך אין די סיבות פון ריזיקע געשעענישן. דאָרט זענען זיי נישט בנמצא. בלויז ביי היימישע קריגערייען איז פאַראַן אַ גענעזע. און ווען מען רייסט זיך שוין ביי האָר אָדער מען ברעכט שוין די כלים, קאָן מען ערשט נישט דערגיין, ווער עס האָט אָנגעהויבן דער ערשטער. דאָקעגן יעדע אמתדיקע גרויסע געשעעניש האָט נישט קיין אָנהייב, פונקט ווי דער וועלטאַל. זי באַווייזט זיך פאַר דיר פּלוצלינג אָן אָן אַנטשטייאונג, פונקט ווי זי וואָלט שטענדיק עקזיסטירט, אָדער אַראָפּ־געפאַלן פון הימל.

איך מיין אויך, אַז רוסלאַנד איז באַשערט צו זיין די ערשטע הער־

שאַפט פון סאָציאַליזם זינט די וועלט עקזיסטירט. בעת דאָס וועט געשען וועט עס אונדז פאַרטריבן אויף אַ לאַנגער צייט און ווען מיר וועלן קומען צו זיך, וועלן מיר שוין נישט קריגן צוריק, קיין העלפט פון פאַרלוירענעם זכרון. מיר וועלן פאַרגעסן, וואָס עס איז געווען פריער און וואָס שפּעטער און מיר וועלן נישט זוכן קיין אויפקלערונג פאַר דעם אומגעווײנלעכן, די אָנקומענדיקע אָרדנונג וועט אונדז אַרומנעמען מיט דער נאַטירלעכקייט פון וואַלד אויפן האָריזאָנט, אָדער פון וואָלקן איבערן קאָפּ. זי וועט אונדז אַרומרינגלען פון אַלע זייטן. ס'וועט נישט זיין קיין שום אַנדער זאַך.

ער האָט נאָך עפּעס געזאָגט און דערווייל זיך אינגאַנצן אויסגע־ניכטערט. אָבער ווי פריער האָט ער שלעכט געהערט וואָס מען האָט גע־רעדט אַרום אים און געענטפערט נישט צו דער זאַך. ער האָט געזען די אַלגעמיינע ליבשאַפט צו אים, אָבער נישט געקאָנט אַוועקטרייבן פון זיך דעם טרויער, וואָס האָט אים נידערגעשלאָגן. ער האָט נאָך צוגעגעבן:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק. איך זע אייערע געפילן. איך האָב זיי נישט פאַרדינט. אָבער מען דאַרף נישט ליב האָבן אַזוי איילִיק און צוריקגעהאַלטן, ווי מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל דערנאָך נישט דאַרפן ליב האָבן נאָך מער.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט און אַפּלאָדירט, זיי האָבן דערין געזען אַ באַוווסטזיניקע אַריינזאָגעניש, אָבער ער האָט נישט געוווּסט ווו זיך אַהינ־צוטאָן פאַרן געפיל פון אָנקומענדיקן אומגליק, פאַרן באַוווסטזיין פון זיין מאַכטלאָזיקייט לגבי דער צוקונפט, נישט געקוקט אויף זיין גאַנצן דורשט צו גוטס און זיין פעיקייט צו גליק.

די געסט זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

פון מידקייט האָבן זיך ביי אַלע אויסגעצויגן די פּנימער. דאָס גע־ניצן האָט אויפגעריסן און געשלאָסן זייערע קינבאַקן און געמאַכט זיי ענלעך צו פערד.

בעתן געזעגענען זיך האָבן זיי אָפּגערוקט די פאַרהאַנג און אויפ־געפראַלט דאָס פענצטער. עס האָט זיך באַוויזן אַ געלבלעכער פאַרטאָג, אַ נאַסער הימל און שמוציקע וואָלקנס פון ערדיש־אַרבעסדיקן קאָליר.

— ווייזט גאָר אויס, אַז ס'איז געווען אַ שטורעם, בעת מיר האָבן געמאַטלט, — האָט עמיצער זיך אָנגערופן.

— אויפן וועג אַהער האָט אָנגעהויבן רעגענען. כ'בין קוים דער־לאָפן, — האָט שוראַ שלעזינגער באַשטעטיקט.

אין דעם פוסטן און נאָך טונקעלן געסל האָבן געקלאַפּט די פאַלנ־דיקע טראָפּנס פון די ביימער אינמיטן דעם פאַרעקשנטער צוויטשעריי פון די אויסגעווייקטע שפּערלען.

עס האָט זיך אַ קייקל געטאָן אַ דונער, ווי מען וואָלט מיט אַן אַקער־אייזן געעפּנט אַ שפּאַלט איבערן גאַנצן הימל און אַלץ איז געוואָרן שטיל. דערנאָך האָבן זיך דערהערט פיר הילכיקע פאַרשפּעטיקטע קלעפּ, ווי עס שיטן זיך האַרבסט־צייט גרויסע קאַרטאָפל ביים שאַרן זיי פון בערגל מיט דער לאָפּעטע.

דער דונער האָט דורכגערייניקט דאָס שטוביק־אָנגערויכערטע צימער. און מיטאַמאָל האָט מען אָנגעהויבן אָפּפילן ווי עלעקטרישע עלע־מענטן די באַשטאַנד־טיילן פון קיום, וואַסער און לופט, דער חשק צו פרייד, ערד און הימל.

דאָס געסל איז פול געוואָרן מיט די קולות פון די געסט, וואָס זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. זיי האָבן ווייטער געפירט דעם הויכן שמועס, געענוי ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין שטוב. די קולות האָבן זיך דערווייטערט. עס איז שטיל געוואָרן.

— ווי שפּעט עס איז שוין, — האָט יורי אַנדרייעוויטש געזאָגט. — לאָמיר גיין שלאָפן. פון אַלע מענטשן אין דער וועלט האָב איך ליב בלויז דיך און דעם פאָטער.

# 5

דער אויגוסט איז אַדורך, דער סעפּטעמבער האָט זיך געענדיקט. אין דער לופט האָט זיך דערפילט דאָס אומפאַרמיידלעכע. דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט, און אין דער מענטשלעכער וועלט — דאָס וואָס איז ענלעך צום ווינטערדיקן אָפּשטאַרבן, דאָס פאַרויס־געחתמעטע, וואָס האָט זיך געטראָגן אין דער לופט און געווען ביי אַלעמען אויף די ליפּן.

מען האָט זיך געדאַרפט גרייטן צו די פרעסט. מאַכן זאַפּאַסן פון עסנוואַרג און האָלץ. אָבער אין די טריומף־טעג פון מאַטעריאַליזם איז די מאַטעריע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַגריף, שפּייז און האָלץ — אין פּראָבלעמען פון דערנערונג און באַהייצונג.

מענטשן אין די שטעט זענען געווען אומבאַהאָלפן ווי קינדער אין אָנבליק פון דער זיך דערנענטערדיקער אומקלאָרקייט, וואָס האָט אומ־געוואָרפן אויף איר וועג אַלע עקזיסטירנדיקע געוווינהייטן און איבערגע־לאָזט נאָך זיך אַ פאַרוויסטונג, הגם זי אַליין איז געווען אַ פּראָדוקט פון שטאָט און די שאַפונג פון שטאָטישע.

אומעטום האָט מען זיך אַליין אָפּגענאַרט און פאַרפלוידערט. די טאָגטעגלעכקייט האָט נאָך געהונקען און לאָמערהייט געקראָכן ווי עס איז לויט דער אַלטער געוווינהייט. אָבער דער דאָקטאָר האָט געזען דאָס לעבן

אַן פּאַרב און שמינקע. פאַר אים האָט זיך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן די פּאַראורטיילטקייט. ער האָט געזען זיך און זיין סביבה ווי פאַרמשפּטע. מען האָט געדאַרפט דערוואַרטן נסיונות, און אפשר אפילו אומקום. די געציילטע, געבליבענע טעג זענען ווי צעגאַנגען פאַר זיינע אויגן.

ער וואָלט אַראָפּ פון זינען ווען נישט די טאָגטעגלעכע קליינקייטן, שווערקייטן און דאגות. די פרוי, דאָס קינד, די נויטווענדיקייט צו שאַפן געלט — זענען געווען זיין ישועה; — דאָס טעגלעכע ברויט, די באַשיידנקייט, דאָס געראַנגל, די אַרבעט, דאָס באַזוכן די קראַנקע.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ ליליפּוט לגבי דעם אומגעהויערן פּאַרנעם פון דער צוקונפט. ער האָט זיך געשראָקן פאַר איר. ער האָט זי ליב געהאַט און בסוד מיט איר שטאָלצירט. צום לעצטן מאָל, ווי ער וואָלט זיך געזעגנט, האָט ער געקוקט מיט גיריקע אויגן פון באַגייסטערונג אויף די וואָלקנס און ביימער, אויף די מענטשן אין גאַס, אויף דעם גרויסן רוסישן פאָלק, וואָס ראַנגלט זיך אין זיינע אומגליקן, און ער איז גרייט געווען צו ברענגען זיך פאַר אַ קרבן, כדי עס זאָל ווערן בעסער. ער איז אָבער נישט געווען בכוח עפּעס צו טאָן.

אָט דעם הימל און אָט די פאַרבייגייער האָט ער אָפט געזען פון מיטן ברוק, בעת ער פלעגט אַריבערגיין דעם אַרבאַט ביי דער אַפּטייק פון דעם רוסישן דאָקטוירים־פאַרבאַנד אויפן ראָג סטאַראָקאָנעשני.

ער איז ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן אין זעלבן שפּיטאָל וואָס אַמאָל. דאָס שפּיטאָל האָט מען לויט דער אַלטער געוווינהייט נאָך גערופן „קרעסטאָוואזדוויזשענסקאיא", הגם די געזעלשאַפט מיטן דאָזיקן נאָמען איז שוין געווען פאַנאַנדערגעלאָזט. אָבער מען האָט נאָך נישט געהאַט צוגעטראַכט פאַרן שפּיטאָל אַ פּאַסיקן נאָמען.

אין שפּיטאָל האָט זיך שוין אָנגעהויבן די דיפערענציאַציע, פאַר די מעסיקע, וועמענס טעמפּקייט האָט אויפגערעגט דעם דאָקטאָר, האָט ער אויסגעזען געפערלעך, פאַר יענע ווידער, וואָס זענען פאָליטיש ווייט אַוועק — נישט גענוג רויט. אַזוי אַרום האָט ער זיך געפונען נישט דאָ און נישט דאָרט, פון איין ברעג אַוועק און צום צווייטן נישט דערשוווּמען.

אין שפּיטאָל האָט דער דירעקטאָר אַרויפגעלייגט אויף אים, אויסער זיינע דירעקטע פליכטן, אויך די אויפזיכט איבער אַלע סטאַטיסטישע חשבונות. וואָסערע אַנקעטעס, פרעג־בויגנס און אָפיציעלע בלאַנקן האָט ער אַלץ נישט אַדורכגעקוקט, וואָסערע באַשטעלונג־פאָרמולאַרן האָט ער אַלץ נישט אויסגעפילט! די שטערבלעכקייט, דער וווּקס פון קראַנקייטן, די מאַטעריעלע סיטואַציע פון די אַרבעטנדיקע, די הייך פון זייער בירגער־

לעבן באַוווּסטזיין און די מדרגה פון זייער אַנטייל אין די וואַלן, די נישט באַפרײדיקטע באַדערפֿעניש אין באַהייצונג, דערנערונג, מעדיקאַמענטן — דאָס אַלץ האָט אינטערעסירט דעם צענטראַלן סטאַטיסטישן אַמט, אויף דעם אַלעם האָט מען פֿאַרלאַנגט אַן ענטפֿער.

דער דאָקטאָר האָט מיט דעם אַלעמען זיך פֿאַרנומען ביי זיין אַלטן טיש נעבן דעם פֿענצטער פֿון אָרדינאַטאָרישן צימער. אָפּגערוקט אין אַ זייט, איז פֿאַר אים געלעגן אין שטויסן ליניִרט פּאַפּיר אין פֿאַרשידענע פֿאָרמעס און געשטאַלטן. חוץ זיינע נאָטיצן פֿאַר די מעדיצינישע אַרבעטן, האָט ער דאָ אויך געשריבן די פֿראַגמענטן פֿון זיין „שפּיל אין מענטשן", אַן אומעטיקער טאָג־בוך אָדער אַ פֿאַרצייכענונג פֿון יענע טעג, וואָס איז באַשטאַנען פֿון פּראָזע, לידער און כל מיני זאַכן און געווען אַדורכגענומען מיטן באַוווּסטזיין, אַז אַ העלפֿט פֿון די מענטשן איז מער נישט טרײַ זיך אַליין און ווייסט נישט אין וואָסער שפּיל זי באַטייליקט זיך.

דאָס ליכטיקע אָרדינאַטאָרישע צימער מיט די ווייס־געקאַלעכטע ווענט איז געווען פֿאַרגאָסן מיטן קרעמיקן זון־ליכט פֿון גאָלדענעם האַרבסט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די טעג נאָכן יום־טוב פֿון דער הייליקער מוטערס פּטירה, ווען אין די פֿרימאָרגנס גיבן אַ קלאַפּ די ערשטע פֿרעסטלעך און אין דער פֿאַרביקייט און בונטקייט פֿון די שיטער־געוואָרענע וועלדלעך פֿליען אַן די בלויפֿייגל און סאָראָקעס. אין אַזעלכע טעג הייבט זיך אויף דער הימל צו די גרעסטע הייכן און דורך דעם דורכזיכטיקן לופֿט־זייל וואָס צווישן אים און דער ערד ציט פֿון צפֿון אַן אייזיקע טונקל־בלאָע העלקייט. עס ווערט שטאַרקער די זעעוודיקייט און די הערעוודיקייט פֿון אַלץ אין דער וועלט, דער מהלך גיט איבער דאָס קול מיט אַ פֿאַרפֿרוירענער קלינגעוודיקייט, פּינקטלעך און סילאַביזירט. די ווייטן צעפּראַלן זיך, ווי זיי וואָלטן געעפֿנט אַן אויסבליק איבערן גאַנצן לעבן אויף אַ סך יאָרן פֿאָרויס. אָט די דורכזיכטיקייט וואָלט אוממעגלעך געווען אויסצוהאַלטן ווען זי וואָלט נישט געדויערט אַזוי קורץ און נישט געקומען צום סוף פֿון קורצן האַרבסטיקן טאָג, האַרט פֿאַרן פֿריען נאַכט־ווערן.

אָזאַ ליכט האָט פֿאַרגאָסן דאָס אָרדינאַטאָרישע צימער, דאָס ליכט פֿון דער פֿריפֿאַרגייענדיקער האַרבסטיקער זון, אַ זאַפֿטיק, גלעזערן און וואַסערדיק ליכט ווי אַ רייפֿער אַליוון־עפּל.

דער דאָקטאָר איז געזעסן ביים טיש, געטונקען די פֿעדער אין טינט, זיך פֿאַרטראַכט און געשריבן. פֿאַרביי די גרויסע פֿענצטער פֿון אָרדינאַטאָרישן צימער זענען נאָענט אַדורכגעפֿלויגן מאָדנע שטילע פֿייגל און געוואָרפֿן אין צימער גערוישלאָזע שאָטנס, וואָס האָבן צוגעדעקט די זיך

באַוועגנדיקע הענט פון דאָקטאָר, דעם טיש מיט די פרעג־בויגנס, דעם דיל און די ווענט און אַזוי, אַן דעם מינדסטן געריש, זענען זיי פאַרשוואונדן.

— פון קליאַן פאַלן שוין די בלעטער, — האָט געזאָגט דער אַריינגעקומענער פּראָזעקטאָר, אַמאָל אַ פעסטער מאַנסביל און איצט איז פון אויסגעדאַרטקייט, געהאָנגען אויף אים די הויט אין בייטלען. — די פלייצנדיקע רעגנס האָבן אים געצוואָגן, די ווינטן האָבן אים געפליקט און נישט געקאָנט בייקומען. און באַוויזן האָט דאָס איין פרימאָרגן!

דער דאָקטאָר האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ריכטיק, די סודותדיקע פייגל, וואָס האָבן געשוועבט פאַרביי דעם פענצטער האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ווייַן־רויטע קליאַן־בלעטער. זיי זענען געפלויגן אַראָפּ־צו שווימענדיק אין דער לופט און געלייגט זיך נעבן די ביימער אויפן גראָז ווי אָראַנזשענע פלאַטשיקע שטערן.

— די פענצטער האָט מען פאַרקלעפּט? — האָט דער פּראָזעקטאָר געפרעגט.

— ניין, — האָט יורי אַנדרייעוויטש געזאָגט און ווייטער געשריבן.

— פאַרוואָס עפּעס? שוין צייט.

יורי אַנדרייעוויטש איז געווען אַריינגעטאָן אין שרייבן און גאַרנישט געענטפערט.

— עך, נישטאָ טאַראַסיוק, — האָט דער כירורג ווייטער גערעדט. — אַ גאָלדענער מענטש געווען. ער פלעגט פאַריכטן די שטיוול, דעם זייגער. אַלץ פלעגט ער טאָן. אַלץ אין דער וועלט האָט ער געקאָנט באַקומען. און פאַרקלעפּן די פענצטער איז שוין צייט. מען דאַרף דאָס טאָן אַליין.

— נישטאָ מיט וואָס צו פאַרקלעפּן.

— מאַכט דאָס אַליין. אָט גיב איך אייך די רעצעפּט. — דער פּראָזעקטאָר האָט אויפגעקלערט ווי אַזוי מען דאַרף צוגרייטן אַ פּאַסטע פון פּאַקאָסט און קרייד. — נו, איך וועל אייך צורו לאָזן. איך שטער דאָך אייך.

ער איז אַוועק צום צווייטן פענצטער און אָנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיט זיינע פלעשלעך און פּרעפּאַראַטן. עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך אָנגערופן:

— איר וועט זיך קאַליע מאַכן די אויגן. ס'איז פינצטער. קיין עלעקטריש ליכט וועט מען נישט געבן. לאָמיר גיין אַהיים.

— איך וועל נאָך אַ ביסל אַרבעטן. נאָך אַ צוואַנציק מינוט.

— זיין פרוי איז אין שפּיטאָל אַ פלעגערן.

— וועמענס?

— טאַראַסיוקס.

— איך ווייס.

— און אַליין איז ער ווער ווייס ווו. ער נישטערט איבער דער גאַנצער וועלט. זומער איז ער צוויי מאָל געקומען, געווען אין שפּיטאָל. איצט איז ער ערגעץ ווו אין דאָרף. ער בויט זיך אַ ניי לעבן. דאָס איז פון יענע זעלנער־באָלשעוויקעס, וואָס איר טרעפט אויף די בולוואַרן און אין די באַנען. און ווילט איר וויסן דעם סוד? פון טאַראַסיוקן, למשל? הערט־זשע. דאָס איז אַ מייסטער צו אַלעם. ער קאָן קיין שום זאַך שלעכט נישט מאַכן. צו וואָס ער זאָל זיך נישט נעמען ברענט די אַרבעט אונטער די הענט. דאָס אייגענע איז געשען מיט אים אויף דער מלחמה. ער האָט עס אויסגעלערנט ווי יעדעס פאַך. ער איז געוואָרן אַ זעלטענער שיסער. אין די שוץ־גריבער און אין לויער. אַן אויג, אַ האַנט — ערשטער סאָרט. אַלע אויסצייכענונגען האָט ער באַקומען נישט פאַר גבוראָגטקייט, נאָר פאַר שיסן און טרעפן אין ציל. נו, יעדע זאַך ווערט ביי אים אַליידנשאַפט. האָט ער אויך ליב געקריגן די מלחמה. ער זעט, אַז געווער איז אַ כוח, וואָס דינט אים. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אַליין זיין אַ כוח. אַ באַוואָפנטער מענטש איז שוין נישט סתם אַ מענטש. פאַרצייטנס פלעגן אַזעלכע חברה־לייט גלייך פון די שיסער אַוועק צו די באַנדיטן. פּרווו נאָר ביי אים אַוועקנעמען די ביקס, וועסטו באַלד הערן אַ געשריי: „אויסדרייען די שפּיז!" און אַזוי ווייטער. ער האָט טאַקע אויסגעדרייט זיין שפּיז. דאָס איז די גאַנצע געשיכטע. און דער גאַנצער מאַרקסיזם.

— און דערביי די סאַמע ממשותדיקע, פון לעבן אליין. וואָס־זשע דען האָט איר געמיינט?

— נו, ווי איז מיטן אייוועלע?

—אַ דאַנק פאַר דער רעקאָמענדאַציע. אַן אויסערגעוויינלעך אינ־טערעסאַנטער מענטש. אַ שעה צייט האָבן מיר געשמועסט וועגן העגעל און בענעדעטאָ קראָטשע.

— ווי דען! ער איז דאָקטאָר פילאָסאָפיע פון היידלבערגער אוני־ווערזיטעט. און דאָס אייוועלע?

— רעדט בעסער נישט.

— עס רויכערט?

— צרות.

— די רער איז נישט אויפן ריכטיקן אָרט. מען דאַרף זי אַריינ־קלעפּן אין אויוון און ער האָט זי מסתמא ארויסגעלאָזט דורכן לופטשיק.

— ער האָט זי אַריינגעשטעקט אין קאַכל־אויוון און עס רויכערט.

— הייסט עס, אַז ער האָט נישט געפונען דעם רויך־אַפּלייטער, ער

האָט אָנגעטראָפן אויפן ווענטילאַציע־קאַנאַל. און אפשר גאָר אין ווענטי־לאַטאָר. עד, נישטאָ מאַראַסיוק! אָבער האָט געדולד. אין איין טאָג האָט מען מאָסקווע נישט אויפגעשטעלט. הייצן אַן אייוועלע איז נישט דאָס, וואָס שפּילן אויף אַ פּאַרטעפּיאַן. מען דאַרף זיך עס אויסלערנען. האַלץ האָט איר אָנגעגרייט?

— ווו קריגט מען עס?

— איך וועל אייך שיקן אַ צערקווע־וועכטער, אַ האָלץ־גנב. ער נעמט פאַנאַנדער די פּלויטן אויף באַהייצונג. אָבער איך וואָרן אייך, מען דאַרף זיך דינגען. ער בעט היבשע פּרייזן. און אפשר וועל איך אייך שיקן די פרוי וואָס רוימט אויס די ווערים.

זיי זענען אַראָפּ אין גאַרדעראָב־צימער, אָנגעטוען זיך און אַרויס אין גאַס.

— צוואָס דאַרף איך אַן אויסרוימערין פון ווערים — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. — נישטאָ ביי מיר קיין וואַנצן.

— וואָסערע וואַנצן? איך רעד בוידעם און איר ענטפערט מיר קלאָץ. נישט וועגן וואַנצן, נאָר וועגן האָלץ. ביי איר איז אַלצדינג אויפן סוחרישן שטייגער. זי קויפט אויף הייזער און בוי־מאַטעריאַלן אויף באַ־הייצונג. גיט אַכטונג, פאַלט נישט, ס׳אַרא פינצטערניש. אַמאָל פלעג איך גיין אין דער געגנט מיט צוגעבונדענע אויגן. יעדעס שטיינדעלע איז מיר געווען באַקאַנט. איך בין דאָך אַ פּרעטשיסטענסקער געבוירענער. פון זינט מען האָט אָנגעהויבן אויסהאַקן די פּלויטן דערקען איך קיין שום זאַך נישט, ווי אין אַ פרעמדער שטאָט. דערפאַר אָבער האָבן זיך אַנטפּלעקט אַזעלכע ווינקעלעך! אַמפּירישע הייזלעך צווישן קוסטעס, קיילעכיקע גאָרטן־טיש־לעך, האַלב־פאַרפוילטע בענק. נישט לאַנג בין איך פאַרבייגעגאַנגען אַזאַ וויסטעניש וואָס שניידט איבער דריי געסלעך. פּלוצים זע איך ווי אַ הונ־דערט־יאָריקע זקנה גראַבלט מיט אַ שטעקן אין דער ערד. „גאָט זאָל דיר העלפן, זאָג איך, באָבעשי. דו זוכסט ווערים אויף כאַפּן פיש?" פאַר־שטייט זיך, אַז כ׳האָב עס געזאָגט אין שפּאַס. אָבער זי ענטפערט מיר מיטן גאַנצן ערנסט: „בשום אופן, ליבינקער, — שוואָמען". און באמת, די שטאָט איז געוואָרן ווי אַ וואַלד. עס שמעקט מיט פוילע בלעטער און שוואָמען.

— מיר איז באַקאַנט אָט דאָס אָרט. עס געפינט זיך צווישן סערעב־ריאַני און מאָלטשאַנאָווקע, ריכטיק? מיט מיר געשען דאָרט אַלערליי איבעראַשונגען. אַמאָל טרעף איך דאָרט עמיצן, וואָס כ׳האָב שוין צוואַנציק יאָר נישט געזען. אַן אַנדערש מאָל געפין איך דאָרט עפּעס. מען שמועסט, אַז אויף דעם ראָג קומען פאָר אָנפאַלן. און עס איז גאָר קיין חידוש

ניִשט: אַן אָפענער פלאַץ, אַ גאַנצע נעץ פון צוגענג צו די געבליבענע מעלינעס אין דער געגנט פון סמאָלענסקי. מען וועט דיך באַרויבן, אויס־טאָן און פיז, זוך דעם ווינט אין פעלד.

— און די לאַמטערנעס לייכטן אַזוי שוואַך. ניִשט אומזיסט רופט מען אַ סיניאַק מיטן נאָמען „לאַמטער". ביי אַזעלכע לאַמטערנעס מוזטו זיך צעקלאַפּן.

## 6

עס איז טאַקע ריכטיק, אַז אַלערליי צופאַלן האָבן פאַרפאָלגט דעם דאָקטאָר אויף יענעם אָרט. שפּעט אין האַרבסט, ניִשט לאַנג פאַר די אָקטאָבער־קאַמפן, האָט ער אין אַ טונקעלן, קאַלטן אָוונט אַנגעשטויסן זיך אין יענעם ווינקל אויף אַ מענטש, וואָס איז געלעגן אַן באַוווסטזיין אין דער ברייט פון טראָטואַר. דער מענטש איז געלעגן מיט צעשפּרייטע הענט, מיטן קאָפּ אָנגעלענט אויפן סלופּ און מיט די פיס אַראָפּגעהאָנגען אויפן ברוק. ער האָט זעלטן און מיט הפסקות שוואַך אָפּגעקרעכצט. ווען דער דאָקטאָר האָט אים געפּרוּווט ברענגען צום באַוווסטזיין און אים געמינטערט מיט הויכע פראַגעס, האָט יענער געפּרעפּלט עפּעס ניִשט צו דער זאַך און באַלד ווידער פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. זיין קאָפּ איז געווען צע־שלאָגן און פאַרבלוטיקט, אָבער באַלד ביים ערשטן באַטראַכטן אים, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שאַרבן־ביינער זענען געבליבן גאַנץ. דער מענטש איז, ווייזט אויס, געווען אַ קרבן פון אַ באַוואָפנטן רויבאַנפאַל. „דער פאָרט־פעל, דער פאָרטפעל" — האָט ער עטלעכע מאָל אַרויסגעשעפּטשעט.

אין דער נאָענטער אַפּטייק אויף אַרבאַט האָט דער דאָקטאָר טעלע־פאָניש אַרויסגערופן דעם אַלטן דראָזשקאָזש פון קרעסטאָוואָזדוויזשענסקער שפּיטאָל און אָפּגעפירט אַהין דעם אומבאַקאַנטן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער באַפאַלענער איז אַן אָנגעזעענער פּאָליטישער טוער. דער דאָקטאָר האָט אים אויסגעהיילט און אין זיין פּערזאָן האָט ער געוווּנען אויף לאַנגע יאָרן אַ באַשיצער, וואָס האָט אים אין יענע צייטן, פולע מיט חשד און אומצוטרוי, פאַרהיטן פון אַ סך מיספאַרשטענדענישן.

## 7

עס איז געווען זונטיק. דער דאָקטאָר איז געווען פריי פון דער אַרבעט. אין סיווצעוו־געסל האָט מען זיך שוין איינגעאָרדנט ווינטערדיק

אין די דריי צימערן, אַזוי ווי אנטאָנינא אַלעקסאַנדראָוונא האָט עס פאַר־פלאַנירט.

עס איז געווען אַ קאַלטער ווינטיקער טאָג, אַ טונקעלער, זייער אַ טונקעלער, מיט נידעריקע שניי־וואָלקנס.

מען האָט איינגעהייצט אין דער פרי. עס האָט אָנגעהויבן רויכערן. ניושאַ האָט זיך געמאַטערט מיטן נאַסן האָלץ, וואָס האָט נישט געוואָלט ברענען. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט אַליין גאָרנישט פאַרשטאַנען אין ענין הייצן און געגעבן אומגעלומפּערטע און שלעכטע עצות. דער דאָקטאָר האָט עס באַמערקט, פאַרשטאַנען וואָס מען דאַרף טאָן און געפּרוּווט אַריינמישן זיך, אָבער די פרוי האָט אים שטיל אָנגענומען פאַר דער פּלייצע און אַרויסגעפירט פון צימער מיט די ווערטער:

— גיי צו זיך. דווקא ווען דער קאָפּ איז אָן דעם פאַרדרייט און צעמישט האָסטו אַ טבע צו רעדן נישט דאָס וואָס מען דאַרף. פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט, אַז דיינע באַמערקונגען גיסן בלויז צו בוימל צום פייער?

— אָ, בוימל, טאָניטשקאַ, וואָלט געווען אויסגעצייכנט! אין איין סעקונדע וואָלט דאָס אייוועלע זיך צעפלאַקערט. די צרה איז טאַקע די, וואָס איך זע נישט, נישט קיין בוימל און נישט קיין פייער.

— פאַר קאַלאַמבורן איז איצט אויך נישט די צייט. עס זענען פאַראַן מאָמענטן, ווען דער קאָפּ איז נישט צו זיי.

דאָס נישט איינגעגעבענע הייצן האָט צעשטערט די זונטיקדיקע פּלענער. אַלע האָבן געהאָפט צו דערליידיקן די נויטיקע ענינים ביז פאַר־נאַכט כדי צו זיין פריי אין אָוונט. איצט איז פון דעם גאָרנישט געוואָרן. אַלץ האָט זיך פאַרשפּעטיקט: דאָס מיטאָג, עמיצנס פּלאַן צו וואַשן דעם קאָפּ מיט הייס וואַסער און אַנדערע ענלעכע פּראָיעקטן.

באַלד האָט אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו רויכערן, אַז עס איז אוממעגלעך געווען צו אָטעמען. דער שטאַרקער ווינט האָט צוריקגעיאָגט דעם רויך. אין צימער איז געשטאַנען אַ שוואַרצער סאַזשע־וואָלקן, ווי אַ לעגענדאַרע פאַרזעעניש אינמיטן פון געדיכטן וואַלד.

יורי אַנדרייעוויטש האָט אַלעמען צעטריבן אין די שכנותדיקע צימערן און געעפנט דעם לופטשיק. ער האָט אַרויסגעוואָרפן אַ העלפט האָלץ פון אייוועלע און צווישן דעם איבערגעבליבענעם דורכגעלייגט דראָבנע שטיקלעך און בעריאָזענע קינדלעך.

דורכן לופטשיק האָט זיך אַריינגעריסן פרישע לופט. די וויגנדיקע פאַרהאַנג האָט זיך געקנוילט אַרויף. פון שרייב־טיש זענען אַראָפּגעפלויגן עטלעכע פּאַפּירלעך. דער ווינט האָט אַ קלאַפּ געטאָן ערגעץ אַ ווייטע טיר

און דרייענדיק זיך איבער אַלע ווינקלען האָט ער ווי אַ קאַץ נאָך אַ מויז אָנגעהויבן יאָגן זיך נאָך די לעצטע רעשטלעך רויך.

דאָס האַלץ האָט זיך פאַנאַנדערגעברענט, אויפגעפלאַקערט און אָנ־געהויבן קנאַקן. דאָס אייוועלע האָט זיך פאַרכלינעט מיט פלאַם. אויף זיין אייזערנעם גוף האָבן, ווי די פלעקן פון אַ שווינדזוכט־פּנים, זיך צעגליט רויטע רייפן. דער רויך אין צימער איז שיטערער געוואָרן און דערנאָך אינ־גאַנצן פאַרשוווּנדן.

אין צימער איז געוואָרן ליכטיקער. די פענצטער, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרקלעפּט לויט דער אָנווייזונג פון פּראָזעקטאָר זענען נאָס געוואָרן. עס האָט אַ שפּאַר געטאָן אַ כוואַליע מיט אַ וואַרעמען פרידלעכן ריח פון דער פּאַסטע. די דין צעזעגטע פייכטע העלצלעך אַרום דעם אייוועלע האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך אַ ביטערן טשאַד פון יאָדלע־קאָרע, וואָס האָט געדראָ־פּעט אין האַלדז און אַ שמעקעדיקן גערוך פון פייכטן פרישן אַסינע־האָלץ ווי פון טואַלעט־וואַסער.

אין דער זעלבער צייט האָט אין צימער זיך אַריינגעריסן ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש אַזוי שטורמיש ווי דער ווינט דורכן לופטשיק. ער האָט דערציילט:

— אין די גאַסן איז אַ שלאַכט. ס׳קומען פאָר קאַמפן צווישן די יונקערס, וואָס שטיצן די ציטוויליקע רעגירונג און די זעלנער פון גאַרניזאָן, וואָס זענען פאַר די באָלשעוויקעס. די צוזאַמענשטויסן קומען פאָר כמעט אויף יעדן שריט, נישטאָ קיין שיעור צו די פּונקטן פון אויפ־שטאַנד. אויפן וועג צו אייך בין איך צוויי אָדער דריי מאָל אַריינגעפאַלן אין געשלעג, איין מאָל אויפן ראָג פון באָלשאַי דמיטראָווקע און דאָס צווייטע מאָל — ביי ניקיטסקיע וואָראָטאַ. קיין גלייכער וועג איז שוין נישטאָ, מען מוז זיך אַדורכקריגן מיט אומוועגן. שנעלער, יוראַ! טו זיך אָן און קום. דאָס מוז מען זען. דאָס איז געשיכטע. דאָס געשעט איינמאָל אין לעבן.

אָבער אַליין האָט ער זיך פאַרפּלוידערט אויף אַ צוויי שעה. שפּעטער האָבן זיי זיך געזעצט עסן מיטאָג און בעת ער האָט צום אַהיימגיין געוואָלט מיטשלעפּן דעם דאָקטאָר איז דערוויל אָנגעקומען גאָרדאָן. ער איז אַריינ־געפלויגן פּונקט ווי ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און מיט די זעלבע ידיעות.

אָבער די געשעענישן זענען אין משך פון דער צייט געגאַנגען פאָרויס. עס זענען געווען נייע פּרטים. גאָרדאָן האָט דערציילט וועגן דער פאַר־שטאַרקטער שיסעריי און וועגן דערהרגעטע פאַרבייגייער, וואָס זענען צו־פעליק געטראָפן געוואָרן פון ווילדע קוילן. לויט זיינע ווערטער, האָט אויפ־

געהערט יעדע באַוועגונג אין שטאָט, בלויז על־פּי־נס האָט ער זיך דער־קריגן צו זיי אין געסל, אָבער דער וועג אויף צוריק איז פאַרמאַכט.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך נישט גערעכנט דערמיט און דאָך געפּרוווט אַרויסשטעקן די נאָז אין גאַס, אָבער באַלד איז ער צוריקגעקומען. ער האָט דערציילט, אַז מען קאָן נישט אַרויס פון געסל, אַז די קוילן פייפן און האַקן אָפּ אין די ראָגן שטיקער ציגל און טינק. מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש.

אין יענע טעג האָט מען סאַשענקאָן צוגעקילט.

— איך האָב הונדערט מאָל געזאָגט, אַז מען זאָל דאָס קינד נישט צוטראָגן צום ברענענדיקן אייוועלע, — האָט יורי אַנדרייעוויטש זיך גע־בייזערט. — דערהיצן זיך איז פערציק מאָל שעדלעכער ווי אָפּקילן זיך.

סאַשענקאָן האָט וויי געטאָן דער האַלדז און ער האָט געקריגן הויכע היץ. ער איז געווען באַהערשט פון אַ היסטערישן פּחד פאַר איבלען און ברעכן און אים האָט זיך כסדר געדאַכט, אַז אַזעלכע אָנפאַלן דערנעענטערן זיך.

ער האָט אַוועקגעשטופּט יורי אַנדרייעוויטשס האַנט מיטן לאַרינגאָ־סקאָפּ, נישט געלאָזט אַריינשטעקן אים אין האַלדז, פאַרהאַקט דאָס מויל, געשריגן און געוואָרפן זיך. קיין שום איינרעדענישן און דראָונגען האָבן נישט געהאָלפן. פּלוצים האָט סאַשענקא זיך פאַרגעסן, ברייט און זיס זיך צעגענעצט און דאָס האָט אויסגענוצט דער דאָקטאָר, כדי מיט אַ בליץ־שנעלער באַוועגונג אַריינרוקן אים אין מויל אַ לעפעלע, צוהאַלטן די צונג און אַריינקוקן אין סאַשענקאָס רויטן שלינג, וואָס איז געווען באַשאָטן מיט געשווירן אויף די מאַנדלען. זייער אויסזען האָט יורי אַנדרייעוויטשן צערודערט.

אַ ביסל שפּעטער איז דעם דאָקטאָר געלונגען מיט אַזעלכע מאַני־פּולאַציעס צו נעמען ביי סאַשענקאָן אַ שמיר פון האַלדז אויף אַ פּראָבע. אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָט געהאַט אַן אייגענעם מיקראָסקאָפּ. יורי אַנדרייעוויטש האָט מיט גרויס מאַטעריש אַליין געמאַכט אַן אַנאַליז. צום גליק איז דאָס נישט געווען קיין דיפטעריט.

אָבער אויף דער דריטער נאַכט האָט סאַשענקא געקראָגן אַן אַטאַק פון קרופּ. ער האָט געגליט און זיך געשטיקט. יורי אַנדרייעוויטש האָט נישט געקאָנט צוקוקן, ווי דאָס אָרעמע קינד מאַטערט זיך און ער איז נישט בכוח צו העלפן. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט מורא געהאַט, אַז דאָס ייִנגל שטאַרבט.מען האָט אים גענומען אויף די הענט, געטראָגן איבערן צימער און עס איז אים געוואָרן אַ ביסל לייכטער.

מען האָט נייטיק געדאַרפט מילך, מינעראַל־וואַסער אָדער סאָדע.

אָבער עס איז געווען אינמיטן ברען פון די גאַסן־שלאַכטן. די שיסעריי, אפילו פון האַרמאַטן האָט נישט אויפגעהערט אויף קיין מינוט. ווען אפילו יורי אנדרייעוויטש זאָל איינשטעלן דאָס לעבן און וואָגן אַרויסצוקריכן זיך פונעם באַשאָסענעם שטח, וואָלט ער פון יענער זייט פייער אַלצאיינס נישט אָנגעטראָפן אויף קיין שום סימן פון לעבן, וואָס איז פאַרגליווערט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט, כל זמן די סיטואַציע איז נישט געווען ענד־גילטיק אויפגעקלערט.

אָבער זי איז שוין געווען קלאָר. פון אומעטום זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז די אַרבעטער באַקומען די איבערוואָג. עס האָבן זיך געשלאָגן בלויז פאַראיינצלטע גרופּקעס יונקערס, נישט קאָאָרדינירטע צווישן זיך און אָן אַ קאָנטאַקט מיט זייער קאָמאַנדשאַפט.

דער סיווצעווער ראַיאָן האָט זיך געפונען אין טעטיקייט־קרייז פון זעלנערישע איינהייטן, וואָס האָבן געדריקט אויפן צענטער פון דאָראָגאָ־מילאָוו. די זעלנער פון דער דייטשישער מלחמה און די אַרבעטער־יינגלעך, וואָס זענען געזעסן אין די אויסגעגראָבענע טראַנשייען אין געסל, האָבן שוין געקענט די באַפעלקערונג פון די הייזער אין דער געגנט און ווי שכנים האָבן זיי זיך געחכמהט מיט די איינוווינער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די טויערן אָדער אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. די באַוועגונג אין דעם טייל שטאָט איז שוין געווען צוריקגעשטעלט.

דעמלט זענען גאָרדאָן און ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש אַרויס פון זייער דרייטאָגיקער געפאַנגענשאַפט. יורי אַנדרייעוויטש איז געווען צו־פרידן פון זייער אָנוועזנהייט אין די שווערע טעג פון סאַשענקאָס קראַנקייט און אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונא האָט זיי מוחל געווען דעם באַלאַגאַן וואָס זיי האָבן בייגעטראָגן צו דער אַלגעמיינער אומאָרדענונג. אָבער אין דאַנקבאַרקייט פאַר דער גאַסטפריינדלעכקייט האָבן ביידע געהאַלטן פאַר זייער חוב צו צעשטרייען די באַלעבאַטים מיט כסדרדיקע שמועסן. יורי אַנדרייעוויטש איז שוין אַזוי מיד געווען פון טעאָרעטישן איבערגיסן פון פּוסטן אין ליידיקן, אַז ער איז געווען גליקלעך ווען זיי זענען אַוועק.

8

מ׳האָט זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען בשלום דערגאַנגען אַהיים. הגם אויפן וועג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די רייד וועגן אַן אַלגעמיינער באַ־רויקונג זענען נאָך פּריצייטיק. אין פאַרשידענע ערטער זענען נאָך פאָר־געקומען מיליטערישע קאַמפן, דורך אַ ריי ראַיאָנען איז נישט מעגלעך געווען אַדורכצוגיין. דער דאָקטאָר האָט אַלץ נישט געקאָנט אַוועק צו זיך

אין שפּיטאָל, נאָך וועלכן ער האָט שוין געבענקט און ווו אין טיש־שופלאַד פון אָרדינאַטאָרישן צימער זענען געלעגן זיין כתב־יד און די וויסנ־שאַפטלעכע נאָטיצן.

בלויז אויף אַ באַגרענעצטן שטח זענען מענטשן אַרויס אינדערפרי, נישט ווייט פון שטוב, קויפן ברויט. זיי האָבן אָפּגעשטעלט די, וואָס האָבן געטראָגן מילך און פלעשלעך און זיך פאַנאַנדערגעפרעגט, ווו זיי האָבן עס געקריגן.

טיילמאָל האָט זיך די שיסעריי באַנייט אין דער גאַנצער שטאָט און ווידער צעיאָגט דעם עולם. אַלע האָבן זיך געלערנט טרעפן, אַז צווישן די צדדים קומען פאָר אונטערהאַנדלונגען און זייער דערפאָלגרייכער און נישטדערפאָלגרייכער פאַרלויף שלאָגט זיך אָפּ אויף דער שטאַרקער אָדער שוואַכער שראַפּנעלן־שיסעריי.

איינמאָל, אין סוף פון אַלטן אָקטאָבער, ארום צען אַ זייגער אינאָוונט איז יורי אַנדרייעוויטש שנעל געגאַנגען איבער דער גאַס אָן שום באַזונ־דערער נייטיקייט צו איינעם פון זיינע אַרבעט־קאָלעגן, וואָס האָט גע־וווינט אין דער נאָענט. אויף אָט די געוויינלעך טומלדיקע ערטער האָט מען איצט געזען ווייניק מענטשן. ער האָט כמעט קיינעם נישט באַגעגנט אויפן וועג.

יורי אַנדרייעוויטש איז געגאַנגען שנעל. עס איז געפאַלן דאָס ערשטע שיטערע שנייעלע מיט אַ שטאַרקן און שטאַרקערווערנדיקן ווינט, וואָס האָט זיך שנעל פאַרוואַנדלט אין אַ שניי־שטורעם.

יורי אַנדרייעוויטש איז אַרויס פון איין געסל אין צווייטן, ער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן דעם חשבון פון די אַדורכגעמאַכטע קרייזן, ווען מיטאַמאָל האָט דער שניי זיך אַ וואָרף־געטאָן געדיכט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ זאַווערוכע, פון יענעם מין, וואָס אין אָפענעם פעלד לייגט ער זיך אויף דער ערד מיט אַ געוואָי, און אין שטאָט שליידערט ער זיך אין דער ענגעניש ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער.

עפּעס ענלעכס צו זיך איז פאָרגעקומען אין דער מאָראַלישער וועלט און אין דער פיזישער, אין דער נאָענט און אין דער ווייט, אויף דער ערד און אין דער לופט. ערגעץ־ווו — ווי אויף אינדזעלעך, האָבן זיך געהערט די לעצטע זאַלפן פון דעם געבראָכענעם ווידערשטאַנד. ערגעץ־ווו אויפן האָריזאָנט זענען ווי בלאָזן אויפגעשפּרונגען און געפלאַצט די שוואַכע פלאַמען פון די פאַרגאָסענע שריפות. און פונקט אַזעלכע רינגען און אויפ־רייסן האָט געיאָגט און געדרייט די זאַווערוכע, וואָס האָט זיך געראויכערט אונטער יורי אַנדרייעוויטשס פיס אויף די נאַסע טראָטואַרן און שטיינער.

מיטן געשריי „לעצטע ידיעות" האָט אויף איינעם פון די ראָגן אים

אַריבערגעיאָגט אַ פֿאַרביילויפֿנדיק ייִנגל, אַ צייטונגס־פֿאַרקויפֿער, מיט אַ גרויסן פּאַק פֿריש־אָפּגעדרוקטע עקזעמפּלאַרן אונטערן אָרעם.

— נישט נייטיק קיין רעשט, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט. דאָס ייִנגל האָט קוים אָפּגעקלעפּט פֿון שטויס צייטונגען אַ פּיכט בלעטל, אַריינ־געדרוקט עס דעם דאָקטאָר אין האַנט אַריין און פֿאַרשווּנדן אין דער זאַוויע־רוכע פּונקט אַזוי שנעל ווי ער איז פֿון אים אַרויסגעשוווּמען.

דער דאָקטאָר איז צוגעגאַנגען צו אַ גאַס־לאַמטער, בכדי נישט אָפּ־צולייגן און באַלד איופֿן אָרט אַדורכקוקן די וויכטיקסטע נייעס.

אין דער עקסטרע־אויסגאַבע, אַ באַדעקטע מיט דרוק בלויז אויף איין זייט, איז געווען אַ רעגירונג־מעלדונג פֿון פּעטערבורג וועגן דעם שאַפֿן אַ ראַט פֿון פֿאָלקס־קאָמיסאַרן, וועגן איינשטעלן אין רוסלאַנד די סאָוויעטישע מאַכט און איינפֿירן די דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט. ווייטער זענען דאָרט געווען די ערשטע דעקרעטן פֿון דער נייער מאַכט און פֿאַרשידענע ידיעות, איבערגעגעבענע דורך טעלעגראַף און טעלעפֿאָן.

די זאַוויערוכע האָט געשמיסן דעם דאָקטאָר אין די אויגן און צוגע־דעקט די צייטונג־שורות מיט אַ גרויער שאָרכענדיקער שנייאיקער קאַשע אָבער נישט דאָס האָט אים געשטערט אין לייענען. די גרויסקייט און אייביקייט פֿון דער מינוט האָבן אים אויפֿגעטרייסלט און נישט געלאָזט קומען צו זיך.

בכדי דאָך צו דערלייענען דאָס בלעטל האָט ער אָנגעהויבן אַרומ־קוקן זיך און זוכן אַ באַלויכטן אָרט, אַ באַשיצטן פֿונעם שניי. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער געפֿינט זיך ווידער אויף דעם פֿאַרכישופֿטן ראָג פֿון די געסלעך סערעבריאַני און מאָלטשאַנאָווקע, ביים איינגאַנג פֿון הויכן פֿינפֿשטאָקיקן הויז מיט דער גלעזערנער טיר און עלעקטריש־באַלויכטענעם בריוּוחדיקן פּראָנט. דער דאָקטאָר איז אַהין אַריין און ביים עלעקטרישן ליכט אויף די טרעפּ האָט ער געלייענט די טעלעגראַמעס.

אינדערהייך איבער זיין קאָפּ האָבן זיך דערהערט טריט. עמיצער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון די טרעפּ און אָפּט זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט געווען נישט דעצידירט. און באמת, דער וואָס איז אַראָפּגעגאַנגען האָט פּלוצים זיך מיישב געווען, זיך אויסגעדרייט און אַרויפֿגעלאָפֿן אינדער־הייך. ערגעץ־ווו האָט מען געעפֿנט אַ טיר און פֿאַמעלעך האָבן זיך צעגאָסן צוויי שטימעס, דעפֿאָרמירטע פֿון עכאָ, אַז עס איז שווער געווען צו זאָגן אַוואָסערע זיי זענען, מענערישע אָדער ווייבערישע. נאָך דעם האָט די טיר זיך פֿאַרקלאַפּט און דער וואָס איז פֿריער אַראָפּגעגאַנגען האָט אָנ־געהויבן אַראָפּלויפֿן אַ סך אַנטשלאָסענער.

יורי אַנדרייעוויטש אויגן, פֿאַרטוענע אין לייענען, זענען געווען

אַראָפּגעלאָזט אויף דער צייטונג. ער האָט נישט בדעה געהאַט זיי אויפצור־היבן און אָנקוקן דעם אומבאַקאַנטן מענטש. אָבער דערלויפנדיק ביז צו דער נידער האָט יענער זיך אָפּגעשטעלט. יורי אַנדרייעוויטש האָט אויפגע־היבן דעם קאָפּ און אויף אים אַ קוק־געטאָן.

פאַר אים איז געשטאַנען אַן אונטערוואַקסנדיקער בחור פון אַ יאָר אַכצן אין אַ רעניפערן־פעלץ, מיט די האָר פון אויבן, ווי מען טראָגט אין סיביר, און אין פונקט אַזאַ פוטערן היטל. דאָס יינגל האָט געהאַט אַ טונקל־הויטיק פּנים מיט שמאָלע קירגיזישע אויגן. אין דעם פּנים איז געווען עפּעס אַריסטאָקראַטיש, יענער פלינקער פונק, יענע באַהאַלטענע איידלקייט, אַ פאַרטראָגענע פון ווייט, וואָס איז שכיח ביי מענטשן מיט קאָמפּליצירט, געמישט בלוט.

דאָס יינגל איז געווען אין אַ בפירושן טעות און אָנגענומען יורי אַנדרייעוויטשן פאַר עמיצן אַן אַנדערן. מיט דער צעשטרייטקייט פון אַ ווילד חיהלע האָט ער געקוקט אויפן דאָקטאָר, ווי ער וואָלט געוווּסט ווער דאָס איז, אָבער ער איז נישט דרייסט צו רעדן. בכדי צו מאַכן אַ סוף צו דער מיספאַרשטענדניש האָט יורי אַנדרייעוויטש אים אָפּגעמאָסטן מיטן בליק און אָפּגעגאָסן מיט אַ קעלט, וואָס נעמט אָפּ דעם חשק צו נאָענטקייט.

דאָס יינגל האָט זיך פאַרלוירן און אַן אַ וואָרט אויסצורעדן אַוועק צום אַרויסגאַנג. דאָרט האָט ער זיך נאָכאַמאָל אומגעקוקט, געעפנט די שווערע, צעוויגטע טיר און פאַרקלאַפּט זי נאָך זיך מיט אַ טראַסק.

אין אַ צען מינוט אַרום איז אויך אַרויס יורי אַנדרייעוויטש. ער האָט פאַרגעסן וועגן יינגל און וועגן קאָלעגע צו וועמען ער האָט זיך געקליבן. ער איז פול געווען מיטן איבערגעלייענטן און אוועק אַהיים. אין וועג האָט צוגעצויגן און פאַרשלונגען זיין אויפמערקזאַמקייט אַן אַנדער גע־שעעניש, אַ טאָגטעגלעכע קליינקייט, וואָס האָט אָבער אין יענער צייט געהאַט אַן אומגעהויערע באַדייטונג.

שוין נישט ווייט פונעם אייגענעם הויז האָט ער אין דער פינצטער־ניש זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ריזיקן באַרג מיט ברעטער און דרענגער, וואָס זענען געלעגן אינדערברייט פון וועג אויפן טראָטואַר ביים ראַנד פון ברוק. אין דעם געסל איז געווען אַ אינסטיטוציע, פאַר וועלכער מען האָט וואַרשיינלעך געבראַכט מלוכהשע באַהייצונג־מאַטעריאַלן פון אַ צעבראָכן הילצערן הויז ערגעץ־ווו אויף דער פּעריפעריע. די דרענגער האָבן נישט געקאָנט אַריין אין הויף און האָבן פאַרלייגט אַ שטיק גאַס דערנעבן. דעם באַרג געהילץ האָט געהיט אַ באַוואָפנטער וועכטער, וואָס איז אַרומגעגאַנגען איבערן הויף און פון צייט צו צייט אַרויס אין געסל.

יורי אַנדרייעוויטש האָט נישט לאַנג געטראַכט, אויסגענוצט אַ

מינוט בעת דער וועכטער איז אַריין אין הויף און דער אַנפליענדיקער וויכער האָט אַ דריי געטאָן אין דער לופט אַ געדיכטן שניי־וואָלקן. ער איז צו צו דער קופּע דרענגער פון דער שאָטנדיקער זייט, ווו עס איז נישט געפאַלן דאָס ליכט פון לאַמטער און מיט אַ פאַמעלעכדיקן טרייסלען אַרויסבאַקומען פון סאַמע אונטן אַ שווערן דראָנג. מיט גרויס מי האָט ער אים אַרויסגעצויגן פון אונטער דער קופּע און אַרויפגעלייגט אויף דער פּלייצע. ער האָט אויפגעהערט פילן די וואָג (די אייגענע משא באַשווערט נישט) און בגנבה, לענגאויס די פאַרטונקלטע ווענט, האָט ער דעם דראָנג אַוועקגעשלעפּט צו זיך אין סיווצעווו.

דאָס איז טאַקע געקומען אין דער ריכטיקער מינוט. אין שטוב האָט דאָס האָלץ זיך געענדיקט. מ'האָט צעזעגט דעם קלאָץ און אָנגעהאַקט פון אים אַ גאַנצן באַרג קליינע העלצלעך. יורי אַנדרייעוויטש האָט איינגעבויגענערהייט גענומען איינהייצן דאָס אייוועלע. ער איז שטיל געזעסן ביים שפּרינגענדיקן טירל. אלעקסאַנדער אלעקסאַנדראָוויטש האָט צוגערוקט אַ שטול צום אייוועלע און אַוועקגעזעצט זיך וואַרעמען. יורי אַנדרייעוויטש האָט אַרויסגעצויגן פון קעשענע די צייטונג און דערלאַנגט זי דעם שווער מיט די ווערטער:

— געהערט? האָט הנאה, לייענט.

אָבער איינגעבויגענערהייט, ביים איבערגעקערטן מיטן קליינעם שאַראייזן דאָס האָלץ אין אייוועלע, האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט זיך אַליין.

— וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע כירורגיע! נעמען און מיט איין מאָל אויסשניידן אַזוי מייסטעריש די אַלטע שטינקענדיקע מכות! אָן אָפענער דירעקטער אורטייל איבער דער דורותדיקער אומגערעכטיקייט, וואָס איז געוווינט, אַז מען זאָל זיך פאַר איר נייגן, בוקן און שטעלן זיך אויף די קני.

דערין וואָס מען האָט דאָס אַזוי אָן מורא דערפירט ביזן סאַמע סוף איז פאַראַן עפּעס־וואָס נאַציאָנאַל־נאָענטס, פון לאַנג שוין באַקאַנטס. עפּעס אַזוינס פון פּושקינס אומבאַדינגלעכער ליכט־אויסשטראַלונג, פון טאָלסטאָיס נישט־אויסמיידנדיקער טרייקייט צו די פאַקטן.

— פּושקינס? וואָס האָסטו געזאָגט? וואַרט, איך ענדיק שוין, איך קאָן דאָך נישט אויפאַמאָל לייענען און הערן, — האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש איבערגעריסן דעם איידעם, מיינענדיק, אַז יורי אַנדרייעוויטשס מאָנאָלאָג איז געווענדט צו אים.

— וואָס איז דאָ, בעיקר, דאָס געניאַלע? אויב מען וואָלט עמיצן געגעבן די אויפגאַבע צו שאַפן אַ נייע וועלט, אָנצוהייבן אַ נייע צייט־רעכענונג,

וואָלט ער אומבאַדינגט געמוזט האָבן, אַז מ׳זאָל פֿאַר אים קודם אָפּרייניקן אַ געהעריק אָרט. ער וואָלט געוואָרט, אַז פֿריער זאָלן זיך ענדיקן די אַלטע יאָרהונדערטער, איידער ער טרעט צו צו בויען נייע, אים וואָלט נייטיק געווען אַ קיילעכיקע ציפֿער, אַ גלאַטיקע שורה, אַ נישט־פֿאַרשריבן זייטל.

און דאָ, — ביטע, מײַנע ליבע, אָט דאָס אומגעוויינלעכע, אָט דאָס וווּנדער פֿון דער געשיכטע, אָט די אַנטפּלעקונג האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין דער סאַמע געדיכטעניש פֿון דער אומאויפֿהערלעכער טאָגטעגלעכקייט, אָן שום אויפֿמערקזאַמקייט צו איר גאַנג. אָנגעהויבן נישט פֿון אָנהייב, נאָר פֿון מיטן, אָן פֿון פֿאָרויס צוגעקליבענע טערמינען, אין די ערשטע־בעסטע וואָכנטעג, אין סאַמע טומל פֿון די קורסירנדיקע טראַמווייען. דאָס איז געניאַלער פֿון אַלעם. אַזוי נישט אויפֿן אָרט און אַזוי נישט אויף דער צייט איז בלויז דאָס טאַמע העכסטע.

# 9

דער ווינטער איז געקומען אַזאַ ווי מען האָט אים פֿאָרויסגעזען. ער איז נאָך נישט געווען אַזאַ שרעקלעכער ווי די צוויי ווינטערס נאָך אים, אָבער ער איז שוין געווען פֿון זייער מין — אַ פֿינצטערער, אַ הונגעריקער און אַ קאַלטער, אינגאַנצן אין בראָך פֿון די אַלטע געוווינהייטן און אין איבערבוי פֿון אַלע עקזיסטענץ־יסודות, אינגאַנצן אין איבערמענטשלעכן אָנשטרענג אײַנצוקלאַמערן זיך אין אַנטרינענדיקן לעבן.

דאָס זענען געווען דרײַ שרעקלעכע ווינטערס איינער נאָכן אַנדערן. נישט אַלץ וואָס ווייזט זיך איצט אויס פֿאַר פֿאַרגעקומען אין ווינטער פֿון זיבעצנטן אויפֿן אכצנטן יאָר איז באמת געשען דעמלט. נאָר מעגלעך אַז שפּעטער האָבן זיך די נאָכאַנאַנדיקע ווינטערס צונויפֿגעגאָסן אינאיינעם און עס איז שווער אונטערצושיידן איינעם פֿון אַנדערן.

צווישן אַלטן לעבן און דער נייער אָרדענונג האָט זיך נאָך נישט געקלעפּט. צווישן זיי איז נישט געווען קיין ווילדע שנאה, ווי אין אַ יאָר אַרום, אין דער צייט פֿון בירגער־קריג, אָבער עס איז אויך נישט געווען קיין קאָנטאַקט. דאָס זענען געווען צדדים, וואָס זענען געשטאַנען באַזונדער, איינער קעגן אַנדערן און זיך נישט געוואָלט העלפֿן.

אומעטום האָט מען אַדורכגעפֿירט איבערוואַלן פֿון די פֿאַרוואַלטונגען: אין די הײַזער, אין די אָרגאַניזאַציעס, אויף די אַרבעטס־פּלעצער און אין די אונטערנעמונגען פֿון עפֿנטלעכן דינסט. זייער צוזאַמענשטעל האָט זיך געביטן. אומעטום האָט מען אָנגעהויבן באַשטימען קאָמיסאַרן מיט אומבאַגרענעצטע פֿולמאַכטן, מענטשן מיט אַן אײַזערנעם ווילן, אין שוואַרצע לע־

דערנע קורטקעס, באַוואָפנטע מיט דראָונג־מיטלען און נאַגאַנעס, — מענטשן, וואָס האָבן זעלטן זיך געגאָלט און נאָך זעלטענער געשלאָפן.

זיי האָבן גוט געקענט דעם יחוס פון בירגערטום — דעם דורכ־שניטלעכן אייגנטימער פון די קליינע מלוכהשע ווערטפּאַפּירן, דעם צעקראָ־כענעם פיליסטער און אָן רחמנות האָבן זיי צו אים גערעדט מיט אַ מעפּיס־טאָפּעליש שמייכעלע, ווי צו אַ געכאַפּטן גנבל.

אָט די מענטשן האָבן געקאָמאַנדעוועט מיט אַלעמען, אַזוי ווי דאָס פּראָגראַם האָט באַפוילן און איין אונטערנעמונג נאָך דער צווייטער, איין אינסטיטוציע נאָך דער אַנדערער זענען געוואָרן באָלשעוויסטיש.

דער קרעסטאָוואָזדוויזשענסקער שפּיטאָל האָט איצט געהייסן דער צווייטער איבערפאָרמירטער און עס זענען אין אים פאָרגעקומען ענדע־רונגען. אַ טייל פון פּערסאָנאַל איז געוואָרן באַפרייט, און אַ סך זענען אַליין אַוועק, ווייל זיי האָבן איינגעזען, אַז די אַרבעט דאָרט לוינט זיך נישט. דאָס זענען געווען גוטפאַרדינענדיקע דאָקטוירים, קאַליע־געמאַכטע, פּראָזעאָלאָגן און פלוידערער. זייער אַוועקגיין פון דער אַרבעט צוליב עגאָיסטישע מאָטיוון האָבן זיי זיך נישט געשעמט פאָרצושטעלן ווי אַ דעמאָנסטראַציע צוליב פּאַטריאָטישע טעמים און אָנגעהויבן באַציען זיך מיט פאַראַכטונג צו די געבליבענע דאָקטוירים און כמעט זיי צו באָיקאָטירן. צווישן די לעצטע איז געווען אויך זשיוואַגאָ.

אין די אָוונטן זענען צווישן מאַן און ווייב פאָרגעקומען אַזעלכע שמועסן:

— מיטוואָך פאַרגעס נישט צו קומען אין קעלער פון דאָקטוירים־פאַרבאַנד נאָך געפרוירענע קאַרטאָפל. צוויי זעקלעך. איך וועל זיך גענוי דערוויסן אין וועלכער שעה איך וועל זיין פריי צוצהעלפן. אינצווייען וועלן מיר דאָס אַוועקפירן אויפן שליטל.

— גוט. מען וועט באַווייזן, יוראָטשקאַ. אפשר וואָלסטו געגאַנגען שלאָפן. ס'איז שפּעט. דו וועסט סיי ווי אַלץ נישט מאַכן, דאַרפסט זיך אָפּרוען.

— אַ מאַסן־עפּידעמיע. די אַלגעמיינע אויסגעשעפּטקייט שוואַכט אָפּ די ווידערשטאַנדפעיקייט. אויף דיר און אויפן טאַטן איז אַ שרעק אַ קוק צו טאָן. מען דאַרף זען עפּעס צו טאָן. יאָ, אָבער וואָס אייגנטלעך? מיר היטן זיך נישט גענוג. מען דאַרף זיין פאָרזיכטיקער. הער, דו שלאָפסט נישט?

— ניין.

— פאַר זיך האָב איך קיין מורא נישט, איך בין אייזן־שטאַרק, אָבער אויב איך וועל פונדעסטוועגן זיך אַוועקלייגן, זאָלסטו נישט טאָן קיין נאַרישקייטן און נישט לאָזן מיך אין שטוב. מאָמענטאַל אין שפּיטאָל אַריין.

— וואָס רעדסטו, יוראָטשקאָ! גאָט איז מיט דיר. צוואָס אַזעלכע רייד?

— געדענק, אַז עס זענען מער נישט פאַראַנען נישט קיין ערלעכע און נישט קיין פריינד. און אוודאי און אוודאי קיין דערפאַרענע מענטשן. אויב עס וועט עפּעס געשען זאָלסטו האָבן צוטרוי נאָר צו פּיטשוזשקינען. פאַרשטייט זיך, אויב ער אַליין וועט זיין געזונט. דו שלאָפסט נישט?

— ניין.

— חזירים, זיי זענען אַוועק אַהין ווו מען קריגט אַ בעסערע שפּייז־צוטיילונג, און איצט מאַכן זיי דעם אָנשטעל, אַז דאָס האָבן זיי געטאָן צוליב פּאַטריאָטישע געפילן, צוליב פּרינציפּן. אַז מען באַגעגנט זיך דערלאַנגען זיי קוים די האַנט. „איר אַרבעט ביי זיי?" און זיי הייבן אויף די ברעמען. „איך אַרבעט, — ענטפער איך, — און זייט נישט בייז אויף מיר: איך בין שטאָלץ מיט אונדזערע שווערקייטן און איך שעץ די מענטשן, וואָס טוען אונדז אָן דעם כבוד און לייגן אויף אונדז אַרויף אָט די שווערקייטן".

# 10

אין משך פון אַ לאַנגער צייט איז דאָס נאָרמאַלע עסן פון רוב מענטשן באַשטאַנען פון הירוש אויף וואַסער און זופּ פון הערינג־קעפּלעך. די הערינג גופא, געבראָטענערהייט, זענען געווען אויפן צווייטן געריכט. מען האָט זיך דערנערט מיט נישט געמאָלענעם קאָרן און ווייץ. דערפון האָט מען געקאָכט קאַשע.

אַ באַקאַנטע, אַ פּראָפעסאָרס ווייב, האָט געלערנט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ באַקן ראַזעווע ברויט אויפן רושט פון קאַכלענעם אויוון. אַ טייל דערפון האָט מען געזאָלט פאַרקויפן און אַזוי אַרום באַרעכטיקן דאָס באַנוצן דעם קאַכלענעם אויוון ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. דאָס וואָלט געגעבן די מעגלעכקייט זיך אָפּצוזאָגן פון דעם פאַרמאַטערנדיקן אייזערנעם אייוועלע, וואָס האָט גערויכערט, שלעכט געוואַרעמט און איינגאַנצן נישט געהאַלטן קיין היץ.

דאָס ברויט ביי אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ איז גוט געראָטן, אָבער פון איר מסחר איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. מען האָט געמוזט רעזיגנירן פון די נישט פאַרווירקלעכטע פּלענער און ווידער לאָזן אין גאַנג דאָס אייזערנע אייוועלע. די זשיוואַגאָס האָבן אָנגעהויבן ליידן נויט.

איינמאָל אינדערפרי איז יורי אַנדרייעוויטש ווי געוויינלעך אַוועק־געגאַנגען צו דער אַרבעט. אין שטוב איז בסך הכל געבליבן צוויי דרענג־לעך. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט אָנגעטאָן דאָס פוטערל, אין וועלכן

זי האָט פון שוואַכקייט געציטערט אפילו אין אַ וואַרעם וועטער און זי איז אַוועק „אויף געיעג".

אַ האַלבע שעה האָט זי זיך געדרייט איבער די אַרומיקע געסלעך וווּהין עס פלעגן טיילמאָל פאַרבלאָנדזשען פויערימלעך פון די הינטערשטאָטישע דערפער מיט ירקות און קאַרטאָפל. מען האָט זיי געדאַרפט קאָנען אויסגעפינען, ווייל פויערים, וואָס האָבן געפירט פּראָדוקטן פלעגט מען פאַרהאַלטן.

זי האָט ענדלעך דערגרייכט דעם ציל פון אירע זוכענישן. אַ יונגער פעסטער חברה־מאַן אין אַ סערמיַענגע האָט געשפּאַנט אין דער באַגלייטונג פון אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ נעבן אַ שליטן, וואָס איז געווען לייכט ווי אַ שפּילכל און פאַרזיכטיק אים אַריינגעפירט צו די גראַמעקאָס אין הויף.

אין דעמבעננעם קויש פון שליטן איז אונטער אַ ראָגאָזשע געלעגן אַ נישט גרויס בינטל בערעזענע צווייגלעך, נישט דיקערע פון די אַלטמאָדישע ווילע־פאַרענטשן אויף די פאָטאָגראַפיעס פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט געוווּסט זייער ווערט, — אַז עס האָט בלויז דעם נאָמען בערעזע־האָלץ און פאַקטיש איז עס סחורה פון ערגסטן סאָרט, פריש געשניטן און טויג נישט צום הייצן, אָבער קיין אויסוואַל איז נישט געווען.

דער יונגער פויער האָט אין אַ פינף־זעקס מאָל ארויפגעטראָגן די דרענגלעך אינדערהייך און דערפאַר האָט ער אַראָפּגעשלעפּט און אַריינגעלייגט אין שליטן אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַס שפּיגל־שאַנק, אַ מתנה פאַר זיין יונג ווייבל. בעת זיי האָבן זיך צונויפגערעדט וועגן קאַרטאָפל אויף להבא האָט ער דרך־אגב געפרעגט אויפן פרייז פון דער פּיאַנאָ, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר.

ווען יורי אַנדרייעוויטש איז אַהיימגעקומען האָט ער נישט געוואָלט רעדן וועגן ווייבס קניה. צעהאַקן די שאַנק אויף שטיקלעך וואָלט בעסער זיך געלוינט, אָבער די האַנט וואָלט ביי זיי זיך נישט געהויבן דערצו.

— האָסט געזען דאָס צעטל אויפן טיש? — האָט דאָס ווייב אים געפרעגט.

—פון שפּיטאָל־פאַרוואַלטער? מען האָט מיר געזאָגט, איך ווייס. דאָס איז אַן איינלאַדונג צו אַ קראַנקער. איך וועל אומבאַדינגט גיין. איך וועל נאָר אַ ביסל זיך אָפּרוען און כ'וועל גיין. אָבער ס'איז אַ נישקשה־דיקער מהלך. ערגעץ־ווו ביי די „טריומפאַלניע וואָראָטאַ". כ'האָב פאַרשריבן דעם אַדרעס.

— מען לייגט פאַר אַ מאָדנעם האָנאָראַר. האָסט געזען? פונדעסט־

וועגן מעגסטו איבערלייענען. אַ פלעשל דייטשישער קאָניאַק אָדער אַ פּאָר דאַמען־זאָקן. מיט וואָס מען וויל דיך פאַרגאַדיען. ווער קאָן עס זיין? וואָס פאַראַ געשמאַקלאָזיקייט און אַבסאָלוטע נישט קענטעניש פון אונדזער היינטיק לעבן. אוודאי אויפגעקומענע גבירים.

— יאָ, דאָס איז אַ פאַרזאָרגער.

מיט דעם נאָמען האָט מען אָנגערופן די קאָנצעסיאָנערן, באַפּול־מעכטיקע און קליינע פריוואַטע אונטערנעמער. נאָכן ליקווידירן דעם פריוואַטן האַנדל האָט די מאַכט אין מאָמענטן פוןווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן געמאַכט קליינע אָפּווייכונגען און געשלאָסן מיט זיי אָפּמאַכן און קאָנטראַקטן אויף פאַרשידענע צושטעלונגען.

צווישן זיי זענען שוין נישט געווען די אַראָפּגעוואָרפענע באַלע־באָטים פון די אַלטע פירמעס, די אייגנטימערס פון גרויסן פאַרנעם. יענע זענען שוין נישט געקומען צו זיך פון די קלעפּ. אין דער קאַטעגאָריע זענען געווען פרישגעבוירענע געשעפטסלייט, אויפגעשטאַנענע אויפן דעק פון מלחמה און רעוואָלוציע, נייע און צופעליקע מענטשן אָן וואָרצלען.

דער דאָקטאָר האָט אויסגעטרונקען הייס וואַסער מיט סאַכאַרין פאַרווייסט מיט מילך און אַוועק צו דער קראַנקער.

די טראָטואַרן און ברוקן זענען געווען באַגראָבן אונטערן טיפן שניי, וואָס האָט צוגעדעקט די גאַסן פון איין ריי הייזער ביז דער צווייטער. די פרישע שיכט האָט ערטערווייז דערגרייכט ביז די פענצטער פון ערשטן שטאָק. איבער דער גאַנצער ברייט פון אָט דעם שטח האָבן זיך גערוקט שווייגנדיקע האַלבלעבעדיקע שאָטנס און געשלעפּט אויף זיך אָדער געפירט אויף שליטלעך אַ ביסל מאָגערע פראָדוקטן. קיין פאָרנדיקע האָט מען כמעט נישט געזען.

דאָ און דאָרט זענען אויף די הייזער נאָך פאַרבליבן די אַלטע שילדלעך. די געוועלבער און קאָאָפּעראַטיוון זענען געשטאַנען פאַר־שלאָסענע, מיט פאַרקראַטעוועטע אָדער פאַרקלאַפּטע פענצטער און גע־פּוסטעוועט.

זיי זענען געווען געשלאָסן און געפּוסטעוועט נישט בלויז דערפאַר ווייל ס'איז קיין סחורה נישט געווען, נאָר אויך צוליב דעם, ווייל די רעאָרגאַניזאַציע פון האַנדל איז ערשט אַדורכגעפירט געוואָרן אין די סאַמע אַלגעמיינסטע שטריכן און נאָך נישט אָנגערירט אָט די פאַרקלאַפּטע קרעמלעך פון די קליינע אייגנטימער.

# 11

— דאָס הויז וווּהין דער דאָקטאָר איז געוואָרן איינגעלאַדן, האָט זיך געפונען ביים סוף פון דער בריסקער גאַס, נעבן דער טווערער ראָגאַטקע.

דאָס איז געווען אַ ציגלנע געבײַדע פון אַ קאַזאַרמישן פאַר־מבולדיקן סטיל, מיט אַ הויף פון אינעווייניק און מיט הילצערנע גאַ־לערקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דריי שטאָק לענגאויס די הינטערשטע ווענט פון בנין.

ביי די לאָקאַטאָרן איז גראָד פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַר־זאַמלונג מיטן אָנטייל פון אַ פאָרשטייערן פון ראַיסאָוויעט. פלוצלינג האָט זיך באַוויזן אַ מיליטערישע קאָמיסיע, וואָס האָט דורכגעפירט אַן אינ־ספּעקציע, קאָנטראָלירט די דערלויבענישן אויף האַלטן געווער און קאָנפיסקירט דאָס נישט־לעגאַלע. דער נאַטשאַלניק וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער רעוויזיע האָט געבעטן דער דעלעגאַטקע זי זאָל נישט אַוועק־גיין און איר פאַרזיכערט, אַז די רעוויזיע וועט לאַנג נישט דויערן, די באַפרייטע לאָקאַטאָרן וועלן ביסלעכווייז זיך צונויפקומען און די איבער־געריסענע זיצונג וועט שנעל קאָנען באַנייט ווערן.

די אינספּעקציע האָט שוין געהאַלטן ביים סוף. די ריי איז גע־קומען אויף דער דירה, ווו מען האָט דערוואַרט דעם דאָקטאָר, בעת זשי־וואַגאָ איז טאַקע צוגעקומען צום טויער. אַ זעלנער מיט אַ ביקס אויף אַ שטריקל איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביי די טרעפּ פון דער גאַלעריע און בשום אופן נישט געוואָלט אַדורכלאָזן יורי אַנדרייעוויטשן, אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער נאַטשאַלניק פון דער אָפּטיילונג. ער האָט באַפוילן נישט צו מאַכן דעם דאָקטאָר קיין שוועריקייטן און מסכים געווען אונטערצוואַרטן מיטן רעווידירן די דירה ביז דער דאָקטאָר וועט באַטראַכטן דעם חולה.

דעם דאָקטאָר האָט אויפגענומען דער באַלעבאָס פון דער דירה, אַ העפלעכער יונגערמאַן מיט אַ מאַט פּנים און טונקל־מעלאַנכאָלישע אויגן. ער איז געווען אויפגערודערט צוליב אַ סך סיבות: די קרענק פון דער פרוי, די דערוואַרטע רעוויזיע און דער אויסערגעוויינלעכער אָפּשיי, וואָס ער האָט געפילט צו דער מעדיצין און אירע פאָרשטייער.

כדי איינצושפּאָרן דעם דאָקטאָר צייט און מי האָט דער באַלע־באָס זיך באַמיט צו רעדן וואָס קירצער, אָבער גראָד אָט די אייליקייט האָט זיינע רייד אויסגעצויגן און פאַרפּלאָנטערט.

די דירה איז געווען אַ מישמאַש פון קאָמפאָרט און ביליקייט און

אַנגעשטעלט מיט חפצים, איינגעקויפטע אין איילעניש, כדי איינצולאָקירן אין אַלערליי חפצים דאָס געלט, וואָס האָט שנעל פאַרלוירן דעם ווערט. דאָס דעקאָמפּלעטירטע מעבל איז געווען דערגאַנצט מיט איינצלנע קעגנ־שטאַנדן נישט צו דער פּאָר.

דער באַלעבאָס פון דער דירה איז געווען אין דער מיינונג, אַז זיין פרוי ליידט אויף אַ נערוואָזע צוליב איבערשרעקן זיך. צווישן אַ סך פּרטים וואָס זענען נישט געווען צום ענין האָט ער דערציילט, אַז מען האָט זיי פאַרקויפט בחצי־חינם אַן אַלטן קאַליעדיקן קוראַנט־זייגער וואָס גייט שוין נישט אַ לאַנגע צייט. זיי האָבן אים געקויפט נאָר ווי אַן אַנטיק פון זייגערמאַכערישער קונסט, ווי אַ זעלטנקייט (דער קראַנקערס מאַן האָט אַריינגעפירט דעם דאָקטאָר אין שכנותדיקן צימער, כדי אים צוווייזן דעם זייגער). מען האָט אפילו געצווייפלט, צי מען קאָן אים פאַריכטן. און פּלוצלינג האָט דער זייגער, יאָרן שוין אַ נישט־אַנגעצויגענער, אָנגעהויבן גיין אַליין, אויסגעקלונגען זיין קאָמפּליצירטן מענועט און זיך אָפּגעשטעלט. זיין פרוי איז אַריינ־געפאַלן אין פּחד, — האָט דער יונגערמאַן דערציילט, — און געוואָרן זיכער, אַז עס האָט געשלאָגן איר לעצטע שעה. איצט ליגט זי, רעדט נישט צו דער זאַך, עסט נישט, טרינקט נישט און דערקענט אים נישט.

— זענט איר אין דער מיינונג, אַז דאָס איז אַ נערוון־דערשי־טערונג? — האָט יורי אַנדרייעוויטש געפרעגט מיט צווייפל אין דער שטים. — פירט מיך אַריין צו דער קראַנקער.

זיי זענען אַריין אין דערנעבנדיקן צימער, ווו עס איז געהאנגען אַ פאָרצעלייענער זשיראַנדאָל און צוויי שענקלעך פון רויטן האָלץ זענען געשטאַנען ביי די זייטן פונעםברייטן צווייפּערזאָניקן בעט. צוגעדעקט מיט אַ קאָלדרע ביז איבער דער גאָמבע, איז אויפן ברעג פון בעט געלעגן אַ קליינע פרוי מיט גרויסע שוואַרצע אויגן. ווען זי האָט דערזען די אַריינגעקומענע האָט זי זיי אָנגעהויבן טרייבן מיט דער האַנט. דער ברייטער אַרבל פון כאַלאַט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט צום אָרעם־גריבל. זי האָט נישט דערקענט דעם מאַן און פונקט ווי קיינער וואָלט נישט געווען אין שטוב האָט זי מיט אַ שטילער שטים גענומען זינגען דעם אָנהייב פון אַן אומעטיק ליד, וואָס האָט איר אַזוי טרויעריק געמאַכט, אַז זי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט און מיט אַ קינדעריש כליפּען אָנגעהויבן בעטן, אַז מען זאָל זי אָפּפירן ערגעץ־ווו אַהיים. פון וואָסער זייט דער דאָקטאָר זאָל נישט צוגיין האָט זי זיך נישט געלאָזט באַטראַכטן און יעדעס מאָל זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע.

— מען וואָלט זי געדאַרפט באַטראַכטן, — האָט יורי אַנדרייעוויטש

געזאָגט. — אָבער מיר איז אַזוי אויך שוין קלאָר. דאָס איז אַ פלעק־טיפוס און דערצו אין אַ זייער שווערער פאָרם. איך וואָלט אייך געעצהט אוועקצוגעבן זי אין שפּיטאָל. דאָ וועלן ניט העלפן די באַקוועמלעכקייטן, וואָס זי האָט ביי אייך. זי דאַרף אַ כסדרדיקע מעדיצינישע השגחה אין דער ערשטער וואָך פון דער קרענק. צי קאָנט איר באַקומען עפּעס אַ לאָקאָמאָציע, אַ דראָזשקע, אָדער אין ערגסטן פאַל אַ וועגעלע כדי אָפּצופירן די קראַנקע? פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף זי פריער גוט איינהילן. איך וועל אייך אויסשרייבן אַ קראַנקנשיין.

— גוט, איך וועל זיך באַמיען. אָבער וואַרט אַ מינוט, איז דאָס דען טאַקע אַ טיפוס? ווי שרעקלעך!

— צום באַדויערן.

— איך האָב מורא, אַז איך וועל זי פאַרלירן אויב זי וועט אַרויס פון שטוב. צי וואָלט איר זי בשום אופן ניט געקאָנט היילן אין שטוב און ווי וויט מעגלעך אָפּטער זי באַזוכן? איך וואָלט אייך געגעבן יעדן האָנאָראַר וואָס איר וועט פאָדערן.

— איך האָב דאָך אייך געגעבן צו פאַרשטיין. ס'איז נייטיק אַ כסדרדיקע אָבסערוואַציע. הערט מיך, איך גיב אייך אַ גוטע עצה. שאַפט פון אונטער דער ערד אַ דראָזשקע און איך וועל איר אויסשרייבן אַן אַריבערפיר־צעטל. צום בעסטן וועט דאָס זיין אַדורכצופירן אין אייער הויז־קאָמיטעט. אויפן צעטל דאַרף מען האָבן אַ שטעמפּל פון הויז און נאָך אַנדערע פאָרמאַליטעטן.

## 12

די לאָקאַטאָרן וואָס זענען אַדורך די רעוויזיע און די אויספאָרשונג האָבן איינער נאָכן צווייטן זיך אומגעקערט און דעם ניט באַהייצטן צימער פון געוועזענעם אייער־סקלאַד, ווו ס'איז איצט געווען דער הויז־קאָמיטעט. אַלע זענען געווען איינגעהילט אין וואַרעמע טיכער און אין פעלצן.

אין איין עק פון צימער איז געשטאַנען אַ ביוראָ־טיש מיט עטלעכע שטולן, וועלכע האָבן אָבער ניט געסטייעט כדי צו באַזעצן אַזאַ גרויסן עולם. דערפאַר האָט מען צעשטעלט אַרום און אַרום ווי בענק לאַנגע קאַסטנס פון אייער, איבערגעקערטע מיטן דעק אינדערהייך. אין קעגנאיבערדיקן עק פון צימער איז געווען אָנגעהויפט אַ באַרג מיט אַזעלכע קאַסטנס ביזן סופיט. דאָרט אין ווינקל זענען געלעגן ביי דער וואַנט צונויפגעקערט אין אַ קופּע הובלשפּענער, צונויפגעקלעפּטע אין בינטלעך

דורך דאָס אינעווייניקסטע פון צעבראָכענע אייער. אין אַט דער קופּע האָבן זיך אַרומגעפּאַרעט שטשורעס מיט אַ געטומל, אַרויסגעלאָפן אויפן פרייען שטח פון שטיינערנעם דיל און אויפסניי זיך באַהאַלטן אין די שפּענער.

אַלע מאָל ווען דאָס איז געשען איז פון אַ קעסטל אויפגעשפּרונגען מיט אַ געקוויטש אַ שרייאיקע, פעט־אָנגעגאָסענע לאָקאַטאַרקע, מיט אַ קאַקעטיש אָפּשטייענדיק פינגערל האָט זי אונטערגעהויבן און צונויפגענומען דעם זוים פון איר קלייד, געקלאַפּט שנעל מיט די פיס, אָנגעטוענע אין מאָדערנע דאַמישע שיכלעך מיט הויכע כאַלעווקעס און געשריגן מיט אַן אָנשמועל פון הייזעריקייט, ווי זי וואָלט געוועזן שיכור:

— אַלקאַ, אַלקאַ, שטשורעס לויפן ביי דיר. אָ, ער איז אַוועק, דער מנוול! איי־איי־איי, ער פאַרשטייט וואָס מען רעדט, ער איז ווילד געוואָרן! איי־איי, ער וועט אַרויף אויפן קאַסטן! ער וועט נאָך אַריינקריכן אונטערן קלייד. אוי, כ׳האָב מורא, כ׳האָב מורא! דרייט זיך אויס, הערן מענער. אַנטשולדיקט, כ׳האָב פאַרגעסן, אַז איצט זענען נישטאָ קיין מענער, נאָר חברים בירגער.

די טומלדיקע פרוי האָט געהאַט אויף זיך אַ צעשפּילעטן קאַראַקולענעם מאַנטל. אונטער דעם מאַנטל האָט אין דריי שיכטן זיך געוויגט ווי אַ שיטערער געפּודערטער פּודינג דער דאָפּלטער גוידער, דער הויכער ביוסט און דער בויך אין אַ פּאַגעצויגענער מיט אַ זיידן קלייד. ווייזט אויס, אַז אַמאָל האָט זי געשמט צווישן די סוחרים פון דער דריטער גילדע און זייערע משרתים. די שפּעלטלעך פון אירע חזירישע אייגעלעך מיט די צוגעשוואָלענע לעדנדלעך האָבן זיך קוים־קוים געעפנט. אַמאָל, אין די אַלטע גוטע צייטן, האָט אַ קאָנקורענטקע זיך פאַרמאָסטן אויף איר מיט אַ גלאָז זאַלצזויער, אָבער זי האָט נישט געטראָפן און בלויז צוויי־דריי טראָפּנס האָבן אויסגעגעסן אויף דער לינקער באַק און אין לינקן מויל־ווינקל צוויי לייכטע סימנים, וואָס צוליב זייער שוואַכער אַנזעעוודיקייט זענען זיי געוועזן כמעט ווי חן־פינטעלעך.

— מאַך נישט קיין קולות, כראַפּוגינאַ. מען קאָן פּשוט נישט אַרבעטן, — האָט זיך אָנגערופן ביים טיש די פאַרשטייערין פון ראַיסאָוועט, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פאַרזיצערין פון דער פאַרזאַמלונג.

נאָך פון די אַלטע צייטן האָבן איר גוט געקענט די איינוווינער פון הויז און זי אַליין האָט זיי אויך גוט געקענט. פאַרן אָנהייבן די פאַרזאַמלונג האָט זי נישט אָפיציעל און שטילערהייט געשמועסט מיט דער מומע פאַטימאַ, דער אַלטער הויזוועכטערין. אַמאָל האָט זי צוזאַמען מיטן

מאַן און די קינדער געשטיקט זיך אין שמוציקן קעלער, אָבער איצט האָט מען זי מיט דער טאָכטער אַריבערגעפירט אין צוויי ליכטיקע צימערן אויפן צווייטן שטאָק.

— נו, וואָס זשע מאַכט מען, פאַטימאַ? — האָט די פאַרזיצערין געפרעגט.

פאַטימאַ האָט זיך געקלאָגט, אַז איינע אַליין קאָן זי זיך נישט קיין עצה געבן מיט אַזאַ גרויס און פולבאַוווינט הויז, קיינער העלפט נישט. די פליכטן וואָס מען האָט פאַנאַנדערגעלייגט אויף די לאָקאַטאָרן אָפּצורוימען דעם הויף און די גאַס פילט קיינער נישט אויס.

— זאָרג זיך נישט, פאַטימאַ, מיר וועלן זיי אָפּשניידן די נעגעלעך, זיי רויק. וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָמיטעט? דאָס איז דאָך אומדערהערט. דעם קרימינעלן עלעמענט באַהאַלט מען אויס, מענטשן מיט אַ צווייפל־האַפטע מאָראַל ווינען אומגעמאַלדן. מיר וועלן זיי דערלאַנגען איבערן קאָפּ און אויסקלייבן אַ צווייטן קאָמיטעט. איך וועל דיך אַריינפירן אין דער הויז־פאַרוואַלטונג. דו בריקע זיך נאָר נישט.

די הויזוועכטערין האָט זיך געבעטן, אַז די פאַרזיצערין זאָל דאָס נישט טאָן, אָבער יענע האָט אפילו הערן נישט געוואָלט. זי האָט אָפּ־געמאָסטן מיטן בליק דאָס צימער, איינגעפונען אַז עס איז שוין פאַראַן געבוג עולם, פאַרלאַנגט אַז עס זאָל ווערן שטיל און מיט אַ קורץ אַריינ־פירוואָרט געעפנט די פאַרזאַמלונג.

נאָכן פאַראורטיילן די אומטעטיקייט פונעם פריערדיקן הויז־קאָ־מיטעט האָט זי פאַרגעשלאָגן אָנצורופן קאַנדידאַטן כדי אויסצוווילן אַ נייעם און איבערגעגאַנגען צו אַנדערע ענינים. ווען זי האָט דערמיט געענדיקט האָט זי צווישן אַנדערן געזאָגט:

— אַזוי, הייסט עס, שטייט דער ענין, חברים. מיר וועלן רעדן קליפּ און קלאָר. אייער בנין איז זייער אַ געראַומער און פּאַסט זיך פאַר אַ צוזאַמענוווינונג. עס טרעפט, דעלעגאַטן קומען צו פאָרן אויף באַראַ־טונגען און ס'איז נישטאָ ווו אַהינצוטאָן די מענטשן, פאַראַן אַ באַשלוס איבערצוגעבן דעם בנין אין רשות פון ראַיסאָוויעט אויף אַ הויז פאַר צוגעפאָרענע און אָנרופן עס אויפן נאָמען פון חבר טיוועריזין, ווייל דאָ האָט ער געוווינט ביז מען האָט אים פאַרשיקט. דער פאַקט איז אַלעמען באַקאַנט. קיינער איז נישט קעגן? איצט וועגן דעם סדר פון פאַר־לאָזן דאָס הויז. דאָס איז נישט קיין שנעלער ענין, איר האָט נאָך צייט אַ יאָר. די אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג וועט באַקומען צוגעטיילט וווינ־שטח. די נישט־אַרבעטנדיקע וואָרענען מיר, אַז זיי זאָלן זיך זוכן אַליין, מיר גיבן אַ טערמין פון צוועלף חדשים.

— און ווער איז ביי אונדז אַ נישט־אַרבעטנדיקער? נישטאָ ביי אונדז קיין נישט־אַרבעטנדיקע! אַלע אַרבעטן, — האָט מען אָנגעהויבן שרייען פון אומעטום און איין קול האָט זיך געריסן: — דאָס איז גרויס־מלוכהשער שאָוויניזם! אַלע נאַציאָנאַליטעטן זענען איצט גלייך. איך ווייס אויף וואָס איר גיט אָנצוזאָגעהערן!

— נישט אַלע מיטאַמאָל! כ׳ווייס פשוט נישט וועמען צו ענטפערן. וואָסערע נאַציאָנאַליטעטן? וואָס פאַר אַ שייכות האָט אַהער נאַציאָנאַ־ליטעט, בירגער וואַלדירקין? למשל, כראַפּוגינאַ איז לחלוטין נישט קיין נאַציאָנאַליטעט און מיר וועלן זי אויך אַרויסזעצן.

— אַרויסזעצן! מיר וועלן זען וויאַזוי דו וועסט מיך אַרויסזעצן! דו צוגעפּלאַטשטע קושעטקע! צען פּאַסטנס! — האָט כראַפּוגינאַ אויס־געשריגן און מיט די אומזיניקע זידלווערטער מכבד געווען די דעלע־גאַטקע אין ברען פון דער דיסקוסיע.

— וואָס פאַר אַ שלאַנג! וואָס פאַר אַ טייוול! דו האָסט גאָר קיין חרפה נישט אין זיך! — האָט די הויז־וועכטערין זיך געכעסט.

— ענטפער נישט, פּאַטימאַ, כ׳וועל זיך אַליין אַן עצה געבן. הער אויף, כראַפּוגינאַ, דין׳, אַז מען זאָל לאָזן, וועסטו קריכן אויפן קאָפּ. שווייג, זאָג איך דיר, וואָרים אויב נישט וועל איך דיך תיכף איבערגעבן דער מאַכט נאָך איידער מ׳וועט דיך פּאַקן ביים סאַמאָגאָן־טרייבן און ביים האַלטן אַ הייזל.

דער טומל האָט דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה, מען האָט קיינעם נישט געלאָזט קומען צום וואָרט. אין דעם מאָמענט איז אין סקלאַד אַריינגעקומען דער דאָקטאָר. ער האָט געבעטן דעם ערשטן־בעסטן ביי דער טיר אָנווייזן אים אויף עמיצן פון הויז־קאָמיטעט. יענער האָט צונויפגעלייגט די הענט ווי אַ טרובע און איבערשרייענדיק דעם גערויש און טומל האָט ער סילאַביזירנדיק גערופן:

— גאַ — לי — או — לי — נאַ! קום אַהער, עמיצער דאַרף דיך דאָ האָבן.

דער דאָקטאָר האָט זיינע אויערן נישט געוואָלט גלייבן. ס׳איז צו־געגאַנגען צו דער אַ דאַרע, עטוואָס איינגעבויגענע פרוי — די הויז־וועכטערין. דעם דאָקטאָר האָט איבערראַשט די ענלעכקייט פון מוטער און זון. אָבער ער האָט זיך נאָך נישט אויסגעגעבן. ער האָט געזאָגט: ביי אייך דאָ איז אַ לאָקאַטאָרקע קראַנק געוואָרן אויף טיפוס (ער האָט אָנגערופן איר פאַמיליע־נאָמען). מ׳דאַרף אָננעמען פאָרזיכט־מיטלען, כדי נישט פאַנאַנ־דערצוטראָגן די מגפה. חוץ דעם דאַרף מען די קראַנקע אָפּפירן אין

שפיטאָל. איך שרייב אויס אַ צעטל וואָס דער הויזקאָם וועט דאַרפן באַשטעטיקן. וויאַזוי און ווו קאָן מען עס אַדורכפירן?

די וועכטערין האָט פאַרשטאַנען אַזוי, אַז די פראַגע האָט אַ שייכות צום איבערפירן די קראַנקע און נישט צום באַגלייט־צעטל. האָט גאַליאָוליִנאַ געזאָגט. — די חברטע דעמינאַ איז אַ גוטע, כ׳וועל בעטן, וועט זי אָפּטרעטן די בריטשקע. זאָרג נישט, חבר דאָקטאָר, מיר וועלן אָוועקפירן דיין קראַנקע.

— איך מיין נישט דאָס, איך פרעג וועגן עפּעס אַ ווינקעלע, ווו מען זאָל קאָנען אָנשרייבן דאָס צעטל. אָבער אויב ס׳וועט זיין אויך אַ בריטשקע... אַנטשולדיקט, צי זענט איר נישט אַמאָל די מוטער פון פּאַרטשעניק גאַליאָולין, אָסיפּ גימאַזעטדינאָוויטש? כ׳בין געווען צוזאַמען מיט אים אויפן פראָנט.

די הויזוועכטערין האָט אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער און בלייך געוואָרן. זי האָט אָנגעכאַפּט דעם דאָקטאָר פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— קומט אינדרויסן, מיר וועלן שמועסן אויפן הויף.

ווי נאָר זיי האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל האָט זי אָנגעהויבן שנעל רעדן:

— שטילער, גאָט באַהיט, אַז מ׳זאָל דערהערן. מאַך מיך נישט אומגליקלעך. יוסופּקאַ איז אָוועק אויף אַ שלעכטן וועג. זאָג אַליין, ווער איז יוסופּקאַ? יוסופּקאַ קומט אַרויס פון טערמינאַטאָרן, פון וואַרשטאַט. יוסופּ דאַרף פאַרשטיין, אַז דעם פּראָסטן מענטש איז איצט אַ סך בעסער געוואָרן, דאָס זעט אפילו א בלינדער, ווער קאָן דאָס אָפּלייקענען? איך ווייס נישט ווי דו טראַכסט, דיר, קאָן זיין, איז דערלויבט, אָבער פאַר יוסופּקען איז דאָס אַ זינד, גאָט וועט נישט מוחל זיין. יוסופּס פאָטער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין דער מלחמה, דערהרגעט, און נאָך וויאַזוי — נישט קיין פּנים איז איבערגעבליבן, נישט קיין הענט, נישט קיין פיס.

זי איז נישט געווען אומשטאַנד ווייטער צו רעדן, זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אָפּגעוואַרט ביז איר אויפרעגונג וועט זיך איינשטילן. שפּעטער האָט זי פאָרגעזעצט:

— לאָמיר גיין. כ׳וועל דיר באַלד שאַפן די בריטשקע. איך ווייס ווער דו ביסט. ער איז דאָ געווען צוויי טעג, האָט ער דערציילט. ער האָט געזאָגט, אַז דו קענסט לאַראַ גישאַראָוואַ. זי איז געווען אַ גוט מיידל. איך געדענק, זי פלעגט אַריינקומען צו אונדז. און אַ וואָסערע איז זי איצט? ווער פאַרשטייט אייך! איז דען מעגלעך, אַז הערן זאָלן זיין קעגן

הערן? אָבער יוסופּקאַ איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן. לאָמיר גיין.. מיר וועלן אויספּועלן די בריטשקע. די חברטע דעמינאַ וועט געבן. ווייסטו ווער ס'איז די חברטע דעמינאַ? אָלאַ דעמינאַ האָט געאַרבעט ביי לאַראַ גישאַראָוואַס מוטער אין וואַרשטאָט. אָט ווער זי איז. און זי איז אויך פון דאַנען. פון דעם הויף. לאָמיר גיין.

# 13

עס איז שוין געווען אינגאַנצן פינצטער. אַרום און אַרום איז געווען נאַכט. בלויז דער ווייסער ליכט־קרייז פון דעמינאַס טאַשנלעמפּל איז געשפּרונגען אויף אַ פינף טריט פאָרויס פון איין בערגל אויפן צווייטן און האָט מער אַראָפּגעפירט פון וועג איידער אים באַלויכטן. אַרום און אַרום איז געווען נאַכט און פון הינטן איז געבליבן דאָס הויז, וווּ אַזויפיל מענטשן האָבן זי געקענט, וווּ זי איז געווען אַ מיידעלע און דאָרט האָט זיך אויך דערצויגן איר צוקונפטיקער מאַן אַנטיפּאָוו.

דעמינאַ האָט היימישלעך־שפּאַסיק זיך געווענדט צו אים:

— איר וועט שוין מסתמא דערגיין ווייטער אָן דעם טאַשנלעמפּל? האַ? אויב נישט וועל איך עס אייך געבן, חבר דאָקטאָר. יאָ. איך בין אין איר אַמאָל געווען פאַרקאַכט נישט אויף קיין געלעכטער, זי ליב געהאַט ביז משוגעת ווען מיר זענען נאָך געווען קליינע מיידלעך. זיי האָבן געהאַט אַ ניי־וואַרשטאַט און איך בין ביי זיי געווען אַ לערנמיידל. היינטיקס יאָר האָב איך זיך געזען מיט איר. זי איז דאָ אָפּגעטרעטן, פאַרבייפאָרנדיק מאָסקווע. איך זאָג איר: וווהין פאָרסטו, נאַרעלע? וואָלסט בעסער דאָ געבליבן. מיר וואָלטן צוזאַמען געוווינט, דו וואָלסט דאָ געפונען עפּעס אַן אַרבעט. ווי! זי וויל נישט. דער שכל האָט זי געפירט צו דער חתונה מיט פּאַשקען, נישט דאָס האַרץ, פון דעמלט אָן איז זי צעדרייט. זי איז אַוועקגעפאָרן.

— וואָס טראַכט איר וועגן איר?

— פאַרזיכטיק, דאָ איז גליטשיק. וויפל מאָל האָב איך געזאָגט, אַז מ'זאָל נישט אויסגיסן דאָס שמוציקע וואַסער פאַר דער טיר, — ווי אַרבעס אין דער וואַנט. וואָס איך טראַכט וועגן איר? וואָס איז דאָ פאַראַן צו טראַכטן. נישטאָ ווען. אָט דאָ וווין איך. איך האָב איר נישט דערציילט — איר ברודער, דעם מיליטערמאַן, האָט מען ווייזט אויס דערשאָסן. און דער מוטער אירער, מיין אַמאָליקער באַלעבאָסטע, וועל איך זיכער אַרויסהעלפן, איך באַמי זיך פאַר איר. נו, איך גיי דאָ אַריין, אויף ווידערזען.

זיי האָבן זיך צעשיידט. די שיין פון דעמינאָס לעמפּל איז געוואָרן פאַרשטעקט צווישן שמאָלע שטיינערנע טרעפּ, געלאָפן פאָרויס באַ־לייכטנדיק די פּערספּעקטיווע שמוציקן אַרויפגאַנג און דעם דאָקטאָר האָט אַרומגענומען די פינצטערניש. אויף רעכטס איז געווען די סאַדאָוואָיאַ־טריומפאַלנאַיאַ, פון לינקס — די סאַדאָוואָיאַ־קאַרעטנאַיאַ. אין דעם שוואַרצן מרחק אויפן שוואַרצן שניי זענען דאָס שוין נישט געווען קיין גאַסן אין געוויינלעכן זין פונעם וואָרט, נאָר צווי וואַלדיקע דורכגענג אין דער געדיכטער טאַיגע פון שטיינערנע בנינים, ווי אין די טונקעלע געדיכטענישן פון אוראַל אָדער סיביר.

אין שטוב איז געווען ליכטיק און וואַרעם.

— וואָס אַזוי שפּעט? — האָט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ גע־פרעגט און נישט וואַרטנדיק אויף ענטפער האָט זי געזאָגט:

— און דאָ איז דערווייל געשען אַ קוריאָז, אַ מאָדנע אויסטער־לישע זאַך. איך האָב דיר פאַרגעסן צו דערציילן. נעכטן האָט דער טאַטע צעבראָכן דעם וועקזייגער און ער איז געווען פאַרצווייפלט. דער לעצטער זייגער אין שטוב. ער האָט גענומען אים פאַריכטן, געגראַבלט און גע־גראַבלט אָבער ס'איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. דער זייגערמאַכער פון ראָג האָט געוואָלט דריי פונט ברויט, אַן אומדערהערטער פּרייז. וואָס טוט מען? דער טאַטע האָט אינגאַנצן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. און שטעל זיך פאָר, אַז מיט אַ שעה צוריק דערהערט זיך פּלוצלינג אַ שאַרף פאַר־טויבנדיק קלינגען. דער וועקזייגער! געגומען, פאַרשטייסטו מיך, און פון זיך אַליין אָנגעהויבן גיין!

— דאָס האָט אויסגעשלאָגן מיין טיפוס־שעה, — האָט יורי אַנ־דרייעוויטש זיך געוויצלט און דערציילט פאַר די שטוביקע די געשיכטע וועגן דער קראַנקער מיטן שפּיל־זייגער.

# 14

אָבער אויף טיפוס איז ער קראַנק געוואָרן אַ סך שפּעטער. אין צווישנצייט האָט די נויט פון דער משפחה זשיוואַגאָ דערגרייכט די העכסטע מדרגה. זיי האָבן געליטן און אויסגעגאַנגען. יורי אַנדרייעוויטש האָט אויסגעזוכט דעם באַרויבטן פאַרטייער, וואָס ער האָט אַמאָל גע־ראַטעוועט. יענער האָט געטאָן פאַרן דאָקטאָר אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט. עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן דער בירגער־קריג און זיין אַפּוטראָפּוס האָט כסדר זיך געפונען אין וועג. חוץ דעם האָט דער דאָזיקער מענטש, אין

הסכם מיט זיינע איבערצייגונגען, געהאַלטן די דעמלטיקע שווערקייטן פאַר נאַטירלעכע און נישט דערציילט, אַז ער אַליין הונגערט.

יורי אַנדרייעוויטש האָט געפּרוווט גיין צום פּאַרזאָרגער נעבן דער טווערער ראָגאַטקע. אָבער אין משך פון די לעצטע חדשים איז דער שפּור נאָך אים פאַרשוווּנדן און וועגן זיין געזונט־געוואָרענער פּרוי האָט מען אויך נישט געהערט. דער לאָקאַטאָרן־באַשטאַנד פון הויז האָט זיך געביטן. דעמינאַ איז געווען אויפן פראָנט און דער לייטערין פון הויז־קאָמיטעט גאַליאולינאַ האָט יורי אַנדרייעוויטש נישט געטראָפן.

איינמאָל האָט ער אויף אַ צוטיילונג באַקומען האָלץ צו אַ מלוכהשן פּרייז. דאָס האָלץ האָט מען געדאַרפט אָפּנעמען פון ווינדאָווסקער וואָקזאַל. איבער דער אומענדלעכער גאַס מיעשטשאַנסקאַיאַ האָט ער קאָנוואָירט דעם פורמאַן מיט דער קליאַטשע, וואָס האָט געשלעפּט אָט דעם אומגעריכטן אוצר. פּלוצלינג האָט דער דאָקטאָר באַמערקט, אַז די מיעשטשאַנסקאַיאַ הערט אויף צו זיין מיעשטשאַנסקאַיאַ, אַז עס הוידעט אים און די פיס זאָגן אָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער ענין איז אַ פּאַסקודנער, אַז דאָס איז — טיפוס. דער פורמאַן האָט אים אויפגעהויבן. דער דאָקטאָר האָט נישט געדענקט וויאַזוי מען האָט אים אַרויפגעלייגט אויפן פּירל האָלץ און דערפירט אַהיים.

# 15

צוויי וואָכן, מיט הפסקות, איז ער נישט געווען ביים באַוווסטזיין. אים האָט זיך געפּלאַנטערט, אַז אויף זיין שרייב־טיש האָט טאַניאַ אַוועקגעשטעלט די צוויי גאַסן־סאַדאָוועס, פון לינקס די קאַרעטנאַיאַ סאַדאָוואַיאַ, פון רעכטס זי טריומפאַלנאַיאַ סאַדאוואיא און אַז זי האָט צוגערוקט צו אים נאָענט דעם הייסן, דורכדרינגלעכן און אָראַנזשענעם טיש־לאָמפּ. אויף די גאַסן איז געוואָרן ליכטיק. מ׳קאָן אַרבעטן און ער זיצט און שרייבט.

ער שרייבט מיט אייפער און מיט אומגעווייניטלעכן דערפּאָלג דאָס, וואָס ער האָט תמיד געוואָלט און שוין לאַנג געהאַט חשק אָנצושרייבן, אָבער קיינמאָל נישט געקאָנט, איצטער קומט עס אַרויס. בלויז טיילמאָל שטערט אַ יינגל מיט שמאָלע קירגיזישע אויגן אין אַ רעניפערן־פוטער, וואָס מען טראָגט אין סיביר אָדער אויפן אוראַל.

עס איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז דאָס דאָזיקע יינגל איז דער גייסט פון זיין טויט, אָדער פּשוט געזאָגט — זיין טויט. אָבער ווי קאָן ער זיין זיין

טויט, אַז ער העלפֿט אים שרייבן די פּאָעמע. צי קאָן מען דען האָבן עפּעס אַ נוצן פֿונעם טויט, צי קאָן דען דער טויט קומען צוהילף?

ער שרייבט אַ פּאָעמע נישט וועגן תּחית־המתים און נישט וועגן ליגן אין קבר, נאָר וועגן די טעג צווישן ערשטן און צווייטן. ער שרייבט די פּאָעמע „מהומה".

ער האָט תּמיד געוואָלט אָנשרייבן, וויאַזוי אַ שטורעם פֿון דער שוואַרצער און ווערעמדיקער ערד באַלאַגערט און גרייפֿט־אָן אין משך פֿון דריי טעג די אומשטערבלעכע פֿאַרקערפּערונג פֿון ליבע און וואַרפֿט זיך אויף איר מיט זיינע גרודעס און שטיקער, פּונקט אַזוי ווי די כוואַליעס פֿון צופֿלוס אין ים לויפֿן אָן אין געיעג און פֿאַרדעקן אונטער זיך דעם ברעג; ער האָט געוואָלט אָנשרייבן וויאַזוי דער שוואַרצער ערדישער שטורעם ווילדעוועט, אַטאַקירט און טרעט־אָפּ אין די דריי טעג.

צוויי ריטמישע שורות האָבן אים פֿאַרפֿאָלגט:

זיי גאַרן פֿאַרדעקן
און
מען דאַרף זיך דערוועקן.

עס גאַרן אונדז פֿאַרדעקן סיי דער גיהנום, סיי דער פֿאַנאַנדערפֿאַל, סיי די צעלייגונג, סיי דער טויט. און פֿונדעסטוועגן גאַרן צו פֿאַרדעקן אונדז דער פֿרילינג, מאַריאַ מאַגדאַלענאַ, דאָס לעבן. און — מען דאַרף זיך דערוועקן. מען דאַרף זיך דערוועקן און אויפֿשטיין. מען דאַרף ווידער אויפֿשטיין צום לעבן.

# 16

ער האָט אָנגעהויבן געזונט ווערן. לכתּחילה האָט ער, ווי אַ באַגליקטער, נישט געזוכט קיין שייכותן צווישן זאַכן, אַלץ איז ביי אים געווען מעגלעך, ער האָט גאַרנישט געדענקט און אויף קיין שום זאַך זיך נישט געחידושט. די פֿרוי האָט אים געקאָרמעט מיט ווייס ברויט און פּוטער, געפּאָיעט מיט טיי און צוקער און דערלאַנגט קאַווע. ער האָט פֿאַרגעסן, אַז דאָס איז איצט אוממעגלעך צו באַקומען און געפֿרייט זיך מיט די געשמאַקע מאכלים, ווי מיט פּאָעזיע און לעגענדע, וועלכע זענען נאַטירלעך און באַדערפֿטיק ביים געזונט ווערן. אָבער באַלד ווען ער האָט אָנגעהויבן אַלץ צו באַגרייפֿן, האָט ער געפֿרעגט דער פֿרוי:

— פֿונוואַנען האָסטו דאָס אַלץ?

— דאָס אַלץ איז דאַך פֿון דיין גראַניאַ.

— וואָס פֿאַר אַ גראַניאַ?

— גראַניאַ זשיוואַגאָ.

— גראַניאַ זשיוואַגאָ?

— נו יאָ, דיין אָמסקער ברודער יעווגראַף, דיין פּאַטערס זון. דו ביסט געלעגן אַן באַוווסטזיין, ער איז כסדר געקומען געוויער ווערן.

— אין אַ רעני־פּערענעם פּוטער?

— יאָ, יאָ. הייסט עס, אַז אין דיין פּאַרטראַגנקייט האָסטו דאָס באַמערקט? ערגעץ אויף די טרעפּ פון אַ הויז האָט ער זיך מיט דיר צונויפגעטראָפן, איך ווייס, ער האָט מיר דערציילט. ער האָט געוווסט, אַז דאָס ביסטו און געוואָלט זיך פאָרשטעלן, אָבער דו האָסט אויף אים אַנגעוואָרפן אַן אימה! ער פאַרגעטערט דיך און לייענט מיט התלהבות דיינע לידער. פון אונטער דער ערד שאַפט ער דאָס אַלץ! רייז, ראַזשינקעס, צוקער. ער איז ווידער אַוועקגעפאָרן צו זיך אַהיים. ער וויל, אַז מיר זאָלן קומען צו אים. ער איז אַזאַ מאָדנער, סודותדיקער. איך מיין, אַז ער האָט מיט דער מאַכט עפּעס אַ ראָמאַן. ער זאָגט, אַז אויף צוויי־דריי יאָר דאַרף מען ערגעץ־ווו אַוועקפאָרן פון די גרויסע שטעט און „זיצן אויף דער ערד״. איך האָב זיך באַראָטן מיט אים וועגן די מקומות פון קריוגער, ער רעקאָמענדירט עס זייער שטאַרק. מען וועט דאָרט קאָנען איינאָרדענען אַ גרינסגאָרטן און דער וואַלד איז אונטערן האַנט. דאָ קאָן מען דאָך אויסגיין אַזוי שטיל ווי די שעפסן.

אין חודש אַפּריל פון דעם זעלביקן יאָר איז זשיוואַגאָ מיט זיין גאַנצער משפּחה אַרויסגעפאָרן אויפן ווייטן אוראַל, אין געוועזענעם גיט וואַריקינאָ, נעבן דער שטאָט יוראַטין.

זיבעטער טייל

# אײַן ווען

## 1

עס זענען אָנגעקומען די לעצטע טעג פון חודש מערץ, די ערשטע וואַרעמע טעג אין יאָר, די פאַלשע אָנזאָגער פון פרילינג, נאָך וועלכע עס קומט שטענדיק צוריק אַ שטאַרקע קעלט.

אין גראַמעקאָס הויז זענען פאָרגעקומען אײַליקע הכנות צום אָפּפאָר. פאַר די צאָלרייכע לאָקאַטאָרן, וועלכע זענען איצט אין דעם באַזעצטן הויז געווען מער ווי וואָראָבייען אין גאַס, האָט מען געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז דאָס פאָרען זי איז אַ גענעראַלע רייניקונג פון ערבֿ־פּאַסכאַ.

יורי אַנדרייעוויטש איז געווען קעגן פאָרן. ער האָט נישט געשטערט אין די הכנות, ווײַל ער האָט געהאַלטן אַז דער פּלאַן איז נישט צום אויספירן און געהאָפט, אַז אין דער לעצטער מינוט וועט ער אָדורכפאַלן. אָבער דער ענין האָט זיך גערוקט פאָרויס און זיך דערנענטערט צום סוף. עס איז געקומען די צייט אַ רעד צו טאָן ערנסט.

אויף אַ משפּחה־באַראַטונג וואָס איז גערופן געוואָרן צוליבן דאָזיקן ענין האָט ער נאָכאַמאָל אַרויסגעזאָגט זײַנע ספקות.

— האַלט איר אַלזאָ, אַז איך בין נישט גערעכט און מיר פאָרן? — האָט ער פאָרענדיקט זײַן דערווידערן. זײַן פרוי האָט גענומען דאָס וואָרט:

— דו זאָגסט, אַז מען דאַרף דורכהאַלטן אַ יאָר־צוויי, דערווײַל וועט זיך אײַנשטעלן אַ נײַער סדר מיט דער ערד און מען וועט קאָנען בעטן אַ שטיקל באָדן הינטער מאָסקווע אויף אַ ירקות־גערטל. אָבער ווי אַזוי מיר זאָלן דורכהאַלטן ביז דעמלט — דאָס זאָגסטו נישט. און דאָס איז דאָך דאָס סאַמע וויכטיקסטע, דאָס טאַקע וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו הערן.

— אַבסאָלוטער אומזין, — האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש אונטערגעהאַלטן דער טאָכטער.

— גוט, איך גיב זיך אונטער, — האָט יורי אַנדרייעוויטש מסכּים געווען. — מיך האַלט בלויז אָפּ די דורכויסיקע אומבאַוווּסטקייט. מיר

לאָזן זיך אַוועק מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, נישט ווייסנדיק וווּהין, נישט האָבנ־דיק קיין שום אַנונג וועגן יענעם אָרט. פֿון די דריי מענטשן, וואָס האָבן געוווינט אין וואַריקינאָ זענען צוויי, די מאַמע און די באָבע, שוין אויפֿן עולם האמת, און דער דריטער, דער זיידע קריוגער — אויב ער לעבט נאָך — איז ער אַן ערובניק און הינטער די קראַטעס.

אין לעצטן יאָר פֿון דער מלחמה האָט ער געמאַכט עפּעס עסקים מיט די וועלדער און פֿאַבריקן, לפֿנים וועגן האָט ער זיי פֿאַרקויפֿט צו אַן אונטערגעשטעלטער פּערזאָן אָדער באַנק, צי ער האָט זיי אויף עמיצן איבערגעשריבן באַדינגלעך. וואָס ווייסן מיר וועגן אָט דעם מסחר? צו וועמען געהערט איצט די ערד, נישט אין זין פֿון אייגנטום — זאָל זי פֿאַר־פֿאַלן גיין — אָבער ווער איז פֿאַר איר פֿאַראַנטוואָרטלעך? אונטער וועמענס פֿאַרוואַלטונג איז זי? צי האַקט מען דעם וואַלד? צי אַרבעטן די פֿאַבריקן? און לסוף, וואָס פֿאַר אַ מאַכט איז דאָרט און אַ וואָסערע וועט זי זיין ביז מיר וועלן אַהין זיך דערקריגן?

פֿאַר אייך איז דאָס לעצטע ברעט פֿון רעטונג מיקוליצין, וועמענס נאָמען איר האָלט אין איין איבערחזרן. אָבער ווער האָט אייך געזאָגט, אַז אָט דער אַלטער פֿאַרוואַלטער לעבט און געפֿינט זיך נאָך אין וואַריקינאָ? און וואָס ווייסן מיר דען בכלל וועגן אים אויסער דעם, וואָס דער זיידע פֿלעגט מיט גרויסע שוועריקייטן אַרויסרעדן דעם דאָזיקן נאָמען און דערפֿאַר טאַקע האָבן מיר אים פֿאַרגעדענקט?

אָבער צוואָס זאָלן מיר זיך שפּאַרן? איר האָט דאָך באַשלאָסן צו פֿאָרן. איך בין מסכים מיט אייער באַשלוס. מען דאַרף זיך דערווייסן, ווי אַזוי מען מאַכט עס איצטער. נישטאָ וואָס אָפּצושלעפּן.

## 2

כדי וועגן דעם זיך צו אינפֿאָרמירן איז יורי אַנדרייעוויטש אַוועק אויפֿן יאַראָסלאַווער וואָקזאַל.

דער שטראָם פֿון די פּאַסאַזשירן איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן דורך בריק־לעך מיט פּאַרענטשן, וואָס זענען געווען צעשטעלט איבער די זאַלן. אויף די שטיינערנע דילן זענען געלעגן מענטשן און גרויע שינעלן. זיי האָבן זיך געדרייט פֿון איין זייט אויף דער צווייטער, געהוסט און געשפּיגן. גערעדט צווישן זיך אומגעוויינטלעך הויך און נישט אויסגערעכנט די שטאַרקייט מיט וועלכער זייערע קולות האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אונטער די הוילע באַלקנס.

על פּי רוב זענען דאָס געווען קראַנקע, וואָס זענען איבערגעקומען

דעם פלעק־טיפוס. צוליב דעם גערדראַנג אין די שפּיטעלער האָט מען זיי אויסגעשריבן אויפן צווייטן טאָג נאָכן קריזיס. אַלס דאָקטאָר האָט יורי אַנדרייעוויטש גופא זיך באַגעגנט מיט אָט דער נויטווענדיקייט, ער האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז אַזעלכע אומגליקלעכע זענען פֿאַראַן אַזוי פיל און אַז זייער הקדש איז דער וואָקזאַל.

— שאַפֿט זיך אַ צעטל פון אַן אַמטלעכן אַרויספּאַר, — האָט אים געזאָגט דער וואָקזאַל־טרעגער אין ווייסן פאַרטעך. — יעדן טאָג דאַרף מען קומען געוווּיר ווערן. באַנען גייען איצט זעלטן, עס איז אַ טראַף־זאַך. און פאַרשטייט זיך... (דער טרעגער האָט אַ רייב־געטאָן דעם גראָבן פינגער אין די צוויי דער־נעבנדיקע)... מעל אַ ביסל, אָדער עפּעס אַנדערש. וועסט נישט שמירן — וועסטו נישט פאָרן. נו, און יענע מעשה... (ער האָט זיך אַ שנעל געטאָן אין האַלדז)... דאָס איז גאָר אַ הייליקער ענין.

# 3

אין דער זעלבער צייט האָט מען אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן איינגעלאַדן אויף עטלעכע קאָנסולטאַציעס אין העכסטן ראַט פון פאָלקס־ווירטשאַפט, און יורי אַנדרייעוויטשן — צו אַ מיטגליד פון דער רעגירונג, וואָס איז שווער קראַנק געוואָרן. זיי ביידן האָט מען אויסגעצאָלט דעם לוין אין דער בעסטער פאָרם פון יענער צייט — טאַלאָנען אין דעם ערשטן פאַרמאַכטן מאַגאַזין, וואָס איז דעמלט געשאַפן געוואָרן.

ער האָט זיך געפונען אין די גאַרניזאָן־סקלאַדעס ביים סימאָנאָווער מאָנאַסטיר. דער דאָקטאָר מיטן שווער האָבן איבערגעשניטן צוויי דורכ־גאַנג־הייף פון דער צערקווע און פון דער קאַזאַרמע. גלייך פון דער ערד, אַן אַ שוועל, זענען זיי אַריין אונטער די שטיינערנע באַלקנס און שטופּנ־ווייז זיך אַרונטערגעלאָזט אין טיפן קעלער. דער ברייטערער סוף פון קעלער איז געווען פאַרצוימט מיט אַ לאַנגן דראָנג. פון דאַנען איז פון צייט צו צייט דער מאַגאַזינער אַוועק אין קאַמער, געברענגט פון דאָרט פּראָדוקטן, געוווגן זיי און פאַנאַנדערגעטיילט. ער האָט דאָס געטאָן רויק און נישט געאיילט. און נאָכן אַרויסגעבן די פּראָדוקטן האָט ער מיט אַ ברייטן פיר פון בלייער געמאַכט אַ שטריך אין דער רשימה.

— אָפּנעמערס זענען געווען ווייניק. — אין וואָס וועט איר נעמען? — האָט דער מאַגאַזינער געפרעגט און געוואָרפן אַ בליק אויף זייערע צעטלען. זיי האָבן ביידע אויסגעגלאָצט די אויגן ווען אין די אונטערגעשטעלטע ציכלעך פון די ווייבערישע קישעלעך, וואָס מען האָט גערופן יאַשיקעס, און אין די גרעסערע איבערצוגן האָט מען זיי אָנגעהויבן שיטן מעל, גרויפּן,

לאָקשן און צוקער, אַריינגערוקט חזיר־פעטס, זייף און שוועבעלעך און דערצו נאָך צוגעלייגט יעדן איינעם פעקעלעך פאַרוויקלטע אין פאַפיר. שפעטער אין דער היים האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז קאַווקאַזישער קעז.

דער איידעם מיטן שווער האָבן זיך געאיילט וואָס שנעלער צו־נויפצונעמען אין די צוויי גרויסע פלייצע־זעק די גרויסע צאָל קליינע פעקעלעך כדי מיט זייער אומדאַנקבאַרן פאַרען זיך נישט צו זיין גרויס אין די אויגן פון מאַגאַזינער, וואָס האָט זיי דערשטיקט מיט זיין גרויס־מוטיקייט.

זיי זענען אַרויס פון קעלער אויף דער לופט פאַרשיכורטע נישט פון חיהשער פרייד, נאָר פונעם באַוווסטזיין, אַז אויך זיי לעבן נישט אומזיסט אויף דער וועלט און דערפאַר וואָס זיי זענען נישט קיין לײדיק־גייערס וועלן זיי באַקומען אין שטוב פון דער יונגער באַלעבאָסטע טאָניאַ לויב און אָנערקענונג.

# 4

אין דער צייט ווען די מענער זענען אַרומגעלאָפן איבער די אַמטן כדי אויסצופועלן אָפּיציעלע פאַר־שיינען און פאַרזיכערונגס־פּאַפּירן אויף די איבערגעלאָזטע צימערן האָט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ זיך פאַרנומען מיטן אָפּקלייבן די זאַכן צום פאַרפּאַקן.

אַ פאַרזאָרגטע איז זי אַרומגעגאַנגען איבער די דריי צימערן וואָס האָבן איצט אין דעם הויז געהערט צו דער משפחה גראָמעקאָ און כסדר געוויגן אויף דער האַנט יעדע קלייניקייט איידער זי האָט עס אָפּגע־לייגט צום שטויס זאַכן, וואָס מען האָט געדאַרפט איינפּאַקן.

בלויז אַן אומבאַדייטנדיקער טייל פון די חפצים איז געגאַנגען אין פערזענלעכן באַגאַזש, דאָס איבעריקע איז געוואָרן באַשטימט ווי אַ רעזערוו פון טויש־מיטלען, וואָס וועלן נייטיק זיין אין וועג און נאָכן אָנ־קומען אויפן אָרט.

אין אָפענעם לופטשיק האָט געווייעט אַ פרילינגדיקער ווינט און אָנגעטראָגן דעם ריח פון פריש־פאַרקנאָטענעם זעמל־טייג. אויפן הויף האָבן געקרייעט די הענער און געהילכט די קולות פון קינדער בעתן שפּילן זיך. וואָס מער מען האָט געלופטערט דאָס צימער, אַלץ שאַרפער איז גע־וואָרן דער נאַפטאַלין־ריח פון די ווינטערדיקע לאַכעס, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון די קופערטס.

בנוגע דעם וואָס מען דאַרף נעמען מיט זיך און וואָס מען דאַרף

איבערלאָזן האָט עקזיסטירט אַ גאַנצע טעאָריע, וואָס איז פֿון פֿריער פֿאַ־נאַנדערגעאַרבעט געוואָרן דורך די אַרויספֿאָרנדיקע. זי איז שפּעטער גע־וואָרן אָפּגעהיטן און אויסגענוצט אינעם קרייז פֿון זייערע איבערגעבליבענע באַקאַנטע.

אָט די אָנווייזונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעפֿאָרמירט אין קורצע אומבאַדינגטע באַפֿעלן זענען מיט אַזאַ גענויאיקייט געשטאַנען ביי אַנטאָ־נינאַן אַלעקסאַנדראָוונאַן אין קאָפּ, אַז איר האָט זיך אויסגעדאַכט ווי זי וואָלט זיי געהערט פֿון הויף אינאיינעם מיטן טשיריקען פֿון די וואָראָביייען און דעם געררויש פֿון די קינדער, פּונקט ווי פֿון גאַס וואָלט איר אונטער־געזאָגט עפּעס אַ געהיימע שטים.

„שטאָפּן, שטאָפּן — האָבן אונטערגעזאָגט די דאָזיקע רעיונות, — איז בעסער פֿון אַלץ צו פֿירן אין שטיק, אָבער אין וועג קאָנטראָלירט מען, און דאָס איז געפֿערלעך. פֿאַרנונפֿטיקער איז צעשניידן און לפֿנים צונויפֿ־סטריגעווען עפּעס דערפֿון. בכלל מאַטעריאַלן, מאַנופֿאַקטור, אפֿשר מל־בושים, צום בעסטן אייבערשטע, נישט קיין שטאַרק אָפּגענוצטע. וואָס ווייניקער בייטיקע זאַכן, קיין שום שווערע חפֿצים. ווען מען וועט דאַרפֿן, זאָל מען אַלץ קאָנען אַליין איבערטראָגן, מען דאַרף זיך באַגיין אָן קוישן און וואַליזעס. הונדערט מאָל אַלץ אַדורכקוקן און דאָס וואָס בלייבט צום מיטנעמען איינפּאַקן אין בינטלעך וואָס אַ פֿרוי און אַ קינד קאָן זיי דערטראָגן. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז עס איז שכלדיק צו נעמען זאַלץ און טאַבאַק, הגם דאָס איז ריזיקאַליש. געלט דאַרף זיין אין קערענסקי־באַנקנאָטן. צום שווערסטן איז מיט די דאָקומענטן. און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער".

# 5

ערב דעם אָפּפֿאָר האָט זיך צעבושעוועט אַ שניי־שטורעם. דער ווינט האָט געיאָגט צום הימל אין דער הייך גרויע כמאַרעס פֿליענדיקע שנייעלעך. זיי האָבן אין אַ ווייסן וויכער זיך אומגעקערט אויף דער ערד, אַוועק אין דער טיף פֿון דער טונקעלער גאַס און אויסגעשפּרייט זי מיט אַ ווייסן צודעק.

אַלץ אין שטוב איז שוין געווען איינגעאָרדנט. די אויפֿזיכט איבער די צימערן און דעם געבליבענעם פֿאַרמעג האָט מען איבערגעגעבן אַן על־טער פּאָרפּאָלק, מאָסקווער קרובים פֿון יעגאָראָוונאַ. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנ־דראָוונאַ האָט זיך באַקענט מיט זיי פֿאַרגאַנגענעם ווינטער בעת זי האָט

מיט זייער פֿאַרמיטלונג אויסגעביטן אַלטוואַרג, שמאַטעס און אומנייטיק מעבל אויף האָלץ און קאַרטאָפֿל.

אויף מאַרקעלן איז אוממעגלעך געווען זיך צו פֿאַרלאָזן. אין דער מיליץ, וואָס איז געוואָרן זיין פּאָליטישער קלוב, האָט ער זיך נישט באַקלאָגט, אַז די געוועזענע הויזאייגנטימער גראַמעקאָ זייגן זיין בלוט, ער האָט זיי אָבער פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז אַלע יאָרן האָבן זיי אים געהאַלטן אין פֿינצטערניש און בכיוון אויסבאַהאַלטן פֿאַר אים, אַז די וועלט שטאַמט אָפּ פֿון אַ מאַלפּע.

די טישן און שטולן אין די צימערן זענען געווען צוגערוקט צו די ווענט, די קלומיקעס אין וועג אַריין זענען געלעגן אין דער זייט, פֿון אַלע פֿענצטער זענען געווען אַראָפּגענומען די פֿאָרהאַנגען. דעם שניי־שטורעם האָט מער נישט געשטערט די ראָם פֿון דער ווינטערדיקער געמיטלעכקייט און ער האָט אַרייַנגעקוקט אין די אויסגעליידיקטע צימערן דורך די נאַקעטע פֿענצטער. יעדן איינעם האָט ער עפּעס וואָס דערמאָנט. יורי אַנדרייעוויטשן — די קינדער־יאָרן און דעם טויט פֿון זיין מוטער, אַנטאָנינאַן אַלעקסאַנדראָוונאַן און אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן — דעם טויט און די לוויה פֿון אַננאַ איוואַנאָוונאַ. זיי אַלעמען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז זייער לעצטע נאַכט אין הויז און זיי וועלן עס שוין מער נישט זען. אין דער היגזיכט האָבן זיי געהאַט אַ טעות, אָבער אונטער דער השפּעה פֿון אָט דעם איינדרוק, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט פֿאַרטרויען איינער דעם אַנדערן, כּדי נישט אָנצוטאָן קיין עגמת־נפֿש — האָט יעדער פֿאַר זיך אַדורכגעקוקט זיין לעבן, וואָס איז פֿאַרביי אונטער אָט דעם דאַך און געראַנגלט זיך מיט די אָנגעלאָפֿענע טרערן אין די אויגן.

דאָס האָט נישט געשטערט אַנטאָנינאַן אַלעקסאַנדראָוונאַן איינצוהאַלטן פֿאַר די זייטיקע מענטשן די לייטישע פֿאָרמען. זי האָט נישט איבערגעריסן דעם שמועס מיט דער פֿרוי, וועמען זי האָט איבערגעלאָזט די השגחה איבער דער דירה. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט מגזם געווען דעם באַדייט פֿון דער טובה וואָס יענע האָט איר געטאָן. כּדי נישט אַרויסצווייזן זיך פֿאַר אומדאַנקבאַר האָט זי זיך יעדע מינוט אַנטשולדיקט און אַוועק מיט אַן אויסרייד אין שכנותדיקן צימער, פֿון וואַנען זי האָט געשלעפּט מתּנות פֿאַר אָט דער פֿרוי — דאָ עפּעס אַ טיכל, דאָ אַ בלוזקע, דאָ אַ שטיקל קרעטאָן אָדער שיפֿאָן. אַלע מאַטעריאַלן זענען געווען טונקעלע אין ווייסע קוואַדראַטן אָדער אַרבעסלעך, פּונקט ווי אינעם ציגלנעם קוואַדראַט מיטן ווייסן פֿינטעלע איז געווען די טונקעלע שנייאיקע גאַס, וואָס האָט אַרייַנגעקוקט אין אָט דעם געזעגענונג־אָוונט דורך די נישט־פֿאָרהאַנגענע נאַקעטע פֿענצטער.

# 6

צום וואָקזאַל זענען זיי אַוועק אין פריִען פאַרטאָג. די באַפעלקערונג פון דעם הויז איז נאָך נישט געהאַט אויפגעשטאַנען. די לאָקאַטאַרקע זשע־וואַראָטקינאַ, די ערשטע ביי אַלע היימלעכע געשעענישן, איז אַרומגעגאַנגען איבער די דירות פון די שלאָפנדיקע, געקלאַפּט אין די טירן און גע־שריגן: — שטייט אויף, חברים! געזעגענען זיך! לעבעדיקער, פלינקער! די געוועזענע גאַרומעקאָוועס פאָרן אַוועק.

צום געזעגענען האָבן זיי זיך אַרויסגעשיט אין קאָרידאָר און אויף די טרעפּ פון הינטערשטן אַריינגאַנג (דער פראָנט־אַריינגאַנג איז איצט אַ קיילעכיק יאָר געווען פאַרקלאַפּט) און פאַרלייגט די שטיגן אין אַ האַלבן קרייז ווי זיי וואָלטן זיך געקליבן צו מאַכן אַ גרופּע־פאָטאָגראַפיע.

די לאָקאַטאָרן האָבן געגענעצט, זיך געקורטשעט אונטער די לייכטע פאַלטנדלעך און זיך איינגעבויגן, כדי זיי זאָלן זיך נישט אַראָפּ־גליטשן פון די פּלייצעס. זיי האָבן געקלאַפּט מיט די געפרוירענע נאַקעטע פיס, אין איילעניש אַנגעשטעקטע אין ברייטע וואַליקעס.

מאַרקעל האָט זיך אַן עצה געגעבן אַנצוזויפן מיט עפּעס אַ שרעק־לעך געטראַנק אין יענער בראַנפנלאָזער צייט. ווי אַן אונטערגעשניטענער איז ער געלעגן אויפן פאַרענטש און ס'האָט געדראָט, אַז ער זאָל אים איינ־ברעכן. ער האָט זיך אַנגעבאָטן אַוועקצוטראָגן די זאַכן אויפן וואָקזאַל און געווען באַליידיקט פאַרוואָס מען זאָגט זיך אָפּ פון זיין הילף. קוים מיט צרות האָבן זיי זיך פון אים אָפּגעטשעפּעט.

אינדרויסן איז נאָך געווען פינצטער. אין דער שטילער לופט האָט דער שניי געהאַקט נאָך שטאַרקער ווי נעכטן. גרויסע מאַכיקע פלאָטערס זענען אַראָפּגעפאַלן פויל און נישט ווייט פון דער ערד האָבן זיי זיך נאָך פאַרהאַלטן, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געיִשובֿט, צי זאָלן זיי זיך לייגן אויף דער ערד אָדער נישט.

ווען זיי זענען פונעם געסל אַרויס אויף אַרבאַט, איז געוואָרן אַ ביסל ליכטיקער. דער שנייפאַל האָט ביז אין דער העלפט פאַרהאַנגען די גאַס מיט זיין קריכנדיקן פאָרהאַנג. זיינע דריוולדיקע עקן האָבן זיך געפלאָנ־טערט צווישן די פיס פון די פוסגייער אַזוי, אַז עס איז פאַרלוירן גע־גאַנגען דאָס געפיל פון באַוועגן זיך און עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז זיי טאָפּטשען אויף אַן אָרט.

אויף דער גאַס האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיקע נשמה. אויפן שטעגל פון סיווצעוו־געסל איז קיינער נישט געקומען אַנטקעגן. אינגיכן האָט זיי דעריאָגט אַ דראָשקאַזש אינגאַנצן אַ פאַרשנייטער, ווי ער וואָלט

געוועז אויסגעשמירט אין שיטער טייג. די קלאַטשע איז אויך געוועז ווייס פון שניי. פאַר אַ שפּאַט־נישטיקער סומע אין יענע יאָרן, האָט ער זיי אַלעמען מיטן באַגאַזש אויפגענומען אין דער לײַדיקער דראָזשקע. בלויז יורי אַנדרייעוויטשן האָט מען אויף זײַן בקשה דערלויבט, אַז ער זאָל אַוועק אויפן וואָקזאַל צופוס, אָבער אָן שום באַגאַזש.

# 7

אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ מיטן פאָטער האָבן אויפן וואָקזאַל פאַר־נומען אַ פּלאַץ אין דער ריזיקער ריי, וואָס איז געווען צונויפגעקוועטשט צווישן די באַריערעס פון די הילצערנע פאַרצוימונגען. דאָס אײַנשטײַגן אין צוג איז איצט פאַרגעקומען נישט אויף די פּעראָנען, נאָר אויף האַלבע ווייאָרסטן ווייטער אין דער טיף פון דער באַן־ליניע, ביים אַרויספיר־סע־מאַפאָר. אויף אָפּרייניקן די צוגענג און דעם פּעראָן האָבן קיין הענט נישט געסטייעט, אַ העלפט פון דער וואָקזאַל־טעריטאָריע איז געווען באַדעקט מיט אײַז און שמוץ און די לאָקאָמאָטיוון זענען נישט צוגעפאָרן אַהין.

גיושאַ און שוראָטשקאַ זענען נישט געווען צווישן המון מיט דער מאַמען און דעם זיידן. זיי האָבן זיך אַרומשפּאַצירט אונטערן גרויסן אָפּ־דאַך פונעם אויסערלעכן אַרײַנגאַנג און בלויז זעלטן אַ קוק־געטאָן פון וועסטיבול, צי ס'איז שוין צייט, אַז זיי זאָלן צושטיין צו די עלטערע. פון זיי האָט זיך שטאַרק געשפּירט דער נאַפט, מיט וועלכן מען האָט זיי אײַנגעשמירט די קנעכל, האַנטוואַרצלען און העלדזער, כּדי צו פאַרהיטן זיי פון די טיפוס־לײַז.

בעת אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט באַמערקט אַנקומען דעם מאַן האָט זי אים געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט, זי האָט אים אָבער נישט געלאָזט זיך דערנענטערן, נאָר געשריגן צו אים פונדערווייטנס אין וואָסער קאַסע מען צייכנט די קאָמאַנדירטע מאַנדאַטן. ער איז אַהין אַוועק.

— ווייז נאָר וואָסערע חתימות מען האָט דיר אַוועקגעלייגט. — האָט זי געפרעגט ווען ער איז צוריקגעקומען. דער דאָקטאָר האָט אַריבער דער באַריערע דערלאַנגט אַ בינטל צונויפגעלייגטע פּאַפּירן.

— דאָס איז אַ ספּעציעלע דערלויבעניש צו פאָרן אין דעלעגאַטן־וואַגאָן, — האָט זיך אָנגערופן אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַס שכן פון הינטן נאָך דעם ווי ער האָט איבער איר אָרעם אָנאַליזירט דעם שטעמפּל אויפן צעטל. איר שכן פון פאָרנט ווידער, אַ פאָרמאַליסט פון געזעץ, וואָס קען אַלע כּללים פון דער וועלט ביי די פאַרשידנסטע באַדינגונגען — אָן צו קריטיקירן זיי און אַרויסוויזן צו זיי אַן אייגענע באַציִונג — ער האָט דעם ענין אויפגעקלערט געניטער:

— מיטן דאָזיקן שטעמפּל האָט איר דאָס רעכט צו פאָדערן אַ פּלאַץ אין אַ קלאַס־וואַגאָן, מיט אַנדערע ווערטער — אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן, אויב אַזאַ וועט בכלל זיין.

דער ענין איז געוואָרן באַהאַנדלט דורך דער גאַנצער ריי. עס האָבן זיך דערהערט שטימען:

— גיי און זוך זיי, די קלאַס־וואַגאָנען. דאָס איז אַ צו גרויסער שוויל טאָג. אַצינד, אויב דו וועסט קריגן אַן אָרט אויפן בופאָר פון אַ משא־צוג — זאָג אַ שיינעם דאַנק.

— הערט נישט, וואָס זיי זאָגן אייך, קאָמאַנדירירטער. הערט וואָס איך זאָג אייך. אין דער איצטיקער צייט זענען אַנולירט געוואָרן די ספּעציעלע צוגן. פאַראַן בלויז איינער, וואָס נעמט אויף אַלעמען. ער איז אי אַ מיליטערישער, אי אַן אַרעסטאַנטישער, אי פאַר בהמות, אי פאַר מענטשן. רעדן קאָן מען וואָס מען וויל, די צונג האָט נישט קיין ביינער, אָבער צוואָס דאַרף מען אָראָפּפירן אַ מענטש פון וועג? מען דאַרף אים אויפקלערן, אַז ער זאָל אַלץ פאַרשטיין.

— דו האָסט שוין איינמאָל וואָזשנע אויפגעקלערט. אָפּגעפונען זיך אַ חכם. דאָס איז נאָך ווייניק וואָס זיי האָבן אַ דערלויבעניש אין דעלעגאַטן־וואַגאָן. דו גיב פריער אַ קוק אויף זיי, דערנאָך וועסטו רעדן. צי קאָן מען מיט אַזאַ אויסזען פאָרן אין אַ דעלעגאַטן־וואַגאָן? דאָרט איז איצט פיל מיט חברה. דער מאַטראָז האָט אַ געניט אויג און דערצו נאָך — אַ רעוואָלווער אויפן שטריקל. ער זעט באַלד — אַ פאַרמעגלעכער קלאַס, אַ דאָקטאָר, פון די אַמאָליקע באַלעבאָטים. כאַפּט ער דעם רעוואָלווער און הרגעט אים אָוועק, ווי אַ פליג.

ווער ווייסט ווהין עס וואָלט פאַרפירט דאָס מיטגעפיל צום דאָקטאָר און זיין משפחה ווען נישט קיין נייע געשעענִיש.

פון דער מאַסע האָט מען שוין לאַנג געוואָרפן בליקן אויף די ווייטן הינטער די וואָקזאַל־פענצטער פון דיקן שפּיגל־גלאָז. די לאַנגע פאַראַן־דעכער, וואָס ציען זיך אַוועק אין מרחק האָבן שטאַרק דערוויטערט דאָס בילד פון פאַלנדיקן שניי איבער די רעלסן. אין אָט דעם מרחק האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די שנייעלעך באַוועגן זיך כמעט נישט, נאָר זיי הענגען אין דער לופט און זעצן זיך אָפּ פּאַמעלעך אין איר פונקט ווי קריש־קעס ברויט אין וואַסער ביים קאָרמען פיש.

מען האָט שוין פון פריער געהאַט באַמערקט ווי אין יענער ריכטונג גייען אָן אויפהער איינצלנע מענטשן. כל־זמן זיי זענען געגאַנגען אין נישט קיין גרויסער צאָל, האָט מען אָט די פיגורן צוליב זייער נישט־בולטקייט הינטער דער ציטערנדיקער שניי־נעץ אָנגענומען פאַר באַן־

אַרבעטער, וואָס גייען איבער די שפּאַלן טוען זייער אַרבעט. אָבער באַלד האָבן זיי אַ פּלייץ־געטאָן אין אַ גאַנצער גרופּע. פֿון דער ווייט וווהין זיי זענען געגאַנגען האָט מען דערזען דעם רויך פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו.

— עפֿנט די טירן, שווינדלערס! — האָט מען אָנגעהויבן מאַכן קולות אין דער ריי. דער המון האָט זיך צעוויגט און אַ לאָז־געטאָן צו די טירן. די הינטערשטע אין דער ריי האָבן גענומען שפּאַרן די פֿאָדערשטע.

— זעט וואָס עס טוט זיך! דאָ האָט מען פֿאַרצוימט און פֿאַרשטעלט, און דאָרט קריכט מען דורך אַ הינטערוועג אָן אַ ריי! דאָרט וועט מען אָנשטופּן די וואַגאָנען ביזן דאַך און דאָ וועלן מיר שטיין ווי די באַראַנעס! עפֿנט, טייוואָלים, — מיר'ן אויפֿברעכן! העי, חברה, דערלאַנג, שטופּ!

— שוטים, ווען מ'שטיינס געזאָגט זיי זענען דאָס מקנא, — האָט זיך אָנגערופֿן דער אַלצווייסנדיקער געזעץ־מומחה, — דאָס זענען דאָך מאָביליזירטע אויף צוואַנג־אַרבעט פֿון פּעטראָגראַד. פֿריער זענען זיי געווען אין וואָלאָגדע, אויפֿן צפֿונדיקן פֿראָנט און איצט שיקט מען זיי אויפֿן מזרח. נישט פֿרייוויליק, נאָר אונטער אַ וואַך. מען פֿירט גראָבן אָקאָפּעס.

# 8

אין וועג זענען זיי שוין געווען דריי טעג, אָבער פֿון מאָסקווע האָבן זיי זיך נישט שטאַרק דערווייטערט. די וועג־לאַנדשאַפֿט איז געווען אַ ווינטערדיקע: די באַן־רעלסן, די פֿעלדער, די דאָרפֿישע דעכער — אַלץ איז געווען אונטערן שניי.

דער משפּחה זשיוואַגאָ האָט אָפּגעגליקט אַריינצוקריגן זיך אין לינקן ווינקל פֿון די אייבערשטע פֿאָדערשטע בענק ביים מאַטן לענגלעכן פֿענצטערל, הינטערן סאַמע סופֿיט. דאָרט האָבן זיי זיך איינלאָקירט אין היימישן קרייז און נישט געדאַרפֿט צעדרויבלען זייער געזעלשאַפֿט.

אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָווגאַ איז איצט דאָס ערשטע מאָל געפֿאָרן אין אַ משאַ־וואַגאָן. ביים אויפֿשטייגן אין מאָסקווע האָט יורי אַנדרייעוויטש מיט די הענט אויפֿגעהויבן די פֿרויען צו דער הייך פֿונעם וואַגאָן־דיל, ווו ביים ראַנד איז געווען אַ שווערע רוק־טיר. ווייטער אין וועג האָבן די פֿרויען זיך צוגעוויינט אַליין אַריינבאַקומען אין דער טעפּלושקע.*

פֿון אָנהייב האָט אַנטאָנינאַן אַלעקסאַנדראָוונאַן זיך אויסגעדוכט, אַז די וואַגאָנען זענען חזיר־שטאַלן אויף רעדלעך. זי האָט געמיינט, אַז אָט די שטייגלעך וועלן זיך צעפֿאַלן ביים ערשטן שטופּ אָדער שטויס.

---

* אַ משאַ־וואַגאָן, וואָס ווערט באַהייצט.

אָבער שוין דעם דריטן טאָג האָט עס די געוואָרפֿן פֿאַרויס און צוריק, געשליידערט אין אַ זייט ביים בייטן די ריכטונג און ביים פֿאַרקערעווען; שוין דעם דריטן טאָג האָבן אונטערן דיל אָפּט־אָפּט זיך איבערגעקלאַפּט די אַקסן, ווי די שטעקעלעך פֿון אַ מעכאַנישער קינדער־פּויק — אָבער די רייזע איז געגאַנגען בשלום און אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַס שרעק איז נישט מקוים געוואָרן.

לענגאויס די סטאַציעס מיט קורצע פּלאַטפֿאָרמעס האָט דער צוג פֿון דריי און צוואַנציק וואַגאָנען (די זשיוואַגאָס זענען געזעסן אין פֿערצנטן) זיך אויסגעצויגן בלויז מיט איין טייל זיינער — מיטן קאָפּ, עק אָדער מיטלסטער טייל.

די פֿאָדערשטע וואַגאָנען זענען געווען מיליטערישע, אין די מיטלסטע איז געפֿאָרן דאָס ציווילע פּובליקום און אין די לעצטע — די מאָביליזירטע אויף אַרבעט.

אין דעם טייל צוג זענען געווען ביז אַ פֿינפֿהונדערט פּאַסאַזשירן, מענטשן פֿון פֿאַרשידענעם עלטער, ראַנג און באַשעפֿטיקונג.

די אַכט וואַגאָנען, וואָס זענען געווען באַזעצט מיט אָט דעם עולם האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ פֿאַרביק בילד. נעבן די גוט־אָנגעטוענע גבירים, פּעטערבורגער בירזשע־לייט און אַדוואָקאַטן האָט מען געקאָנט זען די אָנגעהעריקע צום עקספּלואַטירטן קלאַס: קוואַטסקע דראָזשקאַזשעס, דילן־פּוצער, בעדער, טאַטערישע אַלטוואַרג־הענדלער, אַנטלאָפֿענע משו־געים פֿון פֿאַנאַנדערגעלאָזטע משוגעים־הייזער, קרעמערלעך און מאָנאַכן.

די ערשטע זענען געזעסן אָן די רעקלעך אַרום די רויט־צעגליטע אייזעלעך אויף נידעריק־אונטערגעזעגטע קלעצלעך, כסדר זיך דערציילט מעשׂות און הויך געלאַכט. דאָס זענען געווען מענטשן מיט פֿאַרבינדונגען. זיי האָבן נישט געדאגהט. פֿאַר זיי האָבן אין דער היים זיך געסטאַרעט די איינפֿלוסרייכע קרובֿים. אין ערגסטן פֿאַל האָבן זיי אין וועג זיך געקאָנט אויסקויפֿן.

די אַנדערע, אין שטיוול און צעשפּיליעטע קאַפּטאַנס, אָדער אין לאַנגע פֿאַנאַנדערגעלאָזטע העמדער איבער די הויזן, באָרוועסע, באַבער־דיקטע און אָן בערד, זענען געשטאַנען ביי די אויפֿגערוקטע טירן פֿון די דומפּיקע וואַגאָנען, אָנגעהאַלטן זיך ביי די ראַמען און ביי די דרענגלעך פֿאַרלייגטע אינדערברייט איבער די עפֿענונגען, אומעטיק געקוקט אויף די ישובֿים און זייערע איינוווינער און מיט קיינעם נישט גערעדט. זיי האָבן נישט געהאַט די נייטיקע באַקאַנטשאַפֿטן. זיי האָבן נישט געהאַט אויף וואָס צו האָפֿן.

נישט פֿאַר אַלע פֿון די מאָביליזירטע אויף אַרבעט האָט געסטייעט

אָרט אין די וואַגאָנען, וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט. אַ טייל האָט זיך איינגעאָרדנט אין די מיטלסטע וואַגאָנען צוזאַמען מיטן פרייען פּובליקום. מענטשן פון דעם מין זענען געווען אויך אין פערצנטן וואַגאָן.

## 9

געוויינטלעך, בעת דער צוג פלעגט זיך דערנעענטערן צו אַ וועלכער עס איז סטאַציע, האָט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ זיך אויפגעהויבן אין אַן אומבאַקוועמער פּאָזע צוליבן סופיט, וואָס האָט נישט דערלאָזט אויסגלייכן זיך, אַראָפּגעהאָנגען דעם קאָפּ און דורך דער שפּאַלט פון טיר האָט זי לויטן אַלגעמיינעם אויסזען פונעם באַן־פּונקט אָפּגעשאַצט צי עס לוינט פון געשעפטלעכן שטאַנדפּונקט אַראָפּצולאָזן זיך פון דער נאַרע און אַרויסגיין אינדרויסן.

אַזוי איז געווען אויך איצט. דער פאַרלאַנגזאַמטער גאַנג פון צוג האָט איר אַרויסגעשלאָגן פון דרעמל. פון די פילצאָליקע וועקסל־רעלסן, איבער וועלכע די טעפּלושקע איז אונטערגעשפּרונגען מיט אַן אָפטער געקלאַפּערײ, איז געווען צו פאַרשטיין, אַז דאָס איז אַ באַדייטנדיקע סטאַציע און אַז דער צוג וועט זיך דאָ לענגער פאַרהאַלטן.

אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך איינגעבויגן און אויפגעזעצט, אויסגעריבן די אויגן און פאַרריכט די האָר. זי האָט אַריינגערוקט די האַנט אין באַגאַזש־זאַק און פון סאַמע אונטן אַרויסגעשלעפּט אַ האַנטעך אויסגענייט מיט הענדלעך, מענטשעלעך, בויגנס און רעדער.

דערווייל האָט דער דאָקטאָר זיך אויפגעוועקט. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער נאַרע, צוגעהאָלפן דעם ווייב אַראָפּלאָזן זיך אויפן דיל.

אין דער געעפנטער וואַגאָן־טיר זענען שוין פאַרבייגעלאָפן די ביידלעך און לאַמטערנעס, און באַלד דערנאָך — די סטאַציע־ביימער באַלאָדענע מיט גאַנצע שיכטן שניי, וואָס זיי האָבן ווי ברויט און זאַלץ אויף די אויסגעגלייכטע צווייגן אַנטקעגנגעטראָגן דעם צוג. מאַטראָזן זענען די ערשטע אַראָפּגעשפּרונגען אויפן אומבאַרירטן שניי פון פעראָן בעת דער צוג איז נאָך געווען אין פולן גאַנג און פאַרויס פון אַלעמען געלאָפן צו יענער זייט פון די סטאַציע־בנינים, ווו עס פלעגן געוויינטלעך הינטער אַ זייטיקער וואַנט זיך אויסבאַהאַלטן די הענדלערינס מיטן פאַרבאָטענעם עסנוואַרג.

די שוואַרצע אוניפאָרם פון די ים־לייט, די אַראָפּהענגענדיקע בענדער פון זייערע קיילעכדיקע היטעלעך און די ברייטע נאָגאָוויצעס האָבן צוגעגעבן זייער טראָט פעסטקייט און ענערגיע און געצוווּנגען אָפּצוטרעטן

פאַר זיי ווי פאַר יאָגנדיקע נאַרטערס אָדער אימפעטדיק־צעפלויגענע גליטש־שיך־לויפערס.

הינטער דער סטאַציע זענען געשטאַנען די פּרויען, זיך באַהאַלטן איינע הינטער דער צווייטער און זיך דענערווירט ווי ביי אַ טרעפעריי. דאָס זענען געווען פויערטעס פון די אַרומיקע דערפער, וואָס האָבן גע־בראַכט אַהער אוגערקעס, צוואָרעך, געקאָכטע רינדפלייש און קאָרענע קעז־קיכלעך. זיי האָבן דאָס פאַרשטעלט פון דער קעלט מיט אויסגעשטעפּטע קאָלדערקעס. די ווייבער אוך מיידן אין די פעלצלעך און אונטערגעבונדענע טיכלעך האָבן אויפגעפּלאַמט ווי מאָן־בלומען הערנדיק די מאַטראָזישע וויצן און אין דער זעלבער צייט מורא געהאַט פאַר זיי ווי פאַר פייער. ווייל פון די מאַטראָזן האָט מען מערסטנטייל פאַרמירט אַלערליי אָפּ־טיילונגען צום קאַמף קעגן ספּעקולאַציע און פאַרבאָטענעם פרייען האַנדל.

די פאַרלוירנקייט פון די פויערטעס האָט נישט לאַנג געדויערט. דער צוג איז געבליבן שטיין. עס זענען צוגעקומען די איבעריקע פּאַסאַ־זשירן. ס׳פּובליקום האָט זיך אויסגעמישט. דער מסחר האָט זיך צעברענט.

אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ איז פאַרביי די הענדלערקעס מיטן האַנ־טעך פאַרוואָרפן איבערן אַקסל מיט אַזאַ מינע, ווי זי וואָלט געגאַנגען צום סטאַציע־הויף זיך אַרומוואַשן מיט שניי. עטלעכע מאָל האָט מען שויז צו איר געשריגן פון דער ריי: — העי, העי, שטאָטישע, וואָס ווילסטו פאַרן האַנטעך?

אָבער אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט און געגאַנגען מיטן מאַן ווייטער.

ביים סוף פון דער ריי איז געשטאַנען אַ פרוי אין אַ שוואַרץ טיכל מיט אַ פּאַנס־רויטן מוסטער. זי האָט דערזען דעם האַנטעך מיטן האָפט. אירע צודרינגלעכע אויגן האָבן זיך צעצונדן. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, צי עס דראָט נישט קיין געפאַר פון ערגעץ, שנעל צוגעגאַנגען זייער נאָענט צו אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, פאַרשאַרצט די דערע פון איר סחורה און געפּליסטערט הייס און שנעל:

— זעסט וואָס דאָ טוט זיך? האָסט נאָך זיכער אַזוינס נישט געזען. ועסט נישט זיין קיין בעלן?, נו, קלער נישט אַריין, — מ׳וועט עס באַלד צעכאַפּן. גיב אַהער דעם האַנטעך פאַר אַ העלפטל.

אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט נישט גוט דערהערט דאָס לעצטע וואָרט און געמיינט, אז עס רעדט זיך דאָ וועגן עפּעס אַ פעלכל, זי האָט איבערגעפרעגט: — וואָס רעדסטו, טייבעלע?

מיטן העלפטל האָט די פויערטע געמיינט אַ העלפט פונעם האָז, איבערגעהאַקט אין צווייען און אָפּגעבראָטן פון קאָפּ ביזן ווידל, וואָס זי

האָט געהאַלטן אין האַנט. זי האָט איבערגעחזרט: — גיב אַהער, זאָג איך דיר, דעם האַנטעך פֿאַר אַ העלפֿטל. וואָס קוקסטו? דאָס איז נישט קיין הונט. מיין מאַן איז אַ יעגער. אַ האָז איז דאָס, אַ האָז.

דער בייט איז צושטאַנדגעקומען. יעדן צד האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער האָט געמאַכט אַ גוט געשעפֿט און אַז דער צווייטער האָט זיך אָפּגענאַרט. אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט זיך געשעמט וואָס זי האָט אַזוי נישט ערלעך באַריסן אַן אָרעמע פֿויערטע. יענע ווידער איז געווען צופֿרידן פֿון מסחר און געאײַלט זיך וואָס שנעלער אַנטרינען צו ווערן. זי האָט אַ רוף־געטאָן די פּאַרטוּנע שכנטע און צוזאַמען מיט איר אַהיים איבערן אויסגעטראָטענעם שניי פֿון שטעגל, וואָס האָט אַוועקגעפֿירט אין דער ווייט.

אין דער זעלבער צייט איז צווישן המון געוואָרן אַ מהומה. ערגעץ־ווו האָט אַן אַלטע פֿרוי געשריגן:

— וווהין גייסטו, קאַוואַלער? און געלט וועט האָסטו מיר באַצאָלט, דו חוצפּהניק? אך דו, פּרעסער איינער, איך שריי און ער גייט זיך ווי נישט אים וואָלט מען געמיינט. שטיי, זאָג איך דיר, שטיי, חבר! ראַטעוועט! אַ גזלן! ער האָט מיך באַראַבעוועט! אָט איז ער, אָט איז ער, כאַפּט אים!

— דער מיט דער געגאָלטער מאָרדע, — אָט גייט ער זיך און לאַכט.

— דער מיטן צעריסענעם עלנבויגן?

— נו יאָ, יאָ, פֿאַרהאַלט אים, דעם גאָטלעסטערער!

— דאָס איז דער מיט דער לאַטע אויפֿן אָרבל?

— נו יאָ, נו יאָ, איי, ליבינקע, מ'האָט מיך באַראַבעוועט!

— ער האָט גענומען ביי דער אַלטער קרעפּלעך מיט מילך, אָנגעפּרעסן זיך און אַנטלאָפֿן. נו, וויינט זי און נעמט זיך ס'לעבן.

— דערצו טאָר מען נישט דערלאָזן. מ'דאַרף אים כאַפּן.

— גיי כאַפּ אים. ער איז באַלאָדן מיט רימענס און קוילן. ער וועט דיך כאַפּן.

# 10

אין פֿערצנטן וואַגאָן זענען אַריין עטלעכע מאָביליזירטע פֿון דער אַרבעט־אַרמיי. זיי האָט באַוואַכט דער קאָנוואָיענט וואָראָניוק. צווישן זיי האָבן צוליב פֿאַרשידענע סיבות זיך אויסגעטיילט דריי מענטשן. דאָס זענען געווען: דער אַמאָליקער קאַסירער פֿון פּעטראָגראַדער אַקציזנעם וויין־געשעפֿט פּראָכאָר כאַריטאָנאָוויטש פּריטוליעוו, דער זעכצניאָריקער וואָסיאַ בריקין, אַ שיק־יינגל אין אַן אייזן־געוועלב, און דער גרויער רע־

וואָלוציאָנער־קאָאָפּעראַטאָר קאָסטאָיעד־אַמורסקי, וואָס האָט שוין פאַרזוכט אַלע קאַטאָרגעס פון אַלטן רעזשים און אָנגעהויבן אַ נייעם ציקל אין דער נייער תקופה.

אָט די אַלע וווערבירטע זענען געווען פרעמד איינער דעם אַנדערן. מען האָט זיי אויפגעכאַפּט אין פאַרשידענע ערטער און ערשט אין וועג האָבן זיי אָנגעהויבן זיך צו באַקענען. בעת אַזעלכע שמועסן אין וואַגאָן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער קאַסירער פּריטוליעוו און דאָס שיק־יינגל וואַסיאַ בריקין שטאַמען ביידע פון דער זעלבער שטאָט, פון וויאַטקע, און חוץ דעם זענען זיי געבוירן אין אַזעלכע ערטער וואָס דער צוג וועט דאָרפן פאַרבייפאָרן.

דער בירגער פון דער שטאָט מאַלמיזש, פּריטוליעוו, איז געווען אַ נידעריקער, מיט קורץ־געשוירענע האָר, געשטופּלט, אַ העסלעכער מאַנס־פאַרשוין. דאָס גרויע רעקל איז געווען ביז שוואַרצקייט דורכגעשוויצט אונטער די אָרעמס און געלעגן אָפּגעפּאַסט אויף אים ווי די אייבערשטע טייל פון אַ סאַראַפאַן אויף אַ הויכן ווייבערישן ביוסט. ער איז געווען שווייגנדיק ווי אַ געטש און טיילמאָל, ווען ער פלעגט זיך פאַרטראַכטן וועגן עפּעס, האָט ער ביז בלוט צעריבן די בראָדעווקעס פון די פאַרפּיעגעוועטע הענט, אַזש זיי האָבן אָנגעהויבן צו אייטערן.

מיט אַ יאָר צוריק אין האַרבסט איז ער איינמאָל געגאַנגען אויפן ניעווסקי־פּראָספּעקט און ביים ראָג ליטעיני איז ער אַריינגעפאַלן אין אַן אַבלאַווע. מ׳האָט אים געהייסן ווייזן די דאָקומענטן. ס׳האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז ער האָט אַ שפּייזקאַרטל פון דער פערטער קאַטעגאָריע, פאַר נישט־אַרבעטנדיקע, אויף וועלכן מ׳האָט קיינמאָל גאָרנישט נישט באַ־קומען. לויטן דאָזיקן סימן האָט מען אים פאַרהאַלטן צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע און אונטער אַ וואַך אָפּגעשיקט זיי אין קאַזאַרמע. אָט די צונויפגעקליבענע גרופּע האָט מען פונקט ווי אַ פריערדיקע געזאָלט שיקן קיין וואָלאָגדע גראָבן אָקאָפּעס אויפן אַרכאַנגעלסקער פראָנט. אָבער אינ־מיטן וועג האָט מען זיי צוריקגעקערט און דורך מאָסקווע אָוועקגעשיקט אויפן מזרח־פראָנט.

פּריטוליעוו האָט געהאַט אַ ווייב אין לוגא. דאָרט האָט ער גע־אַרבעט פאַר דער מלחמה, איידער ער איז אַוועק אויף זיין פּאָסטן קיין פעטערבורג. ווען זי האָט זיך מן הצד דערוווסט וועגן זיין אומגליק, איז זי אַוועק זוכן אים אין וואָלאָגדע, כדי אים צו באַפרייען פון דער אַרבעט־אַרמײ. אָבער די וועגן פון דער אָפּטיילונג זענען זיך צעגאַנגען מיט אירע זוכענישן. די גאַנצע מי איז געווען אַרויסגעוואָרפן. אַלץ איז געוואָרן פאַר־פּלאָנטערט.

אין פּעטערבורג האָט פּריטוליעוו געלעבט מיט פּעלאַגעיאַ נילאָוונאַ טיאַגונאָוואַ. מען האָט אים פאַרהאַלטן אויפן ראָג נעיעווסקי גראָד דעמאָלט בעת ער האָט זיך מיט איר געזעגנט אין גאַס און געדאַרפט גיין דערליידיקן אַן ענין. צווישן די דורכגייער אויף ליטעיני־גאַס האָט ער נאָך פונדערווייטנס געזען איר פּלייצע ביז זי איז פאַרשוווּנדן.

אָט די טיאַגונאָוואַ איז געווען אַ פוללייביקע שטאַלטנע קליינבירגערין מיט שיינע הענט און אַ דיקן צאָפּ, וועלכן זי פלעגט מיט טיפע זיפצן איבערוואַרפן אויף דער ברוסט אַמאָל פון איין אַקסל און אַמאָל פון צווייטן. זי האָט איצט מיט איר אייגענעם ווילן באַגלייט פּריטוליעוון אין עשאַלאָן.

ס'איז שווער געווען צו פאַרשטיין וואָס אַזוינס די ווייבער האָבן דערזען אין אַזאַ גולם ווי פּריטוליעוו. חוץ די טיאַגונאָוואַ איז אין אַן אַנדערן וואַגאָן, נעענטער צום לאָקאָמאָטיוו, געפאָרן נאָך אַ באַקאַנטע זיינע. עס איז נישט באַוווּסט געווען ווי אַזוי עס קומט אַהער אין צוג די ווייסברעמיקע און דאַרע בתולה אָגריזקאָוואַ, אָדער ווי טיאַגונאָוואַ האָט זי אָנגערופן: „נאָזדרע", „עמער" און מיט נאָך אַ ריי אַנדערע באַליידיקנדיקע זידלווערטער.

די ריוואַלקעס זענען געווען אויף מעסער־שטעך און אויסגעהיט זיך נישט צו קומען איינע דער אַנדערער אויף די אויגן. אָגריזקאָוואַ האָט זיך קיינמאָל נישט געוויזן אין פּריטוליעווס וואַגאָן. עס איז פּשוט געווען אַ רעטעניש, ווי אַזוי זי האָט זיך אַן עצה געגעבן צו זען דעם אָביעקט פון איר פאַרגעטערונג. קאָן זיין, אַז זי האָט זיך באַנוגנט בלויז מיט קוקן אויף אים פונדערווייטנס בעת אַלע פאַסאַזשירן זענען געווען פאַרנומען מיט אויפלאַדעווען האָלץ און קוילן.

# 11

וואַסיאַס געשיכטע איז געווען אַן אַנדערע. זיין פאָטער איז געהרגעט געוואָרן אויפן פראָנט. די מוטער האָט אים אַוועקגעשיקט פון דאָרף אויף דער לער צום פעטער אין פּעטערבורג.

ווינטער האָט מען דעם פעטער, אַן אייגנטימער פון אַן אייזן־קראָם אין אַפּראַווסינער הויף, אַרויסגערופן אין סאָוויעט אָפּגעבן אויפקלערונגען. ער האָט פאַרבלאָנדזשעט איין אַן אַנדער טיר און אַנשטאָט אַריינצוגיין אין צימער, וואָס איז געווען אָנגעוויזן אין דער מעלדונג, האָט ער געטראָפן אין אַנדערן, אַ שכנותדיקן. צופעליק איז דאָס געווען די אויפנעם־קאָמיסיע פאַר ארבעט־מאָביליזאַציע. אין צימער זענען געווען אַ סך

מענטשן. ווען ס׳האָט זיך שוין אָנגעזאַמלט גענוג עולם אין דער אָפּ־טיילונג, זענען געקומען רויטאַרמייער, אַרומגערינגלט די פאַרזאַמלטע און אָפּגעפירט זיי נעכטיקן אין די סעמיפּאַלאַטינסקער קאַזאַרמעס. אינדערפרי האָט מען זיי געבראַכט אויפן וואָקזאַל און אַריינגעזעצט אין וואַלאָגדער צוג.

איבער דער שטאָט איז זיך צעגאַנגען די ידיעה, אַז מען האָט פאַרהאַלטן אַזאַ גרויסע צאָל מענטשן. אויפן צווייטן טאָג איז געגאַנגען אַ המון היימישע צום וואָקזאַל כדי זיך צו געזעגענען. אויך וואַסיאַ מיט דער מומען זענען געקומען באַגלייטן דעם פעטער.

אויפן וואָקזאַל האָט דער פעטער גענומען בעטן דעם וועכטער, אַז ער זאָל אים אַרויסלאָזן אויף אַ מינוט צום ווייב. דאָס איז געווען דער זעלבער וואָראָניוק, וואָס האָט איצט באַגלייט די גרופּע פון פערצנטן וואַגאָן. וואָראָניוק האָט נישט געוואָלט מסכים זיין אָן אַ פעסטער גאַראַנטיע, אַז דער פעטער וועט צוריקקומען. דער פעטער און די מומע האָבן פאַר־געלייגט, אַז אַלס אַזאַ גאַראַנטיע זאָל בלייבן אונטער דער וואַך דער פּלי־מעניק. וואָראָניוק האָט מסכים געווען. וואַסיאַן האָט מען אַריינגעפירט הינטער דער צוים, דעם פעטער — אַרויסגעפירט. דער פעטער מיט דער מומען זענען מער נישט צוריקגעקומען.

ווען דאָס פאַרטל האָט זיך אויפגעדעקט האָט וואַסיאַ אָנגעהויבן וויינען. ער האָט נישט חושד געווען, אַז מען גייט אים אָפּנאַרן. ער האָט זיך געוואָרפן וואָראָניוקן צו די פיס, געקושט אים די הענט, געבעטן ער זאָל אים אַרויסלאָזן, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. דער קאָנוואָיענט איז געווען אומדערבאַרעמדיק נישט צוליב זיין שלעכטן כאַראַקטער. די צייט איז געווען אַן אומרויִקע און די אָרדענונג — אַ שטרענגע. דער קאָנ־וואָיענט איז מיטן קאָפּ געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צאָל מענטשן, וואָס מען האָט אים אָנפאַרטרויט. אַזוי אַרום איז וואַסיאַ אַריינגעפאַלן אין דער אַרבעט־אַרמיי.

צום קאָאָפּעראַטאָר קאָסטאָיעד־אַמורסקי האָבן זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ אַלע טורמע־וועכטער פון דער צאַרישער און פון דער איצטיקער רעגירונג און ער האָט תמיד געקאָנט מיט זיי זיך צונויפרעדן. ער האָט נישט איינמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט דעם קאָנוואָי־נאַטשאַלניק אויף דעם אומדערהערטן פאַל מיט וואַסיאַן. יענער האָט מודה געווען, אַז דאָס איז אַ הימלשרייענדיקער טעות, אָבער די פאָרמעלע שוועריקייטן דערלויבן נישט צו פאַרנעמען זיך אין וועג מיט דעם פלאָנטער. ער האָפט, אַז ווען זיי וועלן אָנקומען אויפן אָרט וועט ער אים אויפפלאָנטערן.

וואַסיאַ איז געווען אַ שיין ייִנגל מיט רעגולערע שטריכן פון פּנים. מיט אַזאַ אויסזען פלעגט מען מאָלן קעניגלעכע פּאַזשן און געטלעכע מלאַ־

כים. ער האָט געהאַט אַ זעלטן־ריינע נשמה. זיין בעסטער צייטפאַרטרייב איז געווען אַוועקזעצן זיך אויפן דיל צו די פיס פון די עלטערע, מיט איבערגעפלאָכטענע הענט אַרומנעמען די קני און מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ הערן וואָס זיי שמועסן און דערציילן. לויט דער שפּיל פון זיינע פּנים־מוסקולן, מיט וועלכע ער האָט איינגעהאַלטן די טרערן גרייטע אַ שפּאַר צו טאָן, אָדער געראַנגלט זיך מיטן שטענדיקן געלעכטער, האָט מען געקאָנט צוזאַמענשטעלן דעם אינהאַלט פון די געשיכטעס. דאָס דערציילטע האָט זיך, ווי אין אַ שפּיגל, אָפּגעשלאָגן אויפן פּנים פונעם פילבאַרן יינגל.

## 12

דער קאָאָפּעראַטאָר קאָסטאָיעד איז געזעסן אויבן צו גאַסט ביי די זשיוואַגאָס און אויפן קול אָפּגענאָגט די האָז־לאַפּעטקע, מיט וועלכער מען האָט אים מכבד געווען. ער האָט מורא געהאַט פאַר צוגווינטן און פאַרקילעכטסער. — „ס'ציט שרעקלעך! פון וואַנען?" — האָט ער געפרעגט און כסדר זיך איבערגעזעצט, געוואָלט געפינען אַ באַשיצט אָרט. ענדלעך האָט ער זיך אַזוי באַזעצט, אַז עס זאָל אויף אים נישט בלאָזן און געזאָגט: „איצט איז גוט". ער האָט פאַרענדיקט מיט דער לאַפּעטקע, אָפּגעלעקט די פינגער, אויסגעווישט זיי מיט אַ נאָזטיכל און דאַנקענדיק די באַלעבאַטים האָט ער געזאָגט:

— דאָס ציט ביי אייך פון פענצטער. מען דאַרף עס אומבאַדינגט ברענגען אין אָרדענונג. אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו אונדזער וויכוח. איר זענט נישט גערעכט, דאָקטאָר. אַ געבראָטענער האָז איז אַן ערשטקלאַסיק מאכל. אָבער מאַכן דערפון אַן אויספיר, אַז דער פּויער איז גליקלעך, דאָס, אַנטשולדיקט, איז מילד גערעדט אַ דרייסטקייט, דאָס איז אַ צו־ריזיקאַלישע פעסטשטעלונג.

— אַך, לאָזט צורו, — האָט יורי אַנדרייעוויטש דערווידערט. — גיט אַ קוק אויף די סטאַנציעס. די ביימער דאָ זענען נישט אויסגעהאַקט, די פּלויטן שטייען גאַנץ. און די מערק! די פרויען! זעט נאָר וואָס פאַר אַ באַפרידיקונג! ערגעץ־ווו לעבט מען נאָך, עמיצער איז נאָך צופרידן, נישט אַלע קרעכצן. דערמיט ווערט שוין אַלץ באַרעכטיקט.

— עס וואָלט גוט געווען ווען ס'איז טאַקע אַזוי. אָבער דאָס איז נישט ריכטיק. אויף וואָסער סמך זאָגט איר עס? פאָרט נאָר אָפּ אַ הונדערט וויאָרסט פון באַן־שליאַך. אומעטום קומען פאָר כסדרדיקע פּויערישע אויפשטאַנדן. קעגן וועמען, וועט איר פרעגן? קעגן די ווייסע און קעגן די רויטע — אָפּהענגיק דערפון ווער ס'איז ביי דער מאַכט. איר וועט אפשר

זאָגן: אַהאַ, דער פּויער איז אַ שונא פון יעטוועדער אָרדענונג. ער ווייסט אַליין נישט, וואָס ער וויל. אַנטשולדיקט, טריומפירט נאָך נישט. ער ווייסט דאָס בעסער פון אייך, אָבער ער וויל לחלוטין נישט דאָס, וואָס איך מיט אייך.

ווען די רעוואָלוציע האָט אים אויפגעוועקט, איז ער געווען זיכער, אַז עס ווערט מקויים זיין דורותדיקער חלום וועגן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, וועגן אַן אַנאַרכיש־כוטאָרישע עקזיסטענץ פון אייגענער מי, אָן דעם, אַז ער זאָל זיין אָפּהענגיק מצד עמיצן אָדער האָבן עפּעס אַ פליכט לגבי וועמען. אָבער ער איז פון אונטערן צוואַנג ביי דער אַלטער אַראָפּ־געוואָרפענער מלוכהשקייט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער אומפאַרגלייכ־לעך האַרבערער מאַכט פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער איבער־מלוכה. אַזוי שליידערט זיך דער פּויער און קאָן אינערגעץ נישט געפינען קיין מנוחה. און איר זאָגט, אַז דאָס פּויערטום לעבט גוט. איר ווייסט גאָרנישט, ליבינקער, און לויט ווי איך זע, ווילט איר נישט וויסן.

— איז וואָסזשע, איך וויל טאַקע נישט, זייער ריכטיק. אַך, הערט מיך אויס! צוליב וואָס דאַרף איך אַלץ וויסן און פאַר אַלעמען זיך איינשטעלן? די צייט רעכנט זיך נישט מיט מיר, זי צווינגט מיר אויף וואָס זי וויל. דערלויבט זשע מיר אויך צו איגנאָרירן פאַקטן. איר זאָגט, אַז מיינע ווער־טער שטימען נישט מיט דערווירקלעכקייט. אָבער צי איז דען פאַראַן איצט אין רוסלאַנד אַ ווירקלעכקייט? איך מיין, אַז מען האָט זי אָנ־געשראָקן און זי באַהאַלט זיך. איך וויל גלייבן, אַז דאָס דאַרף האָט געווו־נען און לעבט גוט. אויב דאָס איז אויך אַ טעות, טאָ וואָס בלייבט מיר איבער צו טאָן? מיט וואָס זאָל איך לעבן, וועמען זאָל איך פאָלגן? און לעבן מוז איך, כ׳בין אַ פאַמיליע־מענטש.

יורי אַנדרייעוויטש האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איבער־געלאָזט פאַר אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן צו ענדיקן דעם וויכוח מיט קאָסטאָיעדן. ער האָט זיך צוגערוקט צום ברעג פון דער נאַרע און מיט אַן אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ גענומען צוקוקן זיך צו דעם, וואָס ס׳טוט זיך אונטן.

דאָרט האָט זיך געפירט אַן אַלגעמיין געשפרעך צווישן פּריטוליעוו, וואָראָניוק, טיאַגונאָוואַ און וואָסיאַ. צוליבן דערנענטערן זיך צו די הייי־מישע מקומות האָט פּריטוליעוו דערמאָנט די קאָמוניקאַציע מיט זיי, ביז וואָסער סטאַציע מען דאַרף פאָרן, ווו מען שטייגט אויס און וויאַזוי מען איז ממשיך דעם וועג, צופוס אָדער מיט פערד. ביים דערמאָנען די באַקאַנטע דערפער פלעגט וואָסיאַ אויפשפּרינגען מיט ברענענדיקע אויגן און מיט אַנטציקונג איבערחזרן זייערע נעמען. דאָס אויסרעכענען זיי האָט גע־קלונגען פאַר אים ווי אַ כישוף־מעשהלע.

— אין סובאָבראַדי גייט איר אַראָפּ ? — האָט ער אַ פאַרכלינעטער איבערגעפרעגט. — נו, ווי דען אַנדערש ! און דערנאָך מסתמא פאַרנעמט איר זיך אויף בויסקאַיע ?

— דערנאָך — דורכן בויסקאַיער וועג.

— דאָס רעד איך דאָך — בויסקאַיע, דאָס דאַרף בויסקאַיע. ווער ווייסט דען נישט ! דאָרט פאַרקערעוועט מען זיך צו אונדז. מען גייט כסדר רעכטס, רעכטס, קיין ווערטעניקי. און צו אייך, פעטער כאַריטאָניטש, דאַרף מען זיך פאַרנעמען אויף לינקס, ווייטער פון טייך. וועגן טייך פעלגא האָט איר געהערט ? ווי זשע דען ! דאָס איז דאָך אונדזער טייך. און צו אונדז גייט מען מיטן ברעג, מיטן ברעג. נעבן אָט דעם טייך, נעבן דעם טייך פעלגאַ, העכער אַ ביסל, דאָרט איז אונדזער ווערעטעניקי ; אונדזער דאַרף ! ביים סאַמע ריוו. און דער ברעג איז אַזוי שי — י — י — ף. ביי אונדז רופט מען אים די פאַסטקע. אַזאַ שיפּקייט , אַז ווען מען שטייט אינ־דערהייך איז אַ מורא אַראָפּצוקוקן אונטן, מען זאָל זיך נישט אַראָפּגליטשן. איך שוועך אייך ביי גאָט, אַז דאָס איז אמת. מען האַקט דאָרט שטיינער, אויף מילשטיינער. און טאַקע אין דעם ווערטעניקי וווינט מיין מאַמעלע. און צוויי שוועסטערלעך. די שוועסטער אליאַנקאַ. און אַרישקאַ מיין שוועס־טער. מיין מאַמעלע איז פּאַלאַשאַ, פעלאַגעיאַ נילאָוונאַ, ענלעך צו אייך, אַ יונגע, אַ קלאָרע. פעטער וואַראַניוק ! פעטער וואַראַניוק ! איך בעט אייך ביים הייליקן כריסטוס... פעטער וואַראַניוק !

— נו וואָס איז ? וואָס דאַלבעסטו ווי אַ זאַזולע ? „פעטער וואַראַניוק, פעטער וואַראַניוק", כ'ווייס אַליין, אַז כ'בין נישט קיין מומע. וואָס ווילסטו, וואָס פאַרלאַנגסטו ? אַז כ'זאָל דיך לאָזן לויפן ? וואָס רעדסטו ? דו וועסט מאַכן ויברח און מיך זאָל מען שטעלן צום ווענטל ?

פעלאַגעיאַ טיאַגונאָוואַ האָט געקוקט צעשטרייט ערגעץ אין דער זייט און געשוויגן. זי האָט געגלעט וואַסיאַן איבערן קאָפּ. געפירט די פינגער דורך זיינע בלאָנדע האָר און וועגן עפּעס־וואָס גע־טראַכט. מיט אַ שאָקל פון קאָפּ, מיטן בליק און שמייכל האָט זי אים גע־געבן סימנים, וואָס דער זין זייערער איז געווען, אַז ער זאָל זיך נישט באַ־נאַרישן און פאַר אַלעמען אין די אויגן נישט רעדן מיט וואַראַניוקן וועגן אַזעלכע זאַכן. וואָרט־צו, הייסט עס, אַלץ וועט שוין ווערן פון זיך אַליין, זיי רויק.

## 13

נאָכן דערוויטערן זיך פון דער מיטלרוסישער סטעפּע צו מזרח האָבן זיך אַ שאָט געטאָן סורפּריזן. מען איז געפאָרן דורך אומרויקע געביטן,

געגנטן, ווו ס'האָבן געבאַלעבאַטעוועט באַוואָפנטע באַנדעס, ערטער פון נישט־לאַנג דערשטיקטע אויפשטאַנדן.

אַלץ אָפטער האָט מען אָפּגעשטעלט דעם צוג אינמיטן פעלד, רעווידירט די וואַגאָנען מיט די איזאָלירטע אָפּטיילונגען, נאָכגעקוקט דעם באַגאַזש און קאָנטראָלירט די דאָקומענטן.

איינמאָל איז דער צוג געבליבן שטעקן ערגעץ־ווו אינמיטן נאַכט. קיינער איז אין די וואַגאָנען נישט אַריינגעקומען און מען האָט קיינעם נישט באַאומרויקט. יורי אַנדרייעוויטש האָט געוואָלט דערוויסן זיך, צי עס איז נישט געשען עפּעס אַן אומגליק און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואַגאָן.

ס'איז געווען אַ פינצטערע נאַכט. דער צוג איז אָן אַ שום בולטער סיבה געשטאַנען אויף אַ צופעליקן וואָרסט פון באַן־אָפּשניט, וואָס איז געווען אַרומגעפלאַנצט מיט יאָדלעס. יורי אַנדרייעוויטשס שכנים זענען געהאַט שוין פריער אַראָפּגעשפּרונגען און געטאָפּטשעט נעבן וואַגאָן. זיי האָבן אים געזאָגט, אַז לויט זייערע ידיעות איז גאָרנישט געשען. דער מאַשיניסט אַליין האָט, ווייזט אויס, אָפּגעשטעלט דעם צוג מיטן אויסרייד, אַז די געגנט איז אַ נישט זיכערע און ביז מען וועט נישט קאָנטראָלירן דעם באַן־אָפּשניט, זאָגט ער זיך אָפּ ווייטער צו פירן דעם צוג. פאָרשטייער פון די פּאַסאַזשירן זענען אַוועק אים איבעררעדן און, אויב נייטיק, אונטערשמירן. מען שמועסט, אַז די מאַטראָסן האָבן זיך אַריינגעמישט. זיי װעלן אים שוין איינבייסן.

בעת מען האָט דאָס אַלץ אויפגעקלערט יורי אַנדרייעוויטשן, איז די שנייאיקע גלאַטקייט פאָרויס פון פלאַנט נעבן דעם לאָקאָמאָטיוו פאַרגאָסן געוואָרן מיט די פייערדיקע אויפבליצן פון קוימען און רושט. עס האָט אויסגעזען, ווי דער שניי וואָלט געאָטעמט מיטן אָפּשיין פון שייטער. איינער פון די פייער־צונגען האָט פלוצלינג באַלויכטן אַ שטיקל פונעם שניי־פעלד, דעם לאָקאָמאָטיוו און עטלעכע שוואַרצע פיגורן, פאַרביי־לויפנדיקע ביים ראַנד פון דער לאָקאָמאָטיוו־ראַם.

דער ערשטער האָט פאַרבייגעשוועבט דער מאַשיניסט מסתמא. ווען ער איז צוגעלאָפן צום סוף פון די בריקלעך, האָט ער אַ שפּרונג־געטאָן אינדערהייך, אַריבערגעפלויגן איבערן בופער־שלאַג און פאַרשווונדן געוואָרן. פונקט די זעלבע באַוועגונגען האָבן אויך געמאַכט די מאַטראָזן, וואָס האָבן אים נאָכגעיאָגט. אויך זיי זענען צוגעלאָפן ביזן סוף פון דער קראַטע, געשפּרונגען, אויפגעצאַפּלט אין דער לופט און פאַרזונקען ווי אין דער ערד אַריין.

די דאָזיקע סצענע האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון יורי

אַנדרייעוויטשן, און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע נייגעריקע איז ער אַוועק פאַרויס צום לאָקאָמאָטיוו.

אויפן פרייען פּלאַנט נעבן לאָקאָמאָטיוו האָבן זיי דערזען אַזאַ ספּעק־טאַקל: אין אַ זייט פון דער באַן־ליניע איז דער מאַשיניסט געלעגן אַ פאַרזונקענער ביז אינדערהעלפט אין טיפן שניי. ווי יעגער — אַ חיה האָבן אין אַ האַלבקרייז אים אַרומגערינגלט די מאַטראָזן. אויך זיי זענען געווען איינגעגראָבן אין שניי ביז איבערן פּאַסעק.

— אַ דאַנק אייך, אַלבאַטראָסעלעך! * דערלעבט, האַ? מיטן רעוואָל־ווער קעגן אַן אייגענעם ברודער, אַן אַרבעטער! צוואָס האָב איך געזאָגט, אַז דער צוג וועט ווייטער נישט גיין? חברים פּאַסאַזשירן, איר זענט עדות וואָס פאַר אַ געגנט דאָ איז. ווער עס וויל נאָר שלעפּט זיך אַרום און דרייט אָפּ די שרויפן. אַ רוח אין אייער מאַמען מיט דער באָבען צוזאַמען — צוואָס טו איך עס, וואָס גייט עס מיך אָן? אַ ברעכעניש אין אייערע ביינער — איך טו עס דאָך נישט צוליב זיך, נאָר צוליב אייך, אַז אייך זאָל גאָרנישט געשען. איז אָט וואָס איך באַקום פאַר מיין פאַרזיכטיקייט. גו פאַרפאַלן, שיסט מיך, ראַטע פון מינענטרעגער! חברים פּאַסאַזשירן, זייט עדות, אַז איך פאַרטיידיק זיך נישט.

צווישן דעם הייפל מענטשן אויפן באַן־וואַל האָבן זיך דערהערט פאַרשידנאַרטיקע שטימען. עטלעכע פון זיי האָבן געטענהט אין פאַר־לעגנהייט:

— לאָז צורו... זיי וועלן זיך מישב זיין... דאָס איז דאָך... ווער וועט דען דערלאָזן?... דאָס טוען זיי סתם אַזוי... כדי אָפּצושרעקן...

— דערלאַנג זיי, גאַווריליקע! לאָז זיך נישט, פּאַראָוואָז־ציער!

דער ערשטער וואָס איז אַרויסגעקראָכן פון שניי איז געווען אַ געלער מאַטראָס, אַ ריז מיט אַזאַ גרויסן קאָפּ, אַז דאָס פּנים ביי אים האָט אויס־געזען פלאַטשיק. ער האָט רויק זיך אויסגעדרייט צום עולם און מיט אַזאַ באַס, מיט אַזעלכע אוקראַיניזמען ווי ביי וואָראָניוק האָט ער געזאָגט עט־לעכע ווערטער, וואָס האָבן געקלונגען קאָמיש צוליב זייער אַבסאָלוטער רויקייט אין אָט דער אומגעוויינטלעכער ביינאַכטיקער סיטואַציע:

— זייט מוחל, וואָס איז עס פאַר אַ האַרמידער? כיבע איר ווילט זיך צוקילן, חברה. אַנטלויפטס פון דער קעלט און אַריין אין די וואַגאָנען!

ווען דער המון האָט אָנגעהויבן שיטער ווערן און פאַנאַנדערגיין זיך אין די טעפּלושקעס איז דער געלער מאַטראָס צוגעגאַנגען צום מאַשי־ניסט, וואָס איז נאָך נישט אינגאַנצן געהאַט געקומען צו זיך, און געזאָגט:

* דער רוסישער נאָמען פונעם פויגל איז — שטורעמאָנזאָגער. (באַמ. פון איב.)

— גענוג שוין צו פּראָוועָן היסטעריקע, חבר מעכאַניק. קריך אַרויס פון גרוב און לאָמיר פאָרן.

## 14

אויפצומאַרגנס איז דער צוג געפאָרן פּאַמעלעך און פון צייט צו צייט איינגעהאַלטן דעם גאַנג צוליב פאַרזיכטיקייט נישט אַראָפּצוגליטשן זיך פון די לייכט־פאַרווייטע און נישט אָפּגערייניקטע רעלסן. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ טויטער וויסטעניש. מען האָט נישט באַלד דערקענט די רעשטלעך פון דער חרובער פאַרברענטער סטאַציע. אויף איר פאַררויכערטן פאַסאַד האָט מען נאָך געקאָנט איבעלייענען: „ביזשני קעלמעס".

נישט בלויז אויף דער באַן־געביידע זענען געווען קענטיק די שפורן פון דער שרפה. פון הינטער דער סטאַציע האָט זיך אַרויסגעזען דער פאַרלאָזענער מיט שניי־פאַרשאָטענער ישוב, וואָס האָט משמעות געהאַט דעם זעלבן טרויעריקן גורל.

דאָס ערשטע הויז פונעם ישוב איז געווען פאַרקוילט, אין שכנותדיקן זענען עטלעכע ברעוונעס געווען אַרויסגעשלעפּט פון ווינקל און מיט די שפּיצן אַריינגערוקט אינעווייניק, אין גאַס האָבן אומעטום זיך געוואַלגערט שפּליטערס פון שליטנס, איינגעוואָרפענע פלויטן, צעבויגענע אייזנס און צעקלאַפּטע שטוביקע כלים. אין פאַררויכערטן און פאַרסאַזשעטן שמוציקן שניי האָבן זיך געשוואַרצט אויסגעברענטע שטיקער און פאַרגליווערטע קאַלוזשעס מיט איינגעפרוירענע האַלעוועשקעס — שפורן פון דער שרפה און פון לעשן זי.

דאָס דאָרף און די סטאַציע זענען נישט געווען אינגאַנצן אויסגע־ליידיקט. מען האָט געקאָנט טרעפן געציילטע לעבעדיקע נפשות.

— מיטן גאַנצן דאָרף זענט איר געוואָרן אָפּגעברענט? — האָט דער נאַטשאַלניק פון צוג מיטפילנדיק געפרעגט דעם סטאַציע־שעף וואָס איז אַרויס פונצווישן די חורבות.

— שלום עליכם, ס'קאַצל קומט. אָפּגעברענט זענען מיר טאַקע געוואָרן, אָבער די מעשה ענדיקט זיך נאָכנישט מיט דער שרפה.

— נישט שוין זשע זאָל עס זיין סטרעלניקאָוו?

— טאַקע ער.

— מיט וואָס זשע האָט איר זיך דאָס פאַרזינדיקט?

— ווער זאָגט, אַז מיר? מיר ליידן פאַר פרעמדע חטאים. אונדזערע שכנים. מיר האָבן אַריינגעכאַפּט צוזאַמען. איר זעט דאָס דאָרף דאָרט

אַראָפּצוצו? זיי זענען די שולדיקע. דאָס דאַרף ניזשני קעלמעס פון אוסט־נעמדינסקער קרייז. אַלץ צוליב זיי.

— און וואָס האָבן זיי אַזוינס געטאָן?

— כמעט אַלץ וואָס מען טאָר נישט. זיי האָבן צעטריבן דעם ארעמ־קייט־קאָמיטעט, האָט איר איין מאָל אַוועק; זיי האָבן זיך אַנטגעגנגע־שטעלט דעם דעקרעט צוזשטעלן פערד פאַר דער רויטער אַרמיי — און איר דאַרפט וויסן זיין, אַז דאָס איז אַלץ טאַטאַרן — פערד־האָדעווער, האָט איר שוין צוויי; און זיי האָבן זיך נישט אונטערגעוואָרפן דעם מאָבילי־זאַציע־באַפעל, איז שוין דריי, איר פאַרשטייט?

— יאָ, יאָ. אויב אַזוי איז שוין אַלץ פאַרשטענדלעך. און דערפאַר האָט מען זיי דערלאַנגט מיט אַרטילעריע? — פון אַ פאַנצערצוג?

— אַ טרויעריקער ענין. עס איז נאָר צום באַדויערן. אָבער מיר האָבן דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

— דאָס איז אָבער שוין אַ געשעענע זאַך. קיין נייע גוטע בשורות האָב איך נישט פאַר אייך. אַ מעת־לעת צוויי וועט איר דאָ דאַרפן שטיין.

— לאָזט אָפּ מיט די וויצן. איך פיר מיליטער אויפן פראָנט. איך טאָר זיך נישט אָפּשטעלן.

— וואָס פאַר אַ וויצן. איר זעט דאָך אַליין, אַז דער שניי האָט אַלץ פאַרשאָטן. אַ וואָך צייט האָט דער שטורעם געווילדעוועט איבערן גאַנצן אָפּשניט. האָט עס פאַרווייעט. און אויף אָפּרייניקן איז נישטאָ ווער. אַ האַלב דאָרף איז זיך צעלאָפן. איך וועל שטעלן צו דער אַרבעט די גע־בליבענע, אָבער זיי וועלן זיך קיין עצה נישט געבן.

— אָך, זאָל אייך דער טייוול נעמען! פאַרפאַלן, אַלץ איז פאַר־פאַלן! וואָס זאָל איך איצט טאָן?

— מען וועט שוין ווי עס איז אָפּרייניקן, איר וועט פאָרן ווייטער.

— די שניי־בערג זענען גרויסע?

— מען קאָן נישט זאָגן, אַז זייער גרויסע. ערטער ווייז. דער זאַווייִ איז געגאַנגען אין דער קרום, אונטערן ווינקל פון באַן־פּלאַנט. צום סאַמע שווערסטן וועט זיין אין דער מיטלסטער טייל. דריי קילאָמעטער טאָל. דאָרט וועט מען זיך גוט אָנמאַטערן, עס האָט אָנגעשאָטן אָרנטלעך. אָבער ווייטער איז נישקשה. אַ טאַיגע — דער וואַלד האָט פאַרשטעלט. אויפן אָפּענעם שטח ביזן טאָל איז אויך נישט שרעקלעך. דער ווינט האָט פאַר־בלאָזן דעם שניי.

— אָך, נישט גוט זאָל אייך ווערן! מען האָט מיך וואַזשנע אונטערגע־פירט! איך וועל דעם גאַנצן צוג שטעלן אויף די פיס, זאָלן זיי צוהעלפן.

— איך האָב אויך אַזוי געטראַכט.

— נאָר די מאַטראַזן און די רויטגוואַרדייער טשעפּעט נישט. פאַראַן אַ גאַנצער עשאַלאָן פון דער אַרבעט־אַרמיי. צוזאַמען מיט די פרייע פּאַסאַזשירן וועט זיין אַ זיבנהונדערט פּערזאָן.

— איבערגענוג. ווי נאָר מען וועט ברענגען לאָפּעטעס וועט מען זיי שיקן צו דער אַרבעט. צו ווייניק לאָפּעטעס. מען האָט געשיקט אין דאָרף דערנעבן. מען וועט זען צו שאַפן.

— אָט אַ צרה, גאָט מיינער! ווי מיינט איר, מיר וועלן זיך אַן עצה טאָן?

— וואָס פאַר אַ פראַגע? מיט שטורעם, — זאָגט מען, — נעמט מען איין שטעט. אַן אייזנבאַן. אַן אַרטעריע. זייט נישט אַזוי אויפגערעגט, האָט גאָט אין האַרץ.

## 15

דאָס אָפּרייניקן דעם וועג האָט געדויערט דריי מעת־לעת. אַלע זשיוואַגאָס, מיט גיושאַן איינשליסלעך, האָבן גענומען אין דעם אַן אַקטיוון אנטייל. דאָס איז געווען די בעסטע צייט פון זייער רייזע.

אין דער געגנט איז געווען עפּעס וואָס פאַרהוילנס, נישט־דער־זאָגטס. פון איר האָט געוויעט מיט פּוגאַטשאָווטשטשינע אין פּושקינס נוסח און מיט אַזיאַטישקייט פון אַקסאַקאָווס שילדערונגען.

די סודותדיקייט פון דעם ווינקל איז נאָך געוואָרן פאַרשטאַרקט דורך די חורבות און דער שווייגנדיקייט פון די געציילטע איבערגעבלי־בענע איינוווינער. זיי זענען געווען איבערגעשראָקן, אויסגעמיטן די פּאַסאַזשירן פון צוג און האָבן נישט גערעדט איינער מיטן צווייטן אויס מורא פאַר מסירה.

צו דער אַרבעט האָט מען געפירט לויט קאַטעגאָריעס, נישט אַלע מינים פּובליקום גלייכצייטיק. דער שטח ווו די אַרבעט איז געוואָרן אַדורכגעפירט איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ וואַך.

די ליניע איז געוואָרן גערייניקט פון אַלע זייטן מיטאַמאָל דורך באַזונדערע בריגאַדעס אין פאַרשידענע פּונקטן. צווישן די ערטער, וואָס מ׳האָט אָפּגערייניקט ביזן סאַמע סוף זענען געבליבן די בערג פון נישט־גערירטן שניי און זיי האָבן אָפּגעטיילט די שכנותדיקע גרופּעס איינע פון דער צווייטער. אָט די בערג האָט מען אָפּגערוימט אין דער לעצטער מינוט, נאָכן פאַרענדיקן די אַרבעט אויפן גאַנצן איבעריקן שטח.

עס איז געווען אַ ליכטיק און פראָסטיק וועטער. די פּאַסאַזשירן האָט מען געפירט אויף דער לופט און צוריק געבראַכט אין וואַגאָן בלויז

אויף איבערגעכטיקן. געאַרבעט האָט מען אין קורצע, נישט־פּאַרמאַטערנ־דיקע שיכטן, ווייל לאַפּעטעס איז געווען ווייניק און אַרבעטנדיקע — צופיל. די נישט־אויסמאַטערנדיקע אַרבעט האָט פאַרשאַפט בלויז פאַר־געניגן.

דאָס אָרט וווּהין די זשיוואַגאָס זענען געגאַנגען אַרבעטן איז גע־ווען אַן אַפּגס און אַ מאַלערישס. די געגנט אויפן דאָזיקן פּונקט האָט לכתחילה אַראָפּגעלאָזט זיך אויף מזרח פון דער באַן־ליניע און דערנאָך אַוועק מיט אַ פאַמעלעכדיקן אויפשטייג ביז צום סאַמע האָריזאָנט.

אויפן באַרג איז געשטאַנען אַן איינזאַם הויז, אַן אָפּגעדעקטס פון אַלע זייטן. דאָס הויז איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סאַד, וואָס פלעגט זומער־צייט מסתמא זיך צעוואַקסן, אָבער איצט האָט ער נישט פאַר־שטעלט דעם בנין מיט זיין דינער, פאַרוויאַנעטער שיטערקייט.

די שנייאיקע דעק האָט אַלץ אויסגעגלייכט און פאַרקיילעכדיקט. אָבער לויט די חיכטיקסטע נישט־גלייכקייטן פון שיפּוע, וועלכע דער שניי איז נישט בכוח געווען צו באַהאַלטן מיט זיינע הורבעס, האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז פרילינג־צייט האָט דאָ אוודאי געשטראָמט אַ וואַסער דורך דער וויאַדוקט־רער אונטערן באַן־וואַל אַריבער דעם גע־בויגענעם ראָוו. דאָס וואַסער איז איצט געלעגן אונטערן טיפן שניי, ווי אַ קינד, וואָס מען באַהאַלט מיטן קעפּל אונטער אַ פוכענער קאָלדרע.

האָט עמיצער געוווינט אינעם הויז, אָדער עס איז געשטאַנען פוסט און פאַררעגיסטרירט דורכן וואָלאָסט אָדער דורכן ערד־קאָמיטעט פון אויעזד? ווו זענען די איינוווינער און וואָס איז מיט זיי געשען? צי זענען זיי אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד? צי זענען זיי אומגעבראַכט געוואָרן דורך די פויערים? אָדער אפשר האָבן זיי, צוליב דער גוטער אויפפירונג אַמאָל, איינגעאָרדנט זיך אין אויעזד אַלס געלערנטע ספּעציאַליסטן? צי האָט זיי סטרעלניקאָוו געשוינט, אויב זיי זענען דאָ געבליבן ביז דער לעצטער מינוט, אָדער צי האָט זיי, צוזאַמען מיט אַלע קולאַקעס, דערגרייכט זיין נקמה?

דאָס הויז אויפן באַרג האָט געררייצט דעם נייגיר און טרויעריק געשוויגן. אָבער קיין פראַגעס האָט מען דעמלט נישט געשטעלט און קיינער האָט אויף זיי נישט געענטפערט. און די זון האָט אָנגעצונדן די שנייאיקע אומענדלעכקייט מיט אַזאַ ווייסן גלאַנץ, אַז פון דער שניי־ווייסקייט האָט מען געקאָנט בלינד ווערן. מיט וואָסערע גלייכמאָסיקע שטיקער האָט די לאַפּעטע איינגעשניטן זיין אויבערפלאַך! אין וואָסערע טרוקענע אַלמאַז־פונקטן האָט ער זיך צעשאָטן אויף די איינשניטן! דאָס האָט אַזוי שטאַרק דערמאָנט די טעג פון די ווייטע קינדער־יאָרן, ווען

אין העלן אַרומגעזוימטן באַשליק און אין פוטערל אויף האָפּטקעס, פּעסט איינגעניייטע אין די געקרייזלטע, שוואַרצע רינגעלעך פון דער שעפּסן־פּעל, האָט דער קליינער יוראַ פּונקט פון אַזאַ פאַרבלענדנדיקן שניי אויסגעבויט אויפן הויף פּיראַמידן און בערג, טאָרטן, פעסטונגען און שטעט מיט אונטערערדישע היילן. אַך, ווי געשמאַק איז דעמלט געווען צו לעבן אויף דער וועלט, ווי אַלץ אַרום איז געווען אַנטציקנדיק און ווונדערלעך!

אָבער אויך די דאָזיקע דריי טעג אויף דער לופט האָבן אויסגעזען זעטיקע. און נישט אָן אַ סיבה. אין אָוונט האָט מען געטיילט פאַר די אַרבעטנדיקע הייס געבייטלט ברויט, וואָס מען האָט געבראַכט ווער ווייס פונוואַנען און לויט וועמענס פאַראָרדענונג. דאָס ברויט איז געווען מיט אַ גלאַנץ, מיט געשמאַקע ווינקלען, וואָס האָבן געפּלאַצט אין די זייטן און מיט אַ דיקער אויסגעצייכנט־דורכגעבאַקענער קאָרע, אין וועלכער עס האָבן געשטעקט קליינטשיקע פּיצעלעך קויל.

# 16

מען האָט ליב געקריגן די סטאַציע־חורבות, פּונקט ווי מען בינדט זיך צו צו אַ צייטווייליקער אכסניה בעת אַן עקסקורסיע איבער פאַרשנייטע בערג. מ'האָט פאַרגעסן ווו זי געפינט זיך, די אויסערלעכע געשטאַלט פון בנין, די פּרטים פון געוויסע באַשעדיקונגען.

צו דער סטאַציע פלעגט מען צוריקקומען אין אָוונט ווען די זון איז פאַרגאַנגען, ווי זי וואָלט טריי געבליבן איר פאַרגאַנגענהייט, האָט זי זיך געזעצט אויפן אַמאָליקן אָרט, הינטער דער אַלטער בערעזע ביים סאַמע פענצטער פון דער טעלעגראַפיסטס דיזשור־צימער.

אויף דעם אָרט איז די אויסערלעכע וואַנט אַריינגעפאַלן אינעווייניק און פאַרוואָרפן דאָס צימער. אָבער דער אָפּריס האָט נישט פאַרטשעפּעט דעם הינטערשטן ווינקל נעבן דעם גאַנץ־געבליבענעם פענצטער. דאָרט איז אַלץ געבליבן ווי געווען: די טאַפּעטן פון קאַווע־קאָליר, דער קאַכל־אויוון מיטן קיילעכדיקן שיבער און קופּערנעם טירל אויף אַ קייטעלע, די אונווענטאַר־רשימה אין אַ שוואַרץ רעמל אויף דער וואַנט.

ווען די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד, האָט זי אַקוראַט ווי פאַרן אומגליק דערגרייכט צו די אויוון־קאַכליעס, אָנגעצונדן מיט אַ ברוינעם גלי די קאַווע־טאַפּעטן און אויפגעהאָנגען אויף דער וואַנט, ווי אַ פרויען־שאַל, דעם שאָטן פון די בערעזע־צווייגן.

אין צווייטן טייל פון בנין איז געווען אַ פאַרקלאַפּטע טיר צום אויפנעם־צימער מיט אַן אויפשריפט פון אַזאַ אינהאַלט, וואָס איז וואַר־

שיינלעך געמאַכט געוואָרן אין די ערשטע טעג פון דער פעברואַר־רע־וואָלוציע אָדער נישט לאַנג נאָך איר:

„וואָס שייך מעדיקאַמענטן און באַנדאַזש־מיטלען בעט מען די הערן קראַנקע צייטווייליק נישט צו באַאומרויקן זיך. צוליב אַן אַנזעעוו־דיקע סיבה פאַרחתמע איך די טיר וועגן וואָס ס׳איז מודיע דער הויפט־פעלדשער דער און דער".

נאָכן באַזייטיקן די לעצטע שניי־הורבעס צווישן די אָפּגעריי־ניקטע פלעצער, האָט זיך אַנטפּלעקט אויף דורך און דורך דער גלייכער באַן־וועג, וואָס האָט ווי אַ ווירע זיך אויסגעצויגן אין דער ווייט. ביי די זייטן האָבן זיך געצויגן די ווייסע בערג פון אָפּגעוואָרפענעם שניי, אַרומגע־צוימטע אין זייער גאַנצער לענג מיט צווייי ווענט פון שוואַרצן וואַלד.

ווי ווייט דאָס אויג האָט געקאָנט דערגרייכן, אין פאַרשידענע ער־טער אויף די רעלסן, זענען געשטאַנען גרופּקעס מענטשן מיט לאָפּאַטעס, צום ערשטן מאָל האָבן זיי זיך דערזען אין פולן קאָמפּלעט און זיי זענען געבליבן פאַרחידושט פון זייער צאָלרייכקייט.

# 17

מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דער צוג וועט אָפּגיין אין עטלעכע שעה אַרום, נישט געקוקט דערויף, וואָס די צייט איז אַ שפּעטע און באַלד וועט ווערן נאַכט. פאַרן אָפּפאָרן זענען יורי אַנדרייעוויטש און אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אַוועק צום לעצטן מאָל באַוווּנדערן די שיינ־קייט פון דער אָפּגערייניקטער ליניע. אויפן פּלאַנט איז שוין קיינער נישט געווען. דער דאָקטאָר מיט זיין פרוי זענען געשטאַנען אַ ווײַלע, געקוקט אין דער ווייט, געביטן זיך מיט צוויי־דריי באַמערקונגען און אומגעקערט זיך צוריק צו זייער טעפּלושקע.

אויף צוריקוועגס האָבן זיי דערהערט בייזע הילכיקע אויסגעשרייען פון צוויי פרויען, וואָס האָבן זיך געזידלט. זיי האָבן תיכף דערקענט די שטימעס פון אָגרייזקאָווע און טיאַגונאָווע. די ביידע פרויען זענען גע־גאַנגען אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס דער דאָקטאָר מיט זיין פרוי — פון אָנהייב צום סוף פון צוג — אָבער לענגאויס פון זיין קעגנזעצלעכער זייט, פאַזע דער סטאַציע, בעת יורי אַנדרייעוויטש און אַנטאָנינאַ אַלעקס־אַנדראָוונאַ האָבן געשפּאַנט ביי דער הינטערשטער, וואַלדיקער זייט. צווישן ביידע פּאָרן איז געווען אַ לאַנגע מחיצה פון וואַגאָנען. די פרויען זענען נישט געגאַנגען נאָענט פון דאָקטאָר און אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, נאָר ווייט זיי איבערגעיאָגט, אָדער שטאַרק אָפּגעשטאַנען.

ביידע זענען זיי געווען זייער אויפגערעגט. צייטנווייז האָבן זיי פאַרלוירן די כוחות. וואַרשיינלעך זענען זיי גייענדיק אומגעפאַלן אין שניי, אָדער די פיס אונטער זיי האָבן זיך איינגעבראָכן, ווייל צוליבן נישט רעגולערן טראָט זענען זייערע קולות אַמאָל אונטערגעשפּרונגען ביז געשריי און אַמאָל אַראָפּגעפאַלן ביז אַ שטילן שעפּטשען. ווייזט אויס, אַז טיאַגונאָוואַ איז געלאָפן נאָך אַגריזקאָוואַ און ווען זי האָט איר דער־יאָגט — מסתמא געלאָזט אין גאַנג די פויסטן. זי האָט באַשאָטן די קאָנקורענטקע מיט אַן ערשטקלאַסיקער זידלעריי, וואָס האָט אין מעלאָדישן מויל פון אַזאַ פאַווע און דאַמע געקלונגען הונדערט מאָל אומפאַרשעמטער, איידער דאָס גראָבע און נישט־מוזיקאַלישע זידלען זיך פון מענער.

— אַך, דו נקבה, דו שליאָנדער, — האָט טיאַגונאָוואַ געשריגן. — ווו מ'שטעלט נאָר אַ טראָט וואַקסט זי באַלד אויס, קערט דעם דיל מיט דער ספּודניצע און גלאָצט די שליפּיעס! דיר איז נאָך ווייניק, צויג, מיין גולם, האָסט זיך פאַרלייגט אויף אַ קינדערישער נשמה און צעלאָזט דעם עק. אַ מינדעריעריקן דאַרפסטו נאָך קאַליע מאַכן.

— הייסט עס, אַז אויך פאַר וואָסיענקאָן ביסטו אַ געזעצלעך ווייב?

— איך וועל דיר באַלד ווייזן וואָס אַ געזעצלעכע קאָן, דו טראָמ־בע, זאַראַזע. דו וועסט קיין לעבעדיקע פון מיינע הענט נישט אַרויס, פיר מיך נישט אַרויס פון די כלים!

— נו, נו, ווי זי האָט עס זיך פאַרמאָסטן! נעם אַוועק די הענט, משוגענע! וואָס ווילסטו פון מיר?

— איך וויל, אַז דו זאָלסט פגרן, דו גנידע לויזיקע, פאַרשיווע קאַץ, אומפאַרשעמטע אויגן!

— וועגן מיר רעדסטו דאָס אַזוי? איך בין, פאַרשטייט זיך, אַ צויג, אַ קאַץ. דו אָבער ביסט דאָך אַ טיטולירטע. אין רינשטאָק געבוירן, הינטערן טויער אַ כלה געוואָרן, מיט אַ שטשור פאַרשוואַנגערט און מיט אַ שטעכלער צעזעצט געוואָרן... ראַטעוועט, ראַטעוועט, ליבע מענטשן! אוי, זי וועט מיך דערהרגענען, די מערדערישע מכשפה. אוי, ראַטעוועט אַ מיידל, נעמט זיך אָן פאַר אַ יתומה...

— לאָמיר שנעלער אַוועק פון דאַנען. כ'קאָן דאָס נישט צוהערן, ס'איז אַזוי עקלדיק, — האָט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אָנגעהויבן אונטעריאָגן דעם מאַן. — מיט קיין גוטס וועט זיך דאָס נישט ענדיקן.

## 18

מיטאַמאָל האָט אַלץ זיך געענדערט, די געגנט און דאָס וועטער. דאָס פלאַכלאַנד האָט זיך געענדיקט און דער וועג איז אַוועק צווישן בערג, — סאָפּקעס און הויכקייטן. דער צפונדיקער ווינט, וואָס האָט געבלאָזן די לעצטע צייט האָט זיך אָפּגעשטעלט. פון דרום האָט, ווי פון אַן אויוון, אַן אָטעם־געטאָן די וואַרעמקייט.

די וועלדער זענען דאָ געוואַקסן טעראַסע־אַרטיק איבער די באַרגיקע שיפּועים. דאָרט ווו די באַן־רעלסן האָבן זיי דורכגעשניטן איז דעם צוג אויסגעקומען צו נעמען פון אָנהייב אַ שטאַרקן אויפשטייג, וואָס האָט אין דער מיט זיך פאַרביטן אויף אַ געלאַסענעם אַראָפּלאָז. דער צוג איז סאָפּענדיק אַריין אין וואַלד און קוים זיך געשלעפּט צו אים, פּונקט ווי אַן אַלטער ליעשניק וואָלט געפירט נאָך זיך צופוס אַ חברה פּאַסאַזשירן, וועלכע קוקן זיך אַרום אין די זייטן און אַלץ אָבסערווירן זיי.

אָבער ס'איז נאָך נישט געווען אויף וואָס צו קוקן. אין דער טיפעניש פון וואַלד האָט נאָך געהערשט שלאָף און מנוחה, ווי אין ווינטער. זעלטן בלויז האָבן געציילטע קוסטעס און ביימער מיט אַ שאַרף באַפרייט די נידעריקע צווייגן פון דעם ביסלעכווייז אַראָפּגעזעצטן שניי, ווי פון אַראָפּגענומענע האַלזבענדער אָדער צעשפּילטע קראַגנס.

יורי אַנדרייעוויטש איז באַפאַלן אַ שלעפעריקייט. די אַלע טעג איז ער געלעגן ביי זיך אין דער הייך, געשלאָפן, זיך איבערגעוועקט, גע־דמיונט און זיך איינגעהאָרכט. אָבער דערווייל איז נאָך נישט געווען וואָס צו האָרכן.

## 19

אין דער צייט וואָס יורי אַנדרייעוויטש איז זיך אויסגעשלאָפן, האָט דער פרילינג צעלאָזט און איבערגעשמאָלצן די גאַנצע מאַסע שניי, וואָס איז אַראָפּ אין מאָסקווע אין טאָג פון אָפּפאָר און ווייטער געפאַלן איבערן גאַנצן וועג; דעם שניי, וואָס זיי האָבן געגראָבן דריי טעג אין אוסט־נעמדאַ; דער שניי, וואָס איז אין אומגעהויערע גראָבע שיכטן געלעגן איבער די טויזנטוויאָרסטיקע שטחים.

אין אָנהויב איז דער שניי צעגאַנגען פון אינעווייניק, שטילשווייגנדיק און באַהאַלטן. ווען אָבער אַ העלפט פון דער גרויסער אַרבעט איז שוין געווען געמאַכט, האָט מען עס מער שוין נישט געקאָנט פאַרהוילן. דאָס ווונדער איז אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. פון אונטער דעם צע־

טרייסלטן שנייאיקן צודעק איז אַרויסגעלאָפן דאָס וואַסער און זיך געלאָזט הערן, די געדיכטע וואַלדיקע היילן האָבן אויפגעציטערט. אַלץ האָט זיך דאָרט איבערגעוועקט.

דאָס וואַסער האָט געהאַט ווי אַ הוליע צו טאָן — עס איז גע־לאָפן פון די אַראָפּהאַנגען, צונויפגעזאַמלט זיך בשפע און פאַנאַנדערגע־גאָסן זיך אין דער ברייט. גאַר גיך איז די געדיכטעניש פול געוואָרן מיט זיין גערויש, רויך און טשאַד. ווי שלאַנגען זענען איבערן וואַלד זיך צעקראָכן די שטראָמען, געבליבן פאַרשטעקט און געבויערט און שניי, געשטופּט אים מיט זייער באַוועגונג; אויף די פלאַכע ערטער זענען זיי געפלאָסן שיפּעדיק, אָבער אָפּרייסנדיק זיך באַרג־אַראָפּ האָבן זיי זיך פונאַנדערגעשאָטן אין אַ וואַסערדיקן שטויב. די ערד האָט שוין מער קיין פייכטקייט נישט אויפגענומען. פון קאָפּשווינדלדיקע הייכן, כמעט פון די וואָלקנס, האָבן דאָס וואַסער געטרונקען מיט זייערע וואָרצלען די הונדערטיעריקע יאָדלעס. אויף דער ערד נעבן די ביימער זענען געבליבן שטיין צוגעטריקנטע קנוילן שוים, ווי ביר־שוים אויף ליפּן און וואָנסעס.

דער פרילינג האָט אַ שלאָג־געטאָן מיט שכרות אין קאָפּ פון הימל, ער האָט זיך פאַרדרייט פון באַרוישטקייט און באַדעקט מיט וואָלקנס. איבערן וואַלד זענען געשוווּמען נידעריקע וואָלענע כמאַרעס מיט אַראָפּ־הענגענדיקע ברעגן, דורך וועלכע עס האָבן שפּרינגענדיק אַרויסגעפּלייצט וואַרעמע רעגנס, וואָס האָבן געשמעקט מיט ערד און שווייס. זיי האָבן אָפּגעוואַשן פון דער ערד די לעצטע שטיקלעך פון געפּלאַצטן שוואַרצן אייז־פּאַנצער.

יורי אַנדרייעוויטש האָט זיך אויפגעוועקט, אויפגעהויבן זיך צום פירעקיקן פענצטערל מיט דער אַרויסגענומענער ראַם, אָנגעשפּאַרט זיך אויפן עלנבויגן און אָנגעהויבן הערכן.

# 20

מיטן דערנענטערן זיך צו דער שאַכטע־געגנט איז די באַזעסנ־קייט געוואָרן אַ געדיכטערע, די באַן־אָפּשטאַנדן — קירצערע און די סטאַנציעס — אָפטערע. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געביטן נישט אַזוי זעלטן. מער מענטשן זענען אַריין און אַרויס אויף די קליינע צווישן־אָפּשטעלן. די, וואָס זענען געפאָרן נישט קיין גרויסן מהלך, האָבן זיך נישט איינ־געאָרדנט אויף לאַנג, נישט געלייגט זיך שלאָפן, נאָר צוגעזעצט זיך אויף איבער נאַכט ערגעץ־ווו ביי דער טיר אינמיטן וואַגאָן. זיי האָבן שטילער־

הייט געשמועסט צווישן זיך וועגן אַרטיקע בלויז זיי באַקאַנטע ענינים, און אויסגעשטיגן אויפֿן נאָענטן שיידוועג, אָדער אָפּשטעל.

פֿון די שמועסן צווישן היגן עולם, וואָס האָט זיך אַדורכגעקנוילט אין טעפּלושקע במשך פֿון די לעצטע דריי טעג, איז יורי אַנדרייעוויטש געקומען צום אויספֿיר, אַז אויפֿן צפֿון באַקומען די ווייסע אַן איבער־געוויכט און אַז זיי האָבן פֿאַרנומען, אָדער גרייטן זיך צו פֿאַרנעמען יוראַ־טין. איבער דעם, — אויב זיין געהער האָט אים נישט פֿאַרפֿירט און אויב דאָס איז נישט געווען בלויז דער זעלבער פֿאַמיליע־נאָמען פֿון זיין חבר אין מעליוזייעווער שפּיטאָל, — קומט אויס, אַז מיט די ווייסע אויף דעם פֿראָנט־אָפּשניט פֿירט אָן יורי אַנדרייעוויטש באַקאַנטער גאַליאולין.

יורי אַנדרייעוויטש האָט פֿאַר זיינע נאָענטע קיין וואָרט נישט גע־זאָגט וועגן אָט די השערות, כדי נישט באַומרויקן זיי אומזיסט, איידער די קלאַנגען וועלן זיך נישט באַשטעטיקן.

# 21

יורי אַנדרייעוויטש האָט זיך אויפֿגעוועקט תחילת נאַכט מיט אַן אומקלאָר געפֿיל פֿון גליק, וואָס האָט אים איינגאַנצן אַדורכגענומען. דאָס געפֿיל איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט אים אַרויסגענומען פֿון שלאָף. דער צוג איז געשטאַנען ערגעץ־ווו אויף אַ נאַכט־סטאַציע. זי איז געווען אַרומגערינגלט מיטן גלעזערנעם דעמער פֿון אַ ווייטער נאַכט. אָט דער ליכטיקער נעפּל איז געוואָרן דורכגעדרונגען מיט עפּעס דינס און מעכטיקס. דאָס האָט עדות געזאָגט וועגן דער ברייטקייט און אָפֿנ־קייט פֿון דער געגנט; אַז די סטאַציע געפֿינט זיך אויף אַ הויכקייט מיט אַ ברייטן און פֿרייען אויסבליק.

אויף דער פּלאַטפֿאָרמע זענען פֿאַרבייגעגאַנגען נעבן דער טעפּ־לושקע שטיל־שפּאַנענדיקע שאָטנס און געלאָסן גערעדט. אויך דאָס האָט אָנגענעם געווירקט אויף יורי אַנדרייעוויטשן. אין דער פֿאָרזיכטיקייט פֿון די טריט און קולות האָט ער איינגעזען אַ מין באַציונג צו דער נאַכט־שטילקייט און אַ זאָרג פֿאַר די, וואָס שלאָפֿן אין צוג — ווי דער שטייגער איז געווען אַמאָל, אין די אַלטע צייטן פֿאַר דער מלחמה.

דער דאָקטאָר האָט אַ טעות געהאָט. אויף דער פּלאַטפֿאָרמע האָט מען געמאַכט קולות און געהאַקט מיט די שטיוול פּונקט ווי אומעטום. אָבער נישט ווייט איז געווען אַ וואַסערפֿאַל. ער האָט דאָס צעטראָגן די גרענעצן פֿון דער ווייסער נאַכט מיטן אָטעם פֿון פֿרישקייט און ענערגיע. ער האָט דאָס אַריינגעהויכט אין דאָקטאָר דאָס געפֿיל פֿון גליק בעתן

שלאָף. דער כסדרדיקער אומאויפהערלעכער רויש פון דעם פּאָלנדיקן וואַסער האָט געהערשט איבער אַלע קלאַנגען אויף דער סטאַציע און צו־געגעבן זיי אַן אַפּנאַרערישע אויסדאַכטעניש פון שטילקייט.

ער האָט זיך נישט אַנגעשטויסן, אַז עס עקזיסטירט אַזאַ וואַסער־פאַל. די אומבאַקאַנטע פרישקייט פון דער דאָרטיקער לופט האָט אים איינגעוויגט און ער איז ווידער פעסט איינגעשלאָפן.

אונטן אין טעפּלושקע האָבן צווישן זיך גערעדט צוויי מענטשן:

—נו ווי, איר האָט זיך אַן עצה געגעבן מיט אייערע? איר האָט זיי איינגעקוועטשט דעם עק?

— איר מיינט די קרעמער?

— נו, זיכער, די מעל־סוחרים.

— מ׳האָט זיי איינגעשטילט ווי די שול־יינגלעך. ביי עטלעכע האָט מען פאַר אַ ביישפּיל אַרויסגעלאָזט די נשמה, האָבן שוין די אַנדערע זיך איינגעשטילט. זיי צאָלן קאָנטריבוציע.

— אַ סך האָט מען גענומען פון וואָלאָסט?

— פערציק טויזנט.

— ס׳אַ ליגן!

— פאַרוואָס זאָל איך זאָגן ליגן?

—פערציק טויזנט!

— פערציק טויזנט פּוד.

— נו, כאַפּט איך דער וואָטעמאַכער, העלדן זענט איר, העלדן!

— פערציק טויזנט פון דינעם מעל.

— און צוריקגעשמועסט, וואָס איז אַ וואונדער? דער קאַנט דאָ איז ערשטער סאָרט. אַלץ האַנדלט מיט מעל. פון נאָך רינווא ביז אַרויף צו יוראַטין — אַ דאָרף נעבן אַ דאָרף, פּאָרטן, שפּייכלערס, די ברידער שערסטאָביטאָווס, פערעקאַטשיקאָוו מיט די זין, הורט־סוחרים אויף הורט־סוחרים!

— שריי נישט. וועסט אויפוועקן די פּאַסאַזשירן.

— אפשר צוליינגן זיך כאַפּן אַ דרעמל? דאַכט זיך, אַז דער צוג וועט באַלד פאָרן.

אין דעם מאָמענט האָט פון הינטן כסדר זיך פאַנאַנדערגעוואַקסן און צוגעקייקלט אַ פּאַרטויבנדיקע דונערייַ, וואָס האָט איבערגעשריגן דעם רויש פון וואַסערפאַל. אויף דער צווייטער ליניע, פאַרביי דעם שטייענ־דיקן עשאַלאָן האָט אַדורכגעיאָגט אויף דער פולער פּאַרע אַ קוריער־צוג פון אַלטן טיפּ. ער האָט אָפּגעפייפט, אָפּגעוואָרישט, אַ פינטל געטאָן צום לעצטן מאָל מיט די פייערלעך און אַן אַ שפּור פאַרשוווּנדן פאַרויס.

— נו, איצטער ליגן מיר אין טינטער. מיר וועלן זיך שוין אויסשטיין.
— איצט וועלן מיר נישט שנעל פאָרן.
— דאָס איז מסתמא סטרעלניקאָוו. אַ ספּעציעלער פּאַנצערצוג.
— לגבי דער קאָנטרא איז ער ווי אַ חיה!
— ער איילט אויף גאַלייעוון.
— ווער איז ער דאָס?
— דער אַטאַמאַן גאַלייעוו. מ׳זאָגט, אַז ער באַלאַגערט מיט די טשעכן יוראַטין. ער האָט פאַרכאַפּט, דער טייוול, די פּאַרטן און טרעט נישט אָפּ. אַטאַמאַן גאַלייעוו.
— נישט געהערט פון אַזעלכן.
— אפשר איז דאָס דער פירשט גאַלילייעוו. כ׳געדענק נישט גענוי.
— נישטאָ אַזעלכע פירשטן. מסתמא איז דאָס אַלי קורבאַן. האָסט פאַרפּלאָנטערט.
— קאָן זיין אַז קורבאַן.
— אויב אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש.

# 22

נעענטער צום פרימאָרגן האָט יורי אַנדרייעוויטש זיך אויפגעוועקט צום צווייטן מאָל. ווידער האָט זיך אים געחלומט עפּעס אַנגענעמס. דאָס געפיל פון לייטזעליקייט און באַפרייונג, וואָס האָט אים אַדורכגענומען איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. דער צוג איז ווידער געשטאַנען, קאָן זיין אויף אַ נייער סטאַציע און אפשר נאָך אויף דער פריערדיקער. ווידער האָט גערוישט אַ וואַסערפאַל, גיכער פון אַלץ דער זעלבער, אָבער מעגלעך אויך, אַז אַן אַנדערער.

יורי אַנדרייעוויטש האָט אַנגעהויבן צוריק איינשלאָפן און אינעם דרעמל האָט זיך אים געדוכט, אַז מען לויפט און מען טומלט. קאָסטאָיעד האָט זיך געקריגט מיטן נאַטשאַלניק פון קאָנוואָי און זיי האָבן געשריגן איינער אויפן אַנדערן. אין דרויסן איז געוואָרן נאָך אַנגענעמער ווי פריער. עס האָט געווייט מיט עפּעס כישופדיקס און פרילינגדיקס, מיט שוואַרצלעך־ווייס, זעלטנס און נישט ממשותדיקס, מיט עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צום אַנפאַל פון אַ שניי־שטורעם אין מאַי, ווען די פייכטע טייענדיקע פלאָטערלעך, וואָס פאַלן אויף דער ערד מאַכן זי נישט ווייס, נאָר שוואַרצער נאָך; מיט עפּעס דורכזיכטיקס, שוואַרצלעך־ווייס, שמעקנדיקס. — „טשערעמכע!" — האָט יורי אַנדרייעוויטש געטראַכט אין שלאָף.

# 23

אין דער פרי האָט אַנטאָנינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ געזאָגט:

— פונדעסטוועגן, יוראַ, ביסטו אַ מאָדנער מענטש, אינגאַנצן פול מיט סתירות. עס טרעפט, אַז אַ פליג פליט אַדורך, כאַפּסטו זיך אויף און קאָנסט שוין נישט איינשלאָפן ביז אין דער פרי, און דאָ איז אַ געררויש, אַ קריגעריי, אַ בהלה און דיך קאָן מען נישט דערוועקן. ביינאַכט האָבן געמאַכט פליטה דער קאַסיר פּריטוליעוו און וואַסיאַ בריקין. ביסט אַ מבין? און טיאַגונאָוואַ און אַגריזקאָוואַ. וואַרט צו, דאָס איז נאָך נישט אַלץ. וואָראָניוק אויך. יאָ, יאָ, ער איז אַנטלאָפן, אַנטלאָפן. שטעל זיך פאָר. איצטער הער. ווי אַזוי זיי האָבן אָפּגעצויגן, צוזאַמען אָדער באַזונדער און ווער נאָך וועמען — איז אינגאַנצן נישט באַוווּסט. נו, לאָמיר זאָגן, אַז וואָראָניוק האָט מסתמא באַשלאָסן צו ראַטעווען זיך פון דער אחריות ווען ער האָט דערזען, אַז יענע זענען אַנטלאָפן. אָבער די אַנדערע? צי זענען זיי טאַקע נעלם געוואָרן לויט זייער אייגענעם ווילן, אָדער עמיצער איז באַזייטיקט געוואָרן מיט געוואַלט? מען איז חושד די פרויען. אָבער ווער וועמען עס האָט דערהרגעט. טיאַגונאָוואַ אַגריזקאָוואַן אָדער אַגריזקאָוואַ טיאַגונאָוואַן — דאָס ווייסט קיינער נישט. דער קאָנוואָי־נאַטשאַלניק לויפט פון איין עק צוג צום צווייטן „וויאַזוי וואָגט איר, שרייט ער, — צו געבן אַ פייף צום אָפּפאָר? אין נאָמען פון געזעץ פאָדער איך צו פאַרהאַלטן דעם צוג ביז מען וועט כאַפּן די אַנטלאָפענע" — אָבער דער נאַטשאַלניק פון עשאַלאָן גיט זיך נישט אונטער. „איר זענט פון זינען אַראָפּ, זאָגט ער. איך פיר מיליטער אויפן פראָנט. דאָס איז אַן אייליקער ענין פון דער ערשטער מדרגה, זאָל איך וואַרטן אויף אייער לויזיקן באַפעל? וואָס אייך פעלט איין!" און די ביידע, פאַרשטייסטו מיך, פאַלן אָן מיט פאַרוואורפן אויף קאָסטאָיעדן, ווי אַזוי האָט ער, אַ קאָאָפּעראַטאָר, אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד, געקאָנט זיין דערביי און נישט אָפּהאַלטן דעם זעלנער, אַ פינצטער קינד פון דער נאַטור, פון באַגיין דעם אומבאַרעכנטן שריט. „און דערצו איז ער נאָך אַ נאַראָדניק" — זאָגן זיי. נו, און קאָסטאָיעד בלייבט זיי אויך נישט קיין בעל־חוב. „אינטערעסאַנט! — זאָגט ער. — נאָך אייך קומט אויס, אַז דער אַרעסטאַנט דאַרף פּילנעווען דעם קאָנוואָיענט? דאָס זעט שוין באמת אויס, ווי אַ הון זאָל נעמען קרייען ווי אַ האָן". איך טאָרע דיך אין דער זייט, אין דער פּלייצע. „יוראַ, — שריי איך, — שטיי אויף, מ'האָט געמאַכט פליטה!" ווי! מיט קיין האַרמאַט קאָן מען דיך נישט דערוועקן. אָבער אַנטשולדיק, וועגן דעם וועלן

מיר רעדן שפעטער. איצטער... קאָן איך נישט!... פּאַפּאַ, יוראַ, זעט נאָר, וואָס פאַר אַ פּראַכט!

פאַרן אָפענעם פענצטער, ווו זיי זענען געלעגן מיט אַרויסגעשטרעקטע קעפּ האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אַ געגנט, אָן אַ סוף און אָן אַ ראַנד פאַרנומען מיט אַן אויסגאָס. ערגעץ־ווו איז אַ טייך אַרויס פון די ברעגן און דאָס וואַסער פון זיינס אַ זייטיקן צופלוס איז צוגעקומען נאָענט צום באַן־וואַל. אין דער פאַרקירצטקייט פון שטח צוליבן קוקן פון דער נאָרע אַראָפּ, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דער רויק־גייענדיקער צוג גליטשט זיך פּשוט איבערן וואַסער.

דאָס וואַסער איז אין ווייניקע ערטער געווען פאַרצויגן מיט אַן אייזערנער בלאָלעכקייט. אויפן איבעריקן אויבערפלאַך האָט דער הייסער פרימאָרגן געטריבן שפּיגלדיקע פעטע ליכט־פלעקן, ווי אַ קעכין וואָלט מיט אַ פעדער אַן אייגעטונקענע אין בוימל געשמירט די קאָרע פון אַ הייסן פּיראָג.

אינעם געוואַסער, וואָס האָט אויסגעזען אומענדלעך, זענען צוזאַמען מיט די לאָנקעס, גריבער און קוסטעס געווען פאַרזונקען די זיילן פון די ווייסע וואָלקנס, וואָס האָבן מיט די פלאָקנס געשטעקט אינעם דעק.

ערגעץ־ווו אינמיטן פון געוואַסער האָט זיך אַרויסגעזען אַ שמאָל פּאַסיקל ערד מיט דאָפּלטע ביימער, הענגענדיקע אין דער הייך און אונטן צווישן הימל און ערד.

— ווילדע קאַטשקעס! אַ גאַנצע טשאַטע! — האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש אַ געשריי־געטאָן קוקנדיק אַהין אין יענער זייט.

— ווו?

— ביים אינדזל. נישט דאָרט ווו דו קוקסט. רעכטס, רעכטס. עך, צום טייוול, זיי זענען אַוועקגעפלויגן, מ'האָט זיי איבערגעשראָקן.

— אַ, יאָ, כ'זע. איך דאַרף וועגן עפּעס איבעררעדן מיט אייך. אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש. אַן אַנדערש מאָל ווען ס'איז. — אָבער אונדזערע אַרבעט־אַרמייער און די העלדישע דאַמעס האָבן זיך דעצידירט, און דערביי אָן שום געפיל פון פאַרברעכן. זיי זענען פּשוט געלאָפן, ווי דאָס וואַסער לויפט.

# 24

עס האָט זיך געענדיקט די צפונדיקע ווייסע נאַכט. אַלץ איז געווען בולט, אָבער פונקט ווי עס וואָלט זיך אַליין נישט געגלייבט, ווי אויסגעטראַכט: דער באַרג, דאָס וועלדל און דער אָפּגרונט.

דאָס וועלדל האָט זיך ערשט צעגרינט. דאָרט האָבן געבליט עט־לעכע קוסטעס טשערעמכע. דער וואַלד איז געוואַקסן אונטערן אַראָפּ־האַנג פון באַרג, אויף אַ נישט ברייט שטיקל ערד, וואָס איז אויך געלעגן משופּע אין דער ווייט.

נאָענט איז געווען אַ וואָסערפאַל. נישט פון אומעטום האָט מען אים געקאָנט זען, נאָר פון יענער זייט וואַלד, ביים ראַנד פונעם באַרג־אַראָפּ. וואַסיאַ איז שוין מיד געווען פון צו גיין אַהין און דורכגענומען ווערן מיט גרויל און אַנטציקונג.

דער וואַסערפאַל האָט צו זיך נישט געהאַט קיין גלייכן אַרום און אַרום. ער איז געווען שרעקלעך אין אַט דער יחידישקייט, וואָס האָט אים פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַ וועזן מיט לעבן און באַוווסטזיין, אין אַ לע־גענדאַרן דראַקאָן אָדער אין אַ שלאַנג־קריכער פון אַט די מקומות, וועלכער נעמט פון זיי קרבנות און מאַכט אַ חורבן אין דער געגנט.

אין דער האַלבער הייך פון זיין פאַלן האָט דער וואַסערפאַל זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַרויסשטאַרצנדיקן צאָן פון פעלדז און זיך צעצווייט. דער אייבערשטער זייל וואַסער האָט כמעט זיך נישט באַוועגט, אָבער אין די צוויי אונטערשטע האָט אויף קיין מינוט נישט אויפגעהערט אַ קוים אויפגעכאַפּטע באַוועגונג פון איין זייט צו דער אַנדערער, פּונקט ווי דער וואַסערפאַל וואָלט זיך כסדר געגליטשט און אויסגעגלייכט, גע־גליטשט און אויסגעגלייכט און וויפל ער זאָל זיך נישט וואַקלען — די גאַנצע צייט געבליבן אויף די פיס.

וואַסיאַ איז געלעגן אויפן אונטערגעשפּרייטן פּעלץ ביים ברעג פון וועלדל. ווען ס׳איז געוואָרן ליכטיקער איז אַראָפּגעפלויגן פון באַרג אַ גרויסער שווער־פליגלדיקער פויגל, אַרומגעשוועבט אין אַ קרייז איבערן וועלדל און געזעצט זיך אויפן שפּיץ יאָדלע נעבן דעם אָרט ווו וואַסיאַ איז געלעגן. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויפן בלויען האַלדז און דער גרויבלוילעכער ברוסט פון בלויפויגל און אַ באַצויבער־טער אַרויסגעשעפּטשעט: „ראַנקאַ" — דאָס איז געווען זיין אוראַלישער נאָמען. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען, אויפגעהויבן פון דער ערד דעם פּעלץ, אַרויפגעוואָרפן אים אויף זיך און דורכשפּאַנענדיק די פּאָלאַנע, איז ער צוגעגאַנגען צו זיין באַגלייטערין און געזאָגט:

— לאָמיר גיין, מומינקע. איר זענט דאָך שוין אויסגעפרווירן גע־וואָרן. איר קלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. נו וואָס קוקט איר אַזאַ איבערגע־שראָקענע? איך רעד דאָך צו אייך ווי אַ מענטש, מ׳דאַרף גיין. פאַרוואָס ווילט איר נישט פאַרשטיין, אַז מ׳דאַרף זיך האַלטן נעבן די דערפער. אין די דערפער וועלן די אייגענע נישט טאָן קיין עוולה, זיי וועלן אויסבאַ־

האַלטן, מיט אַזאַ פּירעכץ, צוויי טעג נישט צו עסן, וועלן מיר שטאַרבן פון הונגער. דער פעטער וואָראָניוק האָט מסתמא אָנגעמאַכט יענע סומאָ־טאָכע, האָט מען אָנגעהויבן אונדז זוכן. מיר דאַרפן אַוועקגיין, מומע פּאַ־לאשא, פּשוט געפֿעדט, מאַכן פּליטה. כ׳האָב עגמת־נפש פון אייך, מומע. כיי וואָלט איר כאַטש אַרויסגערעדט איין וואָרט אין אַ מעת־לעת! דאָס האָט איר פון בענקעניש פאַרלוירן ס׳לשון, ווי גאָט איז מיר ליב. נו, וואָס זאָרגט איר זיך? דער מומע קאַטיען, קאַטיאַ אַגריזקאָווען, האָט איר נישט ווילנדיק אַרויסגעשטופּט פון וואַגאָן, פאַרטשעפּעט מיט דער זייט, כ׳האָב אַליין געזען. זי איז דערנאָך אויפגעשטאַנען פון גראָז אַ גאַנציקע, אויפגע־שטאַנען און געלאָפן. און דאָס אייגענע איז מיטן פעטער פּראָכאָר, פּראָ־כאָר כאַריטאָנאָוויטש. זיי וועלן אונדז דעריאָגן, מיר וועלן ווידער זיין אַלע צוזאַמען, וואָס דען מיינט איר? דער עיקר, מ׳דאַרף זיך נישט פייניקן, דעמלט וועט אויך די צונג ביי אייך אויפטייען.

טיאָגונאָוואַ האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, דערלאַנגט וואַסיאַן די האַנט און שטיל געזאָגט:

— קום, טייערינקער.

# 25

די וואַגאָנען האָבן געסקריפּעט און געגאַנגען באַרג־אַרויף איבערן הויכן באַן־אָנשיט. אונטן איז געוואַקסן אַ יונגער געמישטער וואַלד, וואָס האָט מיט זיינע ביימער־שפּיצן נישט דערגרייכט צו דער פלאַך פון דער באַן־ליניע. דאָרט אונטן זענען אויך געווען לאָנקעס, פון וואַנען דאָס וואַסער איז אָפּגעגאַנגען ערשט נישט לאַנג. דאָס גראָז, איבערגעמישט מיט זאַמד, איז געווען באַדעקט מיט שפּאַלע־קלעצער צעוואָרפענע אין אומאָרדענונג אויף פאַרשידענע פלעצער. וואַרשיינלעך האָט מען זיי צוגעגרייט צום אַריבערשווים אויף עפּעס אַ נאָענטן פּונקט, אָבער זיי זענען געוואָרן אונ־טערגעשווענקטע און דאָס וואַסער האָט זיי אַנגעטראָגן אַהער אין פעלד.

דער יונגער וואַלד אונטערן באַן־וואַל איז געווען נאָך הויל כמעט ווי אום ווינטער. בלויז אין די קנאָספּן, מיט וועלכע ער איז געווען דורכויס אָנגעטריפט ווי מיט וואַקס, איז געווען עפּעס איבעריקס, אַ מין אומאָרדע־נונג ווי פון שמוץ אָדער אויפגעבלאָזנקייט, און אָט דאָס איבעריקע, אָט די אומאָרדענונג איז געווען דאָס לעבן, וואָס האָט מיטן גרינעם פלאַם פון געבלעטער אַרומגעכאַפּט די ערשטע צעשפּראָצטע ביימער פון וואַלד.

דאָ און דאָרט זענען געשטאַנען די גלייכע ליידנדיקע בערעזעס, אַדורכגעשפּיזטע מיט ציינדלעך און פיילן פון דאָפּלטע יונגינקע בלעט־

לעך. מיט וואָס זיי האָבן געשמעקט האָט מען געקאָנט אָנשטויסן זיך לויטן בליק. זיי האָבן געשמעקט מיט דעם זעלבן, מיט וואָס זיי האָבן געגלאַנצט. זיי האָבן געשמעקט מיט האַלץ־ספּירט צום אויסאַרבעטן לאַק.

באַלד האָט דער וועג זיך אויסגעגלייכט מיטן אָרט, ווו די שפּאַלעס זענען משמעות געוואָרן אונטערגעשווענקט. ביים אַריינפאָר אין וואַלד האָט זיך באַוויזן אַ פּאַלאַנע מיט פּראַכנע און שפּענער, מיט אַ קופּע בעלקעס אין דער מיט. נעבן אַט דעם שטיקל אויסגעהאַקטן וואַלד האָט דער מאַשיניסט טאָרמאָזירט. דער צוג האָט אַ צאַפּל געטאָן און געבליבן שטיין אין דער זעלבער פּאָזיציע, וואָס ער האָט אָנגענומען, ווען ער האָט לייכט זיך אָנגעבויגן איבערן הויכן האַלבקרייז פון גרויסן עיגול.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט עטלעכע מאָל קורץ־בילנדיק אַ פייף געטאָן און מ׳האָט וועגן עפּעס געגומען זיך איבערשרייען. די פּאַסאַזשירן האָבן שוין אָן די סיגנאַלן געוווּסט, אַז דער מאַשיניסט האָט אָפּגעשטעלט דעם צוג כדי צו באַזאָרגן זיך מיט ברען־מאַטעריאַל.

די טירן פון די טעפּלושקעס האָבן זיך אויפגערוקט. אויפן פּלאַנט האָט זיך אַרויסגעשיט אַן עולם, וואָס וואָלט געקאָנט אָנגיין פאַר אַ באַ־פעלקערונג פון אַ נישט־גרויסער שטאָט. בלויז די מאָביליזירטע פון די פאָדערשטע וואַגאָנען, וואָס זענען שטענדיק געווען באַפרייט פון די קאָ־לעקטיווע אַרבעטן, האָבן אויך איצט נישט גענומען קיין אָנטייל.

די קופּעס אָפּפאַל אויף דער פּאַלאַנע זענען געווען צו־ווייניק אויף אָנצולאָדן דעם טענדער. ס׳איז נאָך נייטיק געווען צו צעזעגן אַ ביסל פון די לאַנגע דרייסאַזשענדיקע בעלקעס.

אין די פאָנאַנדערגערוקטע טירן פון די מיליטערישע טעפּלושקעס האָבן זיך באַוויזן פריילעכע פּרצופים. די יונגעלייט, וואָס זענען נאָך נישט געווען אין פייער, די עלטערע שילער פון די פלאָט־קלאַסן, ווי על פּי טעות אַריינגעשטופּטע אין וואַגאָן פון די שטרענגע אַרבעטער, פאַמיליע־פאָטערס, וועלכע האָבן נאָך אויך נישט געשמעקט קיין פּולווער און זענען ערשט קוים אַדורך די מיליטערישע צוגרייטונג — האָבן בכיוון געטומלט און זיך נאַריש געמאַכט צוזאַמען מיט די מער־דערוואַקסענע מאַטראָזן, כדי פּטור צו זיין פון טראַכטן. אַלע האָבן זיי געפילט, אַז די שעה פון נסיון איז נאָענט.

די לצים האָבן באַגלייט די זעגערס און זעגערינס מיט אַ היל־כיקן חוזק:

— היי, זיידעשי! זאָג, אַז דו ביסט אַ זייג־קינד, אַז די מאַמעשי האָט דיך נאָך נישט אָנטווינט, אַז דו טויגסט נישט צו קיין פיזישער אַרבעט. — היי, מאַווראַ! גיב אַכטונג זאָלסט זיך נישט אָפּזעגן דעם עק פון קליידל,

ס׳וועט דיר אָרונטערבלאָזן. — הײ, מײדל! גײ נישט אין וואַלד, גײ בעסער צו מיר פאַר אַ װײַב.

# 26

אין וואַלד האָבן אַרויסגעשטאַרצט עטלעכע קאָזלעס פון צונויפגעבונדענע איבערגעקרײצטע דרענגלעך, אַרײנגעשלאָגענע מיט די שפּיצן אין דער ערד. אײן פּאָר קאָזלעס איז געװען פרײ. יורי אַנדרײעװיטש און אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש האָבן גענומען זעגן אויף זײ.

דאָס איז געװען יענע צײט פון פרילינג, װען די ערד גײט אַרויס פון אונטערן שנײ כמעט פּונקט אין אַזאַ מעמד, װי זי איז מיט אַ האַלב יאָר צוריק אַרונטער אונטערן שנײ. פון וואַלד האָט געשלאָגן אַ פײַכטקײט און ער איז אינגאַנצן געװען אָנגעוואָרפן מיט פאַראַיאָריקע בלעטער, װי אַ נישט אױפגערוימטער צימער, װוּ מ׳האָט צעריסן אויף פּיצלעך קוויטאַנציעס, בריװ און מודעות פון אַ סך יאָרן און נישט באַוויזן אויסצוקערן.

— נישט אַזױ שנעל, איר וועט מיד װערן, — האָט דער דאָקטאָר זיך אָנגערופן צו אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטשן, זעלטענער און גלײכמאָסיקער אײנגעשטעלט די באַוועגונג פון דער זעג און פאַרגעשלאָגן אָפּצורוען.

איבערן וואַלד האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן דער הילכיקער קלאַנג פון אַנדערע זעגן. זײ זענען געגאַנגען אַהין און צוריק אַמאָל אַלע צוזאַמען און אַמאָל איבערגעהיפּט. ערגעץ װײט־װײט האָט דער ערשטער סאָלאָװײ אויסגעפּרוּװט זײַן שטים. מיט נאָך גרעסערע הפסקות האָט געפּײַפּט דער שוואַרצער דרעסלער, װי ער װאָלט אויסגעבלאָזן אַ פאַרשטאָפּטע פלײט. אפילו די פּאַרע פון לאָקאָמאָטיװ־קלאַפּאַן האָט זיך געהויבן צום הימל מיט אַ זינגענדיקן וואָרקען, פּונקט װי דאָס װאָלט געװען מילך, וואָס קאָכט זיך אויף דער ספּירט־מאַשינקע אין אַ קינדער־צימער.

— װעגן וואָס האָסטו עס געוואָלט שמועסן מיט מיר, — האָט אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש דערמאָנט. — האָסט נישט פאַרגעסן? דאָס איז געװען אַזוי: מיר זענען פאַרבײַגעפאָרן דעם אויסגוס, די װילדע קאַטשקעס זענען געפלויגן. דו האָסט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט: „איך דאַרף רעדן מיט אײַך".

— אָך, יאָ. כ׳װײס נישט װי אַזוי איך זאָל עס זאָגן בקיצור. איר זעט, מיר פאַרפאָרן אַלץ טיפער... די גאַנצע געגנט דאָ ברויזט. בקרוב װעלן מיר אָנקומען אויפן אָרט. װער װײסט, וואָס מיר װעלן דאָרט טרעפן. װי ס׳זאָל נישט זײַן דאַרף מען זיך צונויפרעדן. איך מײן נישט װעגן די

איבערצייגונגען. ס'וואלט געווען אן אומגעלומפערטקייט אויפצוקלערן זיי אדער קלאר צו מאכן בעת א פינפמינוטנדיקן שמועס אין פרילינגדיקן וואלד. מיר קענען גוט איינער דעם אנדערן. מיר אינדרייען, איר, איך און טאניא צוזאמען מיט א סך אנדערע אין אונדזער צייט שטעלן מיט זיך פאר איין וועלט. אונדז טיילט פאנאנדער בלויז די מדרגה פון תופס זיין זי. נישט וועגן דעם האב איך בדעה געהאט. דאס איז אלף־בית. איך מיין עפעס אנדערש. מיר דארפן באצייטנס זיך צונויפרעדן, ווי אזוי מיר זאלן זיך פירן ביי געוויסע פארהעלטענישן, כדי מיר זאלן נישט דארפן רויט ווערן איינער צוליבן אנדערן און מען זאל זיך נישט באדעקן מיט חרפה.

— גענוג. איך פארשטיי. מיר געפעלט דער אופן פון דיין אוועקשטעלן דעם ענין. דו האסט טאקע יא געפונען די ריכטיקע ווערטער. אט וואס איך וועל דיר זאגן. געדענקסט די נאכט, ווען דו האסט מיר געבראכט דאס בלעטל מיט די ערשטע דעקרעטן, ווינטער, אין דער זאווערוכע? געדענקסט, ווי דאס האט אויסגעזען זיכער און אומבאדינגט? אזא באצווינגנדיקע זיכערקייט. אבער די זאכן עקזיסטירן אין זייער אורשפרינגלעכער ריינקייט בלויז אין די קעפ פון זייערע באשעפער און נאר אין ערשטן טאג ווען זיי ווערן פראקלאמירט. די יעזויטישקייט פון דער פאליטיק קערט זיי איבער קאפויער באלד אויפן צווייטן טאג. וואס זאל איך דיר זאגן? די איצטיקע פילאזאפיע איז מיר פרעמד. די דאזיקע מאכט איז קעגן אונדז. ביי מיר האט מען נישט געבעטן קיין הסכמה אויף אט דעם איבערברוך, אבער מען האט געהאט צוטרוי צו מיר, און איך בין פאראנטווארטלעך פאר מיינע מעשים, אפילו ווען איך האב זיי געטאן געצוווּנגענערהייט.

טאניא פרעגט, צי מיר פארשפעטיקן נישט די טערמינען ווען ס'איז נייטיק צו זעצן דאס גרינוואַרג אין גארטן. וואס זאל איך איר ענטפערן? איך קען נישט דעם היגן באדן. ווי זעען אויס דא די קלימאטישע באדינגונגען? א צו־קורצער דער זומער. צי ווערט דא בכלל עפעס וואס רייף?

יא, אבער צי פארן מיר אין אזא מרחק כדי צו פרואוון גערטנערייַ? דא פאסט זיך אפילו נישט דאס ווערטל „זיבן וויארסט גייט מען, כדי צו עסן א ביסל געקעכטס”, דערפאר ווייל וויארסטן זענען דא לײדער פאראן דריי אדער פיר טויזנט. ניין, אפן גערעדט, שלעפן מיר זיך אזוי ווייט צוליב גאר אן אנדערן ציל. מיר פארן כדי צו פרווון וועגעטירן אויף א מאדערנעם אופן און אנטיילנעמען אינעם צעטרענצלען דעם זיידנס וועלדער, מאשינען און אינוועטאר. מיר פארן נישט איינצוהיטן זיין אייגנטום, נאר כדי עס צו מארנעווען, געזעלשאפטלעך צו צעטרענצלען טויזנטער

אויף צו קאָנען לעבן פּאָר אַ קאָפּיקע. און דאָס גייען מיר טוען, ווי אַלע, אויפן היינטצייטיקן באַטישן אופן, וואָס לייגט זיך נישט אויפן שכל. מ׳זאָל מיך באַגילטן וועל איך נישט איבערגעמען די פֿאַבריק לויט די אַלטע יסודות, אפילו אויב מען וועט זי מיר געבן ווי אַ מתנה. דאָס וואָלט געווען אַזוי אויסטערליש ווי אָנהייבן אַרומלויפן נאַקעט אָדער פֿאַרגעסן דעם אלף־בית. ניין, די געשיכטע פֿון פּריוואַט־אייגנטום אין רוסלאַנד האָט זיך געענדיקט. און מיר, די גראַמיקאָס, האָבן נאָך אין פֿריערדיקן דור זיך באַפֿרייט פֿון דער תאווה צו פֿאַרמעגן.

# 27

עס איז אוממעגלעך געווען צו שלאָפֿן צוליב דער דושנעקייט. יורי אַנדרייעוויטשס קאָפּ איז געשווומען אין שווייס אויפֿן דורכגעווייקטן קישן.

ער האָט פֿאַרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט זיך פֿון ברעג נאַרע און שטיל, קיינעם נישט איבערצוּוועקן, אויפֿגערוקט די טיר פֿון וואַגאָן.

אין פּנים האָט אים אַ שלאָג־געטאָן אַ קלעפּיקע פּײַכטקייט, ווי ער וואָלט געפֿאַלן אין אַ קעלער מיטן פּנים אויף שפּינוועבס. „אַ נעפּל״ — האָט ער זיך אָנגעשטויסן. — „אַ נעפּל. דער טאָג וועט זיכער זיין אַ הייסער, אַ ברענענדיקער. דערפֿאַר איז אַזוי שווער צו אָטעמען און אויף דער נשמה ליגט אַזאַ דריקנדיקע שווערקייט״.

איידער ער איז אַראָפּ אויף די רעלסן האָט דער דאָקטאָר זיך פֿאַרהאַלטן ביי דער טיר און זיך איינגעהערט אינעם אַרום.

דער צוג איז געשטאַנען אויף זייער אַ גרויסער קנופּ־סטאַציע. אויסער אין שטילקייט און אין נעפּל זענען די וואַגאָנען געווען אויך פֿאַרזונקען אין אַ מין אומעקזיסטענץ און פֿאַרלוירנקייט, פּונקט ווי מ׳וואָלט אין זיי פֿאַרגעסן, — אַ סימן דערפֿון, אַז דער צוג איז געשטאַנען אין סאַמע עק, און אַז צווישן אים און דער ווייטער וואָקזאַל־געביידע איז געווען אַזאַ גרויסע רעלסן־נעץ, אַז אויב די ערד וואָלט דאָרט זיך געעפֿנט און איינגעשלונגען דעם בנין, וואָלט קיינער אין עשאַלאָן וועגן דעם נישט געוווּסט.

צוויי מינים קלאַנגען האָבן זיך דערטראָגן פֿון דער ווייט.

פֿון הינטן, פֿון וואַנען זיי זענען געקומען צופֿאָרן, האָט זיך געהערט אַ פּליעסקען, ווי מען וואָלט דאָרט געשווענקט וועש, אָדער ווי דער ווינט וואָלט געקלאַפּט אין דרענגל פֿון אַ פֿאָן־שטאַנג מיט דער פֿלאַכטע פֿון אַ פֿאָן.

פֿון פֿאָרנט איז דערגאַנגען אַ קנאַלעריי, וואָס האָט געצוווּנגען דעם

דאָקטאָר אַ צאַפּל צו טאָן און אָנצושפּיצן די אויערן. דער קלאַנג איז אים געווען באַקאַנט פון פראַנט.

„ווייטשיסנדיקע האַרמאַטן", — האָט ער פעסטגעשטעלט, איינהערנ־דיק זיך אין דעם גלייכמעסיקן רויקן געקייקל, אין דעם גערויש מיטן נידעריקן איינגעהאַלטענעם טאָן.

„אַזוי גאָר. ביזן סאַמע פראָנט זענען מיר צוגעפאָרן", — האָט דער דאָקטאָר אַ טראַכט געטאָן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַראָפּגעשפּרונ־גען פון וואַגאָן.

ער איז אַוועק עטלעכע טריט פאָרויס. נאָך די צוויי ווייטערדיקע וואַגאָנען האָט דער צוג זיך געענדיקט. פון פאָרנט איז נישט געווען דער לאָקאָמאָטיוו. ער איז אַוועק ערגעץ־ווו צוזאַמען מיט די אָפּגעטשעפּעטע פאָדערשטע וואַגאָנען.

„דאָס האָבן זיי זיך נעכטן אַזוי געכוואַטעוועט, — האָט דער דאָק־טאָר אַ טראַכט געטאָן. — זיי האָבן ווייזט אויס געפילט, אַז ווי נאָר זיי וועלן אָנקומען, וועט מען זיי גלייך פון וואַגאָן שיקן אויפן פייער".

ער איז אַוועק צום סוף פון צוג מיט דער כוונה צו געפינען דעם וועג צו דער סטאַציע. ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן אַ באַוואָפנטער וועכטער. ער האָט שטיל און שאַרף אַ פרעג־געטאָן:

— וווהין? אַ דערלויבעניש?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סטאַציע?

— קיין שום סטאַציע! און ווער ביסטו עס אַזעלכער?

— כ'בין אַ דאָקטאָר פון מאָסקווע. איך פאָר מיט מיין משפחה אין עשאַלאָן. אָט איז מיין דאָקומענט.

— אַ שישקע פּולווער איז ווערט דיין דאָקומענט. אַ שוטה בין איך, אַז כ'זאָל לייענען אין דער פינצטער דיינע פּאַפּירלעך און קאַליע מאַכן די אויגן. זעסט דאָך, אַ נעפּל. אָן דאָקומענטן זעט מען אויף אַ מייל וואָס פאַר אַ דאָקטאָר דו ביסט. זעסט, דיינע דאָקטוירים דאָרט איז מען מכבד מיט צוועלפצאָליקע. אייגנטלעך וואָלט מען דיך געדאַרפט אַוועק־לייגן, אָבער ס'איז נאָך צו פרי. מאַרש צוריק, כל־זמן ביסט נאָך גאַנץ.

„פאַר וועמען האַלט ער מיך" — האָט דער דאָקטאָר אַ טראַכט געטאָן. אַריינלאָזן זיך אין אַ וויכוח מיטן זעלנער האָט קיין זין נישט געהאַט. בעסער איז טאַקע אַוועקצוגיין, כל־זמן ס'ווערט נישט צו שפּעט. דער דאָקטאָר האָט זיך אויסגעדרייט אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

די אַרטילעריש שיסעריי הינטער זיין פּלייצע איז שטיל געוואָרן. הינטער זיין פּלייצע איז געווען דער מזרח. אין רויכיקן טומאַן איז דאָרט אויפגעגאַנגען די זון און שוואַך אַדורכגעשיינט צווישן די שטיקער צע־

שחומענעם נעפּל, אַזוי ווי ס׳בלינצלען נאַקעטע לייבער אין באָד פון צווישן די וואָלקנס זייפיקער פּאַרע.

דער דאָקטאָר איז געגאַנגען לענגאויס די וואַגאָנען. ער האָט זיי אַלע געמיטן און געגאַנגען ווייטער. מיט יעדן טראָט זענען זיינע פיס אַלץ טיפער פאַרזונקען אין ווייכן זאַמד.

די קלאַנגען פון דער גלייכמאָסיקער פלעסקעריי זענען געוואָרן נעענטער. די געגנט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט שיפּועדיק. נאָך עטלעכע טריט איז דער דאָקטאָר געבליבן שטיין פאַר נישט בולטע שטריכן, וואָס זענען פון נעפּל געוואָרן אומגאַטירלעך פאַרגרעסערט. ער האָט געשטעלט נאָך אַ טראָט און פאַר אים האָבן אַרויסגעטויכט פונעם נעפּל די אַרויסשטאַרצנ־דיקע קאָרמעס פון די שיפלעך, אַרויפגעשלעפּטע אויפן ברעג. ער איז גע־שטאַנען ביים ראַנד פון אַ ברייטן טייך, וואָס האָט פאַמעלעך און מיד אָנ־פּלעסקעט מיט די פּוילע כוואַליעס אין די איבערדעקן פון די פישער־שיפּ־לעך און די ברעטער פון די אַנקער־בריקלעך.

— ווער האָט דיר דערלויבט אַרומצושלייען זיך דאָ? — האָט אים געפרעגט אַ צווייטער וואַך־זעלנער ביים ברעג.

— וואָס פאַר אַ טייך איז דאָס? — האָט קעגן זיין אייגענעם ווילן אַ פרעג־געטאָן דער דאָקטאָר, הגם ער האָט זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות גאָרנישט נישט צו פרעגן.

אנשטאָט אָן ענטפער האָט דער זעלנער אַריינגעשטעקט אַ פייפל צווישן די ציין. אָבער ער האָט נישט באַוויזן אפילו צו באַנוצן עס. דער ערשטער זעלנער איז ווייזט אויס אומבאַמערקט נאָכגעגאַנגען יורי אַנדריי־עוויטשן. אים טאַקע האָט דער צווייטער געוואָלט צורופן מיטן פייף. אָבער יענער איז שוין אַליין צוגעקומען. זיי ביידע האָבן אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך.

— נישטאָ וואָס אַריינצוקלערן. דאָס פייגעלע דערקענט מען לויטן פלי. „וואָס איז דאָס פאַר אַ סטאַציע, וואָס איז דאָס פאַר אַ טייך”. ער וויל פאַררעדן די ציין. ווי מיינסטו, נעמען אים גלייך אויפן צינגל, אָדער פריער אין וואַגאָן?

— איך מיין, אַז אין וואַגאָן. מיר וועלן הערן וואָס דער נאַטשאַלניק זאָגט. — דעם פערזענלעכן דאָקומענט, — האָט אַ הוקע געטאָן דער צוויי־טער זעלנער און געכאַפּט אין זשמעניע דאָס פּעקל לעגיטימאַציעס, וואָס דער דאָקטאָר האָט אים דערלאַנגט.

— גיב אַכטונג אויף אים, ברודערקע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן נישט באַוווסט צו וועמען און צוזאַמען מיטן ערשטן וואַך־זעלנער איז ער אַוועק לענגאויס די רעלסן צו דער סטאַציע.

אַ מענטש וואָס איז געלעגן אין זאַמד, ווייזט אויס, אַ פישער, האָט אַ הוסט געטאָן, אויפגעהויבן זיך און געפּרווּוט אויפקלערן די סיטואַציע.

— דיין מזל, וואָס זיי ווילן דיך פירן צום סאַמע נאַטשאַלניק. מעג־לעך, טייערינקער, אַז דאָס וועט דיך ראַטעווען. אָבער דו דאַרפסט נישט האָבן קיין טענה צו זיי. דאָס איז זייער חוב. די צייט איז אַ פּאָלקישע. מעגלעך, אַז דאָס איז צום גוטן. און דערוויַיל רעד גאָרנישט. זעסט דאָך, זיי האָבן זיך טועה געווען. זיי כאַפּן עמיצן. מיינען זיי, אַז דאָס ביסטו. דאָס איז ער, דער שונא פון דער אַרבעטער־מאַכט, — נו, כאַפּן זיי. אָבער פון זיי זאָלסטו זיך נישט לאָזן. זיי — זענען באַוווסטזיניקע, אַ צרה אַזאַ, גאָט זאָל שומר ומציל זיין. דורכלעכערן דיך איז ביי זיי אַלציינס ווי אויס־שפּייען. זיי וועלן זאָגן, — קום, אָבער דו גיי נישט. דו זאָלסט טענהן — איך וויל צום סאַמע עלטסטן.

פונעם פישער האָט יורי אַנדרייעוויטש זיך דערוווּסט, אַז אָט דער טייך איז דער באַרימטער שיפגאַנג־טייך רינווא, אַז די באַן־סטאַציע נעבן טייך — איז ראַזוויליע, אַ טייך־און פאַבריק־פאָרשטאָט פון יוראַטין. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז יוראַטין גופא, וואָס ליגט צוויי אָדער דריי קילאָ־מעטער העכער, ווערט כסדר אָפּגעשלאָגן פון די ווייסע און, ווייזט אויס, אַז מען האָט די שטאָט שוין פאַרנומען. דער פישער האָט אים דערציילט, אַז אויך אין ראַזוויליע זענען פאַרגעקומען מהומות און, ווייזט אויס, אויך געוואָרן דערשטיקט און אַז דאָ הערשט אַזאַ שטילקייט דערפאַר ווייל דער גאַנצער געביט נעבן דער סטאַציע איז אָפּגערייניקט געוואָרן פון דער ציווילער באַפעלקערונג און אַרומגערינגלט מיט אַ שטרענגן קאָרדאָן. לסוף האָט ער זיך דערוווּסט, אַז צווישן די צוגן מיט די מיליטערישע אינסטיטוציעס וואָס שטייען דאָ אויף די באַן־וועגן געפינט זיך דער ספּעצ־יעלער צוג פון געגנטלעכן קריגסקאָמיסאַר סטרעלניקאָוו. אין זיין וואַגאָן האָט מען אַוועקגעטראָגן דעם דאָקטאָרס דאָקומענטן.

אין אַ שטיקל צייט אַרום איז פון דאָרט געקומען נאָכן דאָקטאָר אַ נייער זעלנער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט פון זיינע פאָרגייער דער־מיט, אַז ער האָט געשלעפּט די ביקס מיט דער קאָלבע איבער דער ערד אָדער איבערגעשטעלט זי פאָרויס פון זיך, פונקט ווי ער וואָלט געפירט אונטערן אָרעם אַ שיכורן פריינד, וועלכער וואָלט אָן אים אויסגעצויגן זיך אויף דער ערד. ער האָט אַוועקגעפירט דעם דאָקטאָר אין וואַגאָן פון וואָיענקאָם.

# 28

דער זעלנער מיטן דאָקטאָר זענען אַרויף אויף איינעם פון די צוויי סאַלאָן־וואַגאָנען, וועלכע עס האָט פאַראייניקט צווישן זיך אַן אַדורכגאַנג געדעקט מיט לעדער. דער זעלנער האָט געזאָגט דעם פּאַראָל און פון אינעווייניק האָט זיך געהערט אַ געלעכטער און אַ באַוועגונג. עס איז אָבער גלייך שטיל געוואָרן, ווי נאָר זיי האָבן זיך באַוויזן.

דורך אַ שמאָלן קאָרידאָר האָט דער זעלנער אַריינגעפירט דעם דאָקטאָר אין אַ ברייטער מיטלסטער אָפּטיילונג. אין דעם ריינעם און באַקוועמען צימער האָבן געאַרבעט ציכטיקע גוטאַנגעטוענע מענטשן. דער דאָקטאָר האָט לחלוטין אַנדערש זיך פאָרגעשטעלט די שטאַבקוואַרטיר פונעם אומפּאַרטייאישן מיליטער־ספּעץ, וואָס איז אין משך פון אַ קורצער צייט באַרימט געוואָרן און אָנגעוואָרפן אַ פּחד אין דער גאַנצער געגנט.

דער צענטער פון זיין טעטיקייט איז מסתמא געווען נישט דאָ, נאָר ערגעץ־ווו פאָרויס אין שטאַב פון פראָנט, נעענטער צום אָרט פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס. אָבער דאָ האָט זיך געפונען די פּערזענלעכע טייל פון זיין לעבן, זיין קליינע שטוביקע קאַנצעלאַריע און זיין באַוועגלעכע וואַנדערנדיקע מלחמה.

דערפאַר איז דאָ געווען אַזוי שטיל, ווי אין די קאָרידאָרן פון די הייסע ים־בעדער, אויסגעבעטע מיט קאָריק און דיוואַן, אַז מען הערט נישט די טריט פון די דינער אין די ווייכע טופלעס.

אין דער מיטלסטער אָפּטיילונג פון וואַגאָן איז אַמאָל געווען דער עס־זאַל. מען האָט אויסגעשפּרייט אַ דיוואַן און דאָרט איינגעאָרדנט די עקספּעדיציע־ביוראָ. עס זענען געשטאַנען עטלעכע טישן.

„תיכּף", — האָט געזאָגט דער יונגער מיליטערמאַן, וואָס איז געזעסן נעענטער פון אַלע ביים אַריינגאַנג. נאָך דעם האָבן אַלע ביי די טישן געהאַלטן פאַר נאַטירלעך צו פאַרגעסן אין דאָקטאָר און אויפגעהערט צו לייגן אויף אים אַכט. דער זעלבער מיליטערמאַן האָט מיט אַ צעשטרייטן נייג פונעם קאָפּ פריי געלאָזט דעם זעלנער און יענער איז אַוועק, קלאַפּנדיק מיט דער קאָלבע איבער די מעטאַל־שטענגלעך פון קאָרידאָר.

פון דער שוועל שוין האָט דער דאָקטאָר דערזען זיינע דאָקומענטן. זיי זענען געלעגן אויפן ברעג פון לעצטן טיש פאַר אַן עלטערן מיליטער־מאַן פון אַמאָליקן פּאָלקאָווניק־טיפּ. דאָס איז געווען דער מיליטערישער סטאַטיסטיקער. ער האָט עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז און אַריינגעקוקט אין האַנטביכער, דורכגעוואָרפן מיליטערישע מאַפּעס, צונויפגערעכנט, פאַרגלייכט, אויסגעשניטן און אַריינגעקלעפּט. ער איז דורכגע־

גאַנגען מיטן בליק איבער אַלע פענצטער פון דער אָפּטיילונג און געזאָגט:
„עס וועט היינט זיין הייס"... פונקט ווי ער וואָלט געקומען צו דעם אויס־פיר נאָכן אַדורכקוק פון אַלע פענצטער און דאָס איז נישט געווען אַלצ־איינס קלאָר פאַר יעדן איינעם.

אויפן דיל צווישן די טישן איז געקראָכן דער מיליטערישער טעכ־ניק און פאַרריכט עפּעס אַ באַשעדיקטן דראָט. בעת ער איז אַרונטער־געכראָכן אונטערן טיש פון יונגן מיליטערמאַן, איז יענער אויפגעשטאַנען, כדי אים נישט צו שטערן. דערנעבן האָט ביי אַ קאַליעדיקער שרייבמאַ־שינקע זיך געמאַטערט די איבערשרייבערקע אין אַ מענער־קורטקע פון האָקי־קאָליר. די באַוועגלעכע קאַרעטקע איז ביי איר אַ שפּרונג־געטאָן צופיל אין אַ זייט און אַ קלעם־געטאָן דעם אָרעם. דער יונגער מיליטערמאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט הינטער איר טאַבורעט און צוזאַמען מיט איר געפּאָרשט אויבן די סיבה פון פעלער. צו דער מאַשיניסטקע איז צוגעקראָכן דער מיליטערישער טעכניק און דורכגעקאָנטראָלירט פון אונטן די הענט־לעך און דעם איבעררוקער. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט איז צוגע־קומען דער קאָמאַנדיר פון פּאָלקאָווניק־טיפּ. אַלע זענען זיי געווען פאַר־נומען מיט דער מאַשינקע.

דאָס האָט באַרויקט דעם דאָקטאָר. עס איז שווער געווען פאָרצו־שטעלן זיך, אַז אָט די מענטשן, וועלכע זענען בעסער באַהאַוונט וועגן זיין וואַרשיינלעכן גורל, זאָלן אַזוי זאָרגלאָז זיך אָפּגעבן מיט נאַרישקייטן אין דער אָנוועזנדיקייט פון אַ פאַרמשפּטן מענטש.

„איבריקנס, ווער וויס זיי? — האָט ער געטראַכט. — פון וואַנען קומט צו זיי אַזאַ רויקייט? דאָ דערנעבן הילכן האַרמאַטן, קומען אום מענטשן און זיי שטעלן אויס פּראָגנאָזן וועגן הייסן טאָג נישט אין זין פון הייסן געראַנגל, נאָר פון הייסן וועטער. און אפשר האָבן זיי זיך אָוויפיל אָנגעזען, אַז אַלץ אין זיי איז געוואָרן פאַרטעמפּט?"

נישט האָבנדיק וואָס צו טאָן האָט ער אָנגעהויבן פון זיין אָרט, איבערן גאַנצן צימער, אַרויסקוקן פון די קעגנאיבערדיקע פענצטער.

## 29

פון אָט דער זייט האָט פאַרביי דעם צוג זיך געצויגן דער סוף פון די באַן־רעלסן צו דער סטאַציע ראַזווילִיע אויפן באַרג פון דער פאָרשטאָט, וואָס האָט געטראָגן דעם זעלבן נאָמען.

פון די רעלסן צו דער באַן־סטאַציע האָבן געפירט נישט־געפאַרבטע הילצערנע טרעפּ מיט דריי פּלאַכן.

די באַן־רעלסן אויף דעם אָרט האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גרויסן בית־עולם פון לאָקאָמאָטיוון. אַלטע לאָקאָמאָטיוון און טענדערס מיט קוימענס ענלעכע צו בעכערס און צו כאַלעוועס פון שטיוול זענען געשטאַנען קוימען ביי קוימען צווישן אַ קיפע צעבראָכענע וואַגאָנען.

דער לאָקאָמאָטיוו־בית־עולם אונטן און דער בית־עולם פון דער פאַרשטאָט, דאָס צעקנאַדערטע אייזן איבער די רעלסן און די פאַרזשאַ־ווערטע דעכער און שילדן פון דרויסן — האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין בילד פון פאַרלאָזנקייט און אַלטקייט אונטערן ווייסן הימל, דעם אָפּגעַ־בריטן פון דער צוגעאיילטער פרימאָרגנדיקער היץ.

אין מאָסקווע האָט יורי אַנדרייעוויטש פאַרגעסן וויפל שילדן עס זענען געווען אין שטאָט און וואָס פאַר אַ היפּשן טייל פון פאַסאַד זיי האָבן צוגעדעקט. די היגע שילדן האָבן אים אין דעם דערמאָנט. אַ העלפט פון זיי האָט מען צוליב דער גרייס געקאָנט איבערלייענען אין צוג. זיי זענען אַזוי נידעריק אַראָפּגעקראָכן איבער די קרומע פענצטער פון די איינגע־בויגענע פאַרטער־בנינים, אַז די געהויקערטע הייזלעך אונטער זיי זענען פאַרשוווּנדן, ווי די קעפּ פון פויערישע ייִנגלעך אין נידעריק־אַראָפּגערוקטע טאַטישע היטלען.

דערווייל איז דער נעפּל אינגאַנצן זיך צעגאַנגען. שפּורן פון אים זענען געבליבן בלויז אין דער לינקער זייט הימל, ווייט אויפן מזרח. אָבער באַלד האָבן אויך זיי זיך אַ ריר־געטאָן, פונאַנדערגערוקט און זיך צעגאַנגען ווי די פּאָלעס פון אַ טעאַטער־פאָרהאַנג.

דאָרט, אַ ווי־אָרסט דריי פון ראַזליווע, אויף אַ באַרג אַ העכערן ווי פון דער פאַרשטאָט, איז דערשינען אַ גרויסע גובערניאַלע אָדער קרייז־שטאָט. די זון האָט איר צוגעגעבן געלבלעכע פאַרבן און דער מרחק האָט אויסגעגלייכט אירע ליניעס. די שטאָט איז אַרויפגעשטיגן אין דער הייך גאַלעריעווייז, ווי דער באַרג אַפאָן אָדער אַ פוסטעלניע פון וויסטעניש־איינוווינער אויף אַ ביליק לוביאַנקע־בילדל — אַ הויז אויף אַ הויז און אַ גאַס איבער אַ גאַס, מיט אַ גרויסן סאָבאָר אין דער מיט פונעם באַרג.

„יוראַטין!" — האָט דער דאָקטאָר אַן אויפגערודערטער געטראַכט. „וועגן דער שטאָט פלעגט דערציילן די פאַרשטאָרבענע אַננאַ איוואַנאָווגאַ, איר נאָמען האָט אַזוי אָפט דערמאָנט די שוועסטער אַנטיפּאָוואַ! וויפל האָב איך זיך אָנגעהערט ביי זיי וועגן אָט דער שטאָט און ביי וואָסערע באַדינ־גונגען קומט מיר אויס צו זען זי צום ערשטן מאָל!"

אין דער מינוט איז די אויפמערקזאַמקייט פון די מיליטערלייט ביי דער שרייבמאַשינקע אָפּגעוועגדט געוואָרן אויף יענער זייט פענצטער. זיי האָבן אַהין אויסגעדרייט די קעפּ און נאָך זיי — אויך דער דאָקטאָר.

איבער די טרעפּ פון דער סטאַציע האָט מען געפירט עטלעכע געפאַנגענע אָדער אַרעסטירטע און צווישן זיי אַ גימנאַזיסט, וואָס איז געווען פאַרווונדעט אין קאָפּ. מען האָט אים שוין ערגעץ־ווו פאַרבאַנ־דאַזשירט. אָבער פון הינטערן באַנדאַזש איז גערונען בלוט און ער האָט עס צעשמירט מיט דער האַנט־פלאַך איבערן אָפּגעבערענטן פאַרשוויצטן פּנים.

דער גימנאַזיסט צווישן די צוויי רויטאַרמייער האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט נישט נאָר מיט דער דעצידירטקייט, וואָס האָט גע־שלאָגן פון זיין שיין פּנים, נישט נאָר צוליב דעם רחמנות, וואָס עס האָט אַרויסגערופן דער יונגער עלטער פונעם בונטאַר. ער און זיינע צוויי באַגלייטער האָבן צוגעשמידט די בליקן מיט דער אומגעלומפּערטקייט פון זייערע מעשים. זיי האָבן כסדר געטאָן דאָס, וואָס מען האָט נישט געדאַרפט טוען.

פון גימנאַזיסטס אַרומגעוויקלטן קאָפּ איז פון צייט צו צייט אַראָפּ־געפאַלן דאָס היטל. אַנשטאָט אַראָפּצונעמען עס און טראָגן אין האַנט, האָט ער עס כסדר פאַפּראַוועט און אַראָפּגערוקט טיפער אויפן קאָפּ, איבער דער באַנדאַזשירטער וווּנד, און דערין האָבן אים גערן געהאָלפן דיביידע רויטאַרמייער.

אין אָט דער אומגעלופּערטקייט קעגן שכל הישר איז געווען עפּעס וואָס סימבאָלישס. ווערנדיק באַהערשט פון זיין פילבאַדייטעוודיקייט האָט דער דאָקטאָר געוואָלט אַרויפלויפן אויפן בריקל און אָפּשטעלן דעם גימ־נאַזיסט מיט ווערטער, וואָס זענען געווען גרייט אַרויסצורייסן זיך פון אים. עס האָט זיך אים געוואָלט אויסשרייען סיי צום יינגל, סיי צו די מענטשן אין וואַגאָן, אַז די רעטונג ליגט נישט אין דער טרייקייט צו די פאָרמען, נאָר אין דעם באַפרייען זיך פון זיי.

דער דאָקטאָר האָט איבערגעטראָגן זיין בליק אין אַ זייט. אינמיטן צימער איז געשטאַנען סטרעלניקאָוו, וועלכער איז נאָר־וואָס אַריינגעקומען מיט גלייכע, ענערגישע טריט.

ווי אַזוי האָט ער, דער דאָקטאָר, געקאָנט, צווישן דעם תהום פון נישטיקע באַקאַנטשאַפטן, נישט באַגעגענען אַזאַ אינדיווידואַליטעט, ווי אָט דער מענטש? ווי אַזוי האָט זיי דאָס לעבן נישט צונויפגעבראַכט? ווי אַזוי האָבן זיך זייערע וועגן נישט געקרייצט?

ווי נאָר מען האָט אים געזען איז באַלד געווען קלאָר, אַז דער דאָ־זיקער מענטש שטעלט מיט זיך פאָר אַ דערשיינונג פון שלימותדיקן ווילן. ער איז ביז אַזאַ מדרגה געווען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זיין, אַז אַלץ אויף אים און אין אים האָט אויסגעזען לחלוטין מוסטערהאַפט. סיי זיין גלייכמאָסיק־געפאָרמטער און שיין־געשטעלטער קאָפּ, סיי די ענערגישקייט

פון זיין טראַט; סיי זיינע לאַנגע פּיס אין די הויכע שטיוול, מעגלעך אַז שמוציקע, אָבער וואָס האָבן אויסגעזען ווי געפּוצטע, סיי זיין גימנאַסטיאָרקע פון גרויען טוך, מעגלעך אַ צעקנייטשטע, אָבער וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געפּרעסטער, לייוונטענער.

אַזוי האָט געווירקט די אָנוועזנהייט פון נאַטירלעכער באַגאַבטקייט, וואָס ווייסט נישט פון קיין אָנגעצויגנקייט, נאָר פילט זיך ווי אין זאָטל אין יעדער סיטואַציע פון דער ערדישער עקזיסטענץ און דערמיט באַהערשט זי.

„דאָס איז ער?" — האָט אַ טראַכט געטאָן סטרעלניקאָוו און אָפּגעמאָסטן דעם דאָקטאָר פון קאָפּ ביז די פּיס מיט אַן אויספּרוּוונדיקן בליק. — גאָרנישט פּאַדאָבנע. אַזעלכע שוטים!" — ער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און געווענדט זיך צו יורי אַנדרייעוויטשן:

— אַנטשולדיקט, חבר. מען האָט אייך אָנגענומען פאַר אַ צווייטן. מיינע וואַכלייט האָבן זיך טועה געווען. איר זענט פריי. ווו איז דאָס אַרבעט־ביכל פונעם חבר? אַהאַ, דאָ זענען אייערע דאָקומענטן. אַנטשולדיקט פאַר דער אומבאַשיידנקייט, דרך אגב וועל איך זיך דערלויבן אַ קוק־טאָן... זשיוואַגאָ... זשיוואַגאָ... דאָקטאָר זשיוואַגאָ... פון מאָסקווע.. קומט אַריין פונדעסטוועגן צו מיר אויף אַ מינוט. דאָ איז דער סעקרעטאַריאַט, מיין וואַגאָן איז דערנעבן. ביטע, איך וועל אייך לאַנג נישט אויפהאַלטן.

## 30

ווער איז ער דאָך געווען, דער דאָזיקער מענטש? מאָדנע, ווי אַזוי אויף אַזאַ פּאָסטן האָט זיך געקאָנט אַרויסרוקן און פאַרבלייבן אָט דער אומפּאַרטייאישער, וועלכן קיינער האָט נישט געקענט. געבוירן אין מאָסקווע, איז ער נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערזיטעט געוואָרן אַ לערער אויף דער פּראָווינץ. פון דער מלחמה איז ער אויף אַ לאַנגע צייט אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, ביז דער לעצטער צייט נישט געווען און מען האָט געהאַלטן, אַז ער איז אומגעקומען.

דער אייזנבאַנער־אַקטיוויסט טיווערזין, אין וועמענס שטוב סטרעלניקאָוו האָט זיך דערצויגן אַלס יינגל, האָט אים רעקאָמענדירט און גאַראַנטירט פאַר אים. די מענטשן, פון וועלכע ס׳זענען אָפּהענגיק געווען די נאָמינירונגען פון יענער צייט האָבן געהאַט צוטרוי צו אים. אין די טעג פון אומגעצוימטן פּאַטאָס און סאַמע עקסטרעמסטע אָנשויאונגען האָט די רעוואָלוציאָנערישקייט פון סטרעלניקאָוו אויסגעטיילט זיך מיט איר עכטקייט און פאַנאַטיזם, וואָס איז נישט אויפגעצווונגען געוואָרן מיט קיין פרעמ־

דער שטים, נאָר געווען צוגעגרייט דורך זיין גאַנצן זעלבשטענדיקן און אוּן נישט־צופעליקן לעבן.

סטרעלניקאָוו האָט באַרעכטיקט דעם צוטרוי, וואָס מען האָט אים אַרויסגעוויזן.

זיין דינסט־רשימה פון לעצטן פעריאָד האָט אין זיך כולל געווען די ענינים פון אוסט־נעמדאַ און ניזשני־קעלמעס, דעם ענין מיט די גובאַ־סאָווער פויערים, וועלכע האָבן מיט געווער אין האַנט זיך אַנטקעגנגע־שטעלט דער אַפּראָוויזיר־אָפּטיילונג און דעם ענין פון צערויבן אַ טראַנס־פּאָרט מיט שפּייזפּראָדוקטן דורכן פערצנטן פוסגייער־פּולק אויף דער סטאַציע מעדוועזשיאַ פּאַימאַ. אין זיין פאָרמולאַר האָט זיך געפונען דער ענין מיט די ראַזין־זעלנער, וועלכע האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין דער שטאָט טורקאַטוי און אַריבער אויף דער זייט פון די ווייסגוואַרדייער, און דער ענין מיט דער מיליטערישער איבערקערעניש אין טייך־האַפן טשיר־קין־אוס, וווּ מ׳האָט דערהרגעט דעם קאָמאַנדיר, וואָס איז טריי־געבליבן דער ראַטן־מאַכט.

אין די אַלע ערטער איז ער אַראָפּגעפאַלן ווי אַ דונער פון הימל, געמשפּט, אויסגעפּאַרשט, באַשלאָסן — שנעל, שטרענג און געוואַגט.

מיט די נסיעות פון זיין צוג איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צום מאַסנ־האַפטיקן דעזערטירן אין לאַנד. די רעוויזיע פון די רעקרוטירנדיקע אָר־גאַניזאַציעס האָט אַלץ געענדערט. די מאָביליזאַציע אין דער רויטער אַרמיי האָט אָנגעהויבן האָבן דערפאָלג. די אויפנעם־קאָמיסיעס האָבן גע־נומען אַרבעטן אינטענסיוו.

און לסוף, אין דער לעצטער צייט, בעת די ווייסע האָבן אָנגעהויבן אָנגרייפן פון צפון און די סיטואַציע איז געוואָרן געפערלעך, האָט מען אויף סטרעלניקאָוון אַרויפגעלייגט נייע אויפגאַבעס — אוממיטלבאַר מילי־טערישע, סטראַטעגישע און אָפּעראַטיווע. די רעזולטאַטן פון זיין אינטער־ווענץ האָבן נישט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך.

סטרעלניקאָוו האָט געוווּסט, אַז מען רופט אים ראַסטרעלניקאָוו (צע־שיסער). ער האָט רויק איבער דעם אַריבערגעשפּאַנט און פאַר קיין שום זאַך נישט קיין מורא געהאַט.

ער איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע. זיין פאָטער איז געווען אַן אַרבעטער, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציע פון יאָר ניינ־הונדערט פינף און צוליב דעם געליטן. ער גופא איז אין יענע יאָרן גע־בליבן מן הצד פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צוליב זיין מינדער־יאָריקייט, און אין די שפּעטערדיקע יאָרן, בעתן שטודיום אויפן אוני־ווערזיטעט — דערפאַר ווייל סטודענטן פון אָרעמען שטאַנד, וואָס קומען

אַן אויף הויכער בילדונג, האָלטן זי טייערער און לערנען זיך פלייסיקער, ווי גבירישע קינדער. דאָס ברויזן פון דער רייכער סטודענטעריע האָט אים נישט אָנגערירט. ער האָט פאַרענדיקט די אוניווערזיטעט מיט גרויסע קענטעניש. זיין היסטאָריש-פילאָלאָגישע בילדונג האָט ער אַליין דער־גענצט מיט מאַטעמאַטישער.

לויטן געזעץ איז ער נישט געווען מחויב צו גיין אין דער אַרמיי, ער איז אָבער אַוועק פרייוויליק אויף דער מלחמה, אין ראַנג פון אַן אונטערלייטענאַנט האָט מען אים גענומען אין געפאַנגשאַפט און סוף זיבעצנ־טן יאָר איז ער אַנטלאָפן פון דאָרט, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז אין רוסלאַנד איז אַ רעוואָלוציע.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט צוויי שטריכן, מיט צוויי ליידנ־שאַפטן.

ער האָט געטראַכט נישט-דורכשניטלעך קלאָר און ריכטיק. ער האָט אויך אין אַ זעלטענער מאָס פאַרמאָגט די מידה פון מאָראַלישער ריינ־קייט און גערעכטיקייט, זיין געפיל איז געווען הייס און איידלמוטיק.

אָבער פאַר דער טעטיקייט פון אַ וויסנשאַפטלער, וואָס עפנט נייע וועגן, האָט דעם שכל זיינעם געפעלט די פעיקייט פון אומגערנדיקער אַנט־פּלעקונג, דער כוח וואָס צעשטערט מיט אומפאַראויסגעזעענע אַנטדע־קונגען די פּרוכטלאָזע גלאַטיקייט פון דעם פּוסטן פאַרויסזעען.

און כדי צו טאָן גוטס, האָט צו זיין פּרינציפּיעלקייט נישט גע־סטייעט די נישטפּרינציפּיעלקייט פון האַרץ, וואָס ווייסט נישט פון קיין אַלגעמיינע פאַלן, נאָר פון באַזונדערע, דאָס האַרץ, וואָס איז גרויס מיט די קליינע מעשים.

פון זיינע ייִנגסטע יאָרן האָט סטרעלניקאָוו געשטרעבט צום סאַמע העכסטן און ליכטיקסטן. ער האָט געקוקט אויפן לעבן ווי אויף אַ ריזיקן ספּאָרט-פּלאַץ, ווו מענטשן פאַרמעסטן זיך צו דערגרייכן זייער שלימות, אָפּהיטנדיק דערביי ערלעך די תקנות פונעם פאַרמעסט.

ווען ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז נישט אַזוי, איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז נישט גערעכט מיט זיין צו־פּשוטן אויפנע־מען די וועלט-אָרדענונג. ער האָט אַ צייט לאַנג געשטיקט אין זיך די באַליידיקונג און אָנגעהויבן כאָווען דעם געדאַנק צו ווערן אַמאָל דער שופט צווישן לעבן און די פינצטערע כוחות, וואָס פאַרקריפּלען עס, צו באַשיצן עס און נעמען נקמה פאַר דעם.

די אַנטוישונג האָט אים פאַרהאַרטעוועט. די רעוואָלוציע האָט אים באַוואָפנט.

# 31

— זשיוואַגאָ, זשיוואַגאָ, — האָט נאָך אַלץ סטרעלניקאָוו איבערגעחזרט ביי זיך אין וואַגאָן, וווּהין זיי זענען אַריין. — דער נאָמען קלינגט סוחריש. אָדער אַריסטאָקראַטיש. נו יאָ: אַ דאָקטאָר פון מאָסקווע. קיין וואַריקינאָ. מאָדנע. פון מאָסקווע פאַרט מען אַוועק אין אַזאַ בערן־ווינקל.

— טאָקע צוליב דעם. כדי צו זוכן שטילקייט. אין אַ העק, אין דער אומבאַוווּסטקייט.

— זעט נאָר וואָס פאַר אַ פּאָעזיע. וואַריקינאָ? די מקומות זענען מיר באַקאַנט. די אַמאָליקע פאַבריקן פון קריוגערן. צי זענט איר אַמאָל נישט קיין משפּחה? יורשים?

— צוּוואָס איז דער חוזקדיקער טאָן? ווי קומט אַהער "יורשים"? הגם, מיין פרוי איז ווירקלעך...

— אַהאַ, איר זעט שוין. איר האָט זיך פאַרבענקט נאָך די ווייסע. איך מוז אייך אַנטוישן. איר האָט פאַרשפּעטיקט.

— איר מאַכט ווידער חוזק פון מיר?

— און דערצו — אַ דאָקטאָר, אַ מיליטערישער. און ס'איז מלחמה־צייט. דאָס איז דאָך שוין פּשוט מיינער אַן ענין. אַ דעזערטיר. די "גרינע" אַנטלויפן אויך אין די וועלדער זוכן שטילקייט. אויף וואָס פאַר אַ סמך פאָרט איר?

— כ'בין צוויי מאָל פאַרוווּנדעט און אַבסאָלוט באַפרייט צוליב אומפּעיקייט.

— איר ווייזט מיר אַ צעטל פון נאַרקאָמפּראָס אָדער נאַרקאָמזדראַוו, וואָס רעקאָמענדירט אייך אַלס "פולשטענדיק סאָוויעטישן מענטש", אַלס "סימפּאַטיקער" און באַשטעטיקט אייער "לאָיאַלקייט". אָבער איצט קומט פאַר אַ שרעקלעכער משפּט אויף דער ערד, מיין חשובער הער, אַפּאָקאַליפּטישע ברואים מיט שווערדן און באַפליגלטע חיות, און נישט קיין סימפּאַטיזירנדיקע און לאָיאַלע דאָקטוירים. איבעריקנס, כ'האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איר זענט פריי און איך ענדער נישט מיין וואָרט. אָבער בלויז דאָס איצטיקע מאָל. איך האָב אַ פאָרגעפיל, אַז מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען, אָבער דעמלט וועט אונדזער שמועס זיין אַן אַנדערער, היט זיך.

דאָס דראָען און דער אַרויסרוף האָבן נישט צעטומלט יורי אַנדרייעוויטשן. ער האָט געענטפערט:

— איך ווייס אַלץ, וואָס איר טראַכט וועגן מיר. פון אייער זייט זענט איר אַבסאָלוט גערעכט. אָבער דעם וויכּוח, אין וועלכן איר ווילט

מיך אַריינציען, פיר איך אין רעיון שוין דאָס גאַנצע לעבן מיט מיין אויסגעדמיונטן באַשולדיקער און מ׳דאַרף פאַרשטיין, אַז איך האָב שוין באַוויזן דערגיין צו וועלכן ס׳איז אויספּיר. אין צוויי ווערטער איז עס שווער צו זאָגן. דערלויבט מיר אַוועקצוגיין אָן אַן אויפקלערונג, אויב איך בין באמת פריי, און אויב נישט — בין איך צו אייער דיספּאָזיציע. פאַרענטפערן זיך פאַר אייך האָב איך נישט צוליב וואָס.

דאָס געררויש פון אַ גלעקל האָט זיי איבערגעריסן דעם שמועס. די טעלעפאָנישע פאַרבינדונג איז געוואָרן צוריקגעשטעלט.

— אַ דאַנק, גוריאַן, — האָט סטרעלניקאָוו געזאָגט, אויפגעהויבן דאָס טרייבל און אַריינגעבלאָזן דערין עטלעכע מאָל. — שיקט מיר, ליבינקער, עמיצן אַ באַגלייטער פאַרן חבר זשיוואַגאָ. ס׳קאָן נאָך ווידער עפּעס געשען מיט אים. און גוט מיר, זייט אַזוי גוט, ראַזוויליע, די אָנפירונג פון טראַנספּאָרט-טשעקאַ אין ראַזוויליע.

ווען ער איז געבליבן אַליין האָט ראַסקאָלניקאָוו אַנטעלעפאָנירט אויפן וואָקזאַל:

— מ׳האָט דאָ אַדורכגעפירט אַ יינגל, ער רוקט דאָס היטל איבער די אויערן און דער קאָפּ איז פאַרבאַנדאַזשירט, אומדערהערט. יאָ. געבן מעדיצינישע הילף, אויב ס׳איז נייטיק. יאָ, ווי אַן אויג אין קאָפּ, איך מאַך אייך פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך. אַ ראַציע, אויב מען דאַרף. יאָ. און איצט וועגן אונדזערע ענינים. איך רעד, כ׳האָב נאָכנישט געענדיקט. אַך, צום טייוול, עמיצער אַ דריטער האָט זיך אַריינגעשטופּט. גוריאַן, גוריאַן. מ׳האָט איבערגעריסן.

„קאָן זיין, אַז ער איז פון מיינע שילער" — האָט ער געטראַכט און אָפּגעלייגט דערוויל דאָס פאַרענדיקן זיין געשפּרעך מיטן וואָקזאַל. — „ער איז אויפגעוואַקסן און בונטעוועט קעגן אונדז". — סטרעלניקאָוו האָט אין געדאַנק צונויפגערעכנט די יאָרן פון זיין לערערשאַפט, פון דער מלחמה און פון געפאַנגענשאַפט, צי שטימט אָט די סומע מיטן יינגלס עלטער. דערנאָך האָט ער דורכן וואַגאָן־פענצטער אַנגעהויבן אויפזוכן אויף דער פּאַנאָראַמע פון האָריזאָנט יענעם ראַיאָן נעבן טייך ביים אַרויספאַר פון יוראַטין. דאָרט איז געווען זייער דירה. און אפשר געפינען זיך נאָך דאָרט ביז איצט זיין פרוי און טאָכטער? ווי גוט וואָלט געווען ווען מ׳קאָן איצט אַריינגיין צו זיי! תיכף ומיד, די מינוט! יאָ, אָבער צי איז עס דען מעגלעך? דאָס איז דאָך לחלוטין אַן אַנדער לעבן. מ׳דאַרף פריער פאַרענדיקן אָט דאָס איצטיקע, נייע לעבן, איידער ס׳וועט מעגלעך זיין זיך אומצוקערן צו יענעם, צום איבערגעריסענעם. דאָס וועט געשען אַמאָל־אַמאָל, אַמאָל־אַמאָל, אָבער ווען, ווען?